עמיל זאָלאַ.

# געוועהלטע ווערק

צווייטער באנד.

היברו פּאָבלישינג קאָמפּאני

83־85 קאַנאַל סטריט, ניו יאָרק.

# אינהאַלט־פערצייכניס:

---



---

# לעבען און טויט.

---

1.

איך בין געשטאָרבען.

איהר לאַכט? איהר גלויבט מיר דאס ניט? פרעגט דעם דאָקטאָר וואס האט מיך אונטערזוכט און ער וועט עס אייך זאגען, אז אזוי איז עס. א דאָקטאָר וויס; דיא דאָקטוירים וויסען איבערהויפט אַלעס, און דיעזער דאָקטאָר וואס האט מיך אונטערזוכט, וויים פאָזיטיוו, אז איך בין טויט. ער האט אויך אונטערגע־שריעבען דעם טויטענשיין, און איך בין טויט וויא אַלע טויטע.

אַלזאָ, טויט איז טויט, און עס איז איבריג צו פלוידערן איבער זאכען וואס זיינען שוין פערפאַלען.

מענשען וואס לעבען, אינטערעסירען זיך צו וויסען דיא בעדייטונג פון לעבען, און מענשען וואס זיינען טויט, אינטערעסירען זיך צו וויסען דיא בעדייטונג פון טויט.

איך געדענק, דאס ווען איך האב נאך געלעבט, אָדער וועניגסטענס דאַ־מאַלס, ווען דיא וועלט האט מיך נאך ניט ערקלערט אַלס טויט, האב איך אמאל געלעזען פאַלגענדע ערקלערונג פון א פילאָזאָף איבער דעם טויט. ער האט אזוי געזאגט:

„דער טויט איז א שלאָף ווען מען חלום׳ט, ניט מעהר."

מיט מיר, זעהט איהר, איז עס אָבער ניט דער פאַל. אויסער דעם וואס איך חלום ווען איך שלאָף, זעה איך נאך גרויסע ווירקליכקייטען ווען איך בין וואך. ווארום דאס איז, האב איך אויך אמאל געלעזען וואס א רעליגיעזער מאן האט געזאגט:

„דער זינדיגער מענש, ווען ער שטארבט, ערוואכט ער נאכהער און קומט ווידער צוריק אונטער דיא לעבעדיגע, וואו ער עסט, טרינקט, געניעסט און לעבט מיט, גלייך מיט איטליכע. ער וואנדערט אזוי ארום אירגן עולם התהו דיא נעוויסע

ציים צו וועלכער ער איז פעראורטהיילט געוואָרען צו ליידען פאר זיינע זינד אין ערשט נאכהער ווערט ער אויפגענומען אין גיהנום אָדער אין גן־עדן לוים זיינע פערדיענסטע.“

זעהט איהר, נעגען דעם פראָטעסטיר איך שוין מיט מיין גאנצער זעעלענ־קראפט. איך אנערקען מיך אין קיין אנדערע זינד, אויסער, דאס וואס איך האב געהאט גרויסע צרות, כל־זמן איך בין אנערקענט געוואָרען אלס לעבעדיגער. און אויב צו האבען פערנגיעגען איז א זינד, דאן האב איך זעהר ווענינ פערגניעגען גענאָסען.

דערמיט ענדיגט זיך אַלעס וואס איך האב געהאט אין מיין הארץ, און יעטצט וועל איך דערצעהלען וויא אזוי איך קום צו זיין אויף׳ן עולם התוהו.

אין א שבת, 6 אוהר פריה, בין איך, נאך א קראנקהייט פון דרייא טעג, געשטאָרבען.

מיין נשמה איז מיר אויסגעגאנגען, גראָדע דאמאלס, ווען מיין פרוי האט עפּעס געזוכט אין א קופערט. ווען זיא האט זיך אומגעוועגדעט, האט זיא מיך ער־בליקט ליעגענדיג אויסגעשטרעקט, מיט אָפענע אויגען און אָהן איין אטהעם. זיא האט זיך אפילו באלד דערשראָקען, אָבער זיא איז צוגעקומען נעהנטער מיך בעסער צו בעטראכטען אום צו זעהען וואס עס האט מיט מיר פּאסירט.

עס שיינט, אז זיא האט זיך ניט געריכט איך זאָל אזוי מיר־ניט־דיר־ניט געבען א שטאַרב אָב.

זיא האט אָנגענומען מיין האנד, און דאַן האט דא זיך צוגעבויגען איבער מיר. זיא האט זיך דאן פּלוצלינג שטארק דערשראָקען און א שטראָם טרערען האט אָנגעפאנגען צו לויפען פון איהרע אויגען, ווערענד זיא האט וועהמיטהיג געשריען:

„מיין נאָט! מיין גאָט! ער איז טויט!“

איך האב געגלויבט אין יענעם אוינענבליק, אז איך בין ניט געווען וועניגער דערשראָקען וויא מיין ארמע פרוי. ווען א הונגער קראַנט אוים איבער איין אייגזאמען וואנדערער אין א שעהנעם און קלארען טאָג, קען ער ניט דערשראָקענער זיין וויא איך בין דאמאלס געווען.

טויט! טויט? איך בין טויט? אונמעגליך! עס קען ניט זיין — ניין! ניין!

ווער איז טויט? איך? וויא איז דאס מעגליך איך זאָל זיין טויט, ווען איך

ליגט אויף מיין בעט און הער אלעס ? האב איך נים דייטליך געהערט דאס געוויין פון מיין געליעבטער פרוי מארגעריט !

איך האב איהר געוואָלט זאגען :

„בערוהיג דיך, מארגעריט, איך בין נים טוים, דוא מאכסט דיך נאָר אומזיסטע יסורים. איך בין בלויז אביסעל שטייף געוואָרען און קערפער און איך קען מיך נים בעוועגען. מיר שיינט, אז איך אטהעם אויך נים — אָבער טוים ? וואס פאלט דיר איין ?"

יא, אזוי האב איך געוואָלט זאגען, נאָר עס איז אמאל זעהר ווייט פון וועלען ביז טהון, און איך האב מיין ווילען נים געקענט דורכפיהרען.

עס האט מיר אויסגעזעהען, אז מיין פרוי האט געטאפּט מיין הארץ, אום זיך צו איבערציינגען אויב דאס קלאפּט ; און זיא האט צוגעלייגט איהר אויער צו מיינע ליפּען, אום צו וויסען אויב איך אטהעם נאך — אָבער טראָטץ מיין פערצווייפעלטע און שרעקליכע אויפרעגונג, האב איך נים געקענט מאכען דיא מינדעסטע בעוועגונג.

איך האב פּראָבירט ווענינגסטענס מים דיא ליפּען אמיסעל צו ריהרען, אָבער אויך דאס איז געווען אונמעגליך. איך האב געוואָלט פינטלען מים דיא אויגען — אונמעגליך !

איך האב אפילו געקענט אלעס הערען זעהר דייטליך, נאָר דיא שטימען האבען מיר אויסגעזעהען צו קומען פון גאנץ ווייט.

נאָר מיט דעם לינקען אויג האב איך נאך געקענט עפּעס זעהען, דאס רעכטע איז געווען אזוי אָבגעשטאָרבען גלייך מים מיינע איבריגע גליעדער.

מיין ווילענס קראפט, איז מיר געווען אין גאנצען געלעהמט, קיין אָדער האט זיך געוואָלט בעוועגען. דאס האט מיך גראָדע דאמאלס ערשינערט אן א געשיכטע וויא סאָלדאטען האבען אמאל רעוואָלטירט געגען זייער קאָמאנדאנט. ווען דער לעטצטער האט אויסגעדונערט א בעפעהל, האט זיך קיין איינציגער פון זייא גער ריהרט. ווען איך האב בעפוליען מיינע גליעדער מיך צו פאָלגען עפּעס, זיינען זייא געבליעבען אלע אין א רעבעלישען צושטאנד און מיך נים געוואָלט פאָלגען.

וואס עס אנבעלאנגט אָבער מיין כח־הזכרון און מיינע געדאנקען, איז אלעס פערבליעבען וויא פריהער. נאך מעהר, איך קען זאגען, אז מיינע געדאנקען האבען זיך נאך אביסעל פערפיינערט, און וואס איך האב נים געקענט בעמערקען מים דעם איינציגען אויג, האב איך געשריבען דורך מיינע געדאנקען.

איך האב נים בעדארפט אומוועגדען מיין קאפ אום צו זעהען וואס עס געהט פאר הינטער מיר, זאנדערן איך האב דאס אלעס געשפירט מיט מיינע געדאנקען.

איך האב געזעהען, אדער בעסער געזאגט, איך האב געוואוסט, אז אין יענעם אוינגענבליק, איז קיינער ניטא אין צימער אויסער מיין פרוי.

אלעס איז אפילו ערשיענען וויא אין א וואלקען, אבער עס איז מיר געוועזען דייטליך גענוג צו זעהען מיין מארגעריט זיטצענדיג אין מיין בעט נעבען מיינע פיס און וויינענדיג. איך האב געהערט וויא זיא האט גאר נים אויפגעהערט צו ווידערהאלען דיא ווערטער:

„דוא ליעבער גאט, ער איז טויט, ער איז טויט!"

איז דען דאס געוועזען דער טויט?

הייסט דאס טויט, ווען דער קערפער פיהלט זיך געלעהמט און דער גייסט איז נאך אימער אזוי שטארק וויא געוועזען?

„יא," האב איך מיר געטראכט, „עס איז, נאך אלעמען, מעגליך, אז דאס איז ווירקליך דער טויט, און איך בין געשטארבען. אבער וואס האט נאך צו טהון מיין נשמה אין דעם טויטען קערפער?"

דאס איז מיר געוועזען שווער צו ערקלערען.

נאך אלס קינד האב איך געליטען פון גערווען־שוואכקייט. און ווען איך בין נאך געוועזען קליין, האב איך צווייא מאל געליטען פון א פיעבער, וואס האט מיך געבראכט אויפ'ן טויטען בעט. שפעטער האב איך מיך שוין אזוי צוגעוואהנט צו דיעזע קראנקהייטען און אנפעללע, אז איך האב מיך אימער אליין קורירט. ווען איך בין איינגעפאלען אויף מיין לעטצטער קראנקהייט, האב איך אויסדריקליך אנגעזאגט מארגעריט'ן זיא זאל קיין דאקטאר נים רופען.

איך האב בלויז בעדארפט אביסעל רוהע נאך דער אנשטרענגונג פון דער רייזע נאך פאריז. אבער, טראטץ דעם אלעמען, האב איך מיך עפעס פאר מיר אליין שטארק געשראקען.

ביז דאמאלס האבען מיר געלעבט אין גרויסער ארמוטה, און ווען מיר האבען פערלאזען דאס קליינע שטעטעל צו פאהרען נאך פאריז, זיינען מיר ביידע געוועזען פול מיט זיסע האפנונג, אז ענדליך האט געגומען א סוף פון דיא צרות, ווייל איך האב געקריעגען זעהר א גוטען פאסטען.

גאר, מיך האט שטארק פעראינטערעסירט דערוייל וואס מיט מיר איז. זאל דאס זיין דער טויט? איך האב מיר אימער פארגעשטעלט, אז דער טויט מוז

זיין א לאנגע נאכט און זעהר א טיעפעס שטילשווייגען; אזוי שטיל וויא דער קבר זעלבסט איז.

זייענדיג א קליין קינד, האב איך שטארק מורא געהאט פאר'ן טויט.

איך בין אימער געוועזען א שוואכער און יעדער האט מיך געדעכענט פאר קראנק; איך האב מיר דערפאר איינגעבילדעט. אז איך וועל קיין סך ניט לעבען, און אין א שעהנעם טאג, ווען אלעס וועט זיין מונטער און פרעהליך, וועט מען מיך אריין לאזען אין א פינסטערן קבר און א בארג ערד וועט מיך צודעקען.

דיעזער געדאנק האט מיך אנגעפיללט מיט אזא שרעק, אז עס איז מיר אונמעגליך געוועזען זיך דערצו צו געוועהנען. ווען איך בין שוין גרעסער געווארען, האב איך נאך אימער געהאט דיעזע אידעע, אז דער טויט איז ניט וויים פון מיר, און ער קען מיך איבערראשען גאנץ אונערווארטעט.

מאנכע מאל האט זיך מיר געדאכט, אז דיא אידעע פון טויט, קימערט מיך ניט פיעל. וואס שטעהט מיר דא אנצרווערען? שטארבען מוז מען דאך סאי־וויא־סאי, פריהער אדער שפעטער, וואס איז דא דער חילוק?

צייטענווייז האב איך מיר זאגאר געטראכט, אז דער טויט איז גאר ניט אזוי שלעכט, ווייל אין קבר איז אלעס רוהיג, מען איז ניט אונצופריעדען, מען שלאפט א לאנגען און אונ־אונטערבראכענעם שלאף אהן חלומות.

אבער דאס לעבען האט א געוואלטיגע מאכט איבער דעם מענשען, און עס ווילט זיך ניט שטארבען. דער געדאנק, אז איך וויל לעבען, טראגט דעם וואס דער טויט שטעהט הינטער מיינע פלייצעס, האט אין מיר ארויס גערופען פערשיעדענע אונאנגענעהמע פאנטאזיען.

עס פלעגט זיך מיר אויסדאכטען, אז א קאלטע און אייזערנע האנד דריקט צו מיין קאפ און שטופט מיך אריין מיט געוואלט אין א קבר, און אזוי קעמפפענדיג דאגעגען, האב איך ערוואכט פון דיא חלומות וואס האבען געשטערט מיין שלאף.

דאס האט געשטערט אלע מיינע פילאזאפיען, אז דער טויט איז גאר ניט אזוי שלעכט, און איך בין אפט מאל געוועזען שטארק בעטריעבט, ווארום איך מוז אזוי יונג שטארבען.

מעהרערע מאל פלעג איך ערוואכען אין מיטען דער נאכט, גלייך וויא א קאלטער הויך אויף מיין שטערען וואלט מיך אויפגעוועקט, און ברעכענדיג מיט דיא הענד, האב איך געמורמעלט וויינענדיג:

„מיין גאט, מיין גאט, איך מוז שטארבען!“

א שרעקליכעס געפיהל פלעגט צחאמענדריקען מיין ברוסט, און מיר האט זיך געקענט דאכטען, אז איך זעה דעם טויט אין דער פאָרמע פון א גרויסען מענשליכען סקעלעט, האלב ארום געהיעלט מיט א ווייסעס ליילעך, און האלטענדיג א גרויסע און שוואַרצע קאָסע אין זיינע ביינערדינע הענד, האט ער זיך צו מיר דערנעהנטערט.

ווען איך האב נאך אזא שוידערהאפטער ערוואכונג ווידער איינגעשלאָפען, זיינען געקומען נייע פינסטערע חלומות און מיך געפייניגט אָהן אויפהער. אין שלאָף האט זיך מיר געדאכט, אז איך וועל שוין קיינמאל נים ערוואכען, און אזוי וועל איך בלייבען טויט אויף אימער און אויף אייביג.

איך ווייס נים אויב עס פאסירט אזוי מיט אנדערע מענשען; מיך האט דיא שרעק פאר'ן טויט, אזוי געמאַרטערט, אז איך האב פערלוירען יעדען געשמאק אין לעבען. אם בעסטען, ווען איך האב געהאט שוין געהאט עפעס פערגניגען און הנאה געהאט אביסעל פון דעם לעבען, איז פלוצלינג ערשיענען דער טויט, אָדער דיא אידעע פון דעם טויט, און אלעס געשטערט.

איך עראינערע מיך אן דיא שטונדען פון פערגניגען וואס איך האב דורכגעלעבט מיט מארגעריט'ן. באלד נאך דער חתונה, בייא דער נאכט, ווען זיא האט גערוהט אין מיינער אומארמונג, ווען איך האב געדענקט אן איהר און מיר אויפגעבויעט פלענער פיר דער צוקונפט, איז באלד געקומען דער געדאנק, אז מיר מוזען זיך ביידע שיידען, און דאס האט צערשטערט אלע מיינע האָפנונגען.

יא, שיידען, מיר האבען זיך געמוזט שיידען, און פיעללייכט וועט דאס געשעהען מאָרגען, איבער־מאָרגען, און אויך נעכסטע שטונדע.

דאן האט מיך בעפאלען א שרעקליכע מוטהלאָזיגקייט און איך האב מיך געפרעגט:

„וואס פאר א צוועק האט דאס איבערהויפט וואס מיר לעבען יעטצט צוזאַמען און האבען פערגניגען? שטעהט שוין דען נים דער קבר אָפען און ווינקט מיר צו, אז דאָרט איז מיין פלאטץ?“

דיא אידעע, ווער עס קען שטארבען פריהער, איך אָדער מיין פרוי, איז באלד געקומען צו א בעשלוס. געוויס וועל איך פריהער שטארבען, האב איך מיר געדאכט. היינט, ווען איך וועל פריהער שטארבען, וועט מיין מארגעריט, מיין שעהנע, ליעבליכע, יונגע און געזונדע פרוי, צוריק בלייבען, און...

מייטער האב איך נים געוואגט צו דענקען.

אנטערדעסען, האב איך ווי וויט מעגליך מיינע טרערען און מיין טרויער, אימער געזוכט צו בעהאלטען, נאר עס איז מיר ניט אלע מאל געלונגען, און מענשען פלעגען זיך וואונדערן, וויא אזוי, בייא דעם בעסטען אונטערהאלט, האב איך פלוצלינג פערלוירען מיין מוטה און געבליעבען זיטצען ניעדערגעשלאגען פון טרויער.

דאס ערנסטע איז בייא א מענשען, וועלכער זעהט דעם טויט אדער ער שרעקט זיך פאר'ן טויט, וואס ער שעהמט זיך מיטצוטהיילען איין אנדערן איבער זיינע אידעען. וויא דיא זאך איז, וואלט מיך יעמאנד געטרייסט, ערמוטהיגט אדער פיעללייכט נאר אויסגעלאכט מיינע פאנטאזיען. אבער איך האב געשוויעגען און בעהאלטען דעם שמערץ טיעף אין מיין ברוסט.

וואס קען נאך זיין נעהנטער וויא א געליעבטע פרוי! אבער זאגאר פאר איהר וואגט מען ניט צו ענטדעקען אזעלכע געדאנקען. דער טויט איז עפעס וויא איין אונאנשטענדיגער אויסדרוק, וועלכען מען דארף אויסמיידען.

מיין פרוי אלזא, מיין מארגעריט, האט מיט מיר ניט געטהיילט דאס געהיימ־ניס פון מיינע געדאנקען.

דאס אלעס האב איך מיך ערינערט, ווערענד מיין ליעבע מארגעריט האט בימער געקלאגט און געוויינט.

דערווייל האט עס מיך אויך אביסעל געפריים וואס איך האב איהר מיינע געדאנקען פריהער ניט מיטגעטהיילט, דען, נאך אלעמען, וואלט איך איהר אומזיסטיגע שמערצען פערארזאכט, און דער טויט איז גאר ניט אזוי שלעכט.

ווען דער טויט איז ניט מעהר וויא א לעהמונג אין קערפער, דאן בין איך געוועזן זעהר דום און נאריש מיך דערפאר צו שרעקען.

דער טויט! איז דאס דער טויט? נארישע מענשען, ווען איהר שרעקט זיך דערפאר, דאן זייט איהר דום. אויב דאס איז ווירקליך דער טויט, דאן דארפען פיעלע מענשען האבען גרויסע אורזאכע נאך איהם צו בייגקען.

מיין כח־הזכרון איז געוועזן זעהר שטארק אין דיעזע מאמענטען. מיין גאנצע פערגאנגענהייט, מיין פאלשטענדיגעס לעבען, איז מיר געשטאנען פאר דיא אויגען. דאס איז געוועזן א זעלטענעס און זאנדערבארעס בילד וואס האט זיך פאר מיר פארגעשטעלט, און מאנכע פונקטען אין דיעזען בילד פון מיין פערגאנגענהייט, האבען מיר פערארזאכט שפאס.

דאס שטעטעל געראנד איז מיר ערשיענען פאר מיין פאנטאזיע. איך האב איבערהויפט מיך ערינערט אן דער פיר־יאק שטראסע, דארט ביים ענדע פון דער

נאַס, וואו מען האָט זיך געווענדעט רעכטס און מען איז אריין אין וועלדיל, וועלכעס האָט זיך אויסגעברייטעט איבער אַ פעלזיגען פּלאַטץ.

ווען איך בין נאָך געווען אַ זיבען־יעהריגער אינגעל, האָב איך מיט מיין פאַטער, דאַמאַלס דאָרט בעזוכט דאָס האַלב־איינגעפאַלענע הייזעל פון מאַרגעריט'ס עלטערן וואו איך האָב גענעסען קוכען.

מאַרגעריט'ס עלטערן זיינען געווען אָרעמע זאַלץ־זיעדער, וועלכע האָבען אויף דיעזער אָרט שווער און ביטער געאַרבייט זיך צו פערדיענען דאָס שטיקעל ברויט. פון דיעזען קליינעם פערדיענסט זאָגאָר, האָבען זייא אָבגעשפּאָרט אַזוי פיעל, אום אָב־צובאַקען אַ טאָרט און מיט דעם טראַקטירען דיא געסט וואָס זיינען אַמאָל אַהין גע־קומען אויף בעזוך.

ווען מיר פלעגען אַהין קומען, איז עס אימער געווען איין אנגענעהמער בעזוך, דען מאַרגעריט'ס פאַטער און מיינער, זיינען געווען יוגענד־פריינדע.

אין דיעזע בעזוכע האָב איך דאָן געדענקט, און מיר פּאָרגעשטעלט וויא איך מיט מאַרגאַריט'ן, האָבען זיך געשפּיעלט, און וויא קינדער האָבען מיר זיך גערייצט, געקריעגט און זיך אַמאָל אויף געשלאָגען. אונטערדעסען האָבען מיר זיך אויף באַלד איבערגעבעטען, און ארויס אין וועלדיל וואו מיר האָבען צחאָמען געקליעבען בלומען, געמאַכט אַ קראַנץ און איך האָב איהם ארויף געזעטצט אויף מאַרגעריט'ס שעהנעם קאָפּ. מיר פלעגען אויך אוועק געהען צום טייכעל, זיך אוועק זעטצען אויף דעם זאַמדיגען ברעג און האַלטען אונזערע נאַקעטע פיסלעך אין וואַסער.

אויף דיעזער אָרט זיינען מיר אויפגעוואַקסען אַלס קינדער צחאָמען און מיר האָבען זיך אָנגעפאַנגען זעהר ליעב צו האָבען אַלס צוויא טהייערע קאַמע־ראַדען.

אַזוי זיינען פאָראיבער עטליכע יאָהרע, ביז מאַרגעריט איז געוואָרען זעהר אַ שעהנעס און היבשעס פריילין, און אויסער מיין קאַמעראַדען־ליעבע צו איהר, האָט זיך אויך אָנגעפאַנגען צו ערוועקען אין מיין ברוסט איין אַנדערע ליעבע — איך האָב זיא געליעבט אַלס פּרויענצימער.

זייט זיא איז עלטער געוואָרען, האָב איך אויפגעהערט זיא צו קושען, וויא דער פאַל איז פריהער געווען, אָבער זייט דעם טאָג וואָס איך האָב דערשפּירט צו איהר דאָס נייע געפיהל, האָב איך אַלץ געזוכט אַ געלעגענהייט וויא אָבצופּרעסען מיינע ליפּען אויף איהר ראָזיגע באַק.

איך האָב ניט געהאַט דעם מוטה דערצו, אָבער איינמאַל האָב איך געפּאַסט דעם ענטשלוס און איהר געגעבען אַ קוש. זיא האָט מיר דערלאַנגט אַ פּאַטש

גלייך וויא א שוועסטער וואָלט געהאַנדעלט געגען דעם ברודער. דאַן האט זיא מיך געפרעגט:

„וואס איז דאס?"

אלס ענטפער האב איך זיא ארום געכאַפּט און אָבגעפרעסט א צווייטען קוש אויף איהר באַק.

זיא האט זיך לאַנגזאם בעפרייעט פון מיר און מיך אָנגעקוקט ערשטוינט. דאַן האט זיך בעוויעזען א רויטע פארב אויף איהר גאַנצעס געזיכט, און זיא איז ענטלאָפען.

צו יענער צייט בין איך געוועזען אָנגעשטעלט אלס שרייבער אין דעם קליינעם געריכט־הויז פון מיין שטעטעל, און איך האב געקריגען א געהאַלט, פון וועלכען א פאאר פאָלק, פון ארמען שטאַנד, קענען לעבען.

דאַרויף געשטיטצט, בין איך געקומען צו מאַרגעריט׳ס עלטערן און זייא געזאָגט, אז איך וויל הייראַטהען זייער טאָכטער.

פון א פינאַנציעלען שטאַנדפונקט אויס, זיינען זייא געוועזען גאַנץ צופריעדען מיט מיר. זייא אַליין זיינען געוועזען שרעקליך ארעם און זייא האבען קיינע אויסזיכטען געקענט האבען, צו פערהייראַטען מאַרגעריט׳ן מיט יעמאַנדען וואס שטעהט העכער וויא א טאגע־לעהנער. איך וויעדער, אלס בעאַמטער מיט א פעסטען געהאַלט, בין געשטאַנען פיעל העכער אלס א טאגע־לעהנער, און דאַן האבען זייא מיך און מיין משפחה גוט געקענט, און פון אַלע זייטען איז דאס, אין זייערע אויגען, געוועזען פאר מאַרגעריט׳ן, דער בעסטער שידוך.

זייא האבען זאָפאָרט איינגעשטימט און מיר געהייסען, אז איך אַליין זאָל פרעגען מאַרגעריט׳ן וואס זיא זאָגט.

דאס האב איך ניט געוואָלט. איך האב אפילו געוואוסט, אז זיא וועט באַזיכער דערצו איינשטימען, ווייל זיא האט געגען מיר ניט געהאט וואס אויס־צוזעטצען; אָבער דאָך, אזא פראגע איהר שטעלען, האט מיר געפעהלט דער מוטה.

מיין שוועגער־מוטער האט מיר פערשפראָכען איבערצורעדען פריהער מיט מאַרגעריט׳ן און דאַן מיר זאָגען ענטפער.

נאָך אין דעמזעלבען אבענד האב איך ערפאַהרען, אז מאַרגעריט האט געזאָגט איהר מוטער, דאס זיא האט מיך אימער בעטראַכט אלס א ברודער, און דיא אידעע, אז זיא זאָל ווערען מיין פרוי, איז איהר ניט גאַנץ אָנגענעהם.

דיא ווייטערע ארביים, צו געוועהנען מארגעריט'ן צו דער אידעע, אז איך וועל זיין איהר מאן, איז שוין געוועזען מיינע. מארגעריט האט זיך אָבער שווער צוגעוועהנט דערצו, און ביז צו דער חתונה האט זיא מיך אויסגעמיעדען אזוי פיעל וויא נאָר מעגליך.

ניין, מארגעריט האט פון מיר נאר ניט ערוואַרטעט; זיא האט ניט געזוכט קיין פרעזענטען, קיין קאָסטבארע קליידער און קיין לוקסוס. זיא האט געוואוסט, אז איך האב ניט קיין געלד, און זיא האט אויך גאר ניט געפאָדערט. זיא איז מיר אָבער אתמערדעסען זעהר דאנקבאר געוועזען, ווען איך האב איהר געבראכט א נאָ־דענעם בראָש מיט א פאאר גאָלדענע אויירינגלעך, אלס פרעזענט. דאס איז געוועזען פון דיא 70 פראנקס וואס איך האב ערשפּארט.

דאָן האט געפאָלגט דיא הייראטה, און מארגעריט האט מיך אָנגעפאנגען צו ליעבען, וויא נאָר א מאן קען ערוואַרטען פון זיין יונגער פרוי.

אָבער מיין פריהערינגער חשבון, אז פון מיין געהאלט וועט גענוג זיין צו פיהרען א הויז מיט מארגעריט'ן, איז געוועזען א פאלשער. איך האב געמוזט זעהען דעם מאנגעל און דיא נויט. אָבער מארגעריט האט זיך קיינמאל ניט בעקלאגט און קיין זאך געפאָדערט.

איך בין איבערצייגט, דאס ווען איך וואָלט נאך ווענינער פערדיענט, וואָלטען מיר אויך געקענט דורכקומען. מארגעריט האט שוין פערשטאנען וויא צו שפּארען און קארגען, אבי עס זאָל זיין גענוג.

מען קען זיך אלזאָ פאָרשטעלען מיין גרויסע פרייד, ווען איך האב אין א טאָג ערהאלטען א בריעף פון מיינעם א שול־קאמעראד אויס פאריז, דאס ער האט פאר מיר א פאָסטען מיט א גאנץ פיינעם געהאלט, און איך זאָל אזוי שנעל וויא מעגליך קומען נאך פאריז.

ווען איך האב דעם בריעף איבערגעלעזען, בין איך אויפגעשפרונגען פאר פערגניגען, און איך האב אויסגעשריען פון פולען הערצען גלייך וויא א קינד וואס קריעגט צום ערשטען מאל א ליעבלינגס־שפּיעלצייג נאך וועלכען ער האט שוין לאנג געבענקט.

מארגעריט האט מיך אנפאנגס אָנגעקוקט ערשטוינט, דען זיא איז נאר ניט געוואוינט געווען מיך צו זעהען אזוי פרעהליך. זיא האט געוואוסט, אז א שמייכעל אויף מיינע ליפּען איז געוועזען א זעלטענהייט. דאן האט זיא מיך געפרעגט:

„וואס איז מיט דיר, מיין ליעבער? וואס האט דיך אויף איינמאל אזוי פרעהליך געמאכט?“

„זעה, לייען זעלבסט, מארגעריט,“ האב איך געענטפערט. „אלע אונזערע האפנונגען זיינען אין ערפיללונג געקומען. דוא וועסט שוין פון היינט אן און ווייטער דיך מעהר ניט דארפען פלאגען דא אין דיעזען שטעטעל.“

מארגעריט האט גענומען דעם בריעף און איהם אנגעפאנגען צו לעזען. אין איהרע אויגען האבען זיך בעוויעזען פריידען־טרערען.

„נאך פאריז?“ האט זיא געפרעגט איבערראשט.

„יא, מיין ליעבע, נאך פאריז!“ האב איך געענטפערט. „און ווען איך וועל דארט זיטצען אין מיין אמט און דיך איבערלאזען אליין אויף פיעלע שטונדען, דאן וועסטו דיך שוין מעהר ניט דארפען אזוי לאנגווײלען וויא דא. פאריז! ווייסטו וואס פאריז איז? עס איז דיא קרוין און דיא קעניגין פון אלע שטעט אין דער וועלט! לעבען און מונטערקייט פיללט דארט אויס יעדען ווינקעלע.“

עס האט נאך געמוזט דויערן א פאאר וואכען, ביז איך האב מיך ערשטענס געקענט ענטזאגען פון מיין פאסטען, און דאן האבען מיר אביסעל צוגעהונגערט און אבגעשפארט גענוג אום צו האבען אויף דער רייזע.

אבער דיעזע צייט איז פאראיבער אין זיסער האפנונג און טרייסט, און מיר האבען ביידע געקוקט אין דער צוקונפט, ווען אלעס וועט זיין שעהן, אנגענעהם און ליעבליך.

„א קלייניגקייט! לעבען און זארג מיט גענויע דרייא הונדערט פראנקס א מאנאט געהאלט!

מיר האבען שוין זאגאר אויסגערעכענט, אז מיר וועלען קענען שפארען ניט ווייניגער פון 150 פראנקס א מאנאט, און מיט דעם איבריגען וועלען מיר קענען לעבען וויא גאָט אין פראנקרייך.

אין א שעהנעם פריהמארגען האבען מיר זיך ענדליך אויפגעזעטצט אויף דער באהן, און שוין געפאהרען נאך פאריז.

אויף דער רייזע, איז מארגעריט געוועזען אויסער זיך פאר גליק. יעדער טרויעריגער געדאנק איז פון איהר פערשוואונדען, און אויף איהר שעהנעם געזיכט האט זיך אבגעשפיעגעלט בלויז מונטערקייט און גליק. זיא איז געווארען יינגער מיט 5 יאהר — אזוי וועניגסטענס האט עס מיר אויסגעזעהען — און איהר מערכען־פרעהליכקייט האט נאך אמאל אין איהר אויפגעלעבט.

אך, וויא דאנקבאר איך בין דאמאלס געוועזען צו דעם ליעבען גאָט וואס ער האט זיך ענדליך ערבארמט. און איך אליין האב אויף א קורצער צייט פערגעסען אן דעם טויט.

בײַ נאַכט, האָב איך געהײסען מײן מאַרגנערים׳ן, זי זאָל לעגען איהר שעהנעם קאָפּ אויף מײן שויס, װײל די בײנק זײנען געװען צו האַרט, און אַזױ האָט זי אײנגעשלאָפען װי אַ ליעבעס קינד, זיך צודריקענדיג אַלץ נעהנטער און פעסטער צו מיר.

איהר געזיכט איז געװען האַלב געװענדעט צו מיר, און אַז זי איז גליקליך געװען אין שלאָף, האָב איך געקענט לעזען אין דעם שמײכעל װאָס האָט זיך דאַמאָלס אָבגעשפּיגעלט אויף איהרע ליפּען.

אַזױ זײנען מיר אָנגעקומען נאָך פּאַריז, און באַלד אויפגעזוכט אַ קװאַרטיר אין אַ מיטעלמעסיגען האָטעל. אָבער נאָך אײדער איך האָב צײט געהאַט אויפצוזוכען מײן פרײנד און זיך נאָכפראַגען איבער מײן אַמט, בין איך פּלוצלינג קראַנק געװאָרען.

די קראַנקהײט איז בעשטאַנען אין אײן אָנפאַל פון נערװען־שװאַכקײט, פון װעלכען איך האָב שון אַזױ פיעלע מאָל געליטען. נאָר דיעזעס מאָל איז די קראַנקהײט און שװאַכקײט געקומען שנעלער און שטירמישער װי געװעהנליך. נאָך אַ פּאָאַר טעג צײט, בין איך געשטאָרבען אין דעמזעלבען מעבלירטען צימער װאָס איך האָב געדונגען, און מײן פרוי איז געזעסען נעבען מיר און געװײנט.

דער העליגער שײן, װעלכען איך האָב געשפּירט, װי איך האָב שון דער־צעהלט, אין מײן לינקען אויג, האָט זיך אָנגעפאַנגען לאַנגזאַם אויסצוגלעשען, אָבער טראָמץ דעם, האָב איך געשפּירט אַלעס װאָס עס געהט פאָר אין צימער, און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך זעה יעדע קלײניגקײט גאַנץ דײטליך מיט מײנע אויגען.

לינקס פון מיר איז געשטאַנען אַ קאָמאָדע, רעכטס אײן אויװען און געגענ־איבער מיר, אויף דער װאַנד, איז געהאַנגען אײן אַלט־מאָדישער זײגער, װעלכער האָט דאַמאָלס אָנגעצײגט, זעקס מינוטען נאָך 10 אוהר.

דאָס פענסטער איז געשטאַנען צו דער דאָפּין שטראַסע. גאַנץ פּאַריז, מעג מען זאָגען, איז אונטען פאַרבײגעגאַנגען, און אַלעס איז געװען אַזױ האַסטיג און מיט אַזאַ ליאַרם, אַז די שױבען האָבען געציטערט.

מיר האָבען אַפילו געהאַט אין פּאַריז אַ קרוב, אָבער אַזױ װי מיר האָבען זיך געאײלט מיט אונזער אָברײזע, האָבען מיר פריהער ניט געשריעבען איבער אונזער אָבזיכט, און דערפאַר האָט אונז אויך קײנער ניט ערװאַרטעט.

װעהרענד איך בין קראַנק געלעגען, האָט מײן פרוי אָנגעװענדעט אַלץ מעג־ליכקײטען, מיך אויפצוטונטערן מיט איהרען אַ זיסען שמײכעל און מיט אַ פּאָאַר

צערטליבע ווערטער, אָבער איך האב גאנץ גוט געקענט מערקען וויא שטארק אונ־רוהיג זיא איז געווען איבער מיין צושטאנד.

כמעט יעדען אויגענבליק איז זיא צוגעלאָפען צום פענסטער, ארויס געקוקט אויף דער גאס, און איז דאן צוריק געקומען בלאס, ערשראָקען און פערצווייפעלט איבער דיעזען שטירמישען פאריז, וועלכעס האט פיר איהר געוויס אויסגעזעהען וויא דיא העללע, נאכדעם זיא איז געוואוינט געווען צו א רוהיגען לעבען פון א קליין שטעטעל.

„וואס קען פון איהר ווערען, ווען איך זאָל ניט ווידער ערוואכען?" האב איך מיך געפרעגט. „וואס קען דיעזע אונשולדיגע זעעלע טהון אין אזא צושטאנד אָהן א בעשיטצער און אָהן הילפע?"

מארגעניס האט אָנגעכאפט מיין האנד, וועלכע איז אריעבער געהאנגען איבער דעם בעט־ראנד, און זיא בעדעקט מיט ברענענדע קושען פון איהרע פערטריקענטע ליפען. דאן האט זיא געיאמערט:

„אָליווער! אָליווער, מיין ליעבער מאן! ענטפער מיר, ענטפער מיר! אָה גאָט, אָה גאָט! ער איז טויט, ער איז טויט!"

איז דאס ווירקליך דער טויט? אזוי שטארבט מען? דאן איז דער טויט ניט דיא פאָלשטענדיגע פערניכטונג פון מיין „איך", וויא איך האב מיר אמאל פאָרגעשטעלט. דיא אידעע, אז פון מיין „איך", קען אמאל ווערען א גאר־ניט, האט מיך נאך פון מיין קינדהייט אן, שטארק געשראָקען.

איבריגענס, האב איך מיר קיינמאל ניט געקענט פאָרשטעלען, אז איך, וואס דענק, טראכט און קלער, זאָל אזוי פלוצלינג, מיר־ניט־דיר־ניט, אויפהערען צו זיין, און עס זאָל נאָר צוריק בלייבען איין עראינערונג פון מיר אויף א קורצער צייט, און דאן — גאר ניט! ניין, איך האב עס מיר גאר ניט געקענט פאָרשטעלען וויא דאס קען געשעהען.

איך געדענק, דאס צור צייט ווען איך פלעג לעזען אין דיא צייטונגען עפעס איבער א וויימען דאטום אין דעם נעכסטען יאהרהונדערט, האב איך אונווילענדיג אויפגעציטערט. איך האב געוואוסט, אז אין יענעם טאָג, וועל איך מעהר ניט לעבען, און אויסער דעם וואס איך האב גלאט געציטערט פאר דעם נעכסטען יאהר־הונדערט, וואו מיין טויט איז געלעגען פערבאָרגען, האב איך אויך אָנגעהויבען דאס צו האסען.

שטארבען? וויא הייסט דאס איך זאָל שטארבען? שטארב איך, אָליווער שטארבען? און ווען דאס איז אמת, דאן צום טייפעל דיא גאנצע וועלט!

איבערהויפט, האב איך מיר נים געקענט פאָרשטעלען, וועלכע אינטערעסע איך קען האבען אין א צייט, ווען איך וועל מעהר נים לעבען.

צייטענווייז האב איך אזוי געטראכט:

„וואס ווערט דערפון אז מען שטארבט? וואס האב איך דען פון דעם לעבען? לאָמיר נאָר זעהען וואס איז נעכטען געווען: נעכטען בין איך אויפגעשטאנען אין דער פריה, געטרונקען קאפע, געגעסען א שטיקעל טאָרט, דאן געטרונקען א שנאפס; געגאנגען צו דער ארבייט, אהיים געקומען, געגעסען, ווידער געארבייט; געהאט ערגערניס, און זיך געזאָרגט פיר מאָרגען. אויב דאס איז לעבען און ווען איך שטארב הערט דאס אויף, דאן האב איך נים פיעל צו צר־לענען."

דיא פילאָזאָפיע, דאכט זיך, איז געווען א גאנץ גוטע, אָבער שטארבען האט זיך דאָך נים געוואָלט, און ווען איך האב מיך דערמאָהנט אן דעם טויט, בין איך נים זיכער געווען אויסצולעבען איין מינוט רוהיג.

ניין, ניין! איך האב נים געוואָלט שטארבען!

אָבער יעטצט? יא, אויב איך בין טויט, דאן בין איך אויך געטרייסט. כל־זמן איך האב געלעבט, האב איך נים נאָר איינמאל אויסגעדריקט מיין וואונש, דאס ווען דער טויט וועט איבער מיר אויסשפרייטען זיינע שווארצע פליגעל, דאן זאָל איך ווענינסטענס קענען טרוימען פון דעם לעבען.

נאָר איך האב מיר אום קיינעם פרייז נים געקענט איינרעדען, אז אין מיין יעטצטיגען צושטאנד, בין איך טויט. איך האב קיין אויגענבליק געצווייפעלט, אז פריהער אָדער שפעטער וועל איך געווים ערוואכען; דאן וועל איך מיך אָנבייגען איבער מארגעריט ן, זיא אומארמען און אָבטריקענען איהרע טרערען. אין דערזעלבער צייט, וועל איך מיר נאך ערלויבען צווייא טעג פרייהייט אום זיך אביסעל מעהר צו ערהאָלען, און דאן וועל איך ערשט געהען אויף מיין נייעם פאָסטען.

אך! וויא מיר וועלען זיך דאן ערשט פרייען, און מיר וועלען זיך געווים צווייא מאל אויף אזוי פיעל ליעב האבען וויא פריהער!

יעדענפאלס, האב איך מיר געטראכט, דארף איך נים פערצווייפלען און איך דארף זיך נים שטארק איילען, ווייל איך בין נאך זעהר שוואך און איך מוז ליגען ביז מיינע נערווען וועלען זיך בערוהיגען. מארגעריט, האב איך געדענקט, איז בלויז א נאַר, וואס זיא מאכט זיך אזעלכע יסורים פון גאר נים.

אך, ווען איך וואָלט נאָר געקענט דאמאלס אביסעל אויפהייבען דעם קאָפ און צו איהר שמייכלען!

עס איז מיר אויך איינגעפאלען די אידעע, אז אזוי שנעל ווי זי וועט נאך אמאל אויסרופען: „ער איז טויט!" זאל איך לאנגזאם אויסשטרעקען מיינע ארעם, זיא ארום נעהמען און מורמלען אין איהר אויער:

„ניין, ניין, מיין פיעל געליעבטע מארגעריט! אליוויער איז ניט טויט. ער לעבט און וועט לעבען אום דיך צו ליעבען און פערגעסען פיעל מעהר וויא פריהער."

דאס אלעס האב איך געוואלט, אבער ניט געקענט.

2.

וועהרענד מארגעריט האט נאך געהאלטען אין וויינען, האט זיך געעפענט די טהיר און א שטימע האט אויסגערופען:

„וואס איז געשעהען, מיין ליעבע! האט ער שוין ווידער געהאט איין אנפאל פון דער קראנקהייט?"

איך האב באלד דערקענט אין דער שטימע, די אלטע פרוי גאבען, וועלכע האט געוואהנט מיט אונז אויף איין שטאק.

זייט מיר זיינען אנגעקומען אין דיעזען האטעל, איז זיא געוועזען זעהר פריינדליך צו אונז; ווענינסטענס אזוי האבען מיר אנגענומען איהר פלוידערייא מיט וועלכען זיא האט אונז עטליכע מאל אין טאג מכבד געוועזען.

זיא האט געהאט ווענינג סודות און עס האט איהר ניט געקימערט איבער די בעקאנטשאפט מיט יעמאנדען איז לאנג אדער קורץ, און אהנע פיעל צייט צו פערלירען, האט זיא אונז דערצעהלט איהר גאנצע לעבענסגעשיכטע.

איהר לעבענסגעשיכטע, איז געוועזען גראדע אזוי איינפאך וויא די אתזערינע:

זיא איז געוועזען איין ארבייטערין אין א גלאזפאבריק און דארט, אלס מערכען, האט זיא בעקאנטשאפט געשלאסען מיט איינעם פון די ארבייטער, וועלכער איז נאכהער געווארען איהר מאן.

די ארבייט אין א גלאזפאבריק, איז גראדע ניט זעהר קיין שווערע, דערפאר אבער, רואינירט זיא שנעל די געזונדהייט. זייא זיינען געוועזען בלויז עטליכע יאהר פערהייראטעט, ווען גאניע גאבען איז קראנק געווארען. די קראנקהייט איז איהם געקומען, וויא די דאקטוירים האבען געזאגט און ער אליין האט געוואוסט, פון דער שרעקליכער היטץ און ניפטיגען דונסט אין דער גלאזניטערייא.

„קיין זעהר שטארקער מענש איז ער קיינמאל ניט געוועזען," האט מאדאם גאבען ווייטער געשילדערט, „און איך האב איהם אפט צוגערעדט, ער זאל זיך אויפזוכען איין אנדערע בעשעפטיגונג, וועלכע ער וואלט פיעללייכט געקענט טרעפען אין דער זעלבער פאבריק; אבער ער האט דערפון ניט געוואלט הערען. ער איז געוועזען צוגעוואהנט צו דער גיסערייא אבטהיילונג, און ער האט גאר ניט געוואוסט וויא אזוי ער קען זיך בייא עפעס אנדערש בעשעפטיגען. איבערהויפט האט דער גוטער און ערעלער מענש דאס אלעס געטהאן צוליעב מיר און אונזער קינד, דען, נאך אלעמען, איז קיין ארבייט אזוי גוט בעצאהלט געווארען אין דיעזער פאבריק, וויא אין דער גיסערייא."

מאנסיע גאבען איז אלזא געשטארבען און צוריק געלאזען איין אלמנה מיט א קינד, א מיידעלע, פאר וועלכער מאדאם גאבען איז שוין געצוואונגען געוועזען אליין צו זארגען.

דיא ארמע אלמנה האט געהאט גרויסע צרות, ביז זיא האט זיך איינגעריכ־טעט אום זיא זאל קענען פערדיענען אזוי פיעל, אום ווענינגסטענס זיך צו בעזארגען מיט דיא נעטהיגסטע לעבענס־מיטלען. לעצטען ווינטער, האט איין אונפריינדליכער הויזאיינענטהימער, בייא איהר זאגאר אוועק גענומען דיא פאאר ארעמע שטיקלעך מעבעל פון הויז, דערפאר וואס זיא האט ניט געהאט צו בעצאהלען דאס דירה־געלד. זייט יענער צייט האט זיא לאזשירט מיט איהר 10 יעהריגע טאכטער, אדעלע, אין דעם האטעל. ביידע צוזאמען האבען זיך בעשעפטיגט מיט צושניידען גלאז־שייבלעך, און נאך שווערער מיה, האבען זייא פערדיענט אונגעפעהר 40 סו (סענט) א טאג.

„ליעבער גאט!" האט זיא אויסגעשריען זעהענדיג מיין פרוי זיטצען נעבען מיר אין געוויין. „איז עס שוין צו ענדע?"

איך האב מיר געמערקט, אדער געשפירט, אז דא איז צוגעקומען געהנטער. זיא האט מיך פריהער בעטראכט, דאן אויף מיר געלייגט דיא הענד און גע־מורמעלט:

„מיין ארמע, ליעבע פריינדין — מיין ארמע ליעבע פרוי!"

מארגענרים איז געוועזען אויסער זיך פאר שמערץ און האט גאר ניט געקענט אויפהערען צו כליפען, גראדע וויא א קינד.

מאדאם גאבען האט איהר געהאלפען זיך אויפהייבען און זיא דאן געזעטצט אויף א גרויסען לעהנשטוהל נעבען אויווען און האט פראבירט זיא צו טרייסטען.

„מיין ארמעס, ליעבעס קינד,“ האב איך זיא געהערט זאגען. „איהר דארפט זיך נים אזוי אָבלאָזען צום שטערן. איהר מוזט זיך שטארקען. דאס יאמערן און וויינען העלפט גאר נים, און דאס וועט אייך נים פיהרען צו קיין גוטעס.“

„אך גאָט!“ האט מארגעריט אויסגערופען מיט א הערצרייסענדע שטימע. „ליעבע פרוי, בין איך נים בערויערנסווערטה? איך בין אונגליקליכער וויא אלע פרויען אין דער וועלט!“

„זאגט עס נים, זאגט עס נים, מיין ליעבעס קינד! קענט איהר דען האבען א בענריעף וויפיעלע טויזענדער פרויען, גראדע אין דיעזען אוינענבליק, עס נעהמט נאך פיעל ערגער און עס איז זייא מעהר צום בעדויערן?“

„וויא קען דאס מעגליך זיין,“ האט מארגעריט אויסגעשריען זיך ברעכענדיג דיא הענד.

„יא, יא, מיין קינד, עס איז נים נאָר מעגליך, זאָנדערן עס איז אויך א טהאטזאכע. ווען איך בין געווען אין אייער צושטאנד און איך האב פערלוירען מיין מאן דורך דעם טויט וויא איהר, האט מען מיך בעדארפט פיעל מעהר בעדויערן. יא, איהר האט בלויז אייער מאן פערלוירען. דאס איז נאטירליך גענוג טרויעריג; אָבער שטעלט זיך נאָר פאָר דעם פאַל וואס איהר וואָלט געטהאָן, ווען איהר זאָלט יעטצט האבען א ליעבעס קינד נעבען אייך, אָדער פיעללייכט נאר מעהרערע, און זייא זאָלען שטעהען ארום אייער קלייד און פערלאנגען ברויט, וואָלט דאס נים געווען נאך ערגער?“

מארגעריט האט בעטראכט איהר נאכבארין אייניגע אוינענבליק אין שטיל־שווייגען, און דאן האט זיא געמורמעלט:

„עס וואָלט געווען זעהר טרויעריג — ווירקליך, וואס וואָלט איך געקענט טהון מיט קינדער? איך קען דאך מיר אליין קיין עצה נים געבען. מיין גאָט, מיין גאָט, וואס זאָל פון מיר יעטצט ווערען?“

„נאָר רוהיג, מיין קינד,“ האט דיא גוטע אלטע פרוי געענטפערט. „פאָרלויפיג האט געדולד, און גאָט וועט העלפען. א מענש דארף נים פערצווייפלען. איך האב געהאט א קינד און האב נאך מעהר נים געוואוסט וואס עס קען ווערען. מען דארף נאָר נים פערלירען דעם מוטה. ווייסט איהר וואס, נעהמט עפעס אין מויל אריין: אייך מוז חלש'ן דאס הארץ.“

„מיין נאָט, וויא קען איך נאר יעטצט דענקען אן עסען? ניין, מאדאם נאבען, פאר דער גאנצער וועלט וועל איך יעמצט, אין דיעזען טרויער, קיין זאך געניעסען.“

„אָה ניין, דאס דארפט איהר ניט זאגען. פון וואנען וועט איהר דען נעהמען קראַפטען דאס אַלעס איבערצושטעהען? פערגעסט ניט, עס דארף נאך דויערן שעהנע עטליכע שטונדען. ניין, ניין, איהר מוזט עפּעס געניעסען, איך געה אייך עפּעס ברענגען."

„איך בעט אייך, ליעבע פרוי, בעמיהט זיך ניט, ברענגט קיין זאך, ווייל איך וועל גאר ניט געניעסען. ווען איך זאָל אפילו וועלען, איז עס מיר אונמעגליך, ווייל איך וועל קיין ביסען קענען אראָנטער שלינגען."

„מיין ליעבעס קינד," האט מאדאם גאבען ווייטער געזאגט, „איהר וועט זיך נאך אליין קראַנק מאַכען. עס איז ווירקליך א שמערץ צו זעהען א מאַן טויט פאַר דיא אויגען פון זיין געליעבטער פרוי, אָבער איהר דארפט ניט אַזוי פערצווייפלען. גלויבט מיר, ווען מיין מאַן איז געשטאָרבען, בין איך אויך געוועזען אויסער מיר און האב קיין ביסען געגעסען. אָבער וואס האט דאס מיר געהאָלפען? אין געגענ־טהייל, עס האט מיר נאך ערגער געמאַכט. אַלזאָ, אום גאָטעס ווילען, זייט ניט אַזוי פערצווייפעלט."

לאַנגזאם האט מארגעריט זיך אָנגעפאַנגען צו בערוהיגען. נאָר פון צייט צו צייט, האט זיא נאך אויסגעבראָכען אין א ביטערעס געוויין. אונטערדעסען האט מאדאם גאבען אָנגעהויבען צו ווערען א גאנצע בעל־הבית'טע אין צימער.

„איהר דארפט זיך ווייטער אום גאר ניט קימערן," האט זיא געזאגט צו מיין פרוי, „רעדע", מיינענדיג איהר טאָכטער אדעלע, „איז גראדע יעצט אוועק גע־גאנגען אָבטראגען ארבייט; איין שכן מוז העלפען דעם צווייטען. אייערע קופערטס זיינען נאך ניט אין גאנצען אויסגעפאקט, אָבער האט איהר עפּעס א טוך אין דער קאמאָדע?"

איך האב געהערט וויא זיא האט געעפענט דיא קאמאָדע. זיא האט פון דאָרט ארויס גענומען א סערוועט און אויסגעשפרייט אויף'ן טיש. דאן האט זיא אָנגע־צונדען א שוועבעלע. עס איז מיר איינגעפאלען דיא אידעע, אז זיא וויל אָנצינדען א ליכט, וויא דיא מאָדע איז ביי א טויטען.

מיינע געדאנקען האבען נאכגעפאָלגט אלע איהרע בעוועגונגען אין צימער, און איך האב געוואוסט אלעס וואס זיא האט געטהאן. אָבוואהל איך האב דעם קאָפּ מיט מיינע טויטע אויגען ניט געקענט אומווענדען, האב איך דעננאך געזעהען מיט מיינע געדאנקען נאך פיעל דייטליכער וויא איך בין איםשטאַנדע געוועזען צו טהאָן מיט מיינע אויגען.

„דער ארמער הערר," האט מאדאם גאבען געזאגט שטילערהייט, „עס איז א גליק, מיין ליעבע, וואס איך האב געהערט אייער שטימע."

פלוצלינג איז געווען פערשוואונדען דער שוואכער ליכטשטראהל פון מיין לינקען אויג, דען מאדאם גאבען האט מיר צוגעמאכט ביידע אויגען. איך האב אבסאָלוט ניט געשפירט דיא בעריהרונג פון איהרע פינגער. נאכדעם וויא איך האב בעגריפען וואס עס איז געשעהען, האב איך געשפירט א קאלטען שוידער איבער מיין לייב.

דאן האט זיך געעפענט דיא טהיר און רעדע, דאס קליינע מיידעלע, איז אריין געקומען.

„מאמא, מאמא!" האט זיא אויסגעשריען, „איך האב מאקי געוואוסט, אז דוא ביסט דאָ. זעהסטו, אָט האב איך געבראכט 3 פראנקס מיט 4 סו. איך האב היינט נאכמיטאג אוועק געטראגען 20 דוצענד שייבלעך..."

„ששש, שא, זייא רוהיג!" האט מאדאם גאבען געזאגט, און אזוי וויא דאס קינד האט ניט געוואָלט אויפהערען צו רעדען, האט זיא איהר געציינט אויף'ן בעט. רעדע איז דערבייא געבליעבען שטיל, און איך האב געהערט, וויא זיא האט זיך צוריק געצויגען צו דער טהיר.

„וואס טהוט מאָנסיע, שלאָפט ער?" האט דיא געפרעגט.

„יא, יא, ער שלאָפט," האט מאדאם גאבען געענטפערט, „געה ארויס זיך שפיעלען."

אָבער דיא קליינע האט ניט געוואָלט געהען. זיא האט מיך אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע אויגען און אויף איהר געזיכט האט זיך אָבגעשפיעגעלט שרעק. זיא האט אָנגעהויבען צו בעגרייפען.

דאס אלעס האב איך געפיהלט.

פלוצלינג האט זיא זיך געמוזט שטארק דערשרעקען, דען זיא איז שנעל ארויס געלאָפען פון דעם צימער, דערבייא נאך אומוואָרפענדיג א ביינקעל, און זיא האט געשריען:

„אָה, ער איז טויט, ער איז טויט! געשטאָרבען!"

אויף איינינע אויגענבליקען איז געווען זעהר שטיל אין צימער. מאַרגעריט איז געזעסען אויף דעם שטוהל וויא אָהנמעכטיג און ניט מעהר געוויינט. מאדאם גאבען איז אומגעלאָפען איבער דעם צימער און האט געמורמעלט:

„דיא היינטיגע קינדער וויסען שוין אלסדינג. איך האב זיא דאָך ערצויגען זעהר פאָרזיכטיג. און נאָך אליין ביים דעם אכת זיא איך האב אלעס געוויסט פאר

איהר. ווען זיא נעהמט עפעס איינקויפען אָדער זיא טראגט אָב דיא ארביים, רעכען איך אויס יעדע סעקונדע, כדי זיא זאָל זיך נים סענען בענעגענען מיט קיין שלעכטער געזעלשאפט. אָבער טראָטץ דעם אַלעמען, ווייס זיא אַלעס; מיט איין בליק האט זיא געזעהען וואס דאָ איז געשעהען. איך האב איהר נאך קיינמאל קיין טויטען נים געוויזען, אויסער איהר אָנקעל פראנס, און דאמאלס איז זיא נאך קיין יאָהר נים אלט געווען. יא, יא, עס זיינען שוין גאר נישטאָ קיין קינדער, זייא זיינען מזיקים...“

זיא האט זיך זעלבסט אונטערבראָכען אום אנצופאַנגען א נייע פּלוידערייא.

„מיין ליעבעס קינד,“ האט זיא געזאגט צו מארגנערים'ן, „מיר מוזען נאך דורכנעהען דיא שמערצהאַפטע צערעמאָניען. מען מוז אנציינען אויף דער פּאָליציייא, און דאַן אויף זאָרגען פיר דער בעשטאטונג. איך זעה, אז איהר קענט גאר יעטצט דאריעבער נים דענקען, און איך וויל אייך אליין דאָ נים לאָזען. אָבער ווען איהר ווילט, וועל איך נאכזעהען אויב מאָנסיע סימאָנאָ איז דאָ.“

מארגנערים האט גאר נים געענטפערט. מיר האט עס אויסגעזעהען, גלייך ווי איך הער דאס אַלעס פון גאַנץ וויים. מאַנכע מאל האט זיך מיר געדאכט, אז איך זעה עפּעס וויא א פלאַם ארום שוועבענדיג איבער דעם צימער. דאַן האט עס מיר אויסגעוויזען, אז איך און דער פלאם זיינען איינס, און אויף מיין בעט ליעגט א קערפּער, א חומר, וועלכער איז פרעמד פון מיר.

דאַן האט זיך מיר געדאכט, אז מיין וואונש איז, מארגנערים זאָל נים אָנ־נעהמען קיין טובות פון דעם הערן סימאָנאָ. איך האב איהם געזעהען א דרייא אָדער פיער מאל וועהרענד מיין קורצער קראַנקהיים. ער האט געוואָהנט אין דעם צווייטען צימער, נעבען אונזערן, און האט זיך געוויזען זעהר פריינדליך.

מאדאם גאבען האט אונז פריהער דערצעהלט, אז סימאָנאָ פערווייל נאר אויף זיין דורכרייזע אין פּאריז, און דאַן פאָהרט ער אוועק אויף דער פּראָווינץ אום איינצונעהמען א ירושה וואס איז איהם איבערגעבליעבען פון זיינעם איין אָנקעל.

ער איז געווען א הויך־געוואקסענער, שעהנער שטארק־געבויעטער און יונגער מענש. איך האב געשפירט צו איהם עפּעס א מין שנאה און פעראכטונג. אנפאנגס האב איך נים געוואוסט ווארום דאס איז, אָבער שפּעטער האב איך מיר ערקלערט דיא אורזאכע, אז עס איז דערפאר, ווייל ער האט זיך בענומען געגען מיין פרוי אַזוי קאַוואַליער־מעסיג.

מיט איין אבענד פריהער, איז ער געוועזען אין אהזער צימער, און עס האט מיך זעהר געשמערצט ווען איך האב איהם געזעהען זיטצענדיג נעבען מארגעריט'ן.

זיא האט אויסגעזעהען אזוי שעהן, אזוי אנציהענד נעבען איהם, אז איך האב באלד פערראכטעט איהר שעהנהייט. ער ווידער, האב איך מיר געמערקט, האט געקוקט צו איהר מיט א טיעפען און לאנגען בליק, וואו עס איז געלעגען צערט־ליכקייט און ליעבע, און זיא האט צו איהם געשמייכעלט און איהם געדאנקט פאר דעם בעזוך וואס ער האט איהר אבגעשטאטעט.

מאדאם גאבען איז ארויס פון צימער, זיא האט אבער באלד צוריק געקעהרט און געזאגט:

„דא איז מאנסיע סימאנא."

פארזיכטיג און לאנגזאם האט ער געעפענט די טהיר, און ווען מארגעריט האט איהם דערזעהען, האט זיא ווידער אויסגעבראכען אין א העפטיגעס געוויין. דער אנבליק פון דיעזען מענשען, דער איינציגער מענער־פריינד וואס זיא האט גע־קענט אין פאריז, האט ווידער ערוועקט איהר שמערץ.

ער האט ניט פראבירט זיא צו טרייסטען.

זעהען האב איך ניט געקענט, אבער אין דער טיעפער דונקעלהייט וואס האט מיך ארום געריגגעלט, האב איך מיר פארגעשטעלט זיין געשטאלט אזוי פאלקאמען, גלייך וויא איך וואלט איהם גאנץ דייטליך געזעהען מיט מיינע אויגען.

איך האב מיר איהם פארגעשטעלט וויא ער שטעהט נעבען מיין פרוי און ווארפט אויף איהר זיינע בליקען פון מיטלייד. דאן האב איך געדענקט וויא ריהרענד שעהן מארגעריט מוז אויסזעהען מיט איהרע ליכטיגע בלאנדע האאר, מיט איהר בלייכעס און פערוויינטעס געזיכט, און איהרע ווייסע און גליהענדע שעהנע הענד.

„אך, מאדאם," האב איך דאן געהערט סימאנא'ס שטימע. „עס טהוט מיר זעהר לייד: הערצליך לייד. איך בין בערייט אלעס צו טהון וואס איהר וועט מיר הייסען, בעפעהלט מאדאם, און איך וועל פאלגען."

מארגעריט האט עפעס געמורמעלט אלס איין ענטפער, אבער דיא האט אליין ניט געוואוסט וואס זיא זאגט. איהר אויפרעגונג איז געוועזען צו גרויס. דאן האב איך געהערט וויא מאדאם גאבען האט אוועק גענומען סימאנא'ן אויף א זייט וואו זיא האט מיט איהם עפעס איינגעטעטה'עט. ווען ער האט געוואלט אוועק געהען, האט מאדאם גאבען צו איהם געזאגט:

„דאס אלעס, מיין ווערטהער הערר, מוז בעזאָרגט ווערען. אָבער עס דאַרף קאָסטען פיעל געלד, און איך בין איבערציינגט, אַז דיא ארמע פרוי האט קיין סו אין הויז."

„יא, דער פאלל איז זעהר טרויעריג," האט ער בעמערקט.

„יעדענפאלס, דענקט איך," האט מאדאם גאבען אָנגעווענדעט, דאַרף מען זיא פרעגען, דאמיט מען זאָל וויסען וואו מען האלט אין דער וועלט."

„ניין, ניין, ליעבע מאדאם גאבען," האט ער געזאגט, „איהר זאָלט עס ניט טהון. ווייל דאס וועט דיא ארמע אומזיסט מארטערן און ערגערן, און ווען זיא האט ניט קיין געלד, ווארום זאָלען מיר איהר ניט ערשפארען דעם שמערץ?"

„אָבער ליעבער הערר," האט מאדאם גאבען ווייטער געזאגט ערשטוינט. „וואס פאר איין אנדערן אויסוועג האט איהר? וואוהין מען זאָל זיך אין אזא פאלל ווענדען, מוז מען האבען געלד. פערגעסט ניט, מען מוז זיך ווענדען צו דער פאָליצייא, און דאס קאָסט געווים געלד. און בייא דער בעשטאטונג, דאַרף מען האבען געלד; פרעגט מיך, קיינער טהוט ניט אומזיסט. יעדער וויל בעצאָהלט. איך האב שוין געהאט דיא ביטערע ערפאהרונג."

„אָבער זייט נאָר שטיל, מיין ליעבע פרוי," האט זיא סימאָנאָ אונטערבראָכען. „איך ווייס גאנץ גוט, אַז דאס אלעס קאָסט געלד. עס איז זעהר נאריש וואס מען בעהויפטעט, אז דער טויט קאָסט נאר נים. עס איז אמת, דער טויטער קען שוין מעהר נאר ניט בעצאָהלען, אָבער דערפאר זיינען דיא לעבעדיגע צוריק געבליעבלענע פערפליכטעט צו זאָרגען. נאָר קימערט זיך יעטצט ניט דארום. איך וועל געהען צו דער פאָליצייא און דאָרט איינשאפען אלעס וואס עס איז נעטהיג פיר ד"ר בעשטאטונג. אָבער, פאר אלעמען, בעט איך אייך, איהר זאָלט ניט בעאונרוהיגען דיא ארמע דאמע; איך ווינש ניט זיא זאָל זיך אומזיסט אויפרעגען."

נאך דיעזע ווערטער האב איך געהערט וויא ער האט פערלאָזען דאס צימער און לאנגזאם געשלאָסען דיא טהיר הינטער זיך.

ווען אלעס איז ווידער שטיל געבליעבען, האב איך מיר געשטעלט דיא פראגע, וויא לאנג מיין אָהנמאכט קען נאָך דויערן.

זעהט איהר, איך האב מיר אום קיינעם פרייז נאך ניט געקענט אין גאנצען איינרעדען, אז איך בין ווירקליך טויט.

בייא מיר איז עס געוועזען באלד וויא גאנץ זיכער, אז איך לעב נאך, ווייל איך האב געהערט אלעס וואס עס איז פאָרגעקומען ארום מיר.

איך האב מיר אָנגעפאנגען צו שאַפען א קליינעס בילד פון מיין צושטאנד. יעדענפאלס, האב איך מיר געטראכט, האנדעלט עס זיך דאָ מיט מיר, וועגען מיין אָהנמאכט אין אַלע גליעדער, א היהנער־פלעגם, פון וועלכען איך האב שוין זעהר פיעלע מאָל געהערט דערצעהלען.

נאך אלס קינד, ווערהרענד איך האב צום ערשטען מאל אָנגעפאנגען צו דענקען איבער דיא שרעקען פון דעם טויט, האב איך געהאט איינינע אזעלכע אנפעלע, ווען איך בין געלעגען עטליכע שטונדען דורכאנאנד אין אזא היהנער־פלעגם. וואס דאס איז געוועזען, קען איך גענוי ניט וויסען, אָבער יעדענפאלס איז עס געוועזען איין עפעס, וואס האט מיך געמאכט ווי א טויט, און יעדער ארום מיר, האט מיך גערעכענט פאר טויט.

אָבער, האב איך ווייטער געטראכט, דאס הארץ וועט ווידער אמאל אָנ־פאנגען צו קלאפען, דאס בלוט וועט נאך אמאל לויפען אין מיינע אָדערן, איך וועל ערוואכען און טרייסטען מיין ליעבע און זיסע מארגעריט.

דיעזע געדאנקען האבען מיך ערמוטהיגט איך זאָל האבען געדולד צו ווארטען.

אונטערדעסען איז פאָראיבער איין שטונדע נאך דער צווייטער. מאדאם נאבען האט אריין געבראכט איהר מיטאג, אָבער מארגעריט האט צוריק געוויעזען דיא איינלאדונג מיטצועסען.

דאן איז געקומען דער נאכמיטאג.

דורך דאס אָפענע פענסטער האט איינגעדרונגען דער ליארם פון דער שטראסע.

און א לייכטען מעש־קלאנג, האב איך דערקענט, אז מען האט אָנגעצונדען א צווייטעס ליכט אין דעם לייכטער פון דעם טיש.

ענדליך האט סימאָנאָ צוריק געקעהרט.

„אלזאָ, וויא שטעהט עס?“ האט מאדאם נאבען געפרעגט.

„אלעס איז אין אָרדנונג,“ האט ער געענטפערט. „דאס בעגרעבניס וועט שטאטפינדען מאָרגען פאָרמיטאג. אָבער יעטצט זאָלט איהר מעהר ניט רעדען דאַ־ריעבער מיט דער ארמער פרוי.“

נאָר מאדאם נאבען האט זיך ניט געקענט צוריק האלטען און געזאגט:

„דער טויטען־דאָקטאר איז נאך דאָ ניט געוועזען, און איידער ער שטעלט אויס דעם טויטען־שיין, לאָזט זיך נאר ניט מתן.“

סימאָנאָ האט זיך געזעסטצט נעבען מארגעריט'ן. איך האב געהערט וויא ער האט צו איהר געשפּראָכען שטילערהייט און איהר געזאגט ווערטער צום ערמוטהיגען. זיא האט דערבייא ווידער אמאל אָנגעפאנגען צו וויינען און האט נאָר געקענט ענטפערן פון צווישען איהר כליפען.

סימאָנאָ האט ווייטער געטרייסט מארגעריט'ן, אָבער ער האט גערעדט אזוי שטיל, אז איך האב איהם נים געקענט הערען. איך האב אָבער בעמערקט, אז עס איז איהם געלונגען מארגעריט'ן צו בערוהיגען.

עס איז געוואָרען בעשטימט, אז אויף'ן צווייטען טאָג, אום האלב 11 אוהר פאָרמיטאג, זאָל דיא בעגרעבעניס שטאטפינדען. דאס הייסט: איך זעלבסט זאָל אין דיעזער שטונדע בעגראבען ווערן. איך ווייס נים, לעזער, וויא דיר שמעקט אזא שילדערונג. אָבער מיר, מענסטו גלויבען, האט עס גאר נים געשמעקט.

ווירקליך, עס איז מעהר וויא אונאנגענעהם, זיך צו שפּירען לעבעדיג און הערענדיג, אז מען נעהמט אזוי אריין ליינען אין דער ערד. אלס איך האב דאריעבער נאכגעדענקט, האב איך געשפּירט, אז מיין הארץ ווערט מיר קאַלט.

איך האב מיר אזוי געטראכט: איך בין נים טויט; איך ווייס, אז איך ליעג בלויז אין א היהנער־פלעט, אָבער איך קען נים מאכען דיא מינדעסטע בעוועגונג, דאמיט איך זאָל לאָזען מערקען, אז עס ווערט בעגאנגען א שרעקליכער אירטהום, אז מען וויל מיר בעגראָבען לעבעדיגערהייט. וויא א מיהלראָד, אזוי האבען זיך געדרעהט דיא געדאנקען אין מיין קאָפּ.

אָבער ער, דער „טויטען־דאָקטאָר," וויא מאדאם נאבען האט איהם אָנגע־רופען, איז נאך אימער נים ערשיענען.

דער געדאנק אן דיעזען ארצט, האט מיך אביסעל בערוהיגט. דיעזער מענש, איין אויסגעשטודירטער ארצט, א מאן פון וויסענשאפט, וועט געוויס באלד איינזעהן, אז איך בין נאָר אָהנמעכטיג, אז איך ליעג אין היהנער־פלעט, און ער וועט געוויס אלעם מעגליכע זאָפאָרט אָנווענדען אום דיא טהעטיגקייט אין מיין קערפּער צוריק צו ברענגען.

איך האב איהם ערוואַרטעט מיט א פיעבערהאפטער אונגעדולד.

אונטערדעסען איז זיך דער טאָג ווייטער געגאנגען. מאדאם גאבען, אום קיינע צייט צו פערלירען, האט אריין געבראכט איהרע גלאָדשייבלעך. זיא האט געבעטען מארגעריט'ן אום ערלויבניס, און אריין געבראכט רעדע'ן, איהר קינד, ווייל זיא האט נים געוואָלט לאָזען צו לאנג דאס מיידעלע אליין.

„קום נאָר אריין,“ האט זיא געזאגט צום קינד ועהרענד זיא האט זיא אריין געפיהרט, „און מאך נים אזא זויער פנים. אָבער מערק דיר גוט, דוא זאָלסט נים וואגען צו קוקען אויף א זייט, זאָגסט ווייסטו וואס דוא קענסט כאפען איבער דיא באקען.“

זיא האט אלזאָ פערבאָטען דעם קינד צו מיר צו קוקען. זיא האט דאס נים אויסגעפונען פיר פאסענד פיר רעדע'ן.

רעדע וויעדער — דאס האב איך שוין געפיהלט, האט פון צייט צו צייט פערגנב'עט א בליק צו מיין בעט, און ווען מאדאם נאבען האט עפעס בעמערקט, האט זיא אויסגעשריען:

„ווילסטו ארבייטען, אָדער איך זאָל דיך ארויס וואַרפען וויא מען וואַרפט ארויס א קאַטץ?“

ביידע, מוטער און טאָכטער, זיינען געזעסען ביים טיש. איך האב גאנץ דייטליך געקענט הערען דאס קריטצען פון דעם שנייד־מעסער. זייא האבען געמוזט דאמאלס זיין בעשעפטיגט בייא זעהר א פיינע ארבייט, וואס האט ערפאָרדערט גרויסע פאָרזיכטיגקייט, דען עס האט געדויערט א היבשע צייט ביז זייא זיינען מיט יעדען שייבעל פערטיג געוואָרען. איך וויעדער, האב געצעהלט שייבעל נאך שייבעל, אום דאמיט מיין לאַנגוויילינע צייט צו פערטרייבען.

דאס קריטצען פון דעם גלאָז־שנייד־מעסער, איז געווען דער איינציגער גערויש וואס האט זיך געהערט אין צימער. מאַרגנעריט איז וואַהרשיינליך איינגעשלאָפען פון גרויסער מיעדקייט.

סימאָנאָ איז צווייא מאל אויפגעשטאַנען.

בייא דיעזער סצענע, איז מיר דורכגעלאָפען דיא שרעקליכע אידעע, אז ער וועט זיך בענוטצען מיט דער געלעגענהייט פון איהר שלאָף, אום זיינע ליפען צו צו דריקען אויף איהרע.

איך האב אפילו דעם יונגענמאַן נים גוט געקענט, אָבער איך האב געשפירט אין מיין טיעפער זעעלע, אז ער ליעבט מיין פרוי. א געלעכטער פון דער קליינער רעדע האט אונטערבראָכען מיין אונרוהע.

„וואס איז מיט דיר? ווארום לאכסטו, דומע גאנז?“ האט דיא מוטער גע־פרעגט. „באלד וואַרף איך דיך ארויס. נו, וואס איז מיט דיר געשעהען? ווארום האסטו געלאכט?“

דאס קינד האט עפעס געשמאַטעלט, און בעהויפטעט, אז זיא האט נים גע־לאכט, נאָר געהוסט.

איך וויעדער האב מיך פאַרטשעטעלט, אז דא האט נעהעהען ווי סימאַנאָ האט זיך אָנגעבויגען איבער מיין פרוי, איהר געגעבען א קוש, און דאס איז איהר פאַרגעקומען אזוי שפּאסהאפט, אז זיא האט געלאכט דערפון.

איך האב געהערט וויא מען האט אָנגעצונדען דעם לאָמפּ, און דאן האט יעמאנד אָנגעקלאפּט אין דער טהיר.

„אך, דער דאָקטאָר“, האט מאדאם גאבען געזאגט.

ריכטיג, עס איז געוועזען דער ארצט.

ער איז אריין געקומען און זיך אפילו ניט ענטשולדיגט ווארום ער איז געקומען אזוי שפּעט.

וויא דיא זאך איז, האב איך פערשטאנען, אז א „טויטען־דאָקטאָר“ אין פּאריז, האט שון ביז דאמאלס געמוזט בעשטיינען פיעלע טרעפּען.

אזוי וויא דער לאָמפּ האט זעהר שוואך בעלייכטעט דאס צימער, האט ער געפרעגט:

„ליעגט דאָ דער טויטער?“

„יא, הערר דאָקטאָר,“ האט סימאַנאָ געענטפערט.

מארגעריט האט זיך אויפגעהויבען ציטערענדיג. מאדאם גאבען האט שנעל ארויס געשטופּט דערע'ן אין קאָרידאָר, ווייל, נאך איהר מיינונג, האט א קינד ניט בעדארפט ביי'וואָהנען אזא געשיכטע. דאן האט זיא זיך בעמיהט מיין פרוי צו צופיהרען צום פענסטער, אום זיא זאָל ניט זעהען וויא דער דאָקטאָר בעטראכט מיך.

דער ארצט איז צו מיר שנעל צוגעגאנגען. ער האט אויסגעזעהען זעהר אונגעדולדיג און האט זיך שטארק געאיילט. אויב ער האט געפיהלט מיין דופּק אָדער מיר בעריהרט מיין הארץ, קען איך ניט זאגען, ווייל איך האב דאס ניט געשפּירט. אָבער איך האב פערשטאנען, אז ער האט זיך איבער מיר צוגעבויגען און מיך גאנץ גלייכגילטיג בעטראכטעט.

„זאָל איך צו לייכטען מיט דעם לאָמפּ?“ האט סימאַנאָ געפרעגט דעם ארצט.

„ניט נעטהיג,“ האט דער דאָקטאָר געענטפערט גאנץ רוהיג.

„וואס? ניט נעטהיג? דיעזער מאן דער וויסענשאפט, האט געהאלטען מיין לעבען אין זיינע הענד, און ערקלערט, אז עס איז ניט נעטהיג ער זאָל מיך אָנקוקען אפילו! איך וואלט געוואָלט שרייען, אַז איך לעב נאָך!

איבריגענס בין איך דאָך נאר נים געווען טויט, און איך וואָלט עס איהם געקענט זאגען אין געזיכט; אויסשרייען פאַר דער גאנצער וועלט, אז איך לעב.

אָבער געה שרייא, אז דוא קענסט!

„ווען איז ער געשטאָרבען?“ האט ער געפרעגט.

„אום זעקס אוהר היינט פריה,“ האט סימאָנאָ געענטפּערט.

א שוידערהאפטער געפיהל פון צאָרן האט מיך ערגריפען.

סטייטש, וויא הייסט דאס? איך, וועלכער לעבט, הערט און בעגרייפט אלעס, זאָל גאר נים קענען רעדען?

דיעזע מארטערנים און חעלען־שמערץ, האט מיך ווירקליך שיער געטויטעט אויף'ן פּלאַטץ. צו לעבען און נים צו קענען ריהרען מיט א גליעד — איז דאס נים שוידערהאַפט?

„יא, יא,“ האט דער דאָקטאָר געזאגט. „דיעזעס ווארעמע און נאסע וועטער, טראגט דיא גאנצע שולד. עס איז דיא געפעהרליכסטע צייט אין יאָהר.“

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועק, און מיט איהם איז אויך מיין לעבען פער־שוואונדען.

איך האב געוואָלט שרייען, וויינען, יאמערן, אָבער איך האב קיין טאָן געקענט ארויס ברענגען.

דיעזער שופט, דער דאָקטאָר, וועלכער האט זיך געמאכט צור מעדיציני־שער געוואָהנהייט, ארום צו געהען פון בעט צו בעט, וויא א מאשין, אום צו בעטראכטען דיא טויטע, האט שוין פערגעסען אן זיינע פליכטען, און ער האט זיך בעקימערט אום מיר וויא אום דעם פאריאָהריגען שנעע.

זאָל איך עס מיר גלויבען, אז ער האט נים געקענט אונטערשיידען פון טויט ביז לעבעדיג? ניין, דאס איז מיר אונמעגליך געוועזן. אָבער, לאָמיר שוין זאגען, אז מיין צושטאנד איז געוועזן גענוג ריכטיג אום ער זאָל איהם קענען נארען, אָבער ווארום האט ער מיך נים בעסער בעטראכט? איז דאס דער ציעל פון וויסענשאַפט זיך נים צו בעקימערן אום זיין מיטמענשען?

און ער איז אוועק, און מיך איבערגעלאָזען פאר טויט!

„גוטע נאכט, דאָקטאָר, גוטע נאכט“, האט איהם סימאָנאָ נאכגערופען.

דאן איז ווידער אלעס שטיל געוואָרען. דער ארצט האט זיך פערנייגט פאר מארגעריט'ן, און איז אוועק. איך האב געהערט זיינע טריט ארונטער געהענדיג פון דיא טרעפּען.

דערמיט האט זיך אלעס געענדינט. פון מיין פאנטאזיע, פון מיין האפנונג אויף דעם מאן פון וויסענשאפט, האט זיך אויסגעלאָזען א זייפען־בלאָז. איך בין געווען פערלוירען. מיט דיעזען מענשען איז פערשוואונדען דער לעצטער שטראהל טרייסט.

איך האב גאנץ גוט פערשטאנען, דאס ווען איך וועל ניט ערוואכען ביז מאָרגען פאָרמיטאג, דאן וועט מען מיך בעגראָבען לעבעדינערהייט.

דיעזער געדאנק איז געווען שוידערהאפט. איך האב איינגעזעהען, אז נאָר א וואונדער קען מיך רעטען, און געה זוך היינטיגע צייטען נסים?

מיינע געפיהלע זיינען ניט צום שילדערן; זייא קען מען נאָר פיהלען, אָבער ניט אויפשרייבען. מען מוז זאָוואס זעלבסט דורכמאכען, אום צו בעגרייפען וואס דאס איז.

דאס לעצטע גערויש וואס איך האב נאך געהערט, איז געווען דאס קריטצען פון דעם שנייד־מעסער אויף׳ן גלאָז, וואו מאדאם גאבען און איהר טאָכטער האבען געארביים.

דער אבענד איז געגאנגען פאָרווערטס, און ניעמאנד האט גערעדט א וואָרט. דאן האט מיך דאס קריטצען אויף׳ן גלאָז, אָנגעצאנגען שטארק צו ערגערן. אָבער דיעזער צושטאנד האט ניט פיעל געדויערט, דען איך האב מיך צוגעוועהנט רערצו, און ניט האבענדיג איבער קיין אנדערע בעסערע זאך צו דענקען, האב איך ווידער פערפאָלגט דיא ארבייט מיט מיינע געדאנקען, און עס האט זיך מיר אין איין צייט געדאכט, אז איך זיטץ ביים טיש און זעה אלעס צו מיט דיא אויגען.

ענדליך האט דאס קריטצען אויפגעהערט.

„הער אויס, דערע,“ האט מאדאם גאבען געזאגט. „פיר היינט זאָל זיין גענוג. איך קען נאך קוים ריהרען מיט מיינע פינגער, און דוא, מיין ארמעס קינד, ווילסט שוין אויך רוהען.“

„יא, יא, מאמא,“ האט דערע געענטפערט, „מיר טהון אויך וועה דיא פינגער, און איך בין זעהר הונגריג.“

„דאס גלויב איך דיר, דען איך, עלטער וויא דוא, שפיר איך שוין אויך וויא דאס הארץ טהוט מיר וועה. מיר וועלען אלזאָ צורעכט מאכען אונזער אבענד־ברויט. מיר האבען עס שוין עהרליך בוידע פערדיענט.“

אויף א פאאר סעקונדען איז שטיל געוואָרען. דאן האט מאדאם גאבען זיך געווענדעט צו מיין פרוי מיט דיעזע ווערטער:

„ווייסט איהר וואס, מאדאם, מיר וועלען אלע עסען צוזאמען.“

„אָה נײן, גוטע פרײנדין,“ האָט מאַרגעריט געענטפערט. „בעמיהט זיך ניט אום מיר. גלויבט מיר, אז איך קען קײן ביסען ברויט ארונטער שלינגען.“

„דערפון רעד איך גאר ניט, מײן ליעבע. ווען איהר ווילט גאר ניט עסען, דאן איז עס אײער זאך, און איך וויל אײך ניט צווינגען. זאָל מיך גאָט אָבהיטען אײך צו צווינגען! אָבער ווען אײך ווערען זיך חלילה אויסלאָזען דיא כוחות און איהר ועט צוזאמען פאלען, דאן בין איך ניט שולדיג. אָבער איך זעה...“

„איך בעט אײך, איך בעט אײך, בעמיהט זיך ניט“, האָט מײן פרוי אונטער־בראָכען איהר פלוידערייא. „איך בין אײך שוין סאַ־וויא־סאַי זעהר דאַנקבאַר פאַר אײערע בעמיהונגען.“

„רעדט נאָר ניט פון קײן דאַנקבאַרקײט. אונטער שכנים מוז מען זיך אײנער דעם אנדערן העלפען. אָבער איהר דאַרפט יעטצט מיט אונז מיטגעהען אין אונזער צימער. ניט צוליעב דעם עסען, ווייל איך וועל אײך שוין דאַריעבער מעהר קײן וואָרט זאגען. אָבער עס איז גלאַט ניט גוט ווען איהר וועט דאָ אלײן פערבלײבען מיט דעם טויטען.“

„וויא? וואס ווילט איהר? איך זאָל פערלאָזען מײן ארמען אָליוויער?“ האָט מאַרגעריט געפרעגט ערשראָקען.

„איך זאג אײך אָבער, מײן ליעבע פרוי, אז עס פּאַסט ניט אלײן צו פער־בלײבען מיט א טויטען; עס פיהרט זיך ניט אזוי אין דער וועלט. וויא זאגט איהר, מאַנסיע סימאָנאָ?“ זיא האָט דיעזע ווערטער געזאגט צו סימאָנאָ'ן, ווען ער איז נאָר וואס אריין אין צימער.

„פון וואס רעדט איהר דאָ, מײן ליעבע פרוי? ווילט איהר אזוי גוט זײן און מיר מיטטהײלען אום וואס דאָ האַנדעלט זיך? איך וועל דאן קענען וויסען וואס פאר אײן אורטהײל צו געבען.“

מאַדאַם גאַבען האָט איהם ערקלערט אלעס וואס עס איז פאָרגעגאַנגען צווישען איהר און מאַרגעריט, און מאַנסיע סימאָנאָ האָט געמוזט צוגעבען, אז זיא האָט רעכט, ווענינסטענס אין דיעזער בעציהונג, אז מאַרגעריט דאַרף עפּעס עסען.

„יא, יא,“ האָט ער געזאגט. „מאַדאַם גאַבען האָט רעכט. איהר מוזט עפּעס געניעסען, גנעדיגע פרוי. דער לעבעדיגער קערפּער מוז האָבען נאַהרונג, גראַדע וויא א מאַשין, ווען מען וויל זיא זאָל אַרבײטען, מוז זיא האָבען האָלץ אָדער קוילען.“

„אָבער איך פערזיכער אייך, מיין ליעבער הערר סימאָנאָ, אז איך שפּיר ניט דעם מינדעסטען אפּעטיט. איך פיהל, אז דער קלענסטער ביסען וועט מיך ווערגען. עס איז מיר אונמעגליך עפּעס צו עסען.“

אויף דיעזער ארט האט מארגעריט דא ניט געלאָזען איבעררעדען; אָבער דא האט איהם גערופען „מיין ליעבער הערר סימאָנאָ!“

נאָט אין הימעל, וויא מיך האט דאס געפּיינינט און געשמערצט!

אַך, ווען איך וואָלט דאמאלס געקענט עפּעס טהון, וואָלט איך צום ערשטען מאָהל געוואָרפען סימאָנאָ'ן פון דעם צימער.

אָבער, נאָך אלעמען, האב איך מיר געטראכט, וואס האט מיך דאָ צו פערדריסען? בין איך דען ניט טויט? האט מיך דען ניט דער דאָקטאָר, דער מאַן דער וויסענשאפט, ערקלערט פאר טויט? און אום א טויטען, טעג מען רעדען אלעס וואס מען וויל, און איך דארף מיך גאנץ ווענינ בעקימערן ווען איך הער מיין פרוי רופען א פרעמדען, אָבער שעהנעם יונגענמאַן, „מיין ליעבער.“

דאמאלס איז מיר איינגעפאלען דיא אידעע, אז עס איז ווירקליך מעגליך, דאס איך בין טויט, אָבער נאָך'ן טויט, הערט מען ניט אויף צו בעגרייפען אלעס וואס עס געהט פאָר.

„ווען דאס איז דער פאל,“ האב איך מיך געווענדעט מיט מיינע געדאנקען צו נאָמ, „דאן ביסטו, בארמהערצינער פאטער, זעהר אונבארמהערצינ. עס איז דאָך שוין גענוג עולה פון דיר, וואס דוא געהסט און שאפסט מענשען און מאכסט דיר פון זייא א שפּיעלכעל. דוא ניבסט זייא לעבען, חשק צום לעבען, פערשטאנד, איבערלעגונג און געפיהל, צו פערשטעהען דיא פאַרציע צרות וואס דוא טהיילסט יעדען צו. אָבער, וויא עס שיינט, ביסטו נאָך דערמיט אליין ניט צופריעדען. ניין, דוא זעטצט ערשט פאָרט דיין טראַני־קאָמעדיע אויף נאָך'ן טויט און געהסט ניט אוועק דעם פערשטאנד פון דעם געשטאָרבענעם, כדי ער זאָל קענען בעגרייפען אלעס וואס עס געהט פאָר ארום איהם, און ער זאָל ערשט האבען פרישע צרות. גרויסער נאָט! דוא ביסט טאַקי גרויס, מעכטיג, שטארק, קלוג און מיט נאָך אנדערע מעלות, אָבער אין דיין בארמהערצינקייט, צווייפעל איך זעהר.“

אַך, וויא איך האב דאס דאמאלס געוואָלט ווענינסטענס אביסעל קריטצען מיט דיא צייהן; אָבער נאָך'ן טויט קריטצט זיך שוין ניט מיט קיין צייהן. איך האב מיר פאָרגעשטעלט וויא מיינע צייהן — און איך האב נאָך דאמאלס געהאט גאנץ געזונדע צייהן — וועלען באלד ארויס פאלען, ווערים וועלען קריכען דורך מיין

קערפער און מיינע ביינער װעלען פוילען. איך װעל עס אפילו נים שפירען, אָבער עס װעט מיר זיין גאנץ אתאַגנענעהם, דאס צו פערשטעהען.

מאַנסיע סימאָנאָ, האב איך בעגריפען, איז יעדעס מאל געוואָרען אלץ העפ־ליכער צו מיין פרוי, און אָנגעווענדעט אלעס מעגליכע זיא אויפצומונטערן. איך האב מיך גוט עראינערט, דאס אין דיא פאאר טעג פון מיין קראנקהייט, האב איך בע־מערקט וויא זיינע בליקען האבען אלץ געוואנדערט צום געזיכט פון מיין פרוי.

איך האב פערשטאנען, אז דאס איז נאַריש, צו זיין אייפערזיכטיג. וויא קומט עס צו א טויטען אייפערזוכט? נאַר וואס קען מען זיך העלפען, ווען עס מאַרטערט דאָך?

דיעזע געדאנקען האבען מיר געזאגט, אז איך בין נים טויט; אז עס איז אונ־מעגליך איך זאָל זיין טויט, זאָנסט וואָלט איך אזעלכע געפיהלע נים בע־זעסען.

איך האב געהערט וויא ער האט נאך אמאל געבעטען מאַרנעריט'ן, זיא זאָל עפּעס געניעסען. אלס זיא האט עס איהם ענטזאגט, האט ער געזאגט:

„אָבער, מיין ליעבע מאדאם, א גלעזעל גוטען און קרעפטיגען וויין, דאַרפט איהר נים צוריק ווייזען. דער וויין האט אין זיך דיא טבע צוריק צו געבען דיא פער־שוואונדענע קרעפטען. איך געה שוין אום אריין צו ברענגען אביסעל וויין.“

„איך, איך פערזיכער אייך...“

„ענטשולדיגט מיר, גנעדיגע פרוי, איהר דאַרפט מיר דאס נים ענטזאגען. ניין, ניין, עס איז דורכאויס נויטווענדיג איהר זאָלט געניעסען וועניגסטענס אביסעל וויין.“

ער איז אוועק און איז מיט א פאאר מינוטען שפעטער צוריק געקומען טראגענדיג א פלאַש מיט א גלעזעל, וועלכעס ער האט אָנגעפילט מיט בלוט־רויטען וויין.

ער האט דאס דערלאַנגט מאַרנעריט'ן אויף זעהר איין ענטשולדיגענדער ארט, און אויב זיא האט יא געוואָלט אָדער נים, האט זיא געמוזט טרינקען. זיא האט נאך דאן פראָבירט זאָגאר אַרויף צו ברענגען א דאנקבארען שמייכעלע אויף איהרע ליפען, אָבער דאס איז איהר שוין נים געלונגען.

נאכדעם וויא זיא האט געטרונקען נאך איין גלעזעל, האט סימאָנאָ גענומען דאס גלעזעל מיט דער פלאַש און זייא אוועק געשטעלט אויף'ן טיש.

מאדאם נאָבעט האט יעטצט ווידעראַמאָל צום צווייטען מאל איהר

ארפפאָרדערונג, אז מארגעריט זאָל פערלאָזען אוגזער צימער און אריין געהען צו איהר, וואו זיא זאָל צוברענגען דיא נאכט.

„ניין, ניין, דאס קען איך ניט," האט מארגעריט געענטפערט מיט דערזעלבער ענטשלאָסענהייט וויא פריהער. „איך בעט אייך, פלאגט מיך ניט; לאָזט מיך דאָ געבען מיין ארמען אָליווער! אך גאָט! וויא ווענינ דאס וועט נאך דויערן וואס איך וועל בלייבען נעבען איהם!"

מאָנסיע סימאָנאָ האט וואהרשיינליך איינגעזעהען, אז עס וועט זיין אומזיסט איהר נאך אמאל צו זאגען זיא זאָל פערלאָזען דאס צימער, און ער האט דאן איינ־געשטימט מיט איהר, אז זיא האט רעכט. מאדאם נאבען זעהענדיג, אז דיא קען גאר ניט פועל'ן, האט זיא פערלאָזען דאס צימער צוזאמען מיט איהר טאָכטער.

מארגעריט איז אלזאָ צוריק געבליעבען, און זיך אריין זעטצענדיג אין א לעהנ־שטוהל, האט זיא זיך האלב געליינט אויף דער זייט פון דעם שטוהל. איהר געזיכט איז געוועזען בלאס, איהרע אויגען רויט, און אויף איהרע ברעמען האבען געהאנגען דיא טרערען, וועלכע האבען געפינקעלט אין שיין פון לאָמפ, וויא בריליאנטען.

געגענאיבער איהר, נעבען טיש, האט זיך אוועק געזעטצט סימאָנאָ און ניט ארונטער גענומען דיא אויגען פון איהר געזיכט.

## 3.

דעם שרעקליכען קאמפף אין מיין זעעלע וועהרענד דער נאכט און וועהרענד דעם אנדערן מאָרגען, בין איך ניט אימשטאנדע צו בעשרייבען. איך האב מיך גע־פונען וויא אין א פינסטערן חלום, ווען נאָר איינציגע מאָמענטען קענען אונטער־שיידעט ווערען פון א גרויסער און פירכטערליכער פערווירונג.

דיא שרעקליכסטע מארטער איז געוועזען, וואס איך האב אלץ געדענקט וועגען דעם מאָמענט ווען איך וועל מוזען ערוואכען פון מיין אָהנמאכט.

יעטצט, ווען איך בין רוהיג, און קען מעהר איבערלעגען וויא דאמאלס, בע־טראכט איך מיר יענע נאכט אלס זעהר איין אינטערעסאנטע לעהרע פיר דער מענשליכער זעעלע.

איך צווייפעל ניט, אז דער לעזער האט שוין געוויס בעמערקט, דאס איך האב מארגעריט'ן זעהר שטארק געליעבט, און דיא אייפערזוכט, צו אנפאנג, האט מיך זעהר געפייניגט. עס איז מיר אינטערעסאנט דאָ צו רעדען איבער דער ליעבע אין אלגעמיין, וועלכע מען בעהויפטעט, אז זיא איז אימער פיר דער געליעבטע פערזאָן

און ניט פיר זיך זעלבסט, דאס הייסט, ווען איך האב געליעבט מארגעריטין, האב איך אן מיר בעדארפט אין גאנצען פערגעסען.

אזוי איינענטליך בעהויפטען מאנכע דענקער. טהעאָרעטיש, קען דאס שוין אמת זיין, אָבער וויא עס קומט צו דער פראקטיק, איז עס גאנץ אנדערש.

דיא פראקטיק איז דיא נאקעטע וואהרהייט, און נעגען איהר פאלען אלע פילאָזאָפישע טהעאָריען.

דער לעזער ערא‌ינערט זיך געוויס, אז איך האב איהם דערצעהלט, דאס איך האב ניט בעדארפט זעהען מיט מיינע טויטע אויגען, זאָנדערן מיין גייסט, מיין נשמה, איז געוועזען אזוי געפיהלפאָל, אז איך האב געקענט בעגרייפען יעדע קלייניגקייט וואס איז פאָרגעגאנגען אין צימער.

יעטצט הערט אויס א פאל:

איך האב מיר אלץ פאָרגעשטעלט, אז מיין ערוואכונג מוז פריהער אָדער שפעטער קומען. דען, ווירקליך, וויא איז דאס מעגליך, מען זאָל מיך, אָליווייער, נעהמען, אזוי מיר־ניט־דיר־ניט און אריין לייגען א לעבעדיגער אין דער ערד? יא, עס איז גאנץ נאטירליך, ווען מען וואָלט דאס דערצעהלט איבער איין אנדערן, וואָלט עס מיך גאר ניט געוואונדערט. איבער איין אנדערן איז אלעס מעגליך, נאָר ניט איבער מיר.

דאן, האב איך מיר געטראכט, וואס וואָלט איך געטהון, ווען מיט מיר זאָל פאסירען דערזעלבער פאל וויא מיט דעם „אנדערן?" דאס הייסט, מען זאָל מיך אויך בעגראָבען לעבעדיגערהייט?

מיך? מיך בעגראָבען לעבעדיגערהייט? צום טייפעל מיט דער גאנצער וועלט! אלעס זאָל צו גרונד געהען, אלעס זאָל פערניכטעט ווערען, אבי ניט איך— איך אָליווייער זאָל און מוז לעבען!

דאס דערמאָהנט מיך יעטצט אן דער געשיכטע פון א צערטליכע מוטער, וועלכע האט געקוילעט איהר קינד אין א הונגער־צייט, אום צו זעטען איהר הונגער. יא, דיא ליעבע צו אנדערע איז ווירקליך זעהר גרויס, גאָר, דיא ליעבע צו זיך אליין, איז נאך גרעסער. ווען דיא אידעע פון טויט האט מיך צונעדריקט אין איהר אייזערנער אומארמונג, האב איך געהאט דיא גאנצע וועלט אין דער ערד און איך אליין האב געוואָלט לעבען!

גראדע דאמאלס, בייא דעם שטראָם פון דיעזע געדאנקען, האט פאסירט עפּעס אינטערעסאנטעס. איך האב געהערט דאס לייכטע שנאָרכען פון מיין

זיא איז געזעזען מיעד און דערצו האט זיא נאך אויסגעשטרעקט צווייא גלעזלעך שמארקען ווין. עס איז צווא קיין וואונדער וואס זיא איז איינגעשלאפען זיטצענדיג אויף'ן שטוהל.

סימאנא האט זיך לאנגזאם און פארזיכטיג אויפגעהויבען און איז צו איהר אוגעגאנגען. ער האט א היבשע צייט געבליקט אין איהר שעהנעם געזיכט, דאן האט ער זיך צוגעבויגען און אבגעפרעסט א קוש אויף איהר האלב־נאקעטען ארעם.

זיא האט ניט ערוואכט.

אויב סימאנא האט געמיינט, אז זיא שלאפט זעהר געשמאק, אדער זיא מאכט זיך ניט הערענדיג, קען איך ניט זאגען, נאר, וויא דיא זאך איז, האט ער גענומען מעהר מוטה, און דאן צוגעבויגען זיין מויל צו איהר באק און גע־קושט.

זיא האט נאך אימער ניט ערוואכט.

דאס זעהענדיג, האט ער זיך צוגעבויגען צו איהר מויל און דארט ארויף גע־פרעסט זיינע ליפען.

זיא האט זיך דערבייא געריהרט פון דעם פלאטץ און ער האט זיא גענומען אין זיינע ארעם.

יעמצט האט זיא ערוואכט.

איך קען ניט גענוי בעשרייבען וואס דאמאלס האט פאסירט, אבער איך מערק מיר, אז זיא האט געעפענט דיא אויגען, און אין איהר בליק איז געלעגען א פארוואורף. ער האט זיך פערטהיידיגט מיט דיעזע ווערטער:

„ענטשולדיגט מיר, איהר זיים שיער ארונטער געפאלען און איך האב אייך דערכאפט.

זיא האט מעהר גאר ניט געזאגט.

עס איז קיין צווייפעל, אז זיא האט געוואוסט, דאס ער האט זיא געקושט, נאר זיא האט ניט פראטעסטירט.

און איך? וואס איז מיט מיר געוועזען? ניין! איך האב שוין מעהר ניט געשפירט דעם שטאך פון אייפערזוכט וויא פריהער.

„צום טייפעל!“ האב איך מיר געטראכט, „מיט מארגעריט'ן און מיט דער גאנצער וועלט! ארום מיר שוועבט דער טויט און דאס איז מיר וויכטיגער פון איהר ליעבע!“

דאס הייסט, דאס לעבען, מיין לעבען, איז מיר וויכטיגער געווען ווי אלעס אין דער וועלט. ווען איך וועל לעבען, וועל איך שוין געפינען ליעבע, אָבער ווען איך זאָל בעגראָבען ווערען לעבעדינגערהייט, קימערט מיך מעהר ניט אום מאַרגעריט'ן און אום טויזענדער וויא זיא איז.

דיא סצענע מיט דעם ארצט, איז מיר ווידער ערשינענען פאר מיינע אויגען, און איך האב איהם געפלוכט אין מיינע געדאנקען.

דאן האב איך מיך אָנגעהויבען צו פרעגען, וואס עס איז מיט גאָט'ס השגחה איוף דער וועלט. גאָט, דאכט זיך, איז משגיח אפילו אויף א ווערימיל, שוין ניט רעדענדיג פון א מענשען וויא איך.

איך, אָליוויער, בין מיר פאָרגעקומען גראדע אזוי וויכטיג און חשוב בייא דער השגחה, וויא דיא גאנצע וועלט. עס איז אונמעגליך, עס איז אונבעגרייפליך, גאָט זאָל מיך גלאט אָבלאָזען, אָהן א פאר־וואס, מען זאָל מיך בעגראָבען לעבעדינגערהייט.

דיא האָפנונג האט צוריק געקעהרט, און איך האב ערווארטעט דעם מאָמענט, ווען איך וועל בעפעהלען מיין האנד זיך אויפצוהייבען, און זיא וועט מיך פאָלגען.

בלויז א האנד, א פינגער אויפהייבען, האב איך מיר געטראכט, איז שוין גענוג. איך האב מיר פאָרגעשטעלט, ווען איך זאָל קענען בעוועגען בלויז מיט מיין מינדסטען פינגער, וואָלט איך מיך שוין אויך גערעטעט. איך וואָלט דאן געקענט בעוועגען מיט דעם פינגער, קריטצען, און צוציהען דיא אויפמערקזאמקייט פון דיעזע ארום מיר, און אזוי וועל איך פערהינדערען דאס שרעקליכע אונגליק.

איך האב מיר געטראכט, אז איך וועל געוויס פערצייהען מאַרגעריט'ן דערפאר וואס סימאָנאָ האט געקושט איהר האנד. באַק און ליפען.

איבריגענס, וואס איז זיא שולדיג? דאן איז גאר ניט אזוי געפעהרליך ווען מען כאפט א קוש פון א יונגענמאן, כל־זמן עס געהט ניט ווייטער.

אָבער אומזיסט האב איך געווארט אויף דעם מאָמענט דער ערוואכונג פון סעקונדע צו סעקונדע. דיא אָהנמעכטיגקייט איז ניט אונטערבראָכען געוואָרען, און איך בין געלעגען שטייף, טויט אָבער דאָך לעבעדיג, גראדע וויא פריהער.

מיינע געדאנקען האבען זיך געגצליך אָבגעהענדעט פון דעם וואס איז פּאָרגעגאנגען אין צימער. מאַרגעריט און סימאָנאָ האבען מיך מעהר ניט בעקימערט. איך האב בלויז געוואוסט, אז מאַרגעריט איז ווידער איינגעשלאָפען און סימאָנאָ

איז געזעסען נעבען איהר, האלטענדיג איהר האנד אין זיינער. דאן האט זיך מיר פארגעשטעלט, וויא ער האט אויפגעהויבען איהר קאפ און איהם געלייגט אויף זיין ברוסט.

אבער וואס האט מיך דאס אלעס אינטערעסירט? ער האט מיט איהר גע־מענט טהון וואס ער האט געוואלט, האט מיך מעהר ניט געקענט אינטערעסירען. דיא גאנצע וועלט האט געמענט אונטערגעהען, און נאר דער געדאנק אן מיין „איך" האט געלעבט.

דאן האב איך בעשלאסען צו ווארטען אויף דעם מאמענט פון מיין ערוואַ־כונג. מיר איז עס פארגעקומען, גלייך וויא איך וואלט געזעסען הינטער א בוים און אויפגעפאסט א געוויסער געגענשטאנד זאל פארבייגעהען, ווען איך וועל איהם מוזען זאפארט פאקען און קיין אויגענבליק פערלירען. איך האב געווארט אויף דעם מאמענט דער ערוואכונג, דאס זא שנעל וויא איך וועל איהם שפירען, זאל איך זאפארט געבען א צייכען פון לעבען, אבער דיעזער מאמענט איז ניט גע־קומען.

פון צייט צו צייט, האב איך אויך אין שמערץ אנגסט געשפירט וויא מיינע געדאנקען פערלאזען מיך. דיא מארטער איז געוועזען אונערטרעגליך, און איך האב צייטענוויז בעגריפען, אז איך שפיר שוין גאר ניט.

דאס האט מיך געפרייט. איך האב מיר געטראכט, אז דאס איז וואהר־שיינליך דער טויט, וועלכער בילדעט דיא גלייכגילטיגקייט.

אבער דאס האט ניט פיעל געדויערט, דען דיא פריהערינע געפיהלע האבען ווידער צוריק געקעהרט און מיט זייא אויך דער זעעלענשמערץ.

אין אזא צושטאנד, האט דיא מארטער ווידער געשטיעגען ביז צום העכסטען פונקט, און מיינע געפיהלע האבען זיך אנגעהויבען צו פערלירען.

איך האב געהאפט, אז דאס איז דער טויט. יא, איך האב מיך אזוי שטארק ליעב געהאט, אז איך האב געוואלט דער טויט זאל מיך בעפרייען פון מיינע שמערצען. אבער דער טויט, אדער דיא אייביגע גלייכגילטיגקייט, איז ניט גע־קומען.

דאס בעוואוסטזיין און דיא גלייכגילטיגקייט האבען זיך אין מיר געוועקסעלט. דיא אהנמעכטיגקייט איז געבליעבען דיעזעלבע.

ארום מיר, אין צימער, האט געהערשט א טויטע שטילקייט.

גאנץ פריה, האב איך ווידער דייטליך דערקענט דיא פערזאנען וואס זיינען געוועזען פריהער ארום מיר. א רוישען בייא דיא פענסטער, האט מיך ערוואכט

פון מיין בעטייבונג. עס איז געוועזן מאדאם גאבען, וועלכע האט געעפענט דאס פענסטער.

עס איז געוועזן אונגעפעהר אום 7 אוהר, דען איך האב שוין געהערט דיא געשרייען און דיא שטימען פון דיא סוחרים אויף דער גאס. איך האב גאנץ דייטליך געהערט דיא קווימשענדינע שטימע פון א אינגעל אויף דער גאס, וועלכער האט געשריען, אז ער האט צו פערקויפען פרישע בייגעל, און דיא שטימע פון איין עלטערן מאן, אנציינענדיג, אז ער האט צו פערקויפען פרישע ריבען.

אנפאנגס האט מיך עטוואס בערוהיגט דער ליארם פון דעם ערוואכענדען פאריז. עס איז מיר פארגעקומען אונמעגליך מיך צו שפירען טויט אין מיטען פון אזא גרויסער און לעבעדיגער שטאדט.

דאן איז מיר איינגעפאלען א אידעע, וועלכע האט מיך כמעט אין גאנצען בערוהיגט. איך האב אמאל געהערט פון א פאלל, וועלכער איז געוועזן גאנץ עהנליך צו מיינעם. א מאן איז געבליעבען ליעגען אין א האספיטאל גאנץ אהנמעכטיג, און אלע ערצטע האבען געצווייפעלט, אויב ער וועט ערוואכען. ער איז אזוי אבגעלעגען גאנצע 25 שטונדען, און ענדליך האט ער ערוואכט.

איך האב אויסגערעכענט, אז איך בין שוין אבגעלעגען 25 שטונדען אין אהנמאכט, און מאכענדיג דעם חשבון, האב איך בעשלאסען, אז איך קען נאך העכסטענס אזוי בלייבען, ביז 11 אוהר, דאס הייסט, ביז דיא 28־טע שטונדע וועט ערפילט ווערען.

דאס איז שוין בייא מיר געוועזן פעסט בעשלאסען, אז איך האב נאך אזוי אב־צוליעגען 3 שטונדען, און דאן קעהרט צוריק דאס לעבען. איך האב אלזא אנגע־פאנגען מיך אביסעל צו צערשטרייען אום דיא צייט זאל קענען שנעלער פאראיבער און איך זאל מעהר נים אזוי פערצווייפלען.

איך האב מיר פארגעשטעלט, אז דערע געפינט זיך אין קארידאר, דען, ווען דיא טהיר האט זיך געעפענט, האב איך געהערט איהר שטימע איינדרינגען אין צימער. סימאנא איז וואהרשיינליך דארט נים געוועזן; קיין צייכען האט זיך געצייגט פון זיין אנוועזנהייט. נאר דיא קליידער פון מאדאם גאבען האבען זיך געהערט רוישענדיג איבער דעם פוס־באדען.

ענדליך האב איך אויך געהערט שטימען.

„ליעבעס קינד,“ האט מאדאם גאבען געזאגט, „עס איז א גרויסעס אונרעכט פון אייער זייט, וואס איהר ווילט דאס נים נעהמען; עס איז ווארעם און עס וועט אייך גוט טהון.“

פֿון נאך א פּאאר ווערטער און פֿון א נערוויש ביים אויזען, האָב איך פֿער־שטאַנען, אַז זיא האט דאָרט געקאָכט קאַפֿעע.

„איך וויל אייך גאָר זאגען,“ האט דיא אלטע פרוי פאָרטגעזעטצט, „אַז עס טהוט מיר וועה מיין הארץ צוליעב אייך. אין מיינע יאָהרען, שאַדעט עס שוין נים, ווען איך זאָל זיטצען און וואכען א גאַנצע נאכט. אָבער איהר, א יונגע פֿרוי... געהסט כלעבען אביסעל קאַפֿעע, איהר וועט זיך דערקוויקען.“

און אזוי האט זיא איינגערעדט מארגעריט'ן זיא זאָל בייא איהר געהמען א שאָל קאַפֿעע.

„שמעקט ער נים אויסגעצייכענט! דער קאַפֿעע איז ווארעם און ער וועט אייך שטארקען. איהר בענעטהינט היינט אלע אייערע קרעפטען. און, ווען איהר ווים א פערשטענדיגעס פרויענצימער, דאַן זאָלט איהר מיך פֿאָלגען און יעטצט אריין געהען אין מיין צימער, וואו איהר זאָלט איבערוואַרטען.“

„ניין, איך בלייב דאָ,“ האט מארגעריט געענטפֿערט מיט א פעסטען ענטשלוס.

טראָטץ דעם אלעמען וואס איך האב בייגעוואָהנט אין דער לעטצטער נאכט, האט מיך איהר שמיטע זעהר גערירט. זיא איז געווען אין גאַנצען פֿערענדערט פֿון דעם שמערץ.

יא, מארגעריט האט מיך געליעבט, זעהר געליעבט, זאָנסט איז עס גאר אונ־מעגליך געוועזן זיא זאָל זיין אזוי געערגערט.

איך האב זיא געשפירט גאַנץ נאהענט צו מיר, און דאס איז געווען מיין לעטצטע טרייסט. איך האב געפיהלט, אַז איהרע פערוויינטע אויגען זיינען צו מיר געווענדעט.

אזוי איז פאָראיבער איין מינוט נאך דער צווייטער, ביז איך האב דערהערט אין דרויסען עפעס איין אונגעוועהנליכען גערויש. אנפאנגס האב איך מיר ניט גע־קענט ערקלערען וואס דאס בעדייטעט.

עס האט מיר אויסגעזעהען, גלייך וויא מען וואָלט עפעס א שטיק מעבעל ארויף געשלעפט אויף דיא טרעפען, און דאבייא האט מען דערמיט עטליכע מאל אנגעקלאפט אן דיא ווענט.

ענדליך האב איך אלעס בעגריפען. מארגעריט האט אויסגעבראָכען אין א נייעם געוויין. מען האט געבראכט מיין טרוגע.

„עפעס קומען זייא צו פריה,“ האט מאדאם גאבען בעמערקט. „שטעלט דאס דאָ אונטער דעם בעט.“

וויא שפעט האט עס דאמאלס געקענט זיין? איך האב געדרעכענט, אז עס איז אנגעפעהר 9 אוהר. אלזא, דיא טרוגע מיך אריין צו ליינען, איז שוין געבראכט געוואָרען. מיר האט זיך געדאכט, אז איך זעה דיא טרוגע גאנץ דייטליך, וויא דיא איז אָבגעהובעלט גאנץ גלאט פון ווייסע ברעטער.

„מיין גאט!“ האב איך מיר געטראכט, „וואס קען דערפון ווערען? ווען מען מיך ווירקליך אריין ליינען אין דיעזען קאסטען וואס איך האב געשפירט אזוי נאהענט צו מיר? ווען מען מיך ווירקליך צוועק טראגען? ווען מען מיך מאקי בעגראָבען לעבעדינערהייט?“

אונזער לעבען איז א מערקווירדיגעס געהיימניס. עס ליגט אין אונזער נאטור זיך צו מאכען בעקוועם אונטער דיא אומשטענדען. איך געדענק, דאס לעזענדיג איבער מענשען, וועלכע מען האט זייא געפיהרט צו דער הינריכטונג, זיינען זייא געווען גאנץ גלייכגילטיג; נאך מעהר, מאנכע האבען זיך נאך ערלויבט צו מאכען א שפאס. איך האב עס ניט געקענט פערשטעהען וויא דאס קען מעגליך זיין. נאך מיינער אנזיכט, האט דער מענש, וואס האט געזעהען דעם טויט פאר זיינע אויגען, בעדארפט צוזאמען שטירצען און ניט אויפהערען צו בעקלאגען זיין טרויעריגעס שיקזאל. נאָר שפירענדיג מיין איינענע לאגע, איז מיר דאס אלעס ערקלערט געוואָרען.

דיא האָפנונג וויעדער צו ערוואכען, זאָגאר בייא דעם לעצטען אויגענבליק, האט מיך ניט פערלאָזען. נאָר איך האב שוין אָנגעהויבען צו רעכענען אויף דעם ערגסטען פאל, דאס הייסט, אז איך זאָל ניט ערוואכען און מען זאָל מיך בעגראָבען לעבעדינערהייט.

„נו, מילא, פערפאלען,“ האב איך מיר געטראכט, „ווען עס קען אנדערש ניט זיין, ווען מוזען אזוי געשעהען.“

אָבער איך האב מיך אונטערדעסען געפיהלט אביסעל גליקליך.

קענט איהר זיך א בעגריף מאכען איבער דעם גליק פון אזעלכען וואס שפירט, אז מען ווען איהם באלד אריין ליינען א לעבעדיגען אין דער ערד? איך וועל דאס אייך ערקלערען:

מארגענרים'ן האב איך געליעבט, וויא איך האב נאך אין מיין לעבען קיין מענשען אזוי געליעבט. איך האב פערשטאנען, אז זאָ שנעל וויא דיא ערד ווען מיך צודעקען, נעהמט א סוף פון דיעזער ליעבע. אייפערזיכטיג זיין, האב איך בעד גריפען, איז זעהר דום פון מיין זייט. דען זאָלאנג איך וועל ליעגען אין דער ערד,

דארף עס מיך ניט קימערן וועמען מארגעריט וועט אוועק געבען איהר ליעבע. אָבער בּלזמן איך האב מיך נאך געשפּירט אונטער דיא לעבעדיגע, האב איך געפיהלט א געוויסען פריידיגען שטאָלץ וויסענדיג, אז מיין שעהנע מארגעריט האט מיך געליעבט פון איהר גאנצען הערצען, און אין נאמען פון דיעזער ליעבע, האט זיא בעשלאָסען ניט ארונטער צו נעהמען פון מיר איהרע אויגען, ביז מען וועט מיך פון דאָרט אוועק טראגען.

זיא איז אפילו געווען זעהר שוואך און פערמאטערט, אָבער דאָך האט זיא געוואָלט זיין דיעניגע וואס זאָל מיר ערציינען דעם לעטצטען ליעבעס־דיענסט אויף דער ערד. מיט דער הילפע פון מאדאם גאבען, האט זיא מיך אָנגעפאנגען איבערצוקליידען.

איך האב מיך געשפּירט פון איהר אומארמט, בייא יעדען קליידונגס־שטיק וואס זיא האט מיר אָנגעצויגען. מאנכע מאל איז זיא געבליעבען שטעהען אין מיטען פון איהר ארבייט, און האט פאר אויפרעגונג וויטער גאר ניט געקענט טהון. דאן האט זיא מיך אומארמט און זיא האט בענעטצט מיין געזיכט מיט איהרע טרערען.

אך, וויא איך וואָלט זיא אויך דאמאלס געוואָלט אומארמען, און אויסרופען: „מארגעריט! איך לעב, איך בין ניט געשטאָרבען!"

אָבער דאס איז גאר געווען א ווילען אָהן כוחות, און איך האב מיך ניט גע־קענט ריהרען. איך האב מיך געמוזט לאָזען פון איהר בעהאנדלען, גלייך וויא איך וואָלט געווען א שטיק האָלץ.

„אך, מיין ליעבעס קינד!" האט מאדאם גאבען געזאגט, „איהר דארפט דאס ניט טהון; עס איז גאנץ אונניטצליך פאר דעם טויטען."

מארגעריט, האלב דערשטיקט פון טרערען, האט געענטפערט:

„לאָזט גאר מיך; ער זאָל זיין אָנגעצויגען אין זיינע בעסטע קליידער; אזוי וויל איך ער זאָל ליגען אין דער טרונע."

איך האב פערשטאנען, אז זיא האט מיך אזוי אָנגעטהאָן, וויא אין דעם טאָג פון אונזער חתונה. איך האב נאך געהאט דיא קליידער, וועלכע איך האב בעאב־זכטיגט צו בענוטצען אויף מיינע בעזוכען אין פאריז.

איך געדענק, וויא איך האב מיר געמאכט דעם פּלאן, אז אין דיעזע קליידער וועל איך ערשיינען אויף מיין אמט. און דאן אויך בייא א געלעגענהייט אין א יום־טוב. מארגעריט האט דיעזע קליידער ארויס גענומען פון אונזער קופערט און זייא מיר מיטגעגעבען אין קבר.

עס האט געדויערט א היבשע צייט, איידער זיא האט געקענט פערטיג ווערען מיט דיעזער טרויערינגער ארבייט. איך האב פערשטאנען, אז זיא האט זעהר אָפט געמוזט אונטערברעכען דיא ארבייט, אום זיך אויסצוּוויינען.

פיר איהר, איז עס געוועזען פיעללייכט דער גרעסטער שמערץ וואס זיא האט נאך ביז דאמאלס געהאט אויסצושטעהען אין לעבען, וועהרענד פיר מיר איז דאס געוועזען א פרייד, אָדער דיא לעטצטע גרעסטע פרייד אין לעבען, וואס זיא האט מיך בעריהרט און געהאַלטען מיט איהרע קליינע און צארטע פינגער.

זיא האט אויסגעזעהען צו זיין פערווירט און האט פיעלע זאכען ניט געקענט ברענגען אין אָרדנונג, אָבער זיא האט אַלעס געוואָלט טהון אליין.

„אום גאָטעס ווילען,“ האט מאדאם גאבען צו איהר געזאגט, „לאָזט מיך דאָך איך זאָל אייך העלפען. עס איז אונמעגליך איהר אליין זאָלט קענען פערטיג ווערען.“

„ניין, ניין,“ האט מארגעריט געענטפערט וויינענדיג, „לאָזט מיך נאָר, איך וועל שוין אַלעס ברענגען אין ארדנונג. ניעמאַנד זאָל יעטצט בעריהרען מיין ארמען אַליוויער, אויסער זיין אונגליקליכע און פערלאָזענע מארגעריט.“

אך, אויך דיעזע גוטע, זיסע און שעהנע ווערטער פון איהר ליעבע צו מיר, זיינען ניט אימשטאנדע געוועזען מיין קערפער צו זעטצען אין בעוועגונג.

דאמאס איז מיר צום ערשטען מאל איינגעפאַלען דיא אידעע, אז אַלעס איז פערפאַלען, און עס גיבט מעהר קיין האָפנונג איך זאָל ערוואכען. דיא אידעע דערפון איז געוועזען, ווייל איך האב איינגעזעהען, אז דער שרעקליכסטער זעעלענשמערץ און ניט דיא העכסטע ליעבעס פרייד, זיינען אימשטאנדע געוועזען אויף מיר צו ווירקען.

„יא, יא,“ האב איך מיר געטראכט, „עס איז פערלאָרען, פערפאַלען — איך מוז בעגראָבען ווערען לעבעדיגערהייט!“

ענדליך איז מארגעריט פערטיג געוואָרען מיט מיין אָנקליידונג. איך האב גע־שפירט וויא זיא האט מיך צערטליך צוריק געלייגט אין בעט; מיך נאך אמאל געקושט, און דאן, וויינענדיג, איז זיא צוריק געפאַלען אין א לעהנשטוהל, שטארק פערמאַטערט פון דער אנשטרענגונג.

פלוצלינג האב איך געהערט סימאָנאָ׳ס שטימע. עס שיינט, אז ער איז נאָר וואס דאמאלס אריין געקומען.

„זייא זיינען שוין דאָ אונטען,“ האב איך איהם געהערט זאגען גאנץ שטיל.

„נוט, זייא קומען פרצוע צו דער רימטינער צייט,“ האט מאדאם נאבען נער ענטפערט אויף אזוי שטיל. דאס איז געווען וואהרשיינליך, דאמיט מארגעריט זאל ניט הערען וואס עס געהט פאר.

„מיר זיינען נאר וואס פערטיג געווארען מיט דער אנקליידונג,“ האט מאדאם נאבען פארטגעזעטצט. „זאגט דארט דיא לייטע, אז זייא זאלען ארויף קומען, דען וואס שנעלער דיא טרויעריגע געשיכטע ווערט זיין פאראיבער, אלץ בעסער איז פאר אונז אלע.“

„איך האב נאר מורא פאר דער פערצווייפלונג פון דער ארמער מארגעריט,“ האט סימאנא געזאגט. „זיא ווערט אונז, גלויב איך, זעהר פיעל שטערען בייא דעם לעטצטען מאמענט.“

מאדאם נאבען האט איבערגעזעהען נאכצודענקען דאריבער.

„הערט מיך אויס, מאנסיע סימאנא,“ האט זיא דאן צו איהם געזאגט. „מיין מיינונג איז, אז מארגעריט דארף דא ניט זיין. איהר האט רעכט, זיא ווערט אונז זעהר פיעל שטערען בייא דעם לעטצטען מאמענט, זיא קען דא ניט בלייבען. דיא בעסטע זאך איז אלזא, איהר זאלט זיא אריין פיהרען אין מיין צימער. אזוי שנעל ווייא זיא ווערט דא ניט זיין, ווערט אלעס שנעל פערטיג ווערען.“

„וואס רעדט איהר, מאדאם,“ האט סימאנא אנגעווענדעט, „גלויבט איהר, אז דיא ארמע פרוי ווערט וועלען פערלאזען דאס צימער און מיט מיר געהען?“

„זיא מוז!“ האט מאדאם נאבען געענטפערט ענטשלאסען. „און ווען זיא וויל ניט געהען מיט'ן גוטען ווילען, דאן נעהמט זיא ארויס פון דאנען מיט געוואלט. עס מוז דאך נעהמען א סוף, און איהר מוזט עס טהון איידער דיא לייטע קומען ארויף.“

דיעזע ווערטער האבען מיך ווידער בעאונרוהיגט.

איך האב דאן געהערט א קליינעם קאמפף, וועלכער איז ענטשטאנדען צווישען סימאנא און מיין פרוי. סימאנא איז צו איהר צוגעגאנגען און זיא געבעטען, זיא זאל פערלאזען דאס צימער.

„איך בעט אייך,“ האט ער געזאגט, „קומט מיט מיר אריין אין צווייטען צימער. איהר מוזט בעקעמפפען דיעזען שמערץ.“

„ניין, ניין,“ האט מארגעריט געענטפערט, „איך וויל בלייבען, איך מוז דא בלייבען ביז צום לעטצטען אויגענבליק. ווען מען נעהמט איהם אוועק, דאן בלייב איך עלענד וויא א שטיין — איך קען ניט, ניין, איך קען איהם ניט פערלאזען —“

מאראם גאבען, וועלכע איז געזעסען נעבען מיין בעט, האט אונטערזוכט, איינגעראמט סימאנא'ן אין אויער פאלגענדע ווערטער:

„וואס שטעהט איהר? נעהמט זיא אן בייא דער טאליע און טראגט זיא ארויס!"

ווען סימאנא ווירקליך וואלט צו נעהמען מארגעריט'ן בייא דער טאליע און זיא ארויס טראגען? האב איך מיך געפרעגט.

דאס פריהעריגע געפיהל פון ביטערער אייפערזוכט און פערדראס, האט צוריק געקעהרט

איך האב דאן געהערט מארגעריט'ן אויסשרייען.

אין דעם ווילדעסטען צארן האב איך מיך געוואלט א ווארף טהון אויף סימאנא'ן און איהם צודריקען מיט מיינע פינגער דיין האלז. אבער איך האב שוין א סך מאל געוואלט, און פון מיין ווילען איז גאר ניט געווארען, איך בין געליעבען ליעגען וויא א שטיק לעהם.

דער שטרייט האט געדויערט עטליכע מינוטען, איך האב געהערט וויא עס זיינען אומגעפאלען א פאאר ביינקלעך. מארגעריט האט זיך געבעטען:

„האט מיטלייד, מענש! האט מיטלייד מיט מיר; לאזט מיך אב, איך וויל ניט געהען!"

איך האב מיר פארגעשטעלט וויא ער האט זיא געהאלטען אומארמט בייא איהר טאליע, און אזוי וויא זיא האט דאמאלס ניט געטראגען קיין קארסעט, האב איך לייכט געקענט בעגרייפען וויא זיינע הענד זיינען געלעגען אויף איהר היבשען און ווייכען בוזים. ער האט זיא דאן וואהרשיינליך אויפגעהויבען גאנץ צערטליך מיט זיינע מעכטיגע הענד, און, נעגען איהר ווילען, האט ער זיא ארויס געטראגען.

איך האב געהערט איהר וויינענדע שטימע אלץ שטילער ווערען, ביז אלעס איז ווידער רוהיג געווארען.

פיר מיר איז דאס געווען א שרידערהאפטער מאמענט. מיר האט זיך גע־דאכט, אז ענטוועדער מיין געהירן אדער מיין הערץ מוז דאמאלס אונבעדינגט פלאצען. אבער קיין זאך האט געפלאצט און איך האב אויך ניט ער־וואכט.

„דער שופט! דער ניעמאנד!" האב איך מיר געטראכט, „האט פון מיר אוועק גענומען מיין לעטצטע טרייסט!"

דאס געפיהל פון הערען, האט זיך דאמאלס בייא מיר אזוי פערפיינערט, אז איך האב דורך דיעזען איסטרומענט, נעגליבט זאנצר אלעס צו זעהען.

איך האב מיר פארגעשטעלט, וויא ער, סימאָנאָ, דער גרויסער און קרעפטינער מאַן, האט אויפגעהויבען מיין פרוי און זיא צוגעדריקט צו זיין קערפער. זיא, מאַר־נערים, פערמאַטערט פון וויינען, האט דאַן אָנגעלעהנט דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט, און אָהנע מעהר צו קעמפפען, האט זיא זיך געלאָזען טראָגען וואוהין ער האט געוואָלט.

„ווער ווייס?“ האב איך מיר געפרעגט. „פיעללייכט איז זיא אָהנמעכטיג געוואָרען? עס איז אויך קיין וואונדער ווען דאס זאָל זיין דער פאַל, ווייל זיא איז זעהר שוואך. און וואס וועט ער דאַן טהון? קיין צווייפעל, ער האט זיא אריין געבראַכט אין מאדאם נאַבען׳ס צימער, דאָרט איז יעטצט קיינער ניטאָ, און ער האט זיא אַוועק געלייגט אויף דעם בעט. דאַן האט ער זיך צוגעבויגען און גע־קושט איהרע ליפּען, איהר האַלז און איהר ווייסע ברוסט. ווער קען איהם דען שטערען?“

דיעזע אידעע האט מיך ווידער פערווירט, און עס האט געדויערט א קורצע צייט, ביז איך האב ווידער געהערט מאדאם נאבען׳ס שטימע:

„ענדליך, ענדליך, זיא איז שוין נישטאָ. יעטצט מוז מען עס שנעל מאַכען, זאָלאנג דיא לופט איז נאך ריין.“

זיא האט וואהרשיינליך געמיינט דערמיט צו זאגען, אַז זאָלאנג מיין פרוי איז נישטאָ, וועט מען מיך קענען שנעל ארויס טראנספּאָרטירען.

איך האב געהערט וויא זיא איז שנעל צוגעגאנגען צו דער טהיר און זיא גע־עפענט.

עס האט נית פיעל געדויערט, און איך האב געהערט גראדע פרעמדע שטימען ארום מיר.

„נאָר שנעל, מיינע הערען, נאָר שנעל,“ האט מאדאם נאבען געזאגט. „דיא ארמע פרוי קען יעדען אויגענבליק אריין קומען און דאַן וועלען מיר האבען א טרערענדסצענע מיט ווילדע געשרייען. מען האט זיא קוים ארויס געשלעפּט.

זיא האט געהאלטען אין איין רעדען מיט דיא מענער, וועלכע האבען אויך עפּעס געמורמעלט אונגעדולדיג.

„זעהט איהר,“ האט זיא ווייטער געזאגט, „איך בין גאר ניט פערוואנדט מיט דער פאמיליע. איך בין בלויז א שכנ׳טע מיך קימערט גאר ניט דיא גאנצע געשיכטע. און דענקט גאר ניט, אז עס איז געוועזען אזוי לייכט; איך בין נית גע־שלאָפען דיא גאנצע לעטצטע וואך. און יעטצט בייא נאכט, איז עס זעהר קאלט. יאָ, איך בין איטער דום, נאריש, ווייל איך בין אַ צו גוטע.“

דיא מענער האבען זיך וואהרשיינליך אבגעווענדעט און מעהר ניט געוואָלט הערען איהר פלוידערייא.

איך האב געהערט וויא מען האט אוועק געשטעלט דיא כרונע אין מיטען צימער, און איך האב מיר פאָרגעשטעלט וואס עס מוז דאַן געשעהען.

„ווען איך זאָל יעטצט ניט ערוואכען," האב איך מיר געטראכט, „דאַן איז אלעס פערלוירען!"

מיינע געדאנקען האבען געשטירמט און געוויטהעט; עס האט זיך מיר גע־דרעהט אין מיין קאָפּ דיא שווידרעהאפטעסטע אידעען, און אנשטאט מעהר קרעפטען צו פיהלען, האב איך נאר געשפירט נאך א גרעסערע שוואכקייט אין מיינע גליעדער.

אלעס איז מיר נמאס געוואָרען, און עס האט זיך מיר געדאכט, אז דיא בעסטע זאך איז, אויף קיין זאך מעהר צו האָפען.

„דער סטאָלאר האט ניט געקארגט קיין האָלץ," האב איך געהערט א דיקע הייזעריגע שטימע בעמערקען. „ער האט געמאכט דיא טרונע צו לאנג."

„עס איז גאנץ גוט אזוי," האט איין אנדערער געענטפערט גאנץ מונטער, „דאָ וועט זיך דער טויטער קענען ליעגען גאנץ בעקוועם עס שיינט, אז ער איז ניט געווען קיין עושר כל־זמן ער האט געלעבט, און עס איז א נחת צו וויסען, אז ווע־נינסטענס נאך'ן טויט קען מען זיך אויסרוהען."

מען האט מיך דאַן אויפגעהויבען און אריין געלייגט אין דער טרונע.

„ער איז גאר ניט שווער," האט איינער געזאגט.

„ער האט וואהרשיינליך ניט גאָר איינמאל געהונגערט," האט דער צווייטער בעמערקט.

„און דערפאר וועט אונז לייכט זיין איהם ארונטער צו טראגען פון אזוי פיעלע טרעפ," האט דער דריטער זיך אריין געמישט.

איך האב דאַן געהערט מאדאם גיבאָן'ס שטימע אויסרופען:

„ווארט נאָר, דוא שלאג פון גאָט, איבעראל שטעקסטו אריין דיא נאָז! איך וועל דיר שוין ווייזען וויא מען קוקט אריין דורך שפאַלטען אהין וואו מען טאָר ניט."

עס שיינט, אז דעדע האט דאַן געעפענט דיא טהיר און אריין געשטעקט דעם קאָפּ. זיא האט דורכאויס געוואָלט זעהען וואס דיא מענער טהון מיט מיר.

איך האב אויך געהערט צווייא פעטש אויסקלינגען. דאַן האב איך געהערט

א קינדער־נעזיך, און דיא מוטער איז ווידער אריין נעקומען און צימער פלוידער רענדיג מיט דיא מענער איבער איהר טאָכטער.

„זיא איז ערשט 10 יאָהר אַלט. זיא איז זאָנסט א גוטעס קינד, אָבער זיא וויל אַלעס וויסען. איך שלאָג זיא ניט זעהר אָפט, אָבער דאָך מוז ויא אמאל עפּעס אויסבאַפּען, כדי זיא זאָל וויסען, אז מען מוז פאָלגען א מוטער.“

„אָך גאָט,“ האט איינער פון דיא מענער געזאגט, „אזוי זיינען אַלע קינדער; זייא זיינען מערקווירדיג נייגיעריג צו זעהען א טויטען.“

איך בין מיר געלעגען אין דער טרונע גאנץ בעקוועם, און ווען מיין לינקע האנד וואָלט ניט געווען אביסעל צופיעל צוגעדריקט צו א זייט פון דער טרונע, וואָלט איך געקענט מיינען, אז איך ליעג נאָך אין בעט.

„ווארט נאָך אויס אביסעל,“ האט מאדאם גאבען פלוצלינג אויסגעשריען. „איך האב גאר פערגעסען; איך האב פערשפּראָכען זיין פרוי איהם צו געבען א קישען אונטער דעם קאָפּ.“

אָבער דיא לייטע האבען ניט געוואָלט ווארטען און זיך זעהר געאיילט. מאדאם גאבען האט זיך אָבער ניט געוואָלט זעהען געשטערט אין איהר פּלאן און זייא געצוואונגען מיר אונטערצוגלייגען דאס קישען. איינער פון דיא מענער, זייענדיג אויפגערעגט איבער דיעזער שטערונג, האט דאן, מיט א גראָבער בענעהמונג געגעבען א וואָרף מיט מיין קאָפּ און אריין געדריקט דאס קישען.

א צווייטער מאן האט געזוכט זיין האמער, און איהם ניט געפינענדיג אזוי ניך, האט ער געפלוכט זעהר מיאוס.

דאס איז אפילו, האב איך מיר געטראכט, זעהר אונהעפליך אין דער געגענווארט פון א טויטען, אָבער מען מוז דיעזע לייטע ענטשולדיגען, ווייל זייא זיינען איטער זעהר ערביטערט.

ענדליך האט זיך דיעזער מאן דערמאָהנט, אז ער האט געלאָזען דעם האמער אונטען און איז שנעל ארונטער געלאָפען איהם ארויף ברענגען.

דערווייל האבען דיא אנדערע אָנגעפאנגען ארויף צו לייגען און צו פּאסען דיא רעק פון דער טרונע.

איך האב דערבייא געשפּירט א פראָסטיגע קעלט דורך מיין גאנצען קערפּער. עס האט ניט פיעל געדויערט און דער מאן וואס האט ארויף געבראכט דעם האמער, האט אָנגעפאנגען אריין צו הַאפּען דיא נעגעל.

„פערטיג! פערטיג!“ האב איך מיר געטראכט.

מיר איז געוואָרען וועהר שלעכט צו מוטה, און איך האב געפלוכט דיא גאנצע וועלט.

מען האט דאן שנעל אריין געקלאפט אלע נעגעל ארום, און יעדער האמער־שלאג, האט מיר אויסגעזעהען וויא דער ווידער־קול פון קבר.

„אדיע וועלט!“ האב איך מיר געטראכט, „זייא מיר פערפלוכט מיט אלע דיינע מענשען און מיט דיין גאנצער וויסענשאפט. איהר טויגט אלע אויף איין כפרת. אט געהמט מען א לעבעדיגען מענשען און מען לייגט איהם אריין אין דער ערד, אָהן דער מינדעסטער אורזאכע.“

ווען איך וואָלט געקענט, וואָלט איך דאמאלס ביטער געשמייכעלט אויף מיין נארישען פלוך.

„ווען פלוך איך?“ האב איך מיך געפרעגט, „און וואס ניטצט דער גאנצער פלוך. א גרויסער אידישער קעניג האט אמאל געזאגט, אז עס איז בעסער א לעבעדיגער הונד אלס א טויטער לייב. איך בין נים מעהר וויא א טויטער דארפס־שרייבערל, און דיא לעבעדיגע הינט — דיא מענשען — קימערן זיך שוין אום מיר וויא אום דעם פאריאָהריגען שנעע.“

פערמאכט, פערקלאפט און פערזיגעלט! אזוי בין איך יעטצט געלעגען. דיא שטימען ארום מיר האבען געקלונגען שוואך און דומפף, און איך האב זייא נאך קוים געהערט.

ווען מען האט מיך אויפגעהויבען מיט דער טרוגע, האב איך נים געוואוסט, אָבער דאס לעטצטע וואָרט וואס איך האב נאך געהערט פון דיעזען צימער, איז געוועזן, ווען מאדאם גאבען האט געשפראכען מיט איהר קווימשענדיגען קול:

„זיים נאָר פאָרזיכטיג; לאנגזאם וויא איהר געהט ארונטער דיא טרעפען. גיבט אכטונג אויף דער פארענטשע בייא דיא טרעפען פון דעם צווייטען שטאָק, דאָרט איז אלעס זעהר שוואך, איהר קענט נאך פאלען מיט דער טרוגע.“

דאן האב איך אָנגעהויבען צו שפירען, אז מען טראָגט מיך, און מיר האט זיך דאמאלס געדאכט, גלייך וויא איך וואָלט געשוואומען אויף דיא ווייטהענדע כוואליעס פון דעם שטירמישען ים.

אָבער פון דיעזען מאָמענט אָן, האב איך מיך שוין נים געקענט אזוי פעסט האלטען אן מיינע געדאנקען וויא פריהער. איך עראינער מיך בלויז, אז עס איז מיר געקומען דיא נארישע אידעע, איך זאָל אויפפאסען, ווען מעגליך, וואוהין מען טראגט מיך, דאָס איך זאָל וועניגסטענס וויסען וואו מען בעגראָבט מיך.

צו וועלכען צוועק איך האב דאס געוואָלט וויסען, קען איך אליין ניט ער־קלערען.

אין פאריז איז מיר קיין שמראַסע געוועזן בעקאַנט. איך האב אויך ניט גע־וואוסט, וואו דיא גרויסע בית־עלמין'ס געפינען זיך, פון וועלכע איך האב אמאל געהערט נאך זייענדיג אין מיין שטעטעל. אָבער טראָמץ דעם אלעמען, האב איך געזאַמעלט אלע מיינע גייסטיגע קרעפטע אום אויפצופאַסען, אויב מען טראָגט מיך רעכטס אָדער לינקס.

איך האב געהערט ווען מען האט מיך מיט דער טרונע אריין געדוקט אין טויטען־וואָגען. דאַן האב איך געשפירט וויא דיא פערד מיט דיא רעדער זיינען גע־לאָפען איבער דעם גלאטען אספאַלט.

ארום־און־ארום האבען דיא וועגען געמאכט פלאַטץ, און דער דומפּפער גע־רויש פון דיא מענשען אויף דער גאַס, האבען געגרייכט ביז אין מיין טרונע. דאַן האב איך פערשטאַנען, אז מיר זיינען געבליעבען שטעהען פאר א קירכע, דען איך האב געקענט דאמאלס הערען וויא דיא גלאָקען האבען געקלונגען.

אין דערזעלבער צייט האב איך ווידער געשפירט וויא מען שלעפּט מיך ארויס מיט דער טרונע.

מען האט מיך וואהרשיינליך נאך אמאל געטראגען, דען דאס פריהערינע געפיהל פון שווימען, איז ווידער ערשיענען. דאַן איז אלעס שטיל געוואָרען ארום מיר, און איך האב געקענט הערען וויא דער ווינט האט בעוואויגען דיא בלעטער פון בוימער.

איך האב פערשטאַנען, אז מען האט מיך אריין געבראַכט אין הויף פון דעם בית עלמין, וואו דער שטילער טויט שטרעקט אויס זיינע קאַלטע ארעם און נעהמט אויף יעדען גייך.

איך האב געהערט שריטע הינטער מיר און ארום מיר. דאַן האב איך דער־קענט סימאָנאָ'ס שטימע.

„דאָך, דאָך,“ האב איך מיר געטראכט, „א שטיקעל אנשטענדיגער מענש. ער האט עס געפונען פאר נעטהיג מיך צו בעגלייטען צו מיין לעצטער רוה.“

אָבער נאכהער איז אין מיר ערשיענען דיא אידעע, אז ער טהוט עס ניט צוליעב מיר.

„צוליעב מיר?“ האב איך מיך געפרעגט. „געוויס ניט! וואס קימערט איהם א'ן אונבעקאנטער טויטער? ניין, ער טהוט עס צוליעב איהר, צוליעב מאַרגעריט'ן,

ווייל זיא האט זיך אום מיר זעהר געערגערט. יעטצט וועט ער זעהען וויא מען לייגט מיך אריין אין דער ערד, און ער וועט דאן צוריק קעהרען אין האָטעל, דאָרט וואו מיין מארגערים געפינט זיך, און זיא וועט איהם שוין בעלוינען דאפיר מיט איהר שעהנהייט, מיט איהר קערפער.״

אלעס איז מיר שוין געוועזען גלייכגילטיג, אָבוואָהל עס איז מיר שווער געווען צו גלויבען אויף מארגעריט׳ן, וועלכע האט געצייגט אזוי פיעל ווירקליכען טרויער נאך מיר.

דאן האב איך געהערט זינגען, און צום שלוס האט א גייסטליכער געמורמעלט א לאטיינישען שפרוך.

אלעס איז וויעדער שטיל געוואָרען, ביז איך האב דערפיהלט, אז מען פאנגט אָן ארונטער צו לאָזען דיא טרונע מיט מיר. דער שלוס איז געווען א קורצער פאל פון מיר מיט דער טרונע אין קבר.

אלעס פאָראיבער!

דאן האט עס אָנגעהויבען שרעקליך צו קראכען ארום מיר; איבער מיין קאָפּ, ברוסט, בויך און פיס. איך האב אויך געשפירט, וויא שטיקלעך שטיין און ערד, זיינען געפלוינגען דורך דיא שפאלטען אין דער טרונע.

דאן בין איך געבליעבען ליעגען אָהנמעכטיג.

איידער איך האב פערלוירען דיא בעזינונג, האב איך געשפירט א טומלען, און איך האב גערעכענט, אז דער טויט קומט.

אין דער גאנצער צייט וואס איך האב געלעבט, האב איך ניט געשפירט אזא פערגניגען וויא אין יענעם מאָמענט. דער טויט! דער טויט! אך, וויא איך האב נאך איהם דאמאלס געבייגקט!

## 4.

וויא לאַנג איך בין אזוי געלעגען, אָהנמעכטיג, דאס איז מיר אונמעגליך צו בעשטימען. עס האט פיעללייכט געדויערט 10 שטונדען אָדער 30 שטונדען; איך ווייס ניט.

עס איז דיא צייט ווען מען רוהט אין גרויסען גאָר־ניט, אין ניט־זיין, אין ניט־עקזיסטירען, און איין אייבינקייט קען מען רעכענען פאר א סעקונדע, אָדער א סעקונדע פאר איין אייבינקייט. וואס איז דער אונטערשיעד? איך בין שוין געווען טויט, און וויא לאנג מיין אונבעוואוסטזיין האט געדויערט, קען ניט בעקימערן קיין פרעמדע און איך ניט מיך.

לאנגזאם, לאנגזאם, האט דאָן מיין בעזיטונג אָנגעפאנגען צוריק צו קעהרען.
איך בין נאך אימער געלעגען אזוי געלעהמט און שטייף וויא פריהער, אָבער איך
האב אָנגעהויבען צו חלום'ן.

עס איז געווען א מערקווירדיגער חלום.

מיר האט זיך געדאכט, אז איך בין נאך אין מיין שטעטעל געראנד, און מיין
פרוי ווארט אויף מיר אין דער היים. דאָן, ווא דער שטיינער איז אין א חלום,
האט זיך מיר פאָרגעשטעלט, אז איך בין זעהר ווייט פון מיין פרוי, נאָר ווייל איך
וויל זעהר זיא זעהען אזוי שנעל וויא מעגליך, האב איך מיך אויפגעזעטצט אויף דער
באהן און בין אהיים געפאָהרען.

וויא דער צוג איז אריין אין דעם טונעל פאר מיין שטעטעל, האט זיך
פלוצלינג דערהערט א קראך, וואס האט אויסגעזעהען גלייך וויא דער הימעל וואָלט
צרויף געפאלען אויף דער ערד.

דיא אורזאכע פון דעם פירכטערליכען קראך, האט זיך מיר באלד ערקלערט
אין חלום: דער טונעל האט צוזאמענגעשטירצט, און בעגראָבען אַלעס אונטער זיך.
אונזער צוג איז צוזאמענגעדריקט געוואָרען פון א גרויסען בארג שטיינער.

דאָן האט אָנגעפאנגען א לאנגער און שרעקליכער טויטעס־קאמפף. קיין
האָפנונג אויף הילפע, האט מען ניט געקענט זעהען. מיר האבען אויסגערעכענט, אז
עס דארף דויערן וועניגסטענס א מאָנאט, אום דיא מענשען אויבען, זאָלען דורכ־
ברעכען דעם טונעל, און גרייכען ביז צו אונז.

מיר האבען פערשטאַנען, אז מיר זיינען געפאנגען אין אזא געפענגניס, פון
וואנען מיר קענען זיך ניט בעפרייען, און דער טויט מוז פריהער אָדער שפעטער
אונז עמפפאנגען.

איך געדענק יעטצט, אז נאך ווייענדיגע אונטער דיא לעבעדיגע, האט זיך מיין
פאנטאזיע זעהר אָפט בעשעפטיגט מיט אזא מין בילד; איך פלעג עס מיר דאַ־
מאלס פאָרשטעלען, אז אונגעפעהר זאָוואס דארף פאסירען, ווען דער טונעל זאָל
צוזאמען שטירצען.

יעטצט, אין מיין פינסטערן חלום פון דעם קבר, האב איך פאר מיר געזעהען
אָדער געשפירט, מענער, פרויען, קינדער און אלטע לייט, איבער הונדערט פער־
זאָנען, און אלע האבען מיר געמוזט טהיילען איין שיקזאל.

אין צוג איז געווען אפילו אביסעל שפייז, אָבער דאס האט זיך באלד אויס־
געלאָזען, און איידער מיר האבען געגרייכט דיא שטופע, ווען איינער זאָל אויפפרעסען

דעם צוויטען, האבען מיר זיך פארלויפיג אנגעפאנגען צו רייסען וויא פערדהתגערטע הינט, איבער דיא לעטצטע פאאר ביסענס ברויט וואס זיינען נאך צוריק גע־בליעבען.

איך האב פאר מיר געזעהען איין אלטען מאן מיט א גרויסער בארד, וועלכען מען האט מערדעריש צוועק געשליידערט אויף א זייט און כארכלענדיג פון זיין האלז, איז ער געפאלען צו דער ערד אין א שטערבענדען צושטאנד; א מוטער, וועלכע האט געקעמפפט מיט דעם מוטה פון א לייבין צו פערטהיידיגען א פאאר שטיקלעך ברויט פאר איהרע דרייא קליינע קינדער, איז אומגעפאלען צערטרעטען פון דער ווילדער מאסע.

אין איין וואגאן איז געלעגען א יונגער מאן מיט זיין יונגער פרוי, נים לאנג פערהייראטעט. ביידע האבען זיך געהאלטען פעסט אומארמט, און זייא האבען זיך שוין מעהר נים געריהרט פון דער שטעלע. זייא האבען ערווארטעט אזוי צו שטארבען און זיך מעהר נים שיידען.

דיא אנדערע וואגאנען זיינען געוועזען לעדיג; דיא פאסאזשירען זיינען ארויס, און וויא הונגעריגע וועלף, זיינען זייא ארום געגאנגען זוכען עפעס צו רויבען.

אלע קלאסען האבען זיך אויסגעמישט. וואהרע גלייכהייט האט געהערשט. איך האב געזעהען א רייכען מאן, זעהר א הויכער בעאמטער, אומארמענדיג א פראסטען ארבייטער, וויינענדיג אויף זיין האלז, און איהם רופענדיג „מיין ברודער.“ דאס האט מיך אביסעל דערפרייט, און איך האב מיך געטראכט, אז דער טויט זעלבסט האט אויף זיין גוטע זייט, דען אויף דער שוועל פון קבר ווענינסטענס, קען הערשען וואהרע ברידערליכקייט. דאס אינטערעסאנטסטע איז אבער געוועזען, וואס נאר דיא רייכע, וואהלהאבענדע און גוט־אנגעפרעסענע, האבען זיך אזוי שטארק גע־שראקען פאר דעם הונגער־טויט. דיא פאאר פראסטע ארבייטער, זיינען געוועזען, פערהעלטניסמעסיג, גאנץ רוהיג. איך האב מיר דאמאלס געטראכט, אז דאס איז דערפאר, ווייל דער ארימאן געוועהנט זיך צו צום טויט כל־זמן ער לעבט, דורך דיא צרות וואס ער מוז ליידען, וועהרענד דער רייכער און וואהלהאבענדער, ווייס נאר פון לעבען און פערגניגען, און דער טויט איז ביא איהם א נייע און אונגעוועהנליך שרעקליכע זאך.

וויא דאס אונגליק איז נאר געשעהען, זיינען אלע לאמפען אויסגעלאשען גע־ווארען און דאס פייער פון דעם לאקאמאטיוו איז אויסגעגאנגען. מען האט ערשט שפעטער אנגעצונדען א פאאר ליכט, און דיא שוואכע שטראאלען האבען געווארפען פון זיך א גייסטערהאפטען שיין איבער דער שרעקליכער תורבה. אויף מאנכע

פלעטצער איז עס אבער געווען אזוי פינסטער, אז מען האט נעמוזט טאפען דעם וועג אום מען זאל ניט פאלען.

קיין זאך האט געקענט אויסזעהען שרעקליכער וויא דיעזער צוג אונטער דער ערד, וויא אזוי פיעלע מענשען זיינען בעגראבען געווארען לעבעדיגערהייט, און גע־קוקט דעם טויט אין געזיכט, איהם ערווארטענדיג יעדען אויגענבליק.

דער שוידערהאפטער חלום, איז געווען א מערקווירדיגע דייטליכע פאנטאזיע. איך האב איינגעזעהן אלע איינצעלהייטען פון דעם ביכד. שרעקליכע געשרייען האבען דורכגעשניטען דיא דיקע פינסטערניש.

פלוצלינג האבען מיר דערשפירט א שוידערהאפטע קעלט און ראן א גרויסען מאנגעל אין לופט, ביז צום ערשטיקען.

וויט איך לעב איז מיר נאך ניט אזוי קאלט געווען, און עס האט זיך מיר גע־דאכט, אז א מאנטעל פון אייז ליעגט אויף מיינע שולטערן. אין מיין געהירן האט עס געוויטהעט און געפיעבערט, און מיין הערץ האט אויסגעזעהען צו בלייבען שטיל. דאן האב איך געפיהלט אזא מאסע צודריקענדיג מיין ברוסט, אז עס האט מיר אויסגעזעהען, גלייך וויא א גאנצער בארג האט זיך אויף מיר אנגעליינט. דיא לאסט איז יעדעס מאל געווארען שווערער און דריקענדער, און איך האב פאר מיר געזעהן א טויט פון צערשמעטערט ווערען און דערשטיקען.

אויף איינמאל האט אבער אויסגעקלונגען א פריידענגעשרייא.

זייט א היבשער צייט האבען מיר געהערט עפעס א גערויש פון זעהר וויט, און מיר האבען דערפון בעגריפט, אז מען ארבייט פיר אונזער בעפרייאונג, און הילפע איז נאהענט.

אבער דער פריידענגעשרייא, האט זיך ארויס געוויעזען, איז ניט געקומען פון דרויסען, זאנדערן איינער פון אונז, האט אין טונעל ענטדעקט א קליינע שאכטע אדער עפנונג, און מיר האבען אלע אנגעהויבען אהין צו לויפען.

דיא נאכריכט האט זיך דערווייל פערברייטעט, אז עס גיבט דארט איין אויס־וועג צור פרייהייט.

ניעמאנד קען זיך פארשטעלען דיא פרייד וואס מיר האבען געהאט ווען מיר זיינען אהין צוגעקומען, און ערבליקט איבער אונזערע קעפ א בלויען פלעק.

א בלויער פלעק! דער בלויער הימעל!

מיר האבען זיך געשטעלט אויף דיא שפיטץ פינגער, אום, וויא עס שיינט, מיר זאלען קענען געהנטער און בעסער קוקען צום הימעל.

יא, דער הימעל! דאס איז געווען דער הימעל, וועלכען מיר האבען געזעהען דורך א גאנץ שמאלער עפנונג אין דעם שווארצען טונעל.

„גערעטעט! גערעטעט!" האט יעדער אויסגעשריען אין אונבעשרייבליכער פרייד. דאן האבען מיר אויסגעשטרעקט דיא הענד צום בלויען הימעל, און מיר האבען א געפאנגען פירכטערליך צו שרייען.

דורך דעם גרויסען געשרייא, האב איך ערוואכט.

„וואו בין איך?" איז געווען מיין ערשטע פראגע.

„אין טונעל," האב איך מיר זעלבסט געענטפערט, לויט דעם טיעפען איינדרוק וואס דער חלום האט אויף מיר געמאכט.

איך האב אונטערדעסען געשפירט, אז איך ליעג אויסגעשטרעקט, און פון אלע זייטען רינגלען מיך ארום ווענט, גאנץ ענג איבער מיר. איך האב פראבירט אויפצושטעהען, אבער איך האב מיר געגעבען א שטארקען קלאפ אין קאפ.

„וואס זאל דאס זיין?" האב איך מיך געפרעגט. „וואו איז דער בלויער הימעל־פלעק?"

אלעס איז געווען פערשוואונדען, בלויז טיעפע פינסטערניש האט בעגעגענט מיינע אויגען. איך האב שטארק געליטען פון מאנגעל אין לופט, און עס האט מיר געקלאפט א צאהן אן א צאהן פון קעלט.

אבער עס האט ניט פיעל געדויערט, און דיא קלארהייט איבער מיין צושטאנד האט צוריק געקעהרט. איך האב מיך עראינערט אן אלעס וואס עס איז געשעהען.

מיינע האאר האבען זיך בוכשטעבליך געשטעלט קאפויר, ווען דיא וואהרהייט פון מיין לאגע, האט דורכגענומען מיין קערפער, וויא א בליטץ, פון קאפ ביז דיא פיס.

איך בין געלעגען אין קבר! בעגראבען לעבעדיגערהייט! און איך האב ערוואכט פון דעם היהנער־פלעט!

„דער היהנער־פלעט! דיא לעהמונג!" האב איך מיר געטראכט, וועלכע האבען מיך אזוי פיעלע שטונדען געמאכט פאר ווירקליך טויט!"

איך האב ערוואכט; עס איז מעהר קיין צווייפעל געווען דאריעבער, ווייל איך האב געשפירט, אז איך קען מיך בעוועגען. יא, איך האב געפיהלט מיט מיינע הענד דיא טרונע אין וועלכע איך בין געלעגען. איך האב אויך געקענט בעוועגען מיט מיינע הענד און טאפען ארום מיר דיא האלצערנע ווענט פון דער טרונע.

אום מיך בעסער צו איבערציינען, אז איך האב ווירקליך ערוואכט, האב איך געעפענט מיינע ליפען און אויסגעשפראכען דעם נאמען „מארגעריט“.

מיין שטימע האט געקלונגען דומפף און פערשטיקט. איך האב מיר דער־שראקען פאר מיר זעלבסט.

אָה גאָט, דאס איז אַלזאָ דיא וואהרהייט!

יא, איך לעב, ווייל איך קען מיך בעוועגען, רעדען און ריהרען.

אָבער ניעמאנד הערט מיך, ניעמאנד פערנעהמט מיין שטימע. איך בין בע־גראָבען, א בארג ערד ליעגט אויף מיר!

איך האב געמאכט א לעטצטע פערצווייפעלטע אנשטרענגונג צו בלייבען רוהיג און נאכדענקען איבער מיין צושטאנד.

„גיבט עס אירגענד א מיטעל לרוז צו ווערען פון דאנען?“ האב איך מיך געפרעגט.

איך האב מיך ערא‌ינערט אן דעם חלום, און מיינע געדאנקען האבען זיך פערמישט. באלד האט זיך מיר געדאכט, אז איך בין אין מונעל, אָבער דיא ווירק־ליכקייט איז שנעל ערשיענען, און מיר דערצעהלט, אז איך בין לעבעדיג בע־גראָבען.

איך האב געהאלטען דיא אויגען אָפען און געבליקט אין דער פינסטערניש, פיעלייכט וועל איך עפּעס דערזעהען. אָבער מעהר וויא טיעפע דונקעלהייט האב איך ניט געמערקט. קיין ליכט, קיין שטראהל, און קיין שיין.

דיא וואהרהייט פון מיין צושטאנד, האט זיך אלץ מעהר און מעהר אויפגע־קלערט. איך האב איינגעזעהן, אז איך מוז אנשטרענגען אלע מיינע גייסטיגע און קערפערליכע קרעפטען, ווען איך וויל מיך רעטען.

דיא גרעסטע געפאהר האב איך געמערקט, איז אין דעם לופט־מאנגעל, וועלכע האט מיך געהאלטען אין שטיקען.

זאָלאנג איך בין געלעגען אין היהנער־פלעט, האב איך, וויא עס שיינט, גע־קענט עקזיסטירען אָהן לופט, אָבער יעטצט, וויא מיין הארץ האט ווידער אמאל אנגעפאנגען צו קלאפען און מיינע לונגען צו אטהמען, מוז איך פּאָזיטיוו דערשטיקט ווערען, ווען איך וועל קיין לופט ניט האבען.

דערבייא האב איך פירכטערליך געליטען פון דער קעלט, וועלכע האט אויסגעזעהען צו לעהמען מיין קערפער, אָדער, וויא מענשען שפירען איידער זייא ווערען פערפרוירען. איך האב עס אמאל געהערט דערצעהלען, אז מענשען, איידער

זייא האבען געזוכט אין שנעע און פערפרוירען געווארען, האבען זייא געפיהלט א מידקייט און איין אונגעהייערע פולקייט אין גאנצען קערפער. מיט מיר איז אויך געוועזען דאסזעלבע.

וועהרענד איך האב מיר אלץ איינגערעדט צו בלייבען רוהיג און געדולדיג נאכדענקען איבער דעם נעכסטען שריט, האב איך אויך געמוזט איינזעהען, אז איך בין נאהענט צו פערלירען מיין פערשטאנד.

איך בין געוועזען וואך, איך האב מיך געקענט ריהרען און בעוועגען, און דאך בין איך געוועזען טויט און בעגראבען.

דאס געפיהל פון לעבען, פון עקזיסטירען, פון געניעסען גליק מיט דער וואס איך האב געליעבט, און דיא פערצווייפעלטע לאגע, האט מיך שרעקליך געמארטערט.

„מארגעריט !“ האב איך ווידער געמורמעלט, און איך האב מיך נאך אמאל דערשראקען פאר מיין איינענער שטימע.

אבער דער געדאנק אן מארגעריט, אן מיין געליעבטע פרוי, אז עס איז מעגליך איך זאל זיא נאך אמאל האבען און ווידער בעזיטצען, האט מיר געגעבען אביסעל מעהר מוטה אום צו זוכען א מיטעל מיך צו בעפרייען.

דאמאלס איז מיר איינגעפאלען א אידעע, וועלכער איך האב צו פערדאנקען מיין רעטונג, זאגסט, בין איך זיכער, אז איך וואלט מיין קאמפף אויפגעגעבען אין דער גרעסטער פערצווייפלונג. איך האב געוואוסט גאנץ גוט, אז אזא ארימאן וויא איך בין, האט מען ניט בעערדיגט אין א רענע מעסינען קבר.

פערשטעהט איהר, ארימע לייט, איז עס ניט ערלויבט פאר בעקוועמליכקייט אפילו נאך'ן טויט, ווען איך וואלט געוועזען איין עושר, וואלט מען פאר מיר אויסגע־גראבען א גרויסען און טיעפען קבר, מיך אריין געלייגט וויא עס בעדארף צו זיין און פערשאטען. אבער אזוי וויא עס איז מיין געלד ניט געוועזען און מען האט זיך געמוזט פערלאזען אויף סימאנא'ס יושר, האב איך פאזיטיוו געוואוסט, אז מען האט מיך געווים אויף אזוי בעגראבען, וויא מען טהוט מיט פיעלע אנדערע ארימע לייט.

איך מוז דא ערקלערען וואס איך מיין : איך געדענק, דאס נאך זייענדיג אין מיין שטעטעל, האט מען דערצעהלט, אז אויף א בית־עלמין פיר קבצנים אין פאריז, געפינען זיך קברים־רייהען, דאס הייסט, א גרוב וואוהין מען לאזט נאר ארונטער דיא טרונעס און מען פערשיט דיא מיט אביסעל ערד, כדי צו פערשפארען פיעלע ארבייט. איך האב מיך אויף ערינערט, אז מען האט מיר דערצעהלט, דאס דער

צופוסענס פון אזעלכע קברים, קוממ וויא געוועהנליך אויס כמעט גאנץ אונבעדעקט, וויל דער קבר ווערט געגראָבען פון פריהער אין דער זייט פון א בערגעל.

„אךְ,“ האב איך מיר געטראכט, „ווען דאס זאָל זיין דער פאַל, דאן איז מיין רעטונג נאָהענט!“

יא, מיין הארץ האט מיר געזאגט, אז אזוי איז עס, אָבער דיא וויכטיגע פראגע איז יעטצט ענטשטאנדען:

„וויא אזוי ווערט מען לויז פון דער טרונע? וויא קען מען אויסברעכען דעם דעק פון דיעזען קאסטען?“

דיא אידעע, אויב איך וועל האבען נענוג קראפט דאפיר, איז מיר נאר נים איינגעפאלען.

בייא מיר איז עס פאָרגעקומען זעלבסטפערשטענדליך, אז אין מיין פערצווייפ־לונג, וועל איך געוויס בעזיטצען דיא גרעסטע ריעזען־קראפט.

איך האב ווידער אָנגעפאנגען צו טאפען ארום מיר אין דער טרונע, אום בעסער בעקאנט צו ווערען מיט מיין לאגע. דיא טרונע איז געווען זעהר גרויס, זאָ דאס איך האב געקענט גאנץ לייכט בעוועגען מיט מיינע הענד.

אין דעם דעק אליין, האב איך קיין שפאלט ענטדעקט, לינקס און רעכטס זיינען דיא ברעטער פון אינוועניג, געווען אפילו זעהר שלעכט בעהאקט אָדער בעהובעלט, אָבער דאך זעהר שטארק און פעסט.

איך האב צוזאמען געלייגט מיינע הענד אויף מיין ברוסט, כדי איך זאָל זייא נאכדעם קענען ארויף ברענגען איבער מיין קאפּ. איך האב דאָרט ענטדעקט א ברעט, וואס האט זיך נאכגעגעבען צום דריק פון מיינע הענד. איך האב געארביים מיט דער גרעסטער אנשטרענגונג, און עס איז מיר געלונגען ארויס צו שטופען א שטיק ברעט.

ענדליך האב איך אויך געגרייכט מיט דער האנד אין דער לויזער ערד, און מאפענדיג ווייטער, האב איך ענטדעקט, אז דער פלאטץ איז נים פרייא.

איך בין נאך אמאל געווען פערצווייפעלט, און איך האב פראָבירט אויפצר־ברעכען דיא דעק. מיט דער גאנצע קראפט פון מיינע הענד האב איך אָנגעפאנגען צו שטופען און דרענגען דיא ברעטער. איך האב געשפירט וויא גרויסע טראָפענס שווייס קומען ארויס אויף מיין געזיכט. אָבער איך האב אונטערדעסען פאָרווערטס געארביים.

דריקענדיג און שטופענדיג ווייטער, האב איך איינגעזעהען, אז מיין מיה איז

אומזיסט, דאס איך קען דיא דעק ניט ריהרען פון פלאַמץ; זיא איז געווען צו פעסט צונעגנענעלט.

דאַן האב איך געשפירט א נאַסקייט אויף מיינע הענד, און איך האב געטראַכט, אז דאס איז שווייס. אום זיך בעסער צו איבערציינען וואס דיעזע נאַסקייט איז, האב איך צוגעפיהרט דיא האַנד צו מיין מויל און לעקענדיג, האב איך אויסגעפונען, אז עס איז געזאַלצען און קלעפעדיג.

„בלוט!" האט איך געמורמעלט צו מיר אליין.

מיין ערביטערונג האט געוואקסען און מיין צאָרן האט געשטיעגען. איך האב אָנגעפאַנגען צו שרייען, יאמערן און קלאָגען, און קלאַפּען מיט דיא הענד אין דיא הארטע ברעטער.

דיעזער אויסברוך האט געדויערט בלויז א פּאאר מינוטען, און איך בין דאַן געבליעבען ליעגען ענטקרעפטעט און מאַכטלאָז; איך האב מיך מעהר ניט געקענט ריהרען פון דעם פלאַטץ.

איך האב אויסגעבראָכען אין א שטילעס געוויין, און, וויא יעדער פייגלינג, האב איך בעדויערט און געפלוכט מיין שיקזאַל.

עס האט ניט פיעל געדויערט און איך האב מיך אָנגעהויבען צו שעהמען פאר זיך זעלבסט. איך האב באַלד אויפגעהערט צו וויינען און שרייען, און בעשלאָסען רוהיג צו קעמפּפען פאָרווערטס, ביז איך וועל ענטוועדער זיעגען אָדער פאַלען.

„דאס איז דיא פליכט פון יעדען מענשען," האב איך מיר געטראַכט, „צו קעמפּפען מיט זיין שיקזאַל אזוי לאַנג, ביז דיא ענטשיידונג קומט אהין אָדער אהער. נאָר א שוועכלינג וויינט, נאָר א דומקאָפּ קלאַגט און טהוט גאר ניט. א מענש מיט פערשטאַנד זאָל קעמפּפען געגען דעם ביטערסטען שיקזאַל אזוי לאַנג, ביז ער געפינט ענטוועדער ערלייכטערונג אין זיין צושטאַנד, אָדער ער ברעכט צוזאַמען אונטער דער לאַסט פון זיין ביטערן מזל."

דאַכט זיך זעהר א גוטער ענטשלוס, אָבער ער האט ניט פיעל געדויערט, און איך האב באַלד געהאנדעלט געגען מיין טהעאָריע. שטופענדיג און דרענגענדיג עטליכע מינוטען דורכאַנאַנד אָהנע ערפאָלג, בין איך וויעדער ערבימערט געוואָרען, און איך האב אָנגעפאַנגען צו קראַטצען מיט דיא נעגעל, און דאַן אויך געביסען מיינע הענד מיט דיא ציינער.

איך האב בייא מיר אויסגעזעהן וויא א געפאַנגענער וואָלף.

אונטערדעסען איז דיא געפרעסטע לופט געוואָרען אלץ מעהר און מעהר אונערטרעגליך, און איך האב געזעהן, אז מיין וואהרע ענדע איז ניט ווייט.

דער הונגער, דיא קעלט און דיא פערצווייפלונג האבען מיך גענצליך ענט־קרעפטעט, און איך בין געבליעבען ליעגען טראכמיענדיג:

„וואס טויג מיר קעמפפען אהנע נוטצען? איך וועל בעסער בלייבען אזוי רוהיג ליעגען און ערווארטען מיין טויט.“

עס איז וויעדער געוועזען געפלוידערט. א מענש וואס וויל לעבען און ער פיהלט נאך אין זיך עפעס לעבען, קען נים בלייבען רוהיג אום צו ערווארטען דעם טויט.

נאכדעם וויא איך בין אבגעלעגען א דרייא אדער פיער מינוטען האלב אהנ־מעכטיג, האב איך מיך דערמאהנט, אז נאך איין זיים פון מיין טרונע איז געבליעבען אונפראבירט. דאס איז דער טהייל בייא מיינע פיס.

„ווירקליך,“ האב איך מיר געטראכט, „מען מוז נאך זעהען דא פראבירען. פיעללייכט איז ווירקליך דער פלאטץ דארט לעדיג און איך בין נאהענט צו מיין בע־פרייאונג?“

דאס האט אין מיר ארויס גערופען נייעם מוטה און פרישע קרעפטען. איך האב אויסגעשטרעקט מיינע פיס, מיט דער אבזיכט צו גרייכען דעם ניעדריגען טהייל, אבער דיא טרונע איז געוועזען צו לאנג, און איך האב נים געפיהלט דיא ברעטער מיט מיינע פיס.

איך האב מיך אנגעפאנגען ארונטער צו רוקען, ביז איך האב גערייכט דיא ברעטער. איך האב דאן איינגעזעהען, אז אויף דיעזער ארט, ווענ מיר אויך זיין לייכטער ארויס צו שטופען דיא ברעטער, וויייל ערשטענס האב איך מעהר קראפט אין דיא פיס וויא אין דיא הענד, און צווייטענס האב איך אויף וואס זיך אנצור שפארען.

איך האב געשטופט און געדריקט מיט אלע מיינע קרעפטען, ביז איך האב אנגעפאנגען צו שפירען, אז דיא ברעטער פאנגען זיך אן נאכצוגעבען. נאך איין נוטע אנשטרענגונג, נאך איין נוטען דריק, און, דער דעקעל איז געוועזען ארויס נע־דריקט.

דערצו האב איך אויך געשפירט, אז דאס שטיק ברעט, איז ארוים ועהר לייכט, אדער לייכטער וויא איך האב מיר פארגעשטעלט.

אום קיין צייט צו פערלירען, האב איך באלד מיך ארונטער גערוקט מעהר. מיט מיינע פיס האב איך געשפירט לויזע ערד. איך האב ווייטער געדרונגען. ביז איך האב פלוצלינג דערפיהלט א שטראם פרישע לופט אריין בלאזענדיג. דאן האב איך געפיהלט מיינע פיס זיך בעוועגענדיג אין דער פרייהייט.

„גערעטעט! גערעטעט!" האב איך אויסגעשריען.

עס האט נים פיעל געדויערט און איך בין מים דיא פיס פאָראויס, ארויס געקראָכען פון דער טרונע און געבליעבען ליעגען אויף דער עיד.

ארום מיר איז געווען אלעס דונקעל, אָבער אויפהויבענדיג מיינע אויגען, האב איך בעמערקט דעם מיעף־בלויען און אויסגעשטערנטען הימעל.

דיא פרייהיים! דיא פרייע לופט! דאס לעבען! דיא וועלט!

איך האב געעפענט מיין מויל און איינגעצויגען אזוי פיעל פרישע לופט, וויא נאָר מעגליך. א ווילדע פרייד האט דורכגעשוועבט איבער אלע מיינע גליעדער, און איך האב געשפירט, אונווילענדיג, א געפיהל פון לאכען, בייא וועלכען דיא טרערען זיינען מיר געקומען אין דיא אויגען.

מיט דיא אויגען ארויף צום בלויען הימעל, בין איך געלעגען א היבשע צייט און נים געוואוסט גענוי וואס עס מהוט זיך מיט מיר. דאן האב איך געבליקט ארום מיר, און דערזעהענדיג אייניגע ווייסע מארמאָר־מצבות, האב איך מיך דער מאָהנט, אז איך געפין מיך אויף דעם בית־עלמין.

דיא פערגאַנגענהייט האט וויא א שאטען דורכגעשוועבט דורך מיין פאנטאזיע, און אין מיינע אויערן האבען גערוישט דיא בוימער, געפּאטשט פון א לייכטען ווינד.

איך האב מיך אָנגעפאנגען אויפצוהעטצען און דאן מיך אויפגעהויבען. בייס שוואכען שיין פון דיא שטערען, האב איך בעמערקט, אז איך טראָג מיין שווארצען תתונה־אנצוג, און איך האב געזעהען וויא ער איז פערשמירט און אויף א פאאר פלעטצער צעריסען.

דאס האט מיך זעהר געערגערט. איך האב אָבגעטרייסעלט דעם שמויב פון מיר, און פראָבירט זיך גוט אויסצוקוקען פון אלע זייטען, אום צו בעמערקען עפעס א ווענ וויא אזוי ארויס צו קומען.

אין דערזעלבער צייט האב איך געשפירט וויא דער שרעקליכער הונגער איז פעעשוואונדען, און איך זאמעל מיט יעדער מינוט מעהר קרעפטען, דאמיט וואס איך אטהעם איין דיא פרישע לופט.

„אָבער וואוהין געהט מען?" האב איך מיך געפרעגט.

„צו מארגעריט'ן!" האב איך מיר זעלבסט געענטפערט, און א געפיהל פון גליק האט מיך בעהעררשט. עס האט אָבער נים פיעל געדויערט, און דיזעס גליקליכע געפיהל איז פערשוואונדען, ווען איך האב מיך דערמאָהנט, וואס עס איז פאָרגעקומען צווישען מארגעריט'ן און סימאָנא.

דיא אייפערזוכט האט מיר פערקלעמט מיין הארץ.

אהנע צו וויסען וואהין, האב איך אנגעפאנגען לאנגזאם צו געהן פארווערטס. איך בין געווען אין א מין טהאל, וועלכער איז געווען בעוואקסען מיט בוימער פוןביידע זייטען. איך בין אלזא געגאנגען אין דיעזער ריכטונג, ביז איך בין צוגעקומען אויף איין פלאטץ, וואו איך האב בעמערקט א באנק שטעהענדיג הינטער א בוים.

איך האב מיך דערנעהנטערט און געזעטצט, מיט דער אבזיכט נאכ־צודענקען.

איך בין אזוי געזעסען היבשע עטליכע מינוטען, און עס איז מיר אייגעפאלען דיא אידעע אויסצורעכנען וויא לאנג איך האב געקענט אזוי ליעגען אין היהגער־פלעט. אבער עס איז מיר אונמעגליך געווען צו בעשטימען.

פלוצלינג האב איך אויפגעציטערט. דיא אורזאכע דערפון איז געווען, וואס איך האב געהערט וויא טריט און מענשליכע שטימען.

וויא נאריש און דום מיר זיינען! פאר וועמען האב איך געקענט מורא האבען? פאר טויטע אדער פאר לעבעדיגע? דיא טויטע, האב איך געוואוסט, אז זייא קענען שוין נים ארויס קריכען פון זייערע קברים, נאכדעם וויא עס האט מיך, א לעבעדיגער, געקאסט אזוי פיעל מיה אום מיין ציעל צו עררייכען. און פאר לעבעדיגע, ווארום האב איך בעדארפט מורא האבען? אז זייא וועלען מיך בעגנב'ענען אדער בער־טובען? איך האב דאך קיין סו געהאט אין מיינע טאשען!

אבער, וויא דיא זאך איז, זיינען מיר מענשען ענטוועדער אזוי געבוירען אדער אזוי געוואהנט, זיך צו שרעקען מייסטענטהיילס פאר נאר נים.

עס האט אבער נים פיעל געדויערט, און איך האב מיך בערוהיגט. דיא שטימען זיינען געקומען אלץ נעהנטער און נעהנטער, און אנשטאט דער שרעק, האט זיך אין מיר ערוועקט א נייגיערינקייט צו ערפאהרען ווער דיא לייטע קענען זיין, וואס בעזוכען אזוי שפעט בייא נאכט א בית־עלמין.

זיך מערקענדיג, אז זייא קומען אין מיין ריכטונג, האב איך מיך לאנגזאם אויפגעהויבען פון דער באנק און צוגעגאנגען ביז נעבען א צווייטען בוים, וואו איך האב מיך אוועק געזעטצט אויף'ן גראז.

אין עטליכע סעקונדען ארום. האב איך אונטערשיידעט אין דער דונקעלהייט א מאן מיט א פרוי, וועלכע האבען זיך געזעטצט אויף דערזעלבער באנק וואו איך בין געזעסען. דאן זיינען פאראיבער נאך אייניגע סעקונדען, און אנשטאט ווערטער, האב איך געהערט א קושערייא.

ענדליך האט זיך נעהערט א פרויען־שטימע:

„עס איז איין אויסגעצייכענטער פּלאַץ."

„געוויס," האט ער געענטפערט.

„אהער סען אונז שוין דער דומקאָפּ, מיין מאַן, ניט פערפאָלגען."

„ער וואָלט געשטאָרבען פאר שרעק, חא, חא, חא!" האט ער געזאגט לאַכענדיג.

„עס איז א הערליכע נאַכט," האט זיא ווייטער געזאגט, „אַלעס איז אַזוי שעהן און קיהל, ווירקליך בעסער וויא אין האָטעל."

„און מען פערשפּארט אויך צו צוציהען דיא אויפמערקזאַמקייט פון דער נייניערינגער מאַסע. דאס גרינע גראָז איז גראָדע אַזא ווייכעס בעט פיר א פער־ליעבטעס פּאאר, וויא דיא פּוך־קישען."

דאַן איז ווידער שטיל געוואָרען.

„אַזוי בלייבט עס," האט נאָך אמאל אָנגעפאַנגען דיא פרויענשטימע. „יעדען אבענד, אום 11 אוהר, וועלען מיר זיך בעגעגענען ביים איינגאַנג אין קירכענהויף, און דאַן זאָל יעדער פון אונז פערשווינדען צווישען דיא בוימער, און זיך נאכהער בעגעגענען נעבען גרויסען שטיין."

„יא, מיין טהייערע," האט ער געענטפער. „אָבער, געליעבטע, וואס קען זיין דער תכלית?"

„וואס זאָל זיין? דאס שיקזאַל איז געגען אונז זעהר גרויזאַם: דוא האסט א פרוי און איך האב א מאַן; מיר קענען זיך ביידע ניט שיידען פון זייא, און מיר מוזען אַזוי פאַרטזעטצען אונזער אונגליקליכע ליעבע, ביז דאס שיקזאַל וועט עפענען פאר אונז א וועג און אונז צייגען אונזער גליק."

דאַן האט דיא פרוי געוויינט און דער מאַן האט זיא געטרייסט.

דאס געשפּרעך האט זיך פערוואַנדעלט אין א שטומער אומאַרמונג, א ברענענדע קושערייא און... זייא זיינען ביידע אַרונטער פון דער באַנק און זיך געלייגט אויף'ן גראָז.

איך האב געלאַכט צו מיר אליין פון דיעזער סצענע, און זיך פאַרגעשטעלט דאס לעבען און דעם טויט. וויא זייא געהען דאָ אַרעם־אין־אַרעם געשלאָסען.

פון איין זייט זיינען געלעגען פערשוואונדענע מענשען און געשלאָפען אין שויס פון דער ערד, וואו נויט, מאַנגעל, זאָרג, פרייד, פערגניגענגען און ליעבע, עקזיסטירען ניט מעהר. דיעזע מענשען זיינען געוועזען אומאַרמט פון דעם קאַלטען טויט, וועלכער פער־וואַנדעלט אַלעס אין נאָר־ניט, אין ניט־זיין. פון דער אַנדערער זייט ווידער, האט

זיך אָבגעשפּיגעלט דאס לעבען, דאס ווירקליכע לעבען מיט אלע זיינע ליידענ־שאַפטען.

דאס לעבען! וואס איז דאס לעבען? אָט דאס, האב איך מיר געטראכט, איז דאס לעבען: יענע צוויא מענשען, דער מאַן און דיא פרוי, וועלכע געניעסען געשטאָהלענע ליעבע, וועלכע פערגעסען אין דיזען מאָמענט דיא גאנצע וועלט און לעבען נאָר פיר זיך אליין — יענע מענשען לעבען! דאס איז לעבען!

„לעבען!“ האב איך געמורמעלט צו מיר אליין, „וואס איז ווירקליך לעבען? בעשטעהט דאס נאָר אין עסען, טרינקען און געניעסען דיא געשלעכטליכע ליעבע? אָדער האט עס נאָך איין אנדערע בעדייטונג אין זיך?“

זיטצענדיג אונטער דעם בוים, אויף׳ן ווייכען גראָז, און בליקענדיג אין דער דונקעלהייט צו דעם מאַן מיט דער פרוי, וויא זייא געניעסען זייער פערגניגענען, האב איך מיך שטארק פערטראכט איבער דער פראגע פון לעבען.

איך האב מיך אליין געפרעגט, ווארום מיר טהוט באנג נאָך דעם לעבען, אָדער ווארום, זיך געפינענדיג בעגראָבען לעבעדיגערהייט, האב איך אזוי שטארק געוואָלט לעבען.

„מילא, דאס לעבען איז פערשיעדען אתמער דיא מענשען, גראדע וויא דיא מענשען זעלבסט זיינען פערשיעדען,“ האב איך מיך געטראכט. „אָבער יעטצט איז ניט דיא פראגע איבער אנדערע, זאָנדערן איבער מיר אליין. עס איז א כהאטזאכע, אז איך וויל ניט זיין טויט און איך ווינש צו לעבען. איך ווינש צו פיהרען, ווען ניט קיין בעסערעס, ווענינגסטענס אזא לעבען וויא איך האב ביז יעטצט געפיהרט. נוט אלא: וואס פאר א לעבען האב איך דען ביז יעטצט געפיהרט? וואס האט ענטהאלטען מיין לעבען, נאך וועלכען איך בין אזוי נייגיעריג דאס פאָרטצוזעטצען?“

מיין פערגאנגענהייט איז מיר וויעדער ערשיענען פאר מיינע אויגען, און איך האב אָנגעהויבען צו זוכען דאס פערגניגען וואס איך האב גענאָסען. אָבער איך האב ניט ענטדעקט קיין פיעל פערגניגען. און דאגעגען, האב איך אויסגעפונען א גרויסען ים צרות. מיין פערגניגען, אייגענטליך, איז געווען דאס איינציגע, פון נאך מיין הייראטה מיט מארגעריט׳ן, ווען איך האב זיא געליעבט, וויא איך האב שוין א פאאר מאל דערמאָהנט, ניט פון איהרעטוועגען, זאָנדערן פון מיינעטוועגען. דיעזעס פערגניגען — אום מיך זעלבסט ניט צו נארען — איז בעשטאנען אין דעם, וואס איך האב זיא אוטארמט, צוגעדריקט צו מיין ברוסט און גענאָסען דיא פרוכט פון ליעבע.

און ווייטער וואס נאך ? גאר נים, איך געווען דער ענטפער.

איך האב מיך ערא־ינערט אן דעם שלום פון דיעזער ליעבע. יא, מארטערים האט מיך אויך ליעב געהאט, נאָר ווענדערנד איך בין נאך געלעגען פאר איהרע אויגען — טויט, וויא זיא האט געערכעגט — האט זיא זיך שוין, פיעל אָדער וועניג, איבערגעגעבען צו א פרעמדען מאַן.

„דאס בעווייזט אלזאָ,“ האב איך מיר געטראכט, „אז מארטערים האט מיך געליעבט, גראדע וויא איך האב זיא געליעבט. ויא האט מיך געליעבט אום איהר פערגניעגען, און זאָ שנעל וויא איך האב שוין מעהר נים געקענט פערשאפען פון איהרעטוועגען פערגניעגען, האט זיא שוין געגעבען איין אנדערען דיא געלעגנהייט איהר צו פערשאפען דאסזעלבע פערגניעגען.

„פע ! איין אבשייליכע וועלט !“ האב איך צו מיר געמורמעלט.

אָבער אבשייליך אהין, אבשייליך אהער ; דאס איז דאס לעבען, און נאך דיעזען לעבען ביינק איך און וועל עס ווייטער געניעסען מיט אלע זיינע קומפעריין, שמוטץ, אבשייליכקייט און זאָגענאנטעם פערגניעגען, וואס שלעפט מיט א גאנצען שטראָם מיט ביטערע צרות.

ווארום דאס איז אזוי ? ווארום עס ווילט זיך דאָך לעבען ? האב איך פערשטאנען, אז אזוי וויא דיא גרעסטע פילאָזאָפען האבען עס נים געקענט פערענטפערן, וועל איך געוויס אויך נים קענען, און איך האב מיך צופריעדען געשטעלט מיט מיין אונוויסענהיים.

אלזאָ, נאָר לעבען ? קיין אונטערשיעד וויא עס איז, און וויא אזוי מען געניעסט עס.

דיעזע אידעע האט מיך געמאכט גאנץ גלייכגילטיג און מיך אויף אזוי פיעל בערוהיגט, דאס זאָגאר א טהייל פון מיין אלטען וויטץ און הומאָר האבען צוריק געקעהרט, און איך האב מיך ערא־ינערט, דאס מיט אייניגע יאָהר צוריק, האב איך, אויף אין א גאָרטען, ביינעוואָהנט איין עהגליכע געשיכטע, בייא נאכט, צווישען א מאַן און א פרוי, אָהנע זייא זאָלען מיך זעהען, און דאמאלס האב איך געגעבען א הוסט, און זייא האבען זיך שטארק דערשראָקען.

דיא מענשליכע נאַטור איז א מערקווירדיגע, און טראָטץ וואס איך האב ביז דאמאלס דורכגעמאכט, האב איך גויערער געוואָלט געבען א הוסט, נאָר מיין טרויעריגע לאגע איז מיר געווען צו שטערצהאפט, און דער חשק צו אנגע מיאוסין חיסץ, איז פון מיר פערשוואונדען.

איך האב נעהערט וויא זייא האבען ווידער אמאל אָנגעפאנגען צו רעדען, און איך, מיך אויפהויבענדיג לאנגזאם, האב איך אָנגעפאנגען אוועק צו געהען מיט איין אנדערן וועג, אָהנע זייא צו שטערען.

דער בית־עלמין איז געוועזען זעהר גרויס, און עס האט מיר גענומען איבער א האלבע שטונדע, ביז איך האב נעגרייכט דעם פארקען וואס האט ארויס געפיהרט אויף דער גאס.

דאָרט איז געשטאנען א באנק, און זייענדיג זעהר שוואך, האב איך מיך געמוזט זעטצען.

זיטצענדיג הינטער דעם שאטען פון א בוים, האב איך מיך אָנגעשפארט אויף דער פארענטשע פון דער באנק, און מיך אויסגערוהט.

אזוי וויא איך האב אָנגעפאנגען צו דענקען איבער מיין צוקונפט, האב איך בעמערקט פון וויטען אָנקומענדיג צווייא מענער, וועלכע האבען זיך אומגעקוקט איינינע מאל און נעזוכט א פּלאטץ וויא צו פערשווינדען פון דעם עלעקטרישען ליכט וואס האט דאָרט אריין געשיינט. זייא האבען זיך ענדליך געזעטצט א באנק נים וויים פון מיר און אָנגעפאנגען א געשפרעך.

„מיר איז עס געגאנגען אויסגעצייכענט פון נאכמיטאג אָן,“ האט איינער נעזאנט.

„דיא פּאָליציייא האט דיך נים נעטשעפעט?“ האט דער אנדערער גע־פרענט.

„ניין, דיא דומקעפ האבען מיך נים דערקענט. איך האב קונסטפאָל צונע־הינקט אויף מיין פוס, און דיא לינקע האנד האב איך פעסט געהאלטען אין בוזים הינטער דעם ראָק. דיא דאמען וואס זיינען נעגאנגען אין טהעאטער פארנאכט, זיינען נעוועזען זעהר גוטהערציג, און איך האב פון זייא געמאכט נעגויע 9 פראנקס, און דיא דאמען וואס זיינען פריהער ארויס פון דעם מאסקען־באלל, האבען מיר גע־געבען נים וועניגער פון 2 סו.“

„און וויפיעל האסטו געמאכט צוזאמען?“

„עפעס איבער 21 פראנקס.“

„דאס איז נים שלעכט, נאָר איך האב נעמאכט גרעסערע געשעפטען.“

„ווירקליך?“

„איך האב בייא איין אויסלענדער ארויס נענומען א טאשענבוך מיט 74 פראנקס, און בייא א בויער, וואס האט זיך שטארק פערטראכט אויף׳ן אייפעל טהורם, האב איך ארויס גענומען 90 פראנקס.“

„איסנעצייכענט! ווירקליך אויסנעצייכענט!" האט דער ערשטער אויסגע־רופען פול מיט בעגייסטערונג.

„אָבער צווייא נעהיים־פּאָליציסטען האבען מיך פערפּאַלגט א היבשע שטרעקע, און איך בין קוים לויז געוואָרען פון זייא. מעהר האט מיר ניט געפעהלט, נאָר ארע־סירט צו ווערען היינט אויף דער נאַכט, ווען מאָרגען מוז איך חתונה האבען מיט לואיזע'ן."

זייער געשפּרעך איז דאָן פאַרטגעזעטצט געוואָרען שטילער. און איך האב אָב־געהויבען צו שפּירען דעם שרעקליכען הונגער צוריק קעהרען. עס איז מיר אונמעגליך געוועזען ווייטער צו זיצען אויף איין פּלאַטץ, ווייל איך האב געשפּירט איינפאַך וויא דער בויך ווערט מיר צוזאַמען געצווינגען צו דעם רוקען.

מיך אויפהויבענדיג, האב איך פעראורזאַכט א לייכטען גערויש, וועלכער האט צונעצווינגען דיא אויפמערקזאַמקייט פון דיא צווייא מענער אויף דער צווייטער באַנק.

אין נעכסטען אויגענבליק זיינען זייא ביידע געוועזען אויף דיא פיס און זיך אַנגעפאַנגען ארום צו קוקען פערדעכטיג. איינער האט מיך ערבליקט און איז שנעל צו מיר צוגעלאָפען ארויס ציהענדיג א רעוואָלווער מיט דיא ווערטער:

„דיין געלד אָדער דיין לעבען!"

איך האב ביטער געשמייכעלט, און מיין מיענע האט זיך וואהרשיינליך געזעהן אין שיין פון דעם עלעקטרישען לאָמפּ.

„וואס לאַכסטו?" האט ער געפרעגט. „ארויס מיט דיין געלד!"

איך האב נאך אימער געשוויעגען, און דער שמייכעל אויף מיין געזיכט איז לייכטער געוואָרען.

ווען עס וואָלט ניט געוועזען אזוי טרויעריג אין מיין געמיטה, וואָלט איך מיך דאמאלס הערצליך צו לאַכט.

דער אנדערער איז אויך צוגעגאַנגען, און ביידע האבען בעטראַכט מיין חילוק.

„ווער זייט איהר?" האט דער ערשטער געפרעגט ארונטער לאָזענדיג זיין רעוואָלווער.

„איך בין א הונגריגער," האב איך ענדליך געענטפערט, „און, לויט וויא איך האב געהערט, האט איהר געלד. עס וואָלט געוועזען א גרויסער יושר איהר זאָלט מיר עפּעס העלפען."

„בראוואָ! דאס איז שעהן!" האט אלץ דער ערשטער אויסגעשפראָכען. „דיין געזיכט, פרעמדער, צייגט, אז דיינע ליפען זאגען די וואהרהייט. דו זעהסט אויס, גלייך ווי דו וואָלסט נאָר וואס ארויס געקראָכען פון א קבר, און ביסט ווירקליך זעהר הונגריג."

אָהנע ווייטער צו רעדען, האט ער ארויס גענומען א 2 פראנק־שטיק (40 סענט) און מיר איבערגערייכט.

„נעה אונגליקליכער," האט ער דאבייא געזאגט, „און קויף דיר עפּעס עסען."

דיא האבען מיר דאן ביידע געוואוּשען נוטע נאכט און זיך אָבגעווענדעט פון מיר.

מיט דיא 2 פראנק אין מיינע הענד, האב איך אָנגעפאנגען ארויס צו געהען פון דעם פּארקען, ביז איך בין ערשיענען אויף דער גאס. אין איין עק שטראסע, האב איך בעמערקט א ווינשענק, וואוהין איך בין אריין, און מיר גטהייסען, פאר אלעמען, געבען א גלאָז רויטען וויין, וועלכע איך האב אויסגעטרונקען און מיך באלד געפיהלט געשטארקט. דאן האב איך פערלאנגט עפּעס עסען, און מען האט מיר געגעבען ברויט מיט הארטען קעז. איך האב דאס ניט געקייעט, זאָנדערן ארונטער געשלונגען.

איך האב געגעבען דעם 2 פראנק־שטיק און מען האט מיר ארויס געגעבען אנדערטהאלבען פראנק. פרעגענדיג וואו איך קען טרעפען א האָטעל צום שלאָפען, האט מען מיר אָנגעצייגט אזא פּלאַמץ אין דער צווייטער שטראסע. איך האב גע־שפירט, אז איך מוז האבען רוהע, און בין ווידער ארויס אויף דער גאס.

וויא לאנג עס האט געדויערט מיין געהען, קען איך ניט וויסען, נאָר אזוי פיעל געדענק איך, דאס איך האב אָנגעפאנגען צו שפירען א גרויסען קאָפּ־שמערץ מיט א שווינדלען פאר דיא אויגען, דאן איז אלעס פינסטער געוואָרען ארום מיר, און מעהר קען איך מיך אין גאר ניט ערינערן.

ווען איך האב ערוואכט, בין איך געלעגען אין א צימער, וואו עס איז געוועזען נאָך זויבער, און דורך א פענסטער האבען אריין געשיינט ווארעמע זונענ־שטראהלען.

איך האב מיך געוואונדערט וואו איך בין, און איך האב מיך פּראָבירט אויפ־צוהויבען. אָבוואָהל איך האב געקענט ריהרען מיט מיינע גליעדער, האב איך אָבער דאך קיין כח ניט געהאט ארונטער צו געהען פון דעם בעט, און איך בין צוריק געפאלען אויף מיין קישען ענטקרעפטעט.

איך בין אזוי געלעגען אומגעפעהר א האלבע שטונדע. און דיא רוהע ארום מיר, האט מיר אָנגעצייגט, אז איך געפין מיך נים אין מיטען פון דער רוישענדער שטאָדט פאריז.

דאן האט זיך געעפענט דיא טהיר און איין אלטער מאן, פון א יאהר 70, איז ערשיענען. ער איז געוועזען ניעדריג געוואקסען און גאנץ ברייט געבויעט.

„אך,“ האט ער געזאגט שמייכלענדיג מיט פערגניגען, „ענדליך ער־וואכט!“

דער אלטער איז צוגעקומען געהנטער, זיך געזעסטצט אויף מיין בעט און גע־נומען מיין האנד אין זיינער, וואו ער האט אזוי פעסט צוגעדריקט מיין דופק, אז איך האב געוואָלט אויפשרייען פאר שמערץ.

„איהר דריקט מיך צו שטארק, אלטער,“ האב איך געזאגט.

„דוא ביסט שוין ארויס פון געפאהר — קיין געפאהר מעהר!“ האט ער געזאגט זיך נים בעקימערענדיג אום מיינע ווערטער. ער האט אָביער אונטערדעסען אָבגעלאָזט מיין האנד, און אין קורצע ווערטער האט ער מיר דערצעהלט אזא געשיכטע:

ער אליין איז איין אלטער ארצט, וועלכער איז זעהר רייך און האט אויפגעגעבען דיא פראקטיקע אויף דער עלטער. מיט א פאאר וואָכען צוריק, איז ער פארבייגע־גאנגען אין א פארטאָג דיא שטראסע און מיך געזעהען ליעגענדיג אויף דער ערד אָהנמעכטיג.

אנפאנגס האט ער געמיינט, אז איך בין טויט, און ער האט זיך צונעבויגען און מיך עקזאמינירט. ער האט זיך אָבער איבערצייגט, אז עס גיבט אויך אין מיר א צייכען פון לעבען. מיין קראנקהייט האט איהם שטארק פעראינטערעסירט, און צורופענדיג א דראָשקע, האט ער מיך געהייסען צו פיהרען צו זיך אהיים, אום ער זאָל זיך אביסעל בעשעפטיגען מיט זיין ליעבלינגס־פראָפעסיאָן, מעדיצין.“

מיין קראנקהייט האט איהם פון טאָג צו טאָג אלץ מעהר אינטערעסירט, און ער האט פערבראכט שטונדענלאנג נעבען מיין בעט אום מיך צו שטודירען. ענדליך האט זיין [illegible] געזיעגט, און ער האט מיך צום לעבען געבראכט.

„נאך א פאאר טעג,“ האט ער געשלאָסען זיין ערקלערונג, „און דוא וועסט זיין ערהאָלט. דוא וועסט דאן קענען געהען וואוהין דוא ווילסט. בלייב נאָר רוהיג, און איך וועל דיר אריין שיקען א גוטע און קרעפטיגע זופ מיט א גלאָז מילך. יאָ, דוא דארפסט מר ינקען א סך מילך, ווייל מילך איז דאס בעסטע און לייכטעסטע

נאהרונגס־מיטעל. דאס איז וואס דיא נאטור שאפט אליין צום נעהרען, און ניעמאנד קען מאכען א בעסערע נאהרונגס־קאמבינאציאן, וויא דיא קלוגע נאטור.“

אהנע מיך אויסצופרעגען ווער איך בין, וואס איך בין און פון וואנען איך קום, איז ער ארויס פון מיין צימער.

איך האב ווירקליך נעקריעגען דיא זופ מיט דער מילך, און נאכדעם וויא איך האב מיך געשפירט אביסעל געזעטעט, בין איך איינגעשלאפען. שפעט אין דער נאכט, האב איך ווידער ערוואכט, און מיין קערפער איז געווען איינגעטונקט אין שוויים.

איך בין געלעגען אויף מיין בעט א היבשע צייט און נאכגעדענקט איבער מיין צושטאנד. אזוי איז פערשוואונדען דיא צייט, ביז עס איז טאג געווארען, און דער אלטער ארצט איז ווידער ערשיענען, מיך בעטראכט, און נאך אמאל אנגעזיינט, אז איך וועל קריעגען א גאנצע פלאש מילך.

מיך זעלבסט, מיין פערזאן, מיין זעלע, האט איהם ניט אינטערעסירט. ער האט בלויז געוואלט צופריעדען שטעלען דיא לוסט פון זיין פראפעסיאן געזונד צו מאכען מיין קערפער, און דאן מעג איך אפילו געהען צום טייפעל.

דאס אלעס האב איך גוט פערשטאנען, און אנשטאט אין איהם צו געפינען א פריינד, פאר וועמען איך זאל פערטרויען דאס געהיימניס פון מיין לעבען, האב איך בעשלאסען בעסער צו שווייגען.

איך האב מיך שוין געקענט אויפהויבען פון בעט, און אויפ'ן דריטען טאג, האט מיר דער אלטער דאקטאר געגעבען איין אלטען אנצוג און 5 פראנק געלד, און מיר ערקלערט, אז איך קען שוין געהען.

איך בין ארויס אויף דער גאס זייענדיג זעהר שוואך, און איך האב מיך געמוזט אבשטעלען יעדע עטליכע שריט אום צו רוהען. איך האב איינגעזעהען, אז עס איז מיר אונמעגליך ווייטער צו געהען, און איך האב בעשלאסען נאך איבערצונעכטיגען א נאכט אין א האטעל, ביז דיא ארבייט פון מיין לעבען וועט מוזען אנפאנגען. איך האב ערבליקט א האטעל, וואוהין איך בין אריין, בעצאהלט א פראנק פאר א צימער איבער נאכט, און אויסטריקענדיג א גלאז וויין מיט א שטיקעל געטריקענטען זעמעל, בין איך געגאנגען צו בעט.

„אזוי בלייבט עס,“ האב איך מיר געטראכט זיך לעגענדיג אין בעט. „מארגען וועל איך געהען אויפזוכען מיין פרוי, מיין מארגעריט. זאל זיא נאך אימער זיין אין דעמזעלבען האטעל? דאס איז שווער צו גלויבען. אבער, וויא דיא זאך איז, מוז איך

דיא דאָרט זוכען. עס וועט זיין דער איינציגער וועג אום צו ענטדעקען א שפור."

דאן איז מיר איינגעפאלען דיא אידעע, אז זיא איז שוין פיעללייכט גאר מיט סימאָנאָ'ן.

„אומעגליך! אונמעגליך!" האב איך אויסגערופען. „זיא האט געציינט א וואהרע ליעבע צו מיר, און ווען זיא זאָל זיך אפילו יא ענטשליעסען מיט איהם צו לעבען, דאן קען עס אזוי שנעל נים געשעהען. איהר טרויער־צייט נאך מיר, איז נאך נים פאָראיבער, און כל־זמן איך וועל זיא נאך טרעפען מיט סימאָנאָ'ן אונ־פעראייניגט, דאן וועט זיא מיך געוויס עספפאנגען און מיט מיר ווייטער לעבען."

דאס האט מיך געטרייסט, און איך בין איינגעשלאָפען. ווען איך האב ער־וואכט, איז שוין געווען טאָג. איך האב מיך אָנגעפאנגען אָנצוציהען, און מיך גע־שפירט אביסעל קרעפטיגער.

איך האב דערהערט א רעש אין קאָרידאָר. א פרויענשטימע, האלב שרייענדיג און האלב וויינענדיג, האט געגרייכט מיינע אויערן.

אייניגע מענער־שטימען האבען געשפראָכען און דאן האב איך געהערט צוויא פרויענשטימען, איינע, וועלכע האט יעמערליך געשריען וויא פון שמערץ, און דיא צווייטע, וועלכע האט וואהרשיינליך פעראורזאכט דיעזען שמערץ.

איך האב געעפענט דיא טהיר פון מיין צימער, צו זעהען וואס דאָרט טהוט זיך. פאר אלעמען האב איך בעמערקט א גרויסע מענגע מענשען, און דאן, וויא א מאן מיט איין פוס נאקעט, וועלכער האט זיך ארויס געשטופט פון דער מענגע מענשען און איז ענטלאָפען ארונטער דיא טרעפען.

„ער ענטלויפט! ער ענטלויפט!" האבען אייניגע געשריען לאבענדיג.

איך האב דאן ערפאהרען וואס דאָרט האט פאסירט: א פרוי פון איין צרביימער האט נאכשפּיאָנירט איהר מאן ביז צום האָטעל, און אויך נאכגעזוכט דאס צימער וואוהין ער איז אריין, און זיא האט איהם דאָרט געטראָפען מיט דער פרוי פון איהר שכן אנשטאט זיך צו נעהמען צום מאן, האט זיא אָנגעכאפט דיא האאר פון דער פרוי און זיא געשלאָגען מכת רצח.

כמעט אלע מענשען פון האָטעל זיינען זיך צוזאמען געלאָפען און בייגעוואָהנט דאס בילד. יעדער איז געשטאנען פון ווייטענס און זיך הערצליך אונטערהאלטען, געהערענד דיא צוויא פרויען האבען זיך געשלאָגען. דער מאן איז דערוויל ארויס

פון צווישען דיא מענגע מענשען, און איבערלאָזענדיג איין שוך, איז ער אוועק אום זיך ניט צו בעגעגנען מיט זיין פרוי.

איך האב ניט געוואָלט ווארטען אין קאָרידאָר צו הערען וואס דער סוף וועט זיין, און איך האב אָנגעפאנגען ארונטער צו געהען דיא טרעפּען.

„דאס איז א מערקווירדיגע וועלט," האב איך געמורמעלט צו מיר אליין, „און איך בין געוואָרען א מערקווירדיגער מענש. עפּעס קוק איך יעטצט מיט אנדערע אויגען אויף דער וועלט און איך אורטהייל פערשיעדען פון אמאל. לאָמיר נאָר זעהען וואס דאָ האט פּאסירט: א מאן, האבענדיג חשק צו איין אנדערע פרוי, זיין שכנה, און זיא, איהם ליעבענדיג, דינגען דיא אוועק אין א האָטעל אום צו גע־ניעסען זייער פערגניגען. דיא פרוי פון דעם מאן ערשיינט וויעדער, און נעהמט שלאָגען דיא פרוי וואס ליעבט איהר מאן. ווארום? דיא מענשען האבען צו געבען דארויף צווייא ענטפערס. דער ערשטער איז, ווייל דיא פרעמדע פרוי האט גערויבט איהר ליעבע, און צווייטענס, ווייל דאדורך וואס איהר מאן זוכט פרעמדע פרויען, וועט ער פערנאכלעסיגען זיין אייגענע פרוי מיט דיא קינדער און זייא וועלען דא־דורך ליידען נויט און מאנגעל."

דאכט זיך אויבערפלעכליך, איז דאס א גאנץ גוטע ערקלערונג, נאָר מיר, א צוריק־געקעהרטען פון דעם עולם־האמת, האט מיר דאס אלעס ניט געשמעקט. איך האב געשפּירט, אז דאָ מוז עפּעס ליעגען א הונד בעגראָבען וואס פעראורזאכט דיא געשיכטע זאָל ניט זיין אזוי גלאט וויא זיא ערשיינט.

פאר אלעמען האב איך איבערגעקלערט און געקומען צום בעשלוס, אז א מאן מיט א פרוי, כל־זמן זייא שפּירען נאָר דיא אנציהונג פון ליעבע, האבען זייא א רעכט צו טהון מיט זייער ליעבע וואס זייא ווילען. עס מאכט קיין אונטערשיעד אויב דער מאן איז פערבונדען מיט איין אנדערע פרוי, אָדער דיא פרוי מיט איין אנדערען מאן. קעמפּפען געגען דער נאטור, געגען איהרע שטרעבונגען און קאפּריזען, איז לעבערליך און דום.

נאך מעהר, יעדער מאן און יעדע פרוי, שפּירען אין זיך, אז דאס איז ריכטיג און אלס א נאטור־פּראָצעס קען ער ניט בעשטריטען ווערען. אָבער טראָטץ דעם, ווען איהר וועט מיט דיא מענשען רעדען עפענטליך דאריעבער, וועלען זייא זאגען, אז זייא זיינען ניט דאפיר. איך האב מיך עראינערט אן א געשפּרעך איבער פרייער ליעבע וואס איך האב אמאל געהערט צווישען צווייא הויכע בעאמטע.

„טהעאָרעטיש איז עס וואהר,“ האט איינער געזאגט, „און נאַטירליך איז עס ריכטיג, דאס אין פאַל איך ליעב מיין פרוי וויא איך זאָל ליעבען מיין פריינד, מיין ברודער אָדער מיין שוועסטער, דאן דאַרף מיך גאר ניט פערדריסען, ווען זיא האט פערגניגען פון דער געשלעכטליכער ליעבע מיט איין אנדערן מאן. דאס אַלעס איז און זאָל זיין א וואהרהייט. נאָר וויא עס קומט אין דער פראַקטיקע, ווערען אַלע טהעאָריען אויסגעבלאָזענע אייער. מיין פרוי ערלויבען זיא זאָל האבען אומגאַנג מיט א פרעמדען מאן? ניעמאַלס! איך וואָלט עס ניט געקענט!“

„אָבער ווארום ווילסטו האבען אומגאַנג מיט פרעמדע פרויען?“ האט דער צווייטער בעאַמטער געפרעגט.

„ווייל איך מעג — ווייל איך בין א מאַן, און מעג אַלעס טהון!“

דאס אליין איז אָבער אויך געווען א טהעאָריע, דען דיא פראַקטיקע האט מיר נאָר וואס בעוויעזען אין האָטעל, אז יענע ארבייטער־פרוי, האט אויך ניט גע־וואָלט איהר מאן זאָל צו טהון האבען מיט א פרעמדע פרוי. איהר פריוואט לעבען, האב איך נאַטירליך ניט געקענט, דאס הייסט, אויב זיא קען זאגען צו זיך אליין: „איך מעג און דוא טאָרסט ניט.“

זוכענדיג איין ערקלערונג אויף דיעזען רעטעניש, בין איך געקומען צו דער איבערציינונג, אז דיא אורזאכע דערפון ליעגט אין דער הייראטה, דאס הייסט, אין דער פערשקלאפונג פון צווייא פערזאָנען. דיא הייראטה הייסט א פערשקלאַפונג, און דיא פרוי רעכענט דעם מאַן אַלס איהר שקלאַף, וועהרענד ער רעכענט זיא אלס זיין שקלאַפין. דיא הייראטה אַלזאָ, איז איין אוננאַטירליכער פראָצעס.

אונטער הייראטה, נאַטירליך, האב איך פערשטאַנען דיא געצוואונגענע צוזאַמען האלטונג צווישען מאַן און פרוי, טראָטץ דעם וואס ער אָדער זיא וואָלט געקענט גליקליכער זיין, זייא זאָלען ניט מעהר לעבען צוזאַמען.

איך האב דערבייא אויך בעטראַכט דיא עקאָנאָמישע פערהעלטניסע וואס בינדען צו דיא פרוי צום מאַן, זיא זאָל זיין, זיין שקלאַפין און ער איהר הערשער, אָדער אומגעקעהרט.

אזוי דענקענדיג, האב איך מיר דערמאָהנט אן מיין מארגעריט׳ן.

איך זאג „דערמאָהנט“. אום בלויז צו בעצייכענען א שטראָם פון אנדערע געדאנקען, וועהרענד, אין דער וואהרהייט געשפראָכען, איז זיא מיר גאר פון מיין זינען ניט ארויס.

איך האב נאך אמאל אָנגעפאנגען גוט צו שטודירען מיין ליעבע צו איהר, און איך האב אין איין צייט געדענקט, אז מיין ליעבע צו איהר איז דיא ריינסטע, שענסטע

און בעסטע אין דער וועלט, און דער מינדעסטער פערזענליכער אינטערעסט. אבער איך האב מיך באלד טראינערט אן מיינע געפיהלע, ווען איך האב געשפירט דעם טויט פאר מיר, וויא איך האב געשלאגען מיט דער גאנצער וועלט כפרות, צוזאמען מיט מארגעריט'ן, אבי איך זאל לעבען, איך זאל מיך רעטען.

„וואו איז אלזא געווען מיין ליעבע צו מארגעריט'ן?" האב איך מיך געפרעגט.

איך האב מיר געמוזט מודה זיין צום אונצעהלינסטען מאל, אז דיא ליעבע וואס איין מענש שפירט צום צווייטען, איז נים קיין ליעבע פיר דעם צווייטען, זאנדערן ליעבע פיר זיך זעלבסט. איך האב מארגעריט'ן נאר געליעבט דערפאר, ווייל זיא האט מיר געקענט פערשאפען איין אנגענעהמעס פערגניגען. אלזא, האב איך גע־ליעבט מיין פערגניגען און נים מארגעריט'ן.

דאס איז געווען דיא אורזאכע, ווארום איך בין דאמאלס אזוי אייפערזיכטיג געוואָרען, ווען איך האב געזעהען, אז איין אנדערער סען מיר רויבען מיין פערגניגען. ווען איך וואלט טאקי געליעבט מארגעריט'ן אום איהרעטוועגען, דאן וואלט עס מיך נאר נים בעדארפט פערדריסען, זאנדערן, מיך בעדארפט פרייען, ווייל זיא איז גליקליך.

אבער וויא דיא זאך איז, און וויא דער חשבון זאל נאך שטימען אין מיין פילאזאפישער בעטראכטונג, האב איך אימער געשפירט דעם ברענענדען וואונש אין מיין הארצען צו בעזיטצען מארגעריט'ן פאר מיר אליין, און קיינער זאל מיך נים שטערען אין דעם.

דיא אידעע, אז סימאנא בעזיטצט זיא שוין פיעללייכט, און אז דיעזע ליעבע וואס געהערט מיר, ווערט איין אנדערן אוועק געגעבען, האט מיך שיער געטריעבען, צום וואהנזינן.

פלוצלינג האב איך מיך געפרעגט, וואוהין איך געה? און איך האב מיר געענטפערט: „איך געה אין דעם האטעל וואו איך האב לאזשירט."

איך האב מיך אויך דערמאהנט אן דעם פאסטען צוליעב וועלכען איך בין געקומען נאך פאריז, און איך האב געטראכט, אז דער פאסטען האט אויף מיר געווים נים געווארט, און איין אנדערער פערטרעטעט שוין געווים דיעזעס אמט.

עס איז מיר אויך איינגעפאלען דיא אידעע, איך זאל אויפזוכען מיין פריינד אין פאריז, און פאר איהם עפענען מיין הארץ, איהם דערצעהלען וואס מיט מיר האט פאסירט און...

אָבער איך האב עס ניט געקענט טהון. פריהער האב איך בעשלאָסען צו זעהען וואס מיט מיין מאַרגעריט איז געוואָרען.

א טרייסט־געפיהל האט מיך בעהערשט, ווען איך האב מיך דערמאָהנט, וויא גרויס איהר ליעבע איז געווען צו מיר, און דאס זיא וואָלט פּאָזיטיוו בעדאַרפט אָבוואַרטען א היבשע צייט, ביז זיא זאָל אָנפאַנגען צו דענקען וועגען א צווייטע הייראַטה.

דערזעהענדיג א פּאָסט־בעאַמטען, האב איך איהם געפרעגט וויא ווייט עס איז ביז צום האָטעל וואו איך האב לאָזשירט מיט מיין פרוי. ער האט מיר געזאגט, אז איך האב אהין צו פאָהרען עטוואס איבער א שטונדע.

דאַן בין איך צוגעגאַנגען צו א טרייבער מיט א דראָשקעלע, זיך מיט איהם אויסגעגלייכט פאַר צווייא פראַנקס, און אין א שטונדע צייט, האט ער מיך אַרונטער געלאָזען אין דער בעקאַנטער שטראַסע וואו דער האָטעל איז געווען.

קומענדיג נעהנטער, האב איך באלד דערזעהען דיא קליינע דערע אַרונטער געהען מיט א בינטעל, וואהרשיינליך אום אָבצוטראַגען ארבייט. איך האב מיך צו איהר דערנעהנטערט און איהר געקוקט אין געזיכט. זיא האט מיך אויך אָנגעקוקט, אָבער אָהנע מיך צו דערקענען, האט זיא זיך אָבגעווענדעט און איז אוועק איהר וועג.

„זיא דערקענט מיך ניט,“ האב איך מיר געטראַכט. „איך מוז געוויס זיין שטאַרק פערענדערט.“

דאַן האב איך מיך דערמאָהנט און מיין באָרד וואס האט מיר אויסגעוואַקסען, און דאס האט מיר ערקלערט דיא אורזאַכע.

צענערענד בין איך געשטאַנען איינינע מינוטען און מיר איבערלעגט וואס איך האב צו טהון. ענדליך האב איך געפאַסט מוטה און אָנגעפאַנגען צו בעשטייגען דיא טרעפּען.

מיין הערץ האט מיר ווילד געקלאַפּט און איך האב מיר אליין ניט געקענט פאָרשטעלען וואס מיך ערוואַרטעט.

ענדליך האב איך געגרייכט דעם שטאָק וואו איך האב לאָזשירט און בין צו־געקומען צו דער טהיר וואו מיין צימער איז געווען. איך האב אָנגעקלאַפּט, דאַן פּראָבירט אליין עפענען, אָבער עס איז געווען פערשלאָסען.

פּלוצלינג האט זיך געעפענט דיא טהיר געגענאיבער, און מאַדאַם גאַבען איז ערשיענען.

„וועמען זוכט איהר?“ האט זיא מיך געפרעגט.

איך האב געשוויגען.

„זוכט איהר יעמאנדען?“ האט זיא נאך אמאל ווידערהאָלט.

איך האב בעמערקט, אז זיא דערקענט מיך אויך נים.

עס איז מיר איינגעפאלען א אידעע, איך זאָל שפּיעלען דאָ א ראָלע וואס זאָל מיר בעסער ערקלערען דעם צושטאנד, דאס הייסט, מיך נים צו געבען ערקענען צו דער פרוי.

איך האב איהר ערקלערט, אז איך זוך מיך זעלבסט.

„אָה,“ האט זיא געענטפערט, „איהר מיינט דעם יונגען מאן מיט דער יונגע פרוי וואס האבען דאָ לאָזשירט מיט 4 וואָכען צוריק? איהר מוזט וואהרשיינליך זיין דער הערר וואס האט זייא אהער געבראכט?“

זיא האט מיך געטראכטעט פאר מיין פריינד וואס האט מיך בעזאָרגט מיט א פּאָסטען. מיין פרוי האט איהר וואהרשיינליך דערצעהלט דיא אורזאכע פון אונזער קומען נאך פּאריז.

איך האב געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אז דער בין איך.

„דער יונגערמאן איז דאך טויט,“ האט זיא געזאגט.

„דאס וויים איך,“ האב איך געמורמעלט.

„קומט אריין, וועל איך אייך אלעס דערצעהלען וואס איהר ווייסט נים,“ האט מאדאם נאבען געזאגט עפענענדיג דיא טהיר און מיך אריין געפיהרט אין איהר צימער.

„זעטצט, זעטצט,“ האט זיא ווייטער געזאגט מיר שטעלענדיג א שטוהל.

איך האב מיך געזעטצט.

„זיא, דיא יונגע פרוי מיין איך,“ האט זיא אָנגעפאנגען, „איז גלייך אויף'ן צווייטען טאָג אוועק געפאָהרען.“

„אוועק געפאָהרען?“

„יא.“

„וואוהין?“

„מאָנסיע סימאָנאָ, א יונגער מאן וואס האט דאָ לאָזשירט, און אויסגעלייגט דאס געלד פיר דער בעגרעבעניס, האט זיא מיטגענומען אויף דאס לאנד.“

איך האב נים געקענט מעהר רעדען, און איך האב געשפּירט וויא עס שטיקט מיך.

„אה,“ האט מאדאם נאבען ווייטער געזאגט, „זיא איז א גליקליכע פרוי! מאָנסיע סימאָנאָ, וויא עס שיינט, האט זיך אין איהר פערליעבט זאָ שנעל וויא ער

האט זיא נאָר דאָ געזעהען. דער טויט פיר איהר מאַן איז געוועזען א גליק פיר איהר. סימאָנאָ איז יונג, שעהן, שטארק און רייך, און ער איז אין איהר פערליעבט איבער די אויערן. עס איז קיין צווייפעל, אז זיא בעדויערט שוין, ווארום זיא האט זיך מיט איהם ניט בענגענגט נאָך איידער זיא האט איהר מאַן קענען גע־לערענט."

זיא האט ערוואַרטעט א בעמערקונג פון מיר, אָבער איך האב ניט געקענט רעדען.

נאָכדעם וויא זיא האט נאָך געפלוידערט וואס איך האב ניט אין גאנצען פערשטאַנען, האב איך זיא ענדליך געפרעגט, אויב זיא ווייס ניט וואו מארגעריט געפינט זיך יעטצט.

„געוויס ווייס איך," האט זיא געענטפערט און מיר געגעבען איין אדרעסע נאָך דעם שטעטעל ד.

מיין פערווירונג האט דער פרוי עפעס פערדעכטיג געמאַכט און זיא האט מיך אָנגעפאַנגען מעהר אויסצופרעגען, אָבער זיא האט קיין ענטפער פון מיר געקענט קריגען. איך בין אַרונטער געלאָפען דיא טרעפען, גלייך וויא יעמאַנד וואָלט מיר נאָכגעיאָגט.

ווען איך בין שוין געווען אויף דער גאַס, בין איך געבליעבען שטעהען און גע־פאסט דעם בעשלוס זאָפאָרט אוועק צו פאָהרען נאָך ד. אום צו זעהן מארגעריט'ן. אָבער אין מיין טאַשע איז מעהר ניט צוריק געבליעבען וויא עטליכע סו אויף צו עסען א מיטאג.

איך האב אַרום געוואַנדערט איבער דיא גאַסען א פאאר שטונדען, ביז דער הונגער האט מיך אריין געטריעבען אין א רעסטאָראַנט וואו איך האב מיר גע־שאפט עסען.

ביי דעם טיש וואו איך האב גענומען פלאַטץ, איז געגענאיבער מיר געזעסען איין עלטערער מאַן, מיט א רויטעס געזיכט און שטארק געגעצענדע אויגען. ער האט שוין געהאט אָבגעגעסען, און אום צו עפענען מיט מיר א געשפרעך, האט ער געמאַכט א בעמערקונג איבער דעם וועטער. איך האב איהם געענטפערט, אז מיר האבען שעהנעס וועטער.

דאן האט ער מיך געפרעגט פון וואנען איך קום און וואס מיין בעשעפטיגונג איז אין פאריז. דארויף האב איך איהם ניט געוואָלט ענטפערן און אויסגעמיעדען צו געבען איין ערקלערונג איבער מיר.

„אייער געזיכט געפעלט מיר,“ האט ער פלוצלינג געזאגט אין א פערטראויענדען טאן. „איהר זעהט אויס ערביטערט מיט דער וועלט, איך לעז עס אין יעדער פון אייערע מינעס. איך בענעטהיג אזא מאן, און ווען איהר ווילט קען איך אייך אנגאזשירען אויף א פאסטען וואס זאל זיך אייך געגוג גוט בעצאהלען.“

די אידעע, אז איך קען קריגען געלד, האט מיך בעגייסטערט, און איך האב בעמערקט:

„פארלויפיג בין איך זעהר הונגריג, נאר ווען איך וועל פערטיג ווערען, וועלען מיר רעדען.“

„איך וועל ווארטען,“ האט ער געענטפערט זיך פערדרויבענדיג א גוטען ציגאר.

מיין עסען האט ניט פיעל געדויערט, און נאכדעם וויא איך האב בעצאהלט, זיינען מיר ארויס פון דעם רעסטאראנט.

„קומט,“ האט ער געזאגט, „וועלען מיר נעהמען טרינקען א גלעזעל וויין, וואו מיר וועלען קענען רעדען אונגעשטערט.“

מיט א גאס ניעדריגער זיינען מיר אריין אין א ווייןקעלער, און זיך אוועק זעטצענדיג בייא א טישעל אין א ווינקעל, האבען מיר פריהער אויסגעטרונקען א פאאר גלעזלעך וויין, און דאן האט ער אנגעפאנגען:

„איך האב א יונגע פרוי, וועלכע איך האב געהייראטהעט וויא איין אלטער דומקאפ וואס וויל געניעסען יוגענדליכע ליעבע. זיא בעטריגט מיך אבער; איך וויים עס, און איך וויל לויז ווערען פון איהר. געכסטע וואך פאהר איך אוועק נאך אלזשיר, וואו איך מוז מיך זאמען א פאאר מאנאט צייט. וועהרענד דעם וויל איך יעמאנד זאל אויף איהר אויפפאסען און זאמלען בעווייזע. דאפיר בין איך בערייט צו צאהלען ביז 400 פראנקס א מאנאט. וועט איהר דאס קענען טהון?“

איך האב ניט געענטפערט און ער האט פארטגעזעטצט:

„צו דיא געהיים־פאליציסטען, וואס מאכען אזא בעשעפטיגונג אלס פראפעסיאן, וויל איך מיך ניט ווענדען, ווייל זייא נעהמען אימער געלד פון ביידע צדדים. איך האף, אז איהר וועט פאר מיר טהון דיא ארבייט וויא עס געהער צו זיין.“

איך האב ווידער געשוויעגען.

„אלזא, וואס זאגט איהר אויף דעם פארשלאג?“

אהנע פיעל צו דענקען האב איך געענטפערט:

„איך דענק, אז איך וועל אייער פארשלאג אנגעהמען, נאר פארלויפיג, זאג

איך אייך דיא וואהרהייט, אז איך בענעטהיג עטוואס געלד און צווייטענס עטליכע טעג צייט פאר מיר אליין.״

דער עלטערער מאן האט מיט מיר דאן נאך נעהאט א לענגערעס געשפרעך, און נאכדעם וויא ער האט מיר געגעבען זיין אדרעסע, האט ער מיר אויך געגעבען 25 פראנקס און נאך אין דעמזעלבען טאָג האב איך אָבגערייזט נאך ד.

ד. איז א קליין שטעטעל פון א פאאר טויזענד איינוואָהנער, און איך האב באלד ערפאהרען וואו סימאָנאָ געפינט זיך. ער האט געוואָהנט אין דעם הויז פון זיין אָנקעל, וועלכער איז אונלענגסט געשטאָרבען און איהם צוריק געלאָזען דאס הויז בירושה.

נאכדעם וויא איך האב דאָרט איבערגעשלאָפען א נאכט, האב איך אָנגע־פאנגען צו מאכען נאכפראגען, און איך האב געהערט, אז סימאָנאָ האט מיט זיך געבראכט א יונגע דאמע, וועלכע איז יעטצט דיא פערוואלטערין פון דעם הויז.

טויזענדער געדאנקען זיינען דורכגעפלויגען בייא מיר אין קאָפּ, וויא אזוי און אויף וועלכער ארט, איך זאָל געהען בעזוכען דאס הויז אום זיך צו בעגעגנען מיט מארגעריט׳ן.

בייא מיר איז ניט געווען דער מינדעסטער צווייפעל, אז מארגעריט איז דיא דאמע וואס סימאָנאָ האט מיט זיך געבראכט.

אנפאנגס איז בייא מיר געבליעבען, איך זאָל איהר אריין שיקען א בריעף און אָנצייגען מיין געגענוואַרט, אָבער, דורך איין אונבעקאנטער אורזאכע, האב איך דיעזען ענטשלוס געענדערט, און איך האב בעשלאָסען דירעקט אריין צו געהען אין הויז, מיך פאָרשטעלען און פערלאנגען מיין פרוי צוריק.

אום ניט צו לאָזען קיין צווייפעל איבער מיר, בין איך אריין צו א בארבער, מיך געלאָזען אָבשערען און אָבראזירען, און אויפגעפאסט איך זאָל אויסזעהען וויא אמאל, כדי מארגעריט זאָל מיך דערקענען.

ווען איך האב מיך נאכהער אָנגעקוקט אין שפיעגעל, האב איך מיך דער־קענט, אלס דעריעניגער איידער איך בין בעגראָבען געוואָרען לעבעדיגערהייט.

אין דרויסען איז שוין געווען דונקעל, און מיט א קלאפענדעס הערץ האב איך אָנגעפאנגען צו געהען דאָרט וואו איך האב ערווארטעט צו טרעפען מיין געליעבטע מארגעריט.

דיא אידעע, פיעללייכט האט זיא שוין איהר ליעבע געטהיילט מיט סימאָנאָ׳ן, האט מיך אפילו געשטאָכען, אָבער איך האב מיך געטראכט, אז מען דארף אויף

איהר געפינען א זכות, ווייל אתמער דיא אומשטענדען, האט זיא אנדערש ניט גע־
קענט האנדלען.

איך האב איהר דערפאר אלעס פערציילט, און מיר געטראכט, אז איך האב
קיין רעכט איהר צו מאכען פארווירפע דאפיר. דאן האב איך מיר פארגעשטעלט,
וויא זיא וועט מיך נאך אמאל עמפפאנגען אין איהרע ארעם, וויא מיר וועלען וויעדער
צוזאמען גליקליך לעבען, און וויא אזוי איך וועל אין דיא נעכסטע פאאר מאנאט,
פערדיענען עטליכע הונדערט דאלאר דורך שפיאנירען און מיר וועלען וויעדער זיין א
ליעבענסווירדיגעס פאאר פאלק.

ווען איך בין צוגעקומען צו דעם בעשטימטען הויז, בין איך ארויף א פאאר
טרעפען און געטראפען דיא קארידאר־טהיר אפען. איך בין אריין און בעמערקט
איינינע טהירען.

איך האב נאר וואס געוואלט אנקלאפען אין איין טהיר, ווען א בעקאנטע
פרויענשטימע און דאן א מונטערעס געלעכטער האט געגרייכט מיינע אויערן.

עס איז געוועזן מארגעריט'ס שטימע.

אויף דיא שפיטץ פינגער געהענדיג, אום קיין אויפמערקזאמקייט צו צוציהען,
בין איך צוגעגאנגען צו דער לעטצטער טהיר, פון וואנען איך האב געהערט דיא
שטימע ארויס קומען.

איך האב בעמערקט דאס שליסעל־לאך און איך האב מיך צוגעבויגע אום
צו קענען בעסער הערען. דאן האב איך אויך צוגעלייגט מיין אויג און אריין
געקוקט.

עס איז געשטאנען א טיש אין מיטען צימער, אויף וועלכען עס האט געברענט
א לאמפ. רעכטס פון דעם טיש, איז געשטאנען א סאפא, וואו איך האב פריהער
בעמערקט זיטצענדיג דיא הויכע פיגור פון סימאנאן.

אויף דער סאפא, אין דער לענג, איז געלעגען מארגעריט אויסגעשטרעקט,
מיט איהר קאפ אויף סימאנא'ס שויס, און מיט איהר רעכטע האנד האט זיא גע־
האלטען אומארמט זיין האלז, און צו איהם געבליקט מיט א ליעבליכער
מיענע.

איהר געזיכט איז געווען פערפלאמט און וואונדער שעהן. זיא האט געלאכט
אזוי זיס, אזוי ליעבליך און אזוי מונטער, וויא איך האב זיא נאך ביז דאמאלס ניט
געזעהען. איהרע ווייסע צייהן וואס האבען זיך ארויס געוויעזען פון צווישען איהרע
ליפען, האבען איהר געגעבען אזא וואונדערבארען חן, אז איך האב מיך גע־
וואונדערט, ווארום איך האב דאס אלעס ביז דאמאלס ניט בעמערקט.

„דוא שלעכטער און בייזער יונג,“ האב איך זיא נעהערט זאגען, „מעהר וועל איך דיך ניט לאזען אזוי פיער געלד ספענדען. איך דארף ניט קיין בריליאנטען, ניין, איך וויל ניט!“

„שא, שא, מארגעריט,“ האט ער געענטפערט קושענדיג איהר האנד, „איך וויל דוא זאלסט ניט נאר זיין דיא שענסטע אין ד., זאנדערן אויך דיא רייכסטע געקליידעטע.“

„איך דארף גאר ניט, מיין ליעבער! דיין ליעבע איז פאר מיר גענוג...“

זיין לינקע האנד האט דערווייל פערבלאנדזעט צווישען איהר שולטער און ער האט איהר געגעבען א קיצעל.

מארגעריט איז אימער געוועזען שטארק קיצעלדיג, און זיא האט ארויס געלאזען א הויכען געלעכטער מיט זעהר א פרעהליכען נאכקלאנג.

איך האב ניט געקענט מעהר קוקען אויף דיעזען בילד, און אבווענדענדיג מיינע אויגען, מיט א ברוסט פול שמערץ, האב איך מיר געטראכט:

„און דאס איז דיא פרומע, ליעבענדע און צערטליכע מארגעריט? דאס איז דיא אונשולדיגע געליעבטע פון מיין הערצען? דאס איז דיא פרוי וואס האט געליעבט איהר מאן מיט איהר גאנצער זעעלע, און עס איז נאך קיין מאנאט פאר־איבער זייט...“

איך האב געשווידערט.

„וואס זאל איך טהון?“ איז געוועזען מיין ערשטע פראגע.

אז זיא איז שוין ניט מיין פרוי, דאס בין איך געוועזען איבערציינט; און אז זיא האט שוין מיט איהם געטהיילט איהר ליעבע, איז געוועזען א טהאטזאכע.

„אבער געזעטצליך איז זיא דאך מיין פרוי,“ האב איך געטראכט. „געזעטצליך קען איך זיא צווינגען צוריק צו קעהרען צו מיר און מיט מיר וואהנען.“

יא, געזעטצליך, איז עס אזוי, נאר דיא פראגע איז, אויב דאס געזעטץ, אויפ־געשריעבען אויף פאפיר, פון מענשען וואס האבען קיין אהנונג געהאט פון מיר און מארגעריט׳ס פערהעלטניסע, האבען געוואוסט וואס עס איז גוט פאר אונז ביידע?

א הויכעס געשפרעך אינוועניג, האט מיך ווידער אויפמערקזאם געמאכט. אזוי וויא איך בין געשטאנען אויף מיינע קניען, האב איך ווידער אמאל צוגעליינט מיין אויג צום שליסעל־לאך און געקוקט.

מארגעריט איז שוין געזעסען אויף זיין שויס און געקוקט מיט איהרע גרויסע און דורכדרינגענדע אויגען אין סיטאגא׳ס געזיכט.

„און דוא האסט איהם ווירקליך אזוי געליעבט?“ האט ער געפרעגט.

„איך האב איהם געליעבט, אלס מיין דאמאלינער בעסטער פריינד,“ האט זיא געענטפערט, „אבער דיא וואהרהייט איז, אז אלס מאן, איז ער מיר קיינמאל ניט געוועזן שטארק בעליעבט.“

„אבער דוא האסט דאך מיט איהם געוואָהנט?“

„יא, ווייל איך האב קיין אנדערע ברירה ניט געהאט.“

„ווארום?“

„וואס האב איך געקענט אנדערש מאכען? מיר האבען ביידע געהייראטעט אין ארמוטה, געלעבט אין דחקות און זיך געפיהרט אין עלענד...“

דערבייא האבען זיך איהרע אויגען אנגעפיללט מיט טרערען.

„מיין ארמע מארגעריט“, האט ער געמורמעלט זיא קושענדיג.

„דער צופאלל האט אונז געבראכט נאך פאריז,“ האט זיא פארטגעזעטצט. „מיין ארמער אליוויער האט אימער געשטרעבט עס זאל מיר גוט זיין, און ער האט אימער גערעכענט, אז דער פאסטען אין פאריז, וועט אלעס ענדערן צו גוטען. דאן איז ערשיענען דער אונבארמהערציגער טויט און...“

טרערען האבען אנגעהויבען צו לויפען פון איהרע אויגען.

„און דיר טהוט באנג נאך איהם?“ האט סימאנאָ געפרעגט מיט א הייזעריגער שטימע.

„ענטשולדיג מיר, מיין פריינד,“ האט זיא געענטפערט, „ער איז מיר געוועזן וויא א ברודער; מיר זיינען אלס קינדער צוזאמען אויפגעצויגען געוואָרען, און איך האב געמיינט, אז איך וועל מיך שוין נאר קיינמאל ניט וועלען טרייסטען. דאן ביסטו, מיין טהייערער, ערשיענען אין וועג פון מיין לעבען, און איך האב אנגעפאנגען צו שפירען גאנץ נייע געפיהלע...“

„זאג מיר, מארגעריט,“ האט ער געמורמעלט, „זייט ווען האסטו אנגעפאנגען מיט מיר צו סימפאטהיזירען?“

„זייט יענעם מאָמענט וואס דוא האסט דיך געציינט אזוי גוטהערציג צו מיין אונגליקליכען טויטען אליוויער.“

„און יעטצט?“

„יעטצט ליעב איך דיך וויא מיין גאנצעס לעבען!“ האט זיא אויסגעשריען, איהם אומארמט ליידענשאפטליך און אָבגעפרעסט א קוש אויף זיינע ליפען.

אָהנע צו וויסען וואס איך זאָל טהון, האב איך מיך שנעל אויפגעהויבען פון דער ערד, געעפענט דיא טהיר, און בין אריין אין צימער.

איך בין געבליעבען שטעהען ציטערענדיג פאר כעס, און לויט פון וויפיעל איך קען מיך ערוואינערן, איז פערשוואונדען יעדער טראָפּען בלוט פון מאַרגעריט׳ס געזיכט.

דאַן האט זיא ארויס געלאָזען א פערצווייפעלטען געשרייא און איז געבליעבען ליעגען האַלב אָהנמעכטיג אין סימאָנאָ׳ס אומאַרמונג.

סימאָנאָ האט מיך אָנגעקוקט א פּאאר אויגענבליקען אָהנע צו רעדען א וואָרט. דאַן האב איך געהערט מאַרגעריט׳ן מורמלען:

„שיטץ מיך, מיין ליעבער סימאָנאָ, שיטץ מיך.“

ער האט זיא צערטליך געזעטצט אויף דער סאָפא און זיך אויפגעהויבען. זיין הויכע פיגור איז געבליעבען שטעהען וויא א סטאטוע און מיט א געצוואונגענער רוהע האט ער געפרעגט:

„ווער זייט איהר, מיין העדר?“

אָבער איך האב ניט געקענט באַלד ענטפערן, און ער האט ווידער־האָלט:

„וויא האט איהר געוואגט אהער אריין צו קומען? זאגט, ווער זייט איהר?“

„איך בין דער מאַן פון דיעזער פרוי!“ האב איך געענטפערט שטאַמ־לענדיג.

„עס איז ליעגען!“ האט ער אויסגעשריען. איהר זייט א בעטריגער! דער מאַן פון דיעזער פרוי איז טויט! איך זעלבסט האב געזעהען וויא מען האט איהם בעערדיגט!“

„בעגראָבען לעבעדיגערהייט,“ האב איך געענטפערט, „מען האט מיך בעגראָבען לעבעדיגערהייט, און נאָר דורך א זעלטענעם צופאַל האב איך מיך גע־רעטעט.“

א טרויעריגע שטילקייט האט איינגעטרעטען, און מאַרגעריט, וועלכע האט זיך פעסט געהאלטען מיט איהרע העגד אן סימאָנאָ׳ן, האט אָנגעפאנגען שטיל צו וויינען.

„מאַרגעריט,“ האב איך אָנגעפאנגען, „דערקענסטו מיך ניט?“

מיין שטימע האט געקלונגען גראָב און שפּאָטיש. דאס האט איהר געגעבען דיא מוטה מיך אָנצוקוקען בעסער. זיא האט אויסגעזעהען זיך צו שטאַרקען, און זיך אויפהויבענדיג אַביסעל, האט זיא מיך אָנגעפאנגען צו בעטראַכטען.

איהר געזיכט איז געווען געהיימניספאָל, און איך האב ניט געקענט דער־ראטהען וואס עס געהט פאָר אין איהר זעעלע. יעדענפאלס האב איך געשפירט, אז דער ענטשיידענדער מאָמענט דערנעהנטערט זיך. זיא איז אָבער איטער געבליעבען שטיל.

„סאָרטעריס“, האב איך דאן געזאגט צערטליכער, „דערקענסטו ניט דיין מאן, וועלכען דוא האסט געשוואוירען ליעבע און טרייהייט?“

איהרע ליפען האבען זיך געעפענט, און ענדליך האט זיא אויסגעשריען:

„ניין! ניין! איך סען אייך ניט! איהר זייט מיר אונבעקאנט! עס איז ליגען, פאלש! אָליוויער איז טויט, טויט, טויט! איך האב אויך דעם טויטענ־שיין!“

בייא מיר איז קיין צווייפעל געווען, אז ניט נאָר זיא, זאָנדערן אויך ער, האט מיך דערקענט. זיא ווייעדער, האט אין איינינע מינוטען צייט געפאסט דעם בעשלוס, אז עס איז בעסער, ווען איך בין טויט. פאר איהר וועגינסטענס, האב איך געמוזט זיין טויט, אום ניט צו שטערען איהר גליק און ליעבע.

דאס האט מיך שטארק פערדראָסען, און איך האב געזאגט:

„דוא ווילסט אלזאָ ניט, איך זאָל זיין לעבעדיג? טויט בין איך פאר דיר בעסער? טראָטץ דעם וואס איך לעב, ווילסטו ניט אנערקענען דעם פאסט?“

„מיין הערר,“ האט דאן סימאָנאָ געזאגט, „איך ראטהע אייך איהר זאָלט וואס שנעלער אוועק געהען פון דאנען, און ניט איבערשרעקען דיעזע דאמע, וועלכע איז יעטצט מיין פרוי. ווען איהר ווילט דאס ניט טהון, דאן וועל איך אייך לאָזען ארעטירען אלס א פערריקטען.“

„ווער? דוא?“ האב איך אויסגעשריען, „ניט גענוג וואס דוא האסט מיר מיין פרוי גערויבט, ועסטו מיך נאך לאָזען ארעטירען אלס א פערריקטען? דוא אבשייליכער לומפ!“

„מיין הערר!“ האט סימאָנאָ אויסגעשריען און זיין גאנצער קערפער האט געציטערט.

„דומהייטען! איך האב פאר דיר קיין מורא ניט!“

אין נעבסטען אויגענבליק איז ער געווען נעבען מיר, און זיינע צווייא שטארקע הענד האבען אזוי איינגעצוינען מיין האלז, אז איך האב געשפירט גלייך וויא ער צערברעכט מיר מיין האלדביין.

„סימאָנאָ!“ האב איך געהערט מארגעריט'ן אויסשרייען, „אום גאָטעס ווילען, סימאָנאָ! לאָז איהם אָב, איך בעט דיך, לאָז איהם אָב!“

דער גריף איף מיין האלז האט באלד נאכגעלאזט; און סימאָנאַ איז צוריק געטרעטען נעבען דער סאָפא, מיט מארגערטן ב״א זיין זייט.

ווי יעדער פיינלינג, האב איך אָנגעפאנגען צו וויינען, און מיך ווענדענדיג צו מיין פרוי, האב איך געזאגט:

„מארגעריט, איך האב עס מיר ביי דיר נים פערדיענט.“

„אָבער וואס ווילט איהר האבען פון מיר, מיין הערר?“ האט זיא געפרעגט.

„מארגעריט, איך בין דיין מאן, וועלכער ליעבט און פערגעטערט דיך. דו ביסט נים שולדיג, ניין, אָבער ווי דיא זאך איז, בין איך ארויס פון דעם קבר וואו מען האט מיך לעבעדיג בעגראָבען. איך האב מיך געראטעוועט און צוריק געקעהרט צו דיר, אום דיך צו פערלאנגען צוריק. קום, מיין פרוי, צו מיר, און...“

ווייטער האב איך נים געקענט רעדען, ווייל דיא טרערען האבען מיך שיער דערשטיקט.

סימאָנאַ האט געווענדעט זיין בליק שטילשווייגענד צו מארגעריט'ן, און אויף איהר געקוקט א היבשע צייט. זיא האט מיך אָנגעקוקט א פאאר מאל, און וועהרענד דעם, האב איך געפיהלט א שטראהל פון האָפנונג אויפשיינען אין מיר. דאן האט זיא זיך געווענדעט צו איהם, און עס האט אויסגעזעהען, אז זיא מעסט אָב מיט איהרע אויגען, וועלכער מאן עס איז פאסענד פיר איהר.

מיין הארץ האט מיר וועהמיטהיג געקלאפט, און דאן האט זיא געזאגט מיט א קלארער און דייטליכער שטימע:

„מיין הערר! עס איז מעגליך, אז דאס וואס איהר זאגט, איז וואהר. איך בעדויער עס פון מיין טיעפען הערצען, ווען דאס איז דער פאל. אָבער, ווען עס זאל נאך טויזענד מאל וואהר זיין, קען יעטצט דאס שיקזאל נים געענדערט ווערען. מיין מאן איז פון מיר בערויבט געוואָרען דורך דעם טויט; א גאנצע וועלט האט דאס בייגעוואָהנט. צור צייט וואס איך האב איהם געדענקט טויט, איז ערשיענען איין אנדערער מאן, און מיט דעם רעכט פון יעדער פרייע פרוי, האב איך דיעזען מאן גענומען און מיך צו איהם איבערגעגעבען. ווען אייער שילדערונג איז וואהר, דאן בעדויער איך אייך, אָבער מעהר קען איך אייך נים העלפען. אויב דאס איז אמת, אז איהר ליעבט מיך, דאן פערלאָזט מיך און ערלויבט מיר גליקליך צו זיין, דען ביי יענעם מאן, פאר וועלכען איהר גיבט זיך אויס, האב איך זעהר ווענינ גליק גענאָסען.“

דאס האט צונעזיענעלט מיין שיקזאל. איך האב נעוואוסט, אז יעדער פראבע אנדערש צו מאכען, ווען איהר ענטשלוס נים ענדערן, און איך האב אנגעפאנגען צו שפירען א מיטלייד צו איהר, וועלכעס צווינגט מיך זיא צו לאזען, דא זאל גליקליך זיין מיט סימאנא'ן.

„איז דאס דיין לעטצטעס ווארט, מארגעריט?“ האב איך געפרעגט.

„יא, מיין הערר!“ האט זיא געענטפערט, און יעדע שפור פון מורא איז פערשוואונדען פון איהר שטימע.

„דאן געה איך,“ האב איך געזאגט זיך אבווענדענדיג.

אין נעכסטען אוינענבליק, איז סימאנא געווען נעבען מיר. ער האט אויסגעזעהען זעהר געריהרט פון דער סצענע, און לעגענדיג זיין האנד אויף מיין שולטער, האט ער געזאגט:

„מיין הערר, פערציייהעט מיר!“

איך האב צוגעווענדעט מיין געזיכט צו זיינעם, אבער איך האב גאר נים נעענטפערט.

„בלייבט נאך, מיין אונגליקליכער פריינד,“ האט ער ווייטער געזאגט זייענדיג זעהר געריהרט.

ער האט מיך פעסט געהאלטען בייא מיין שולטער, און איך האב געמורמעלט אונהעפליך:

„לאזט מיך אב!“

„קענט איהר מיר נים פערצייהען?“ האט ער וויעדער געפרעגט.

„איך האב אייך נים וואס צו פערצייהען,“ האב איך געענטפערט, און זיך אויסרייסענדיג פון איהם, האב איך געעפענט דיא טהיר און בין ארויס אין קארידאר, דאן שנעל אויף דער גאס און בין פערשוואונדען געווארען אין דער דונקעלהיים דער נאכט.

איך בין געלאפען גלייך וויא יעמאנד וואלט מיר נאכגעיאגט.

עס האט געדויערט א פאאר שטונדען, ביז איך בין געבליעבען שטעהען אום נאכצוזעהען וואו איך בין אין דער וועלט.

דער הימעל איז געווען שטארק פערוואלקענד, און אבוואהל עס איז געווען שטארק דונקעל, האב איך דאך געקענט אונטערשיידען, אז איך געפין מיך אויף א פעלד.

איך האב אנגעפאנגען נאכצוקלערען איבער דעם וואס עס איז געשעהען און

איך האב מיר צוגעגעבען, אז איך האב ריכטיג געהאנדעלט וואס איך האב פער־לאזען מארגעריט'ן.

דיזע אירעע האט מיך בערוהיגט אין מיין געוויסען, און שוין מעהר ניט קענענדיג שטעהען אויף מיינע פיס, האב איך מיך געזעטצט.

עס האט ניט פיעל געדויערט, און עס האט אנגעפאנגען צו דונערן און צו בליטצען. בייא דער שיין פון דעם בליטץ, האב איך בעמערקט, אז איך זיטץ נעבען א פעלזען, און איך האב אויך בעמערקט איין עפנונג וויא פון א העהל. אום מיך צו שיטצען פון דעם רעגען, בין איך אויפגעשטאנען, און בייא יעדען בליטץ־שיין, האב איך בעמערקט דעם וועג צו דער העהל, וואוהין איך בין ענדליך אריין.

איך האב נעטראפען שטרוי, וואו איך האב מיך אוועק געליינט, און טראטץ דעם שרעקליכען געוויטער וואס האט אנגעפאנגען, בין איך איינגעשלאפען.

ווען איך האב ערוואכט, האט שוין דיא זונן אריין געשיינט דורך דער עפנונג פון דער העהל.

דער פלאטץ האט מיך שטארק פעראינטערעסירט, און איך האב אנגע־פאנגען צו מאכען איין אונטערזוכונג וואס דארט איז.

איך האב נעטראפען נאך א קליינע און שמאלע עפענונג, וואוהין איך בין אריין געקראכען. דארט האב איך אנגעצונדען א שוועבעלע מיט אביסעל שטרוי.

אין א ווינקעל האב איך ערבליקט א שטיין, וועלכער האט אויסגעזעהען וויא אבזיכטליך אוועק געלייגט פון א מענשליכער האנד. איך האב דעם שטיין אויפ־געהויבען און דארט ענטדעקט 4 לעדערנע בייטלען. עס האט מיר ניט פיעל גע־נומען, צו ענטדעקען, צו מיין גרויסעם ערשטוינען, אז דיא בייטלען זיינען פול מיט גאלד.

איך וועל דא ניט פיעל בעמיהען דעם לעזער, און איהם נאר דערצעהלען, אז איך האב דיעזעס גאלד, איבער 400 טויזענד פראנקס, געבראכט נאך פאריז. וואו איך האב שפעטער ערפאהרען, אז העלאא דאנטאן, א בעריהמטער רויבער און אייגענטהימער פון דיעזען פערמעגען, איז גילאטינירט געווארען פאר א מארד.

איך האב מיט דיעזען געלד אנגעפאנגען צו ספעקולירען אויף דער בערזע, און, צו דער געגענווערטיגער צייט, בין איך א רייכער מאן, און איך טהו דאס, וואס איך רעכען פאר גוט.

אָבער צײַטענווײַז, ווען איך בלײַב מיט מיר אַליין און פּאַנג אַן איבערצוקלערען וואס מ׳האָט לעבען איז און צו וואָס לעבען צווע איך לעב, איז מיר אומגעגליך אַנצו נעהמען דיא אידעע, אַז איך לעב ווירקליך. מיר קומט עס פאָר, אַז איך גייע אַרום אויף׳ן עולם־התוהו.

אַה, ווירקליך, וואו איז דער־ענינער וואס זאָל אונז קענען בעווייזען, אַז דאס לעבען וואס מיר פיהרען, איז א ווירקליכקייט?

דאס לעבען! דאס לעבען! עס איז א שוידערהאַפטער און שרעקליכער חלום!

**ע נ ד ע**



# דיא בלוטיגע חתונה.

## 1.

אין דער מיהל פון דעם אלטען מערליער איז געווען זעהר יום־טוב'דיג אין דעם שעהנעם זומער־אבענד. אין הויף זיינען אוועק געשטעלט געוואָרען דרייא טישען, איינס נעבען אנאנדער, און אלע זיינען געווען פערשפּרייט מיט סלאָר־ווייסע טישטיכער פאר דיא געסט.

אללע איינוואָהנער פון דער געגענד ארום, האבען געוואוסט, אז אין דיעזען טאָג ווערט מערליער'ס טאָכטער, פראנסאאז, פערלאָבט מיט דאָמיניק, א יונגער מאן, וועלכער האט געטראָגען דעם נאמען פון א לומפּיגען לעדיג־געהער. אין דער־זעלבער צייט אָבער, האט מען אויך געוואוסט, אז דיא פרויען און מיידלעך פון 8 מייכּען ארום, קוקען אימער אויף דאָמיניק'ן מיט גלענצענדע אויגען פון ליעבע אָדער בעוואונדערונג.

דאָמיניק איז געווען ווירקליך זעהר א שעהנער מענש, טראָמץ דיא חסרונות וואס מען האט איהם צוגעשריעבען.

דעם אלטען מערליער'ס מיהל איז געווען נים אזא העררליכע געביידע, אָבער זיא האט אויסגעזעהען גאנץ שעהן און אנציהענד. זיא איז געשטאנען גראדע אין מיטעלפּונקט פון רעקרעז, נעבען דעם גרויסען וועג וואס צושיידט זיך.

דאס דאָרף האט געהאט בלויז איין שטראסע און צווייא רייהען הייזלעך זיינען געשטאנען איינע געגען אנאנדער. ארום און ארום דיעזע הייזער האבען זיך אויסגעבריימעט גרויסע פעלדער, וועלכע האבען אין פריהלינג אויסגעזעהען וויא גרינע דעקען, און פאר דעם הערבסט, ווען דיא תבואה איז פערטיג געוואָרען, האבען זייא פאָרגעשטעלט גאָלדענע לאָנקעס אָבגעטונקט אין דיא שטראהלען פון דער זונן.

רעכטס האבען זיך אויסגעברייטעט לאנגע רייהען בוימער, וועלכע האבען בעדעקט דיא טהאָלען מיט א ווייכען און שטילען שאטען.

אין גאנץ לאָטהרינגען, מסג מען זאָגען, איז נישטאָ נאָך אזא שעהנע, רוהיגע און פּאָעטישע געגענד. רעכטס און לינקס ליעגען גרויסע און טיעפע וועלדער מיט אור־אלטע בוימער, וועלכע ציהען זיך אזוי ווייט, אז עס דאכט זיך אויס, דאס זייערע גרינע קרוינען בעריהרען זיך מיט דעם בלויען הימעל.

איבערהויפּט איז אָבער רעקרעז בעריהמט מיט דער קיהלענדער און אנגע־נעהמע לופט, אין די צוויא הייסע זומער־מאָנאטען, יולי און אגוסט. דער טייך מאָרעל פליעסט געהיימניספאָל און טרוימעריש פון די גאני וועלדער, און דאס וואסער ברענגט מיט זיך דיא גאנצע קיהלקייט פון דער שטילער און בעדעקטער נאטור פון דיא גרינע וועלדער.

דאס אליין איז אָבער נאָך אויך נים דיא אורזאכע פון דער גאנצער קיהל־קייט: וואו מען געהט און וואו מען שטעהט, צווישען דיא בוימער און פעלדער, קען מען ערבליקען א קוואל ארויס פליעסען פון דער ערד. דיא קוואלען זעהען אויס פון וויימען וויא שפּיעגעלעך, און ווען מען קומט צו נעהנטער, זעהט מען א קריסטאל־קלארעס וואסערל ארויס לויפענדיג פון דער ערד, און מען קען אויך זעהען דעם קליינעם זאמד־באָדען וואס דער קוואל האט פאר זיך געמאכט. עס איז א פערגניגען זיך צו צובייגען און טרינקען פון אזא קוואל. דאכט זיך דיא זונן פון אויבען שלײדערט צרונטער ברענענדע שטראהלען, אָבער זיא קען נים דער־ווארעמען דיא קוואלען. דאס וואסער פליעסט אימער פון דאָרט קיהל און ער־פרישענד, און דער וואנדערער, טרינקענדיג פון דאָרט, שפּירט זיך געשטארקט און אויפגעמונטערט.

פון דעם ערשטען בליק דאכט זיך, אז עפּעס איין אונטערערדישער טייך דרינגט זיך ארויס מיט אלע מעגליכקייטען, און האט זיך געמאכט דיעזע אלע קאלטע קוואלען אלס איין אויסאטהמונג.

פון אלע זייטען זינגען דיא פייגעל, עס זשומשען דיא פליעגען און היישרעקען, און זיך אויסמישענדיג מיט דיא שטילע מורמלען פון דיא קוואלען, דאכט זיך, אז מען זיטצט ערגיץ אין א בעצויבערענדען גאָרטען.

דארף מען דאָרט האבען רעגען? יא, מען בענעטהיגט איהם, אָבער ווען ער זאָל נים קומען, וואָלט דיא אימער־פליעסענדע קוואלען געקענט גאנץ גוט נעהרען דיא פעלדער און העלפען דיא תבואה וואקסען.

דאס וואונדערבארסטע איז דער וואלד, וועלכער וועקסעלט זיינע קאָלירען עטליכע מאל אין זומער; אָט איז ער גרין, דונקעל גרין, העל־גרין, קופּער־קאָליר, זילבער־קאָליר, גאָלד־קאָליר, און פריה־מאָרגען, ווען א נעבעל הויבט זיך אויף

פון דאָרטען, דאַכט זיך, אז דיא נאַטור האט אויפגעהויבען דעם פאָרהאַנג פון א ביהנע און צייגט אונז דיא הערליכקייט פון לעבען, גענוס, שעהנהייט און רוה.

אָט דאָרט, אין יענער געגענד, איז געשטאַנען דעם אלטען מעלניקער'ס מיהל. דיא געביידע איז געווען פון ברעטער, ליים און שטיינער, און האט אויסגעזעהען אזוי אלט וויא דיא וועלט. ווירקליך, אין דער אימער יונגער און בליהענדער נאַטור, איז דאס א מערקווירדיגער און אנגענעהמער קאָנטראַסט, ווען מען זעהט פאר זיך איין אלטע געביידע וואס טראָגט אויף איהרע שולטער א טהייל פון דער אייביג־קייט.

דאס איז געווען א וואַסער־מיהל, און האט עראינערט איטער אן אלטערטהום. דיא געביידע איז געשטאַנען ביינאַהע א העלפט אין וואַסער, און עס האט זיך אויס־געוויזען, אז זיא באָדעט זיך אין דעם טייך.

פון איין זייט איז געווען אויפגעבויעט וויא א צאַם איינצוהאַלטען אביסעל דאס וואַסער, עס זאָל שטייגען העכער און דאַן אַרונטער פאַלען מיט מעהר קראַפט אויף דער גרויסער מיהל־ראָד וואס האט זיך דאָרט געדרעהט און מיטגעדרעהט דיא שטיינער אין דער מיהל, וואו זייא האבען בעדאַרפט טהון זייער ארבייט.

דיא ראָד איז געווען אלט, אביסעל פערפוילט און לויפענדיג האט זיא גע־סקריפּעט, געקרעכצט און צייטענווייז ארויס געלאָזען א טאָן וואס האט אויסגעזעהן וויא דער הוסט פון איין אסטהמא־קראַנקען.

ווען דיא איינוואָהנער האבען געראַטהען מעליטאַר'ן ער זאָל אריין שטעלען א נייע ראָד, פלעגט ער שאָקלען מיט'ן קאָפּ און זאָגען, אז א יונגע ראָד וואָלט געווען צו פויל און ניט געטהאָן דיזע ארבייט וואס דיא אלטע מאַכט. אויף דיזער ארט, האט ער אימער פערריכט דיא אלטע מיהל־ראָד מיט וואס עס איז איהם געקומען אין דיא הענד — ער האט צוגעשלאָגען ברעטלעך פון קאַסטענס, אריין גע־קלאַפּט אלטע צוועקעס, צוגעשלאָגען פערזשאַווערטע שטיקער אייזען און אריין גע־נאָסען צינק און בלייא.

דיא ראָד האט דערפאַר אויסגעזעהן וויא אויסגעפּוצט מיט פערשיעדענע פאַרבען און קאָלירען, און פון אלע זייטען האט זיא אויך געטראָגען דיא גרינע פאַרב פון אָנגעוואַקסענעם מאָך, וויא עס איז דער פאַל מיט האָלץ וואס ליעגט פיעל אין וואַסער.

ווען דאס וואַסער איז געלאָפען אויף דער ראָד מיט זיין זילבערנעם שטראָם, האט זיך דיא ראָד אויך בעדעקט מיט ליכטיגע טראָפּען, וועלכע האבען אויסגעזעהן וויא טהייערע פערלען.

דיא מיהל איז געשטאנען איבער דעם מאָרעל אויף גרויסע און שטארקע סטאָלבעס, און דאס וואסער איז געלאָפען פון אונטען. ווען דיא ראָד האט זיך אמאל אָבגעשטעלט און דער געוועהנליכער שוים איז פערשוואונדען, האט מען גע־קענט זעהען ארום שווימענדיג אין דעם קלאָרען וואסער, גרויסע פיש פון פער־שיעדענע מינים.

האלב צובראָכענע טרעפען האבען ארונטער געפיהרט פון דער מיהל־טהיר צום וואסער, וואו עס איז אימער געשטאנען צוגעאנקערט א קליין שיפעל.

אין דיא ווענט פון דער מיהל, זיינען געווען מעהרערע פענסטער, אָבער דיא אונרעגעלמעסיגקייט פון דיא פענסטער, האבען בעוויעזען, אז זייא זיינען ניט גע־מאכט געוואָרען פאר שיינקייט, זאָנדערן אויס נויטהווענדיג צו בעלייכטען דיא מיהל אינוועניג, און וואו עס האט בעססער געפאסט א פענטער, דאָרט האט מען עס געמאכט.

אונטערדעסען האט פון איין זייט מיהל, דאס הייסט, פון דעם באָדען, זיך גע־צויגען גרינע צווייגען מיט א סך בלעטער, וועלכע האבען בעדעקט היבשע טהיילען פון דער מיהל ארום־און־ארום.

יונגע דאמען, פון דיא שטעדט, וועלכע זיינען ארויס געקומען צייטענווייז אין יענער געגענד, און זייא האבען פערשטאנען דיא קונסט פון צייכנען, פלעגען זיך אָבשטעלען בייא מעליער'ס מיהל און דאס אָבצייכנען אויף פאפיר, דאמיט שפעטער צו מאכען דערפון א בילד.

נעבען וועג, איז שוין געשטאנען א ציעמליך גוטע געביידע. עס איז געווען א שטיינער צאם וואס האט זיך געעפענט אין א ברייטען הויף און געפיהרט צו א פאאר שפאכלערס און שטאלען. אין מיטען איז געשטאנען א גרויסער אייכען־בוים, וועלכער האט בעדעקט א העלפט פון דעם הויף מיט זיין שאטען. גאנץ ניעדריג, דאס הייסט, צום עק פון הויף, איז געשטאנען א צווייא־שטאָקיגע הויז מיט פיער פענסטער אין איין רייהע אויף דעם ערשטען שטאָק, און אויבען, אויף'ן דאך, איז געווען ערריכטעט א טויבען־הויז.

דיעזע פראָנט־וואנט, האט דער אלטער מערליער געלאָזען אָבקאלכען איין מאל אין 10 יאָהר. צור צייט וואס אונזער געשיכטע פאנגט אָן, איז דיעזע וואנט נאָר וואס אָבגעקאלכט געוואָרען און דיא ווייסקייט דערפון, האט בעלייכטעט כמעט דאס גאנצע דאָרף.

זייט צוואנציג יאָהר איז דער אלטער מערליער שוין געווען דער בירגער־

מייסטער פון דעם דאָרף רעקרעז. ער איז נעאַכטעט געוואָרען פאַר זיין פערטענען וואס עס איז איהם געלונגען צו ערשפּאַרען.

מען האט איהם נעשאַטצט, אַז ער פערמאָגט אונגעפעהר אַכציג טויזענד פראַנקס, וואס ער האט ערשפּאַרט נאָך שווערער מיה און ארבייט. און אַזאַ סומע, איז אין יענעם דאָרף נים געווען קיין קלייניגקייט.

ווען ער האט געהייראַטעט מיט פריילין ניארד, האט ער בייא איהר נענומען דיא מיהל אלס נדן, נאָר ער אליין, האט מעהר נים בעזעסען וויא זיינע צווייא שטאַרקע הענד צום אַרבייטען. אָבער מאַדעלע׳ן, דאס הייסט, פריילין ניארד, האט נאַכדעם קיין אורזאַכע נים נעהאט חרטה צו האבען אייף׳ן שידוך, ווייל מערליער איז געווען א מאַן וואס האט פערשטאַנען זיין פאַך און נעוואוסט וואס דאס הייסט האָרעווען און פערדינען געלד.

ווען זיין פרוי איז נעשטאָרבען, איז ער איבערגעבליעבען אַיין אַלטן מיט זיין איינציגער טאָכטער פראַנסאָאַז פאַר איהר צו זאָרגען.

עס איז קיין צווייפעל, אַז פיעלע אַנדערע אויף זיין שטעלע וואָלטען בעהויפּטעט, אַז דיא צייט איז געקומען צו רוהען און אָבלאָזען דיא מיהל זיא זאָל פערוואַקסען ווערען מיט בלעטער און גראָז, נאָר מערליער האט געוואוסט, אַז ער איז נים געבוירען געוואָרען ארום צו געהען לעדיג, און גלאַט זיטצען און עסען וואס ער האט אָבגעשפּאַרט, וואָלט איהם שנעל נמאס געוואָרען. ער האט געזעהען, אַז כל־זמן מען לעבט, מוז מען אַרבייטען, און דער וואס אַרבייט ניט, איז גלייך וויא טויט. ווענינסטענס האט ער אַזוי נעאורטהיילט איבער זיך אליין, און ער האט דערפאַר נים געקענט בייא זיך פועל׳ן, צו ווערען א לעדיג־געהער.

ער האט אַלזאָ פאָרטגעזעטצט זיין אַרבייט, און, וויא ער פלעגט זיך אויסדריקען, האט ער אימער בעהויפּטעט:

„איך אַרבייט נאָר צום אונטערהאַלט.“

דער אַלטער מערליער איז געווען א הויכער אַלטער מאַן, מיט א לאַנגעם און שמילעס געזיכט. מען האט איהם כמעט קיינמאָל נים געזעהען לאַכען, אָבער אין דער וואהרהייט געשפּראָכען, איז ער געווען אין זיין גייסט, זעהר א מונטערער און פרעהליכער מענש.

ער איז ערוועהלט געוואָרען אלס בירגערמייסטער, ווייל ער איז געווען רייך, אָבער אויך דערפאַר, ווייל ער האט געוואוסט וויא צו שפּיעלען דיא ראָלע פון זעהר איין ערהווירדיגען מאַן, ווען ער האט פערהייראַטעט א פּאַאַר פּאָלק.

פראַנסאַאַז מערליער איז אַלם נעווען אַקוראַט אַכטצעהן יאָהר. זיא איז נראַדע נים נערעכענט נעוואָרען אַלס איינע פון דיא נרויסע שעהנהייטען אין דאָרף; זיא איז נעווען דאַפיר אַביסעל צו צאַרט.

ביז צו איהר 11־טעם יאָהר, איז זיא נעווען נאָר א מיאוסקייט. ניעמאַנד אין יענער נעגענד, האט נעקענט בעגרייפען, וויא אַזוי מערליער מיט זיין פרוי, צווייא גאַנץ נעזונדע פערזאָנען, זאָלען האבען אזא קריינקליכעס און העסליכעס קינד. אָבער ווען זיא איז אַלט נעוואָרען פופצעהן יאָהר, אָבוואָהל נאָך אימער זעהר צאַרט, האט זיא שוין נעהאט דאס שענסטע נעזיכט וואס א מערכען פון איהרע יאָהרען קען האבען.

זיא האט נעהאט שוואַרצע האאר, שוואַרצע אוינען, און איהרע רויזען־באַקען, האבען זיך דערפאַר נאָך בעסער ארויס נעזעהען. איהר מויל, וואס האט כמעט אימער נעטראָגען א שמייכעל, איז נעווען פיין אויסנעבילדעט מיט צווייא רויטע ליפען, און איבער איהרע גלענצענדע אוינען האט זיך אויסנעברייטעט א ברייטער שטערען.

אין אזא נאַכבאַרשאַפט, וואו דיא נאַטור איז נים קאַרג מיט איהרע ברכות, ווערט ערוואַרטעט, אז יעדער איינוואָהנער זאָל אָפּשפּיענלען מיט זיין קערפּער דעם איבערפלוס פון נעזונדע שפייזען, פרישע לופט און זאָרגענלאָזינקייט. עס איז אלזאָ קיין וואונדער נים, אז פראַנסאַאַז, וועלכע איז נעווען א צאַרטע, האט טראָטץ איהר שעהנהייט, נים נעקענט דאָרט בעטראַכטעט ווערען אַלס דיא שענסטע. מען איז נעוואָהנט נעוואָרען אין רעקרעז, צו זעהען דיקע הענד, דיקע באַקען און ברייטע שולטערן. פראַנסאַאַז האט עס נים בעזעסען.

אונטערדעסען, איז נאָך נעווען א נרויסער אונטערשיעד פון איהר צאַרטקייט ביז צו דער צאַרטקייט פון א מאָגערעס שטאָדט־מערכען. עס איז קיין צווייפעל, אז אין פאַריז, וואָלט מען זיא בעטראַכט פאַר גאַנץ פעט.

אין אַלגעמיינעם איז זיא נעווען גליקליך און צופריעדען מיט איהר שיקזאַל. איהר פאַטער'ס אימער־ועהרענדעס שטילשווייגען, האט אויף איהר, נאָך פון קינדוויז אָן, נעמאַכט א גרויסען איינדרוק. יאַ, זיא האט אימער געלאַכט, אָבער דאס איז נאָר נעווען אין פרעמדער נעזעלשאַפט; ווען זיא איז נעזעסען אליין, איז זיא נעווען נראַדע אַזוי ערנסט און שטיל וויא איהר פאַטער.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז אַלע בחורים פון דאָרף, האבען זיך צו איהר נעשרבענט, און דער אמת איז, אז דאס איז נים נעווען אַזוי צוליעב איהר

שעהנחיים וויא צוליעב איהר געלד, חייל יעדער האט געוואוסט, אז דעם אלטען מערליער׳ס פערמעגען, וועט געהערען צו איהר. אָבער פראַנסאַאַז האט זיך נים געקענט אזוי לייכט צו קלייבען א חתן.

ענדליך, ווען זיא האט זיך שוין בעשלאָסען צו הייראטהען מיט א יונגען מאַן, האט איהר ענטשלוס ארויס גערופען א גרויסען סקאַנדאַל.

פון יענער זייט טייך מאָרעל האט געלעבט א יונגערמאַן מיט דעם נאמען דאָמיניק פענקער. ער איז אייגענטליך נים געווען פון רעקרעז, זאָנדערן נאר א פרעמדער.

מיט צעהן יאָהר צוריק, איז ער אהין געקומען פון בעלגיען, אום איבערצו־נעהמען א ירושה. זיינער איין אָנקעל, האט געהאט א שטיקעל באָדען און א הויז נעבען דעם גאַני וואַלד, און ווען דער אַלטער איז געשטאָרבען, איז דאָמאָניק ערשיענען און איבערגענומען דאס אייגענטהום. לוים וויא ער האט דאמאלס בעד הויפטעט, איז ער נאָר געקומען אום צו פערקויפען דעם באָדען און דאַן צוריק פאָהרען פון וואַנען ער איז געקומען. אָבער דיא תעררליכע געגענד, האט איהם אזוי בעצויבערט, אז ער האט זיך מעהר נים געקענט פון דאָרט אָבּיריסען.

מען פלעגט איהם זעהען בעאַרבייטען אביסעל דאס פעלד, צחאַמען נעהמען גרינצייג, אָבער אין אלגעמיינעם איז ער נים געווען קיין פלייס׳יגער ארבייטער. זיין צייט האט ער נאָר פערבראַכט אין געהען כאַפּען פיש און אויף דער יאָגד. ער האט אויך נים געוואָלט וויסען וואו עס איז יא ערלויבט צו געהען אויף דער יאגד און וואו נים; ער איז איבעראַל געגאַנגען, און אָבוואָהל דיא וואלד־וועכטער האבען איהם אייניגע מאל געוואָלט כאַפּען, איז עס זייא קיינמאל נים געלונגען.

דאס פרייע לעבען, דיא פרייע בעוועגונג און דאס אימער איינאטהמען נאַ־טור׳ס פערגניגען, איז פאַר דעם געבוירענעם בויער, וועלכער איז געוואָהנט פיעל צו אַרבייטען, אונפערשטענדליך, און אויף דיעזער ארט, האט דאָמיניק געקריגען א שלעכטען נאמען, און דיא בויערן האבען בעהויפּטעט, אז ער איז נאָר קיין לייט נים.

דיא וואָהרהייט איז, אז ער איז אויך געווען זעהר שטאַרק פויל, דען מען האט איהם פיעלע מאָל געזעהען ליעגען אין גראָז און טרוימען פון דעם הימעל׳ס בלוי־קייט, אנשטאַט צו ארבייטען וויא דיא צייט האט ערפאָרדערט.

דאס שטיבעל וואו ער האט געוואָהנט, צווישען דיא ערשטע בלעטער פון דעם הגדה, האט נים אריבערגעזעהן וויא דיא וואָהנונג פון איין ערהרליכען מאַן. עס

האט בעסער געמאכט דעם איינדרוק פון עפעס א וואלד־רויבער, וועלבער זוכט דיא איינזאמקייט.

טראָטץ דעם אלעמען, האבען איהם דיא מיידלעך אימער פערטהיידיגט און פאר איהם געהאלטען; דען דיעזער פוילענצער, וויא מען האט איהם גערופען, איז געווען א מערקווירדיגער שעהנער מענש; הויך און גראד וויא א פאלמען בוים, מיט זעהר א ווייסער הויט, און זיין קליינע באָרד מיט דיא האאר פון זיין קאָפּ, האבען געגלענצט וויא גאָלד אין שיין פון דער זונן.

אין א שעהנעם פריה־מאָרגען, איז פראנסאָאז ערשיענען פאר איהר פאטער, און נאכדעם וויא זיא איז עטליכע מאל רויט און בלאס געוואָרען, האט זיא איהם דערצעהלט, אז זיא ליעבט דאָמיניק'ן, און זיא וועט ניעמאלס חתונה האבען מיט אין אנדערן מאן.

מען קען זיך קוים א בעגריעף מאכען וואס פאר א שמערצהאפטען איינדרוק דאס האט געמאכט אויף מערליער'ן.

ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען צו זיין טאָכטער, איהר צוגעוואָרפען א בליק פול מיט בעדייטונג, אָבער, וויא געוועהנליך, האט ער גאר נים געזאָגט. וויא מיר האבען שוין פריהער בעמערקט, האט ער אימער אויסגעזעהען שטיל און נאכ־דענקענד, אָבער דיעזעס מאָל, איז דיא אינערע מונטערקייט, וואס האט זיך אָב־געשפּיעגעלט אין זיינע גלענצענדע אויגען, פערשוואונדען געוואָרען.

פאטער און טאָכטער האבען א גאנצע וואָך נים גערעדט איינער צו אנאנדער; פראנסאָאז איז אויך געוואָרען זעהר ערנסט.

וואס עס האט איבערהויפּט בעשעפטיגט דעם אלטען מערליער'ס געדאנקען, איז געווען, אויסצוגעפינען, וויא אזוי דיעזער יונגער פוילענצער, האט געקענט בע־צויבערן זיין טאָכטער.

צור צייט וואס זיא האט איהם דערצעהלט פון איהר ליעבע צו דעם יונגען מענשען, האט זיא אויך נים פערגעסען צו בעמערקען, אז זייא האבען נאך ביידע נים געשפּראָכען.

מערליער האט אָנגעפאנגען אויפצופּאסען, און ער האט אויסגעפונען, אז דאָמיניק ליעגט טעהרערע מאָל אין גראָז פון יענער זייט מאָרעל, און זעהט אויס צו דרעמלען. דער אלטער האט זיך ערקלערט, אז זיין טאָכטער האט זיך פערליעבט אין דאָמיניק'ן, בלויז פון זעהען.

דערווייל איז פאָראיבער נאך א וואָך. פראנסאָאז איז יעדעם מאָל ערנסטער

און שטילער געוואָרען. דער אַלטער מערליער האָט דאָס געזעהען, אָבער ער האָט נאָך אימער גאָר ניט געזאָגט.

דאַן, אין איין אבענד, האָט ער מיט זיך געבראַכט דאָמיניק'ן צו זיך אַהיים, כּהגע צו רעדען א וואָרט. פראַנסאָאַז האָט גראָדע דאמאלס געגרייט צו טיש. זיא האָט ניט אויסגעזעהען ערשטוינט, און האָט בלויז ארויף געשטעלט נאָך א טעלער אויף'ן טיש, און צונעלייגט א גאָפּעל מיט א מעסער. אונטערדעסען האָבען מעהר דיא רויזען אויף איהרע באַקען ווידער אמאל אָנגעפאַנגען צו בליהען, און ווען זיא האָט זיך אומגעווענדעט, האָט דער שמייכעל ווידער בעצויבערט איהר שעהנעס מויל.

דיא געשיכטע איז אַזוי געווען: גאַנץ פריה איז מערליער אוועק אויפזוכען דאָמיניק'ן, און ער האָט איהם געטראָפען אין זיין וואָהנונג. דאָרט האָבען ביידע מענער געשפּראָכען איבער דרייא שטונדען. ניעמאַנד האָט אמאל דערצעהלט וואָס זייא האָבען גערעדט, נאָר אַזוי פיעל איז בעקאַנט, דאָס ווען ביידע זיינען ארויס פון דעם שטיבעל, האָט דער אַלטער מערליער שוין בעטראַכט דאָמיניק'ן וויא זיין איינענער זוהן.

עס איז קיין צווייפעל, אַז דער אַלטער און קלוגער מאַן, האָט אויסגעפונען, אַז דאָמיניק, איז נאָך אַלעמען ניט קיין געפעהרליכער מענש, און אָבוואָהל ער איז אַביסעל פויל, איז ער דאָך א גאַנץ פיינער יונגערמאַן און ער פערדיענט זיין טאָכ־טער זאָל איהם הייראַטהען.

גאַנץ רעקרעז האָט דאַריעבער געשפּראָכען.

דיא פרויען, וועלכע האָבען ליעב געהאַט זיך אוועק צו שטעלען פאַר דיא טהירען און בעשפּרעכען אַלעס וואָס עס געהט פאָר אין דער סביבה, זיינען ניט מיעד געוואָרען צו דערצעהלען, וויא אַזוי מערליער האָט זיך בענאַרישט אויף דער עלטער און ער גיבט אוועק זיין טאָכטער, זיין איינציגעס קינד, צו אַזאַ טויגעניכטס וויא דאָמיניק.

מערליער ווידער, וועלבער האָט מעהרערע מאל געהערט דיא קריטיקען איבער איהם, האָט אויסגעזעהען זיך ניט צו בעקימערן, אָדער ער האָט זיך ניט געוואָלט בעקימערן, ווייל ער האָט קיינעם ניט געענטפערט.

עס איז אויך מעגליך, אַז ער האָט זיך עראינערט אָן זיין אייגענער פערזאָן, וויא אַזוי ער אליין האָט חתונה געהאַט. צו יענער צייט, לויט וויא ער האָט גע־קענט געדענקען, האָט ער ניט געהאַט א סו אין קעשענע. ער האָט געהייראַטעט *דיא שעהנע מאַרעלען און געגעבען איהר מיהל אַלס נדן; טראָמען דעם אָבער,*

איז ער נאכהער געוואָרען א גאנץ ניטצליכער מאַן פיר זיין פרוי — יא, פיעל ניטצליכער וויא אַנדערע, וואס האבען אליין געהאט געלד און מען האט זייא געלויבט און געריהמט אלס פעהיגע מענשען.

אונטערדעסען אָבער, האט דאָמיניק אליין פערשטאָפּט זייערע פיעלע מיילער דען הערענדיג, אז זיין איינציגער פעהלער בעשטעהט אין זיין פוילקייט, איז ער פּלוצלינג געוואָרען אונגעהייער פלייסיג, און יעדער איינער האט זיך געוואונדערט איבער זיין ארבייטזאמקייט.

און יא, דאָמיניק האט געקענט ארבייטען ווען ער האט געוואָלט און געהאט חשק דערצו.

עס האט פּאסירט גראדע דאמאלס, ווען דעם מילנערס איינציגער דיענער איז אוועק; דאָמיניק האט דאַן אום קיינעם פּרייז ניט געוואָלט צו לאָזען מען זאָל דינגען איין אַנדערען. ער האט אליין געטראָגען דיא זעק אריין און ארויס פון דער מיהל; אויפגעלאדען דיא זעק אויף דעם וואָגען און אוועק געפיהרט וואוהין מען האט געדארפט, און אויך שווער געקעמפפט מיט דער אַלטער ראָד, וועלכע פלעגט זיך וויא איינשפּארען, און פון דער העלער הויט ניט וועלען געהען. אלעס האט ער געטהאָן מיט אזא חשק און מיט אזא פלייסיגקייט, אז יעדער האט איהם אָנגעהויבען צו רעספּעקטירען.

דער אַלטער מערליער פלעגט זיך שוין דאַן פערגינען אביסעל אונטער צו שמייכלען. ער האט אָנגעהויבען שטאָלץ צו ווערען אויף זיין קינפטיגען איידעם, און ער האט זיך גערעכענט פּאר א גליק, וואס איהם איז געלונגען צו געפינען אזא תכשיט פאר זיין טאָכטער.

מערליער האט געקוקט מיט פערגניגען וויא דאָמיניק האט שווער געארבייט, און זיך געטראכט, אז ליעבע האט א געוואלטיגע קראפט איבער א מענשען, זאָגאר צו מאכען פון א פוילענצער איין ארבייט זאמען.

אין מיטען פון דיעזער שווערער ארבייט, האט פראנסאָאז פערגעטערט דאָמיניק'ן, און דאָמיניק האט אנגעבעטעט פראנסאָאז'ן. זייא האבען כמעט קיין וואָרט געשפּראָכען אונטער זיך, נאָר ווען זייא האבען זיך בעגעגענט, האבען זייא געשמייכעלט איינער צום צווייטען מיט דער גרעסטער ליעבליכער צערטליכקייט.

ענדליך, אין מיטען פון מאָנאט יולי, זיינען אויסגעשטעלט געוואָרען דיא דרייא מישטען אין מיטען הויף אונטער דעם גרויסען בוים. און אַלע פריינדע פון דעקלען

זיינען איינגעלאָדען געוואָרען צו קומען און פערברענגען דעם אבענד פון דער פער־לאָבונג.

ווען דער הויף איז שוין געווען פולל און יעדער איינער האט געהאלטען א גלאָז מיט משקה אין האנד, האט זיך דער אלטער מערליער אויפגעהויבען און געזאָגט:

„עס מאכט מיר פערגניגען, מיינע פריינדע, אייך אָנצוזאָגען, אז מיין פראנסאָאז וועט הייראטהען מיט יענעם יונגען חברה־מאַן, פון הייגט און א מאָנאט ציים, נראדע אים סאנט לואיס טאָג.“

דאַן האט יעדער בעריהרט דיא גלעזער און מען האט געטרונקען, שרייענדיג, „עס לעבע דאס יונגע פאארעל!“

דער אלטער מערליער, נאך אמאל אויפהויבענדיג זיין שטימע, האט ווייטער געזאָגט:

„דאָמיניק, אומארמע דיין כלה און גיב איהר א קוש, מיר אלע זאָלען עס זעהען. יא, יא, אזוי איז דער מנהג און דוא מוזט עס טהון.“

ביידע, דאָמיניק און פראנסאָאז, זיינען שטארק רויט געוואָרען, און וועהרענד יעדער האט געלאכט, האבען זייא זיך אומארמט און געקושט.

אך! וויא מונטער יעדער איז דאמאלס געווען!

א גאנצעס פעסעל וויין איז אויסגעטרונקען געוואָרען.

ווען יעדער פון דיא געלאדענע איז אוועק און נאָר דיא נאָהענטסטע פריינדע זיינען געבליעבען, האט זיך חתן כלה אוועק געזעטצט אויף א באנק און זייא האבען ביידע געשפראָכען.

דער הימעל האט זיך אויסגעשטרעקט און דיא שטערען האבען ארויס גע־פינקעלט וויא פון א טיעף־בלויען פאָרהאנג.

דאָמיניק און פראנסאָאז זיינען דאן געזעסען איינער נעבען אנאנדער און גע־שוויגען; זייא האבען ניט געהאט פיעל וואס צו רעדען, דיא שפראכע איז אויס־געפיללט געוואָרען דורך זייערע טיעפע ליעבעס געפיהלע.

איין אלטער בויער האט דערצעהלט וועגען דעם קריעג וואס דער פראנצויזישער קייזער האט ארויס גערופען געגען פרייסען. ער האט אויך דערצעהלט, אז כמעט אלע יונגע לייט פון דעם דאָרף, זיינען שוין אוועק אין מיליטער־דיענסט.

איין אנדערער בויער האט בעמערקט, אז מיט א טאָג פריהער, זיינען פאר־איינגעגאנגען גרויסע מחנות סאלדאטען פון דער אנדערער זייט וואלד. א דריטער

מאן האט בעמערקט, אז זעהר פיעלע פון די יונגע לייט, וועלען געוויס ניט צוריק קעהרען.

„מיין צוקינפטיגער איידעם, דאָמיניק," האט דער אלטער מערליער בעמערקט, „איז איין אויסלענדער, א בעלגיער, און ער איז ניט געצוואונגען צו געהן אין קריעג. אָבער דאָך, ווען די פרייסען זאָלען אהער קומען, וועט ער דאָ זיין בערייט צו פערטהיידיגען זיין פרוי."

די בעהויפטונג, אז עס איז מעגליך די פרייסען זאָלען קומען ביז רעקרעז, האט פאר יעדען אויסגעזעהען אלס זעהר א גוטער שפאס. יעדער האט זיך נאַטירליך פאָרגעשטעלט, מיט פאטריאָטישען שטאָלץ, אז די פרייסען וועלען קריעגען געבראָכענע ביינער, און דאס וועט געשעהען אזוי שנעל, אז זיי וועלען אפילו קיין צייט ניט האבען צו דענקען איבער פראנצויזישען באָדען.

„איך האב זייא שוין געזעהען, די נארישע פרייסען, אָה יא, עטליכע מאָל," האט דער אלטער בויער בעמערקט.

עס איז שטיל געוואָרען. דאן האט מען נאָך אמאל אָנגעקלאפט מיט די גלעזער און געטרונקען.

פראנסאָאז און דאָמיניק האבען גאר ניט געהערט. פאר זייא איז קיין זאך געווען אזוי וויכטיג און אינטערעסאנט וויא זייער ליעבע. אָהנע יעמאנד זאָל זעהען, האבען זייא אריעבער געליינט די הענד פון דער אנדערער זייט באנק, און זייא האבען זיך אָנגענומען. דיעזע בעריהרונג איז געווען אזוי זיס, אזוי היילינ און אזוי איבערנעבענד, אז אלעס ארום זייא האט אויסגעזעהען טויט, און זייערע בליקען האבען זיך פערלוירען אין דער טיעפער בלויקייט פון הימעל.

וואס פאר א וואַרעמע און הערליכע נאכט דאס איז געווען!

אין דערזעלבער צייט, האט אויך אָנגעהויבען אלץ רוהיגער און רוהיגער צו ווערען — דאס דאָרף איז לאנגזאם איינגעשלאָפען, גלייך וויא א קינד וואס האט זיך געשפיעלט א גאנצען טאָג און איז איינגעשלאָפען פאר מידקייט אויף זיין מוטער׳ס ארעם.

צייטענווייז האט זיך געהערט דאס קרעהען פון א האָהן, וועלכער האט, וויא עס שיינט, צו פריה ערוואכט.

פון די גרויסע וועלדער, אין צייטענווייז געקומען א קיהלער און אנגענעהמער ווינטעלע, וועלכער האט זיך צופאָכט מיט א בלוטען־גערוך איבער די דעכער.

דיא לאַנקעס, אייגנעהיעלט אין דיא שווארצע שאַטענס, האבען אויסגעזעהען צו דרעמלען אין נאַטור׳ס שויס, וועהרענד דיא וואַסערן, וואס זיינען געלאָפען, האבען אויסגעזעהען צו מורמלען עפּעס א געהיימניספאָלען נאַכט־שפּרוך.

צייטענווייז, האט דיא מיהל־ראַד, וועלכע איז געשטאַנען רוהיג, פּלוצלינג וויא ערוואַכט און אַנגעפאַנגען צו ברומען, וויא א געטרייער הויזהונד, וואס ברומט און האָוקעט פון שלאָף.

אין אַלגעמיינעם, האט אָבער געהעררשט א מאַיעסטעטישע רוהע און א געטטליכער פריעדען איבער דער גאַנצער געגענד, וואו דיא נאַטור איז געווען אַזוי רייך און שעהן.

**2.**

געראָדע מיט א מאָנאַט שפּעטער, אין סאַנט לואיס מאָן, איז דאס דאָרף רעקרעז געווען אין דער גרעסטער אונרוהע.

דיא פּרייסען, פון וועלכע מען האט געלאַכט און חוזק געמאַכט, האבען גע־שלאָגען דעם קייזער׳ס סאָלדאַטען, און זייא האבען מאַרשירט שנעל פאָרווערטס, זיך דערנעהנטערענדיג נאָך רעקרעז.

נאָך מיט א וואָך פריהער, איז שוין אָנגעצייגט געוואָרען, אַז דיא פּרייסען קומען.

מען האט פריהער געזאגט, אַז זייא זיינען אין לאָרמיער, דאַן אין גאָוועל, און פון דאָרט, נאַטירליך, ציהט זיך א גראָדע ליניע נאָך רעקרעז.

ווען מען האט דערפון ערפאַהרען, האבען דיא איינוואָהנער פון רעקרעז, ער־ווארטעט יעדען פריהמאָרגען, צו זעהען אָנקומען דיא פּרייסען פון דיא נאָני וועלדער.

דיא פּרייסען זיינען אָבער נאָך אימער ניט געקומען, און דאס האט דיא איינוואָהנער פון רעקרעז נאָך מעהר בעאונרוהיגט, ווייל זייא האבען אימער געלעבט אין אונגעוויסהייט.

מיט א נאַכט פריהער, פּאַרטאַג, איז פּלוצלינג געשלאָגען געוואָרען אַ־לאַרם. דיא איינוואָהנער האבען ערוואַכט אין גרויסער שרעק, און זייא האבען גע־הערט דעם גערויש פון מענשען אין דרויסען.

דיא פרויען זיינען געלאָפען אויף דיא קניען, געשריען, געוויינט און געבעטען, אָבער ווען מען האט דערזעהען, אַז דיא סאָלדאַטען טראָגען רויטע הויזען, האט מען שוין געוואוסט אביסעל צו עפענען דיא לאָדענס פון דיא פענסטער.

עס איז געווען איין אירטהום, אומזיסטיגע שרעק. אנשטאט דעם וואס מען האט געמיינט, אז עס זיינען ערשיענען פרייסען, איז עס נאר געווען איין אבטהיילונג פראנצויזישע סאלדאטען.

דער קאפיטאן האט באלד פערלאנגט צו זעהען דעם בירגערמייסטער פון דעם דארף. מען האט איהם אוועק געפיהרט צו דער מיהל וואו ער האט געהאט איין אונטעררעדונג מיט דעם אלטען מערליער.

דיא זונן איז אין יענעם טאג אויפגעגאנגען שעהן און מונטער. עס איז געוועזען א צייכען, אז אום מיטאג־צייט וועט עס זיין היים. איבער דיא וועלדער האט געפלאטערט א גאלדענעס ליכט פון דיא מארגען־שטראהלען, און ווייט אוועק, האט זיך אויפגעהויבען וויא א שעהנער ווייסער רויך וואס האט אין זיך געהאלטען דעם נעבעל פון דער נאכט.

דאס ריינע און שעהנע דארף האט ערוואכט אין דער קיהלער לופט, און דאס לאנד, מיט אלע טייכען און קוואלען, האט אויסגעזעהען בעהאנגען מיט שנירלעך טוטער־פערל, פון דיא טהוי־טראפען דער נאכט.

אבער, דיעזעס הערליכע נאטור־בילד און דיעזעס שעהנע וועטער, האט קיינעם ניט געמאכט לאכען און האט קיין פרעהליכקייט ארויס גערופען.

יעדער האט געזעהען דעם קאפיטאן פון דיא פראנצויזישע סאלדאטען ארום געהענדיג נעבען דער מיהל; ער האט מיט אויפמערקזאמע אויגען געשטודירט יעדעס הויז פון דער נאכבארשאפט. דאן איז ער אריבער פון יענער זייט טייך מארעל, און דארט האט ער שוין ארויס גענומען א שפאקטיוו און זיך גוט בעטראכט דיא געגענד. דער אלטער מערליער, וועלכער איז געווען מיט איהם, האט אויס־געזעהען זיך צו געבען דיא גרעסטע מיה אום אלעס צו ערקלערען און בעשרייבען דאס לאנד פון דער נאכבארשאפט.

דען דער קאפיטאן איז פערטיג געווארען מיט דיעזער אונטערזוכונגס־ארבייט, האט ער צוזאמען גערופען זיינע סאלדאטען און א דריטעל פון זייא פערטהיילט אין קליינע גרופען; א טהייל האט ער געשטעלט הינטער וועגט, הינטער בוימער, און א טהייל אין לעכער פון דער ערד. דיא גרעסטע אבטהיילונג, האט ער אריין גע־בראכט אין הויף פון דער מיהל.

דיא איינוואהנער האבען ניט געוואגט צו פרעגען דעם קאפיטאן וואס דאס בעדייטעט, אבער מען האט גאנץ גוט פערשטאנען, אז דארט וועט זיין א מלחמה.

אלס דער אלטער מערליער איז פערטיג געוואָרען מיט בעענטפערן פראגען דעם קאַפּיטאַן, און איז ווידער ערשינען אין דאָרף, האבען זיך ארום איהם גע־שטעלט מענער, פרויען און קינדער און געפרעגט וואס עס וועט פּאַסירען. ער האט בלויז געגעבען א לאַנגען שאָקעל מיט זיין קאָפּ און געשוויגען.

„צו וועלכען צוועק פרעגען זייא, דיא נאַראָנים?“ האט ער זיך געטראכט. „וועהען זייא דען נים, אז א בלוטיגע מלחמה דערנעהנטערט זיך?“

פראנסאָאז און דאָמיניק, זיינען געווען אין הויף פון דער וואָהנונג, און ווען מערליער איז אריין געקומען, האבען זייא איהם אַנגעקוקט שטילשווייגענדיג. ענדליך האט מערליער ארויס גענומען דיא לולקע פון זיין מויל און געזאגט גאנץ איינפאך:

„אך! מיין ארמע קינדער, מאָרגען וועט אייער חתונה נים קענען זיין!“

דאָמיניק׳ס ליפּען האבען זיך צוזאמענגעדריקט און זיין שטערן האט זיך פער־קנייטשט פון צאָרן. דאן האט ער זיך אומגעווענדעט און זיך אויפשטעלענדיג אויף דיא שפּיטץ פינגער, האט ער געהאלטען זיינע אויגען געריכטעט צו דיא גאַנצע וועלדער, פון וואַנען מען האט ערוואַרטעט צו זעהען דיא פּרייסען ערשיינען.

פראנסאָאז, בלאַס און זעהר ערנסט, האט זיך בעשעפטיגט מיט בעזאָרגען דיא סאָלדאַטען מיט מאַנכע קליינינקייטען וואס זייא האבען נאך בענעטהיגט.

און אין עק פון הויף, האבען א טהייל סאָלדאַטען זיך געקאָכט זייער מיטאג, און דיא איבריגע, פון וויַיטען האבען געלאַכט און געשפּאַסט.

אין דערזעלבער צייט האט דער קאַפּיטאַן אויסגעזעהען זעהר צופריעדען מיט דעם צושטאַנד. ער האט אליין אונטערזוכט אלע צימערן און דעם גרויסען קאָ־רידאָר פון דער מיהל, וועלכער איז געווען געגענאיבער דעם טייך. אויף זיין געזיכט האט זיך בעוויזען א צופריעדענער שמייכעל. דאן האט ער בעמערקט דעם אלטען מערליער נעבען ברונען. ער איז צוגעגאַנגען און זיך דאָרט געזעצט.

„מיין הערר,“ האט געזאגט דער קאַפּיטאַן, „איהר האט דאָ א פּאַלקאָמענע פעסטונג.“

„ווירקליך?“ האט מערליער געפרעגט.

„יא, אלעס איז אזוי פּאַסענד, אז בויען צו דיעזען צוועק, האט מען נאָר נים געקענט בעסער.“

„דענקט איהר, אז דאָ וועט טאַקי זיין דיא מלחמה?“ האט מערליער גע־פרעגט אבּיסעל נייגעריג.

„געווים."

„וואָרום ?"

„ווייל דער שונא מוז אנקומען אקוראט פון דיעזער זייט."

„ער האט אָבער נאך אנדערע וועגען" האט מערליער אָנגעוועגדעט.

„יאָ, דאס ווייס איך, אָבער אום איינצוזדרינגען אין דאָרף, מוז ער ערשיינען גראָדע געגענאיבער דיעזער מיהל."

„ווייסט איהר וויא שטארק דער פיינד איז ?"

„ניין, דאס ווייס איך נים גענוי."

„אָבער ווען דער שונא וועט זיין צאָהלרייך ?"

„דאן וועלען מיר איהם עטפפאנגען."

„אָבער איהר האט דאָך ווענינ סאָלדאטען ?"

„דאס מאכט נים."

„עס מאכט זעהר פיעל," האט מערליער בעמערקט נאכדענקענד.

„איהר האט רעכט, בירגערמייסטער, אָבער מען מוז זיך בעגעהען מיט וואָס עס איז דאָ."

„וועט איהר קעמפפען געגען א גרויסער איבערמאכט ?"

„יאָ, אפילו געגען צעהן רעגימענטען."

„דאס איז דאָך אבער איין אונגלייכער קאמפף ?"

„יאָ, נאָר איך קען מיר נים העלפען."

„וואָרום ?"

„ווייל אזוי זיינען מיינע בעפעהלע."

„אייערע בעפעהלע ?"

„דאס הייסט דיא בעפעהלע וואס איך האב ערהאַלטען."

„צו קעמפפען ?"

„יאָ, דאס הייסט, איך וועל דאָ מוזען דעם שונא צוריק האַלטען ביז אבענד און איהם נים לאָזען פאסירען."

„ערוואַרטעט איהר דיא פרייסען אַלזאָ נאך היינט ?"

„געוויס. לויט נאך מיין חשבון האבען זייא שוין דאָ בעדאַרפט זיין, און איך פערשטעה נים וואָרום דיא בעטלער קומען נאך נים."

דער מילנער האט אויסגעזעהען זעהר ערנסט און נאכדענקענד. אין זיין פאנטאזיע האט ער זיך שוין פאָרגעשטעלט דיא מיהל ברענענדיג וויא א ליכט; אָבער ער האט זיך נים בעקלאגט, דען עס וואָלט איהם גאר נים געהאָלפען. ער

האט געוואוסט, אז ער איז א פראנצויז, זיין לאנד שטעהט אין קריעג און ער מוז מיטליידען.

דאן האט ער בעמערקט:

„איך וואלט געזאגט, קאפיטאן, איהר זאלט זעהען בעהאלטען דאס שיפעל וואס שטעהט דארטען. אין יענעם ווינקעל, זעהט איהר, וואלט דאס שיפעל גע־קענט שטעהען גאנץ אונבעמערקט. מען ווייס ניט וואס עס קען פאסירען און איהר וועט עס נאך פיעללייכט בענעטהיגען.“

דער קאפיטאן האט נאכגעדענקט און געענטפערט:

„איהר האט רעכט.“

ער האט דאן געגעבען א בעפעהל צו א פאאר סאלדאטען צו בעהאלטען דאס שיפעל וואו דער מילנער האט אנגעציינט.

דער קאפיטאן איז געוועזען א מאן פון א יאהר פערציג, הויך און גראד גע־וואקסען מיט זעהר א גוטמוטהיגעס געזיכט.

די צוויי יונגע מענשען, פראנסאאז און דאמיניק, האבען איבער איהם געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק. ער האט זיך אזוי פעראינטערעסירט אין זיי, דאס ער האט אויסגעזעהען צו פערגעסען אין דעם קומענדען קאמפף.

ער האט נאכגעקוקט פראנסאאז'ן מיט זיינע גלענצענדע אויגען, און זיין בליק האט געציינט, אז ער בעטראכטעט דאס מעדכען פאר א שעהנהייט. דאן האט ער זיך געווענדעט צו דאמיניק'ן און געפרעגט:

„און איהר, מיין יונגע, וואס טהוט איהר?“

„פארלויפיג גאר ניט,“ האט דאמיניק געענטפערט.

„איהר זייט אלזא ניט אין דער ארמעע?“

„ניין.“

„ווארום?“

„ווייל איך בין איין אויסלענדער.“

„איין אויסלענדער?“

„יא.“

„פון וואנען?“

„א בעלגיער.“

דער קאפיטאן האט ניט אויסגעזעהען גאנץ צופריעדען מיט דיעזער ער־קלערונג.

אומגעריסען האט ער געזוואונקען אויף פראנסאאזען און געשמייכעלט, ווייא איינער רעדט:

„זיא איז יעדענפאלס איין אנגענעהמערע געזעלשאפט ווייא א באטערע קאנאנען.“

ווען דאמיניק האט געזעהען דעם קאפיטאן'ס מיענע, האט ער בעמערקט:

„עס איז אמת, איך בין איין אויסלענדער, אבער איך קען אריין שיסען א קוגעל אין איין עפעל אויף א שטרעקע פון 500 מעטער... זעהט איהר דארט מיין ביקס?“

דער קאפיטאן האט זיך אומגעקוקט און געזעהן דאמיניק'ס ביקס שטעהענדיג אנגעשפארט בייא דער וואנט.

„מיט דיעזער ביקס קען איך דאס מהון,“ האט דאמיניק ווייטער געזאגט.

„דאס איז זעהר גוט,“ האט דער קאפיטאן געענטפערט גלייכגילטיג, „עס איז מעגליך, אז אייער ציעל־שיסען וועט אייך היינט צו נוטץ קומען.“

פראנסאאז איז דאמאלס צוגעקומען ציטערענדיג אביסעל. אהנע זיך צו בעמערקען אום דיא מענער וואס זיינען געשטאנען ארום, האט זיא אויסגעשטרעקט איהרעביידע הענד, וועלכע דאמיניק האט גענומען אין זיינער, וויא אויסצודריקען דאס געפיהל, אז ער איז איהר בעשיטצער.

דער קאפיטאן האט ווידער געשמייכעלט, אבער ער האט מעהר גאר ניט געזאגט. ער איז געבליעבען זיטצען אויף זיין פלאטץ, מיט זיין שווערט צווישען ביידע קניען, און מיט זיינע אויגען האט ער געקוקט פערטראכט וויא אין א טרוים.

עס איז שוין געוועזן 2 אוהר, און עס האט אנגעפאנגען צו ווערען זעהר הייס.

איבעראל האט געהערשט א טויטע שטילקייט. אין הויף, אין שאטען פון דיא שפייכלערס, זיינען געזעסען דיא סאלדאטען און רוהיג געגעסען זייער מיטאג.

פון דעם דארף האט זיך קיין שארך געהערט. דיא איינוואהנער האבען זיך פערמאכט און פערשלאסען אין זייערע הייזער און ניעמאנד האט געוואגט ארויס צו קומען.

דאן האט איין התר, וועלכען מען האט פערגעסען אין דרויסען, אנגעפאנגען צו בילען.

פון דעם וואלד און לאַנקעס אין דער נאכבארשאפט, איז נאָר צייטענווייז גע־קומען א שטילל ווינטעלע וואס האט אָבגעקיהלט דיא ברענענדע היטץ.

א קרקו פוינעל האט זיך געהערט פון גאנץ ווייט. דאן האט זיך דיא שטיל־קיים אויסגעברייטעט אין יעדען ווינקעלע פון דער געגענד.

אזוי זיינען פאַראיבער א צוואנציג מינוטען, ביז דיא שטילקיים איז פלוצלינג אתמערבראָכען געוואָרען דורך דעם קראך פון א ביקס.

דער קאפיטאן איז אויפגעשפרונגען פון זיין פלאַטץ אזוי שנעל, גלייך ווי איהם אליין וואָלט דער שוס געטראָפען. דיא סאָלדאטען, וועלכע זיינען נאך נים אין גאנצען פערטיג געווען מים זייער עסען, זיינען אויך אויפגעשפרונגען צוריק לאָזענדיג דיא שפייזען.

אין איינינע סעקונדען צייט, איז יעדער איינער געווען אויף זיין בעשטימטען פלאַטץ, פאָלקאָמען פערטיג צו דער מלחמה. דיא מיהל איז געווען בעזעטצט איבעראל.

דער קאפיטאן, וועלכער איז וועהרענד דעם ארוים אויף'ן וועג און געקוקט אויף זיין שפאקטיוו אין אלע זייטען, האט נאך ניעמאנדען ענטדעקט. רעכטס און לינקס, וואו דער וועג האט זיך אויסגעברייטעט, איז אלעס געווען שטיל, רוהיג און ווי אויסגעשטאָרבען.

עס האט דאן נים פיעל געדויערט, און א צווייטער קראך האט זיך געהערט; מען האט אָבער נאך אימער קיינעם נים געזעהען. אונטערדעסען האט דער קאַ־פיטאן אנגעשטרענגט זיינע אויגען און דאן בעמערקט פון צווישען דיא בוימער ווייט אין וואלד, אויפשטייגענדיג א דינעם און ווייסען רויך. זאָנסט איז אלעס געווען גאנץ רוהיג.

„דיא לומפען האבען זיך בעהאלטען אין וואלד," האט דער קאפיטאן גע־מורמעלט. „זייא וואגען נים זיך צו צייגען אין דער פרייהייט; עס שיינט, אז זייא ווייסען, דאס מיר זיינען דאָ."

דאן האבען דיא ביקסען פון דיא פרייסען אָנגעפאנגען צו שיסען עפטער, און דיא פראנצויזען האבען געענטפער. אָבערביידע פארטייען האבען זיך נים געזעהען; דיא פרייסען זיינען געווען בעהאלטען צווישען דיא בוימער און דיא פראנצויזען אין דער מיהל.

דיא קוגלען זיינען געקומען ווי א האָגעל איבער דעם שלייף, אָבער זייא האבען נאך קיינעם נים געטראָפען.

דיא פרייסען, פון צווישען געביש, האבען געשאָסען אונרעגעלמעסיג, און אלעס וואס מען האט געקענט זעהען פון וויטען, איז געוועזן דער רויך פון זייערע ביקסען אויפשטייגענדיג אין דער ריינער לופט, און דאן ווי דער ווינט האט איהם פער־טריעבען.

דאס האט געדויערט אונגעפעהר א פאאר שטונדען. דער קאפיטאן, וועלכער איז געוועזן צופריעדען מיט דעם צושטאנד, האט אויסגעזעהען גאנץ גלייכגילטיג און ער האט זיך געזונגען גאנץ שטיל עפעס א ליעדעל.

פראנסאָאז און דאָמיניק, וועלכע זיינען געשטאנען אין הויף אונטער דעם שוטץ פון דער שטיינערנער וואנט, האבען זיך אויפגעשטעלט אויף די שפיטץ פינגער, אום אריבער צו קוקען און זעהען וואס עס געהט פאָר.

דיא זיינען איבערהויפט געוועזן שטארק פעראינטערעסירט אויפצופאסען א קליינעם סאָלדאט, וועלכער איז געשטאנען ביים ברעג פון דעם טייך אונטער דעם שוטץ פון א צובראָכענעס אלטעס שיפעל. ער איז געלעגען אויף זיין בויך און אויפ־מערקזאם געזוכט א געלעגענהייט צו שיסען אין א ריכטיגען ציעל. ווען ער האט עפעס ערבליקט, האט ער זיך בעסער אויפגעהויבען און אָבגעשאָסען זיין ביקס, דאן האט ער זיך צוריק געלייגט און נאך אמאל אָנגעלאדען זיין געוועהר. זיינע בעווע־גונגען זיינען געווען אזוי לייכט וויא פון א קאטץ, און ער האט געקענט זעהר פיעל פעראינטערעסירען א צושויער.

פלוצלינג האט ער זיך שנעל אויפגעהויבען, צוגעלייגט דיא ביקס צו זיין שולטער, און, וויא עס שיינט, האט ער געווים בעמערקט דעם קאָפ פון א פרייס. אָבער נאך איידער ער האט צייט געהאט אויסצושיסען, האט ער פלוצלינג ארויס געלאָזען א פערצווייפעלטען געשרייא, און איז צוריק געפאלען זיך ארונטער קייקלענדיג אין טהאָל, וואו זיינע פיס האבען זיך קאָנוואולסיוו אויסגעצויגען, און ער איז געבליעבען ליעגען טויט וויא א געשלאכטעטע הוהן.

דער ארמער סאָלדאט האט געקריעגען א קוגעל גלייך אין דער ברוסט און זיין האַרץ איז דורכגעבויערט געוואָרען. ער איז געוועזן דער ערשטער מאן, פון דיא פראנצויזען, וואס איז אין יענעם טאָג דאָרט דערהרג'עט געוואָרען.

פראנסאָאז, זעהענדיג דיעזעס בילד, האט זיא אויפגעציטערט, און אָנ־כאפענדיג דאָמיניק'ן בייא דער האנד, האט זיא איהם נערוועז צוזאמענגע־דריקט.

„שטעהט ניט דאָרט,“ האט דער קאפיטאן געזאָגט. „דיא קוגלען גרייכען ביז אהער.“

וועארענד דעם, האט זיך געהערט וויא א שארפער שנים אין דעם גרויסען בוים פון מיטען הויף, און א צווייג איז נאכהער ארונטער געפאלען. א קוגעל וואס האט אהין געטראפען, האט דיא צווייג אבגעבראכען.

אבער דיא חתן כלה, וויא פערשטיינערט, האבען זיך ניט געריהרט פון דעם פלאטץ. עס האט אויסגעזעהען, גלייך וויא זייא זיינען בעצויבערט געווארען און ניט געוואוסט וואס זייא זאלען טהון.

פון נעבען וואלד, האט זיך געקענט זעהען א דייטשער סאלדאט ארוים שפרינגענדיג, דאן האט ער אויפגעהויבען זיינע ביידע הענד, גלייך וויא ער האט עפעס געוואלט אנכאפען אין דער לופט, און אין נעכסטען אויגענבליק האט ער זיך אנגעהויבען צו שאקלען וויא א שיכור און איז אומגעפאלען טויט.

דאן האט מען מעהר קיין זאך געזעהען.ביידע טויטע מענער, האבען אויסגעזעהען, לוים וויא זייא זיינען געלעגען, אז זייא האבען איינגעשלאפען אונטער דיא ברענענדע שטראהלען פון דער זונן.

פלוצלינג האט אויך דאס שיסען אויפגעהערט. דיא שונאים האבען זיך וואהרשיינליך מעהר ניט געזעהען און זייא האבען ניט געוואלט אבפייערן זייערע ביקסען אומזיסט. א שטילקייט האט איינגעטרעטען און דאס מורמלען פון דיא וועללען אין טייך מארעל, האט זיך געהערט גאנץ דייטליך.

דער אלטער מערליער האט געבליקט צום קאפיטאן מיט ערשטוינונג, גלייך וויא ער וואלט וועלען פרעגען:

„איז דאס אלעס? איז דיא מלחמה שוין פאראיבער?"

אבער ער האט געשוויגען און זיך געטראכט, אז מען דארף אבווארטען וואס ווייטער וועט זיין.

עס האט ניט פיעל געדויערט און א פאאר ביקסען האבען ווידער אויסגע־קראכט. מערליער האט געבליקט ארום זיך און דערזעהען זיין טאכטער מיט דא־מיניק'ן ביים פארקען.

„געהט אוועק פון דארטען!" האט ער געשריען, „פאסט אויף! אום נאטעם ווילען, געהט אוועק!"

ער איז נאך ניט פערטיג געווארען מיט זיינע ווערטער, ווען א גאנצער רעגען קוגלען איז אנגעקומען. עס האט אויסגעזעהען, גלייך וויך דער גרויסער און אלטער אייכען־בוים, איז אין גאנצען צערשמעטערט געווארען. א גאנצער הויפען צווייגען פיט בלעטער איז ארונטער געפאלען און שטיקלעך בלעטלעך, וויא פעדערן, זיינען צוטראגען געווארען פון דעם ווינד אין אלע זייטען.

גליקליכערווייזע, האבען דאמאלס דיא פרייסען צו הויך געשאָסען.

ראָטיניק האט ערוואכט נאך דיעזען שטורם, און אָנגעהמענדינג פראנסאָדן, האט ער זיא ביינאהע אוועק געטראָגען פון דאָרטען. דער אלטער מערליער איז זייא נאכגעגאנגען שרייענדינג:

„וואס איז דאס מיט אייך? שטעהט ניט דאָ! געהט אריין אין א קליינעם קעלער, בלייבט דאָרט; דיא וועגט זיינען דאָרט שטארק גענוג, אז דיא פרייסישע קוגלען קענען זייא ניט לעברעכן.“

אָבער זייא האבען איהם ניט געפאָלגט. אנשטאט איהם צו הערען, זיינען דיא אריין אין גרויסען קאָרידאָר, וואו צעהן סאָלדאטען האבען זיך געפונען.

דיא לאָדענס פון דיא פענסטער אין קאָרידאָר, זיינען געוועזען פערמאכט, און דיא סאָלדאטען, מיט געלאָדענע ביקסען האבען ארויס געקוקט דורך דיא שפארינעס און אָבגעצווארט א געלעגענהיים צו שיסען ווען זאָלען דערזעהען דעם שונא.

דער קאפיטאן אליין איז געבליעבען אין הויף. ער האט זיך אָנגעבויגען אונטער דער שטיינערנער וואנט און ארויס קוקענדינג דורך א לאָך, האט ער אויפגעפאסט יעדען מעגליכען צופאל, און געגעבען דיא נעטהיגע בעפעהלע.

דיא סאָלדאטען, וועלכע זיינען אוועק געשטעלט געוואָרען אין דרויסען, האבען זיך יעדעס מאל לאנגזאם צוריק געצויגען. אויף דיעזער ארט, האבען זייא אָנגע־פאנגען איינציגווייז אריין צו קומען, ווייל עס איז אונמעגליך געוועזען זייא זאָלען נאך האלטען זייער פלאטץ, נעגען דער מאסע קוגלען וואס איז יעדעס מאל געקומען אלץ געדיכטער און געדיכטער.

דער קאפיטאן האט געוואוסט, אז עס איז אונמעגליך פאר איהם ארויס צו טרעטען אויף א עפענטליכען שלאכטפעלד און פיהרען דיא מלחמה. דיא דייטשען זיינען געוועזען מעהר וויא צעהן מאל אזוי פיעל, כויט דעם צאָהל פון זיינע סאָלדאטען. ער האט נאָר געהאט בעפעהלע, צוריק צו האלטען דיא פרייסען ביז נעגען אבענד, און, צו דיעזען צוועק, האט ער ניט געוואָלט אויסזעטצען זיינע סאָל־דאטען צו געפאהר. ער האט זייא אליין געהייסען זיך צוריק ציהען, זיך בעהאלטען אזוי גוט וויא מעגליך און נאָר אויפפאסען, אז דאָרט וואו דער שונא ערשיינט, זאָל ער צוריק געטריעבען ווערען.

דער קאפיטאן האט אויך געוואָלט, דאס דיא פרייסען זאָלען ניט וויסען וויא קליין דיא פראנצויזישע מאכט איז, און דערפאר האט ער עס געפונען פאר ראטה־זאם, זיינע סאָלדאטען ניט ארויס צו פיהרען אין אָפענעם קאמפף.

א שטאדט אין פאָראיבער.

דער פערזשענט איז צונעקומען צום קאפיטאן און רעפארטירט:

„העדר קאפיטאן, מיר האבען נאך בלויז דריי סאלדאטען אין דרויסען ביים לינקען פליגעל."

דער קאפיטאן האט ארויס גענומען זיין אוהר, און דאן האט ער געמור־מעלט:

„ערמוטהיגט זייא. מיר מוזען נאך האלטען דיעזען פלאטץ גאנצע פיער שטונדען, איהר הערט, דאס מוז געשעהען אונבעדינגט."

ער האט דאן געהייסען פערשליעסען דעם טויער פון הויף, און אלע פאר־בערייטונגען זיינען געמאכט געווארען צו לייסטען א הארטנעקיגען ווידער־שטאנד.

דער קאפיטאן האט גאנץ גוט געוואוסט, אז כל־זמן דיא פרייסען וועלען נאך זיין פון יענער זייט טייך, האט ער נים וואס מורא צו האבען פון קיין שטארקען אנגריף. עס איז אלוא געווען דיא הויפטזאך, זייא ניט צו לאזען פאסירען דעם טייך.

מערליער האט אפילו מיטגעטהיילט דעם קאפיטאן, אז עס געפינט זיך א בריק איבער דעם טייך, מיט א מייל ווייטער, אבער, לויט דער בעשרייבונג, האט דער געניטער קאמאנדאנט געוואוסט, אז דיא דייטשען זיינען מיט דיעזען פאקט נים בעקאנט, און וואס עס אנבעלאנגט, דיא פרייסען, זאלען גלאט וועלען אריבער שווימען דעם טייך, האט זיך נים געגלויבט, ווייל דאס וואלט געווען א צו געוואגטע אונטערנעהמונג.

דאס איינציגע מיטעל איז פארלויפיג געווען, אויפצופאסען איבער דעם גראדען וועג וואס האט געפיהרט פון דעם וואלד צום טייך. דאס האבען דיא פראנצויזען אויך געטהאן, און יעדע אנשטרענגונג איז געמאכט געווארען, צו בעגעגענען אירגענד א גרופע דייטשען, מיט א רעגען קוגלען.

אונטערדעסען האט דיא שיסערייא ווידער אויפגעהערט. דיא מיהל האט אויסגעזעהען וויא טויט, קיין לעבעדיגע זעעלע האט זיך בעוויעזען.

אבער דיא פרייסען האבען זיך דאן אנגעפאנגען איינציגווייז מעהר ארויס צו ציינען פון צווישען דיא בוימער אין וואלד. זייא האבען אנגעהויבען ארויס צו שטעקען דיא קעפ און געוואגט ווייטער צו געהען אלס פריהער.

וועהרענד דיעזער סצענע, האבען איינינע סאלדאטען פון דיא מוהין ארויס געשטעקט זייערע ביקסען און זיך פארבערייטעט צו עמפפאנגען מיט טוט און פער־דערבען דיא דייטשע סאלדאטען.

„ניין, אויסוואַרטען!" האָט דער קאַפּיטאַן קאָמאַנדירט. „לאָזט זיא אַביסעל מעהר אַרויס קומען."

אָבוואָהל דיא פּרייסען האָבען ביז יעטצט נים געוואוסט גענוי וואו דיא פראַנצויזען ליגען בעהאַלטען, האָבען זייא דאָך אָבער געמערקט, אַז דאָס פייער דאַרף קומען פון דער מיהל, ווייל זיא איז דיא נאָהנטסטע געביידע צום וואַלד, פון אַלע אַנדערע הייזער אין רעקרעז.

זייא האָבען אַלזאָ בעטראַכט דיא מיהל מיט פערדאַכט. זייא האָבען געבליקט צו דיעזער אַלטער געביידע פון אַלע זייטען, אָבער דיא בלעטער וואָס האָבען כמעט בעדעקט אַלע ווענט, האָבען אַלעס בעהאַלטען אין אַ טרויעריגעס שטיל־שווייגען.

ענדליך זיינען אַרויס געקומען אַ פופציג דייטשען אויף'ן פרייען פעלד און זייא האָבען געוואָלט געהען ווייטער.

„יעטצט, קינדער," האָט געזאָגט דער קאַפּיטאַן. „פּאַסט אויף און פערלירט קיין קוגעל אומזיסט. שיסט!"

אַ לאַנג־געצויגענער קראַך האָט זיך געהערט, נאָך וועלכען איינציגע שיסע האָבען געפאַלגט.

פראַנסאַאַז, ציטערענדיג אין איהר גאַנצען קערפּער, האָט צונעלייגט ביידע הענד צו דיא אויערן, טראָטץ דעם וואָס זיא האָט פּראָבירט זיך צו האַלטען קאַלט־בלוטיג.

דאָמיניק, שטעהענדיג הינטער דיא סאָלדאַטען, האָט צוגעקוקט וואָס עס איז פאָרגעגאַנגען און קיין וואָרט געזאָגט.

ווען דער רויך פון דיא ביקסען איז אוועק, האָט ער געזעהען 8 פּרייסישע סאָלדאַטען ליגענדיג אויסגעשטרעקט אויף'ן גראָז. דיא איבריגע זיינען וואַהרשיינליך צוריק געלאָפען אין וואַלד אום זיך צו שיטצען.

אָבער דיא רעכטע מלחמה האָט ערשט דאַמאַלס אָנגעפאַנגען. דיא דייטשען האָבען שוין געוואוסט פון וואַנען דער שונא שפּייט אויף זייא מיט פייער, און זייא האָבען נים אויפגעהערט צו שיסען אויף דער מיהל.

אַ גאַנצע שטורע דורכאַנאַנד האָט געדרענגט מיט קוגלען און דיא מיהל איז געלעבערט געוואָרען אויף פיעלע פּלעטצער.

דיא קוגלען האָבען אָבער נאָר דורכגעדרונגען האַלץ, און ווען זייא האָבען גע־טראָפען אין אַ שטיין, האָט מען געקענט הערען וויא זייא האָבען זיך צוזאַמענגע־פּלעטשט און צוריק געפאַלען מיט אַ פּליוסק אין וואַסער.

צייטענווייז, האט מען אויך געקענט הערען א קראך, מיט א זעלטענעם טאָן, ווֹעלכער האט אָנגעציינט, אז א קוגעל האט געטראָפען אין דעם אייזערנעם טהייל פון דער מיהל ראָד. ווען א קוגעל האט געטראָפען אין דיא היצערנע טהיילען פון דער ראָד, האט מען ניט געהערט, ווייל דאס נאסע האָלץ האט אונטערדריקט דעם קלאפּ.

דיא פראנצוזען פון דער מיהל, האבען געפאַלגט דעם קאַפּיטאַן און ניט געשפּענדעט לייכטזיניג זייערע קוגלען; זייא האבען נאָר געשאָסען דאמאלס, ווען זייא האבען געזעהען דעם שונא.

יעדעס מאָל האט דער קאַפּיטאַן אָלץ געקוקט אויף זיין אוהר.

„עס איז ערשט פיער א זייגער,“ האט ער געמורמעלט, און אויף זיין געזיכט האט זיך געציינט א פינסטערער שאטען, „איך האב מורא, אז מיר וועלען ניט קענען אויסהאַלטען.“

בייא דיעזע ווערטער האט א קוגעל דורכגעבויערט א לאָדען און איז דאן אריין אין דער סטעליע.

עס איז געווען א מערקווירדיגער שוס, אָבער אין א מלחמה־צייט זעהט מען דאס זעהר אָפט.

דיא גאנצע מיהל האט געציטערט פון דער שרעקליכער ביקסען־באָמבארדע. פּלוצלינג איז א גאנצער לאָדען צערשמעטערט געוואָרען און איז ארונטער גע־פאַלען.

דיא סאָלדאטען האבען דאן שנעל פערשטעלט דאס פענסטער מיט א מאטראץ.

דער אַלטער מערליער האט זיך מעהרערע מאָל אויסגעזעצט דער געפאהר און זיך געציינט אויף דער עפענטליכקייט, אָבער דאס איז געווען, ווייל יעדער שוס אין דער ראָד, האט איהם געגעבען א ריס אין הארצען, און ער האט געמוזט זעהען ווִיא ווייט דער שאדען געהט.

ער האט זיך איבערציינט, אז היינט האט שוין גענומען א סוף פון זיין אַלטער מיהל־ראָד, מעהר וועט זיא ניט טויגען, און ניעמאנד וועט זיא נאך קענען פער־ריכטען.

דאָמיניק האט געבעטען פראנסאאז׳ן זיא זאָל אוועק געהען, אָבער זיא האט ערקלערט, אז זיא בלייבט נעבען איהם. זיא האט זיך דאן אוועק געזעצט הינטער א גרויסען קלאָטץ און אָנגעווענדעט אַלעס מעגליכע צו זיין רוהיג און זיך ניט בעך־קימערן אום דער מלחמה.

יא, פראנסאאז האט געוואָלט צייגען פאר איהר חתן, אז דא האט מוטה און שרעקט זיך נים. דאָמיניק האט זיך אונטערדעסען געשטעלט פאר פראנסאאזין, גלייך וויא ער וואָלט זיא וועלען שיצען מיט זיין אייגענעם קערפּער.

דאָמיניק האט געהאלטען דיא ביקס אין זיינע הענד, אָבער ביז דאמאלס האט ער מעהר נים וויא צוגעקוקט, אָבער נים געשאָסען. ער האט אויפמערקזאם געבליקט צו דיא סאָלדאטען, וועלכע זיינען געשטאנען בייא דיא פענסטער, און בייא יעדען קראך פון זייערע ביקסען, האט דיא גאנצע געביידע געציטערט.

„פּאסט אויף! פּאסט אויף!“ האט דער קאַפּיטאן פּלוצלינג אויסגע־שריען.

דיא אורזאכע פון דיעזען געשרייא איז געווען, ווייל דער קאפּיטאן האט גראדע דאמאלס ערבליקט איין אונגעהייערע גרויסע מאסע דייטשע סאָלדאטען ארויס קומענדיג פון דעם וואלד, און אין נעכסטען אויגענבליק איז אויך געפּעפּט געוואָרען א שרעקליכעס פייער פון דיא פּרייסישע ביקסען.

נאך א לאָרען איז צערשמעטערט געוואָרען און ארונטער געפאלען, צוריק לאָזענדיג איין אָפענעם פענסטער, וועלכעס האט געדיענט אלס א גוטען ציעל פיר דיא דייטשען.

צווייא פראנצויזען האבען צוזאמען געבראָכען און זיך אוועק געקייקעלט אויף דער ערד, געטראָפען פון דעם שונא'ס קוגלען. איינער איז געבליעבען ליעגען בע־וועגונגסלאָז וויא א שטיק האָלץ; זיינע קאמעראדען האבען איהם באלד אָבגע־שטויסען אויף א זייט, כדי ער זאָל נים זיין אין זייער וועג. דער אנדערער האט זיך געוואָרפען וויא א נים־דערקוילעטער אָקס, און געשריען און געבעטען זיינע קאמע־ראדען, זייא זאָלען מאכען א סוף פון איהם.

„מיין גאָט! מיין גאָט!“ האט ער געקלאָגט. „דער שמערץ איז אונגעהייער. שיסט מיר יעטצאנד אריין א קוגעל אין קאָפּ און מאכט איין ענדע פון מיר. האט ערבארמען...“

אָבער קיינער האט איהם נים געהערט.

דיא קוגלען זיינען געקומען שנעלער און געדיכטער. יעדער איינער האט געזוכט א פּלאטץ וואו זיך צו שיטצען און א לאָך פון וואנען ארויס צו שיסען.

דאן איז א דריטער סאָלדאט פערוואונדעט געוואָרען.

דיעזער האט קיין וואָרט געזאגט און זיך נים בעקלאָגט; ער האט נאָר גיגדערגעזונקען צו דער ערד און זיך צוגעהאלטען מיט איין האנד אן טיש. זיינע

אריגען האבען געבליקט אנפאנגס ווילד, פערלאָפען מיט בלוט, און דאַן האבען די אויגען אָנגענומען א קאָליר פון גלאָז און עס האט אויסגעזעהען, אז ער זעהט שוין מעהר ניט דאס ליכט.

נגענאיבער דיעזער סצענע פון טויט און פערדערבען, איז פראַנסאָאַז געזעסען. א שוידער איז געלאָפען איבער איהר לייב און דיא צייהן אין איהר מויל האבען גע־קלאפט וויא פון א פיעבער. זיא האט דאַן מעכאניש אוועק גענומען דאס ביינקעל פון אונטער זיך און זיך ארונטער געלאָזען ניעדרינגער, וואו זיא האט געשפירט, אז זיא איז בעסער געשיטצט.

אין דערזעלבער צייט, האבען א טהייל סאָלדאטען אויפגעזוכט אלע מאטראַצען פון הויז, זייא אריין געבראכט און אָנגעפאנגען צו פערשטעקען דיא אָפענע פענסטער. דער קאָרידאָר האט אָנגעהויבען אָנגעפיללט צו ווערען מיט צובראָכענע לאַדענס, שטיקער פענסטער, גלאָז, צערשמעטערטע ביקסען און צערשטערטעס מעבעל.

„פינף אוהר,“ האט דער קאפיטאן געמורמעלט, „מוטה, מיינע בראַווע סאָל־דאַטען! מוטה, קינדער! יעטצט איז דיא צייט איהר זאָלט צייגען וויא בראַוו איהר זייט. זעהט, זייא דערנעהנטערן זיך און וועלען פראָבירען אריעבער צו געהן דעם טייך. פאסט אויף!“

גראַדע וויא דער קאפיטאן האט געענדיגט זיינע ווערטער, האט פראַנסאָאַז ארויס געלאָזען א פערצווייפעלטען געשרייא. א קוגעל, וואס האט צוריק געשלאָגען פון א שטיין, האט געטראָפען איהר שטערן. איינינגע טראָפען בלוט זיינען ארויס. דאָמיניק איז צוגעלאָפען, בעטראַכט דיא וואונד, און זיך איבערצייגט, אז עס איז ניט געפעהרליך.

אָהנע צו רעדען ווייטער א וואָרט, האט ער זיך פון איהר אָבגעווענדעט און איז צוגעגאַנגען צו א פענסטער. ער האט ארויס געקוקט, דאַן פאָרזיכטיג אויפגע־הויבען זיין ביקס, און געשאָסען.

דער סאָלדאט, וואס איז געשטאַנען נעבען איהם, האט בעטראַכט דעם שוס, און אויסגעשריען:

„בראַוואָ!“

דאָמיניק'ס קוגעל האט געטראָפען איין אָפיציער פון דיא דייטשען, וועלכער איז זאָפאָרט טויט געפאַלען.

עס איז געווען דאָמיניק'ס ערשטער שוס, אָבער פון יענעם מאָמענט אָן, האט ער ניט אויפגעהערט צו שיסען.

ער האט געלאדען און געשאסען, און זיך זאגאר ניט אומגעקוקט. עס האט אויסגעזעהען, אז ער ווייס גאר ניט וואס עס געהט פאר ארום איהם.

דאס האט געדויערט א היבשע צייט וואס ער האט אזוי געארבייט אונ־אונ־טערבראכען, און דאן, וויא זיך אן עפעס דערמאהנענדיג, האט ער זיך אומגעקוקט צו זיין כלה, זעהענדיג, אז זיא זיצט אויף דעמזעלבען פלאטץ וואו פריהער, האט ער ווייטער געשאסען.

זיין ארט שיסען, איז געווען מערקווירדיג: ער האט בייא יעדען שוס אכטונג געגעבען דיא קוגעל זאל ניט אומזיסט פערלוירען געהען. ער האט אויפמערקזאם געציעלט מיט יעדען שוס.

דיא דייטשען, האלב אונטער דעם שוטץ פון איינצעלנע בוימער, זיינען אלץ נעקראכען פארווערטס, און פראבירט זיך צו דערנעהנטערן צום טייך, גראדע וואו דער קאפיטאן האט פריהער אויסגערעכענט.

אבער, זא שנעל וויא איינער האט געוואגט זיך צו צייגען, איז ער זאפארט צוריק געפאלען, מיט א קוגעל גלייך אין קאפ, פון דאמיניק׳ס ביקס.

דער קאפיטאן האט זיך געמערקט וואס עס האלט אב דיא דייטשען צו געהן פארווערטס, און ער איז צוגעגאנגען צו דאמיניק׳ן, זיך געבען איהם אוועק געשטעלט און געקוקט אויף זיין מערקווירדיגעס ציעל־שיסען מיט ערשטוינונג.

„בראווא! בראווא!“ האט דער קאפיטאן אויסגעשריען בייא יעדען שוס וואס דאמיניק האט אבגעפייערט.

דער יונגערמאן האט זיך אבער ניט פיעל בעקימערט אום לויב. און אנשטאט זיך אומצרווענדען, האט ער נאר אויפגעפאסט וואוהין ער דארף זיין נעכסטע קוגעל אבפייערן.

„בייא גאט!“ האט דער קאפיטאן אויסגעשריען מיט בעוואונדערונג, „נאך 10 אזעלכע מענער, און איך בין אימשטאנדע צוריק צו האלטען א גאנצע דייטשע ארמעע!“

דאמיניק האט אבער ניט געהערט דיזע ווערטער.

איין קוגעל האט איהם לייכט פערוואונדעט אין שולטער, א צווייטע האט צעריסען זיין פלייש ביים ארעם, אבער ער האט פארווערטס געשאסען.

נאך צוויא פראנצויזישע סאלדאטען זיינען געפאלען.

דיא מאטראצען, צעריסען אויף שטיקער פון דיא קוגלען, האבען שוין מעהר ניט געקענט שיטצען דיא פענסטער.

עס האט אדיסגעזעהען, אז נאך איין רעגעדקוגלען, וועט צערשמעטערן די גאנצע מיהל.

דיא פראנצויזען זיינען געווען פערמאטערט, און עס איז ווייטער אונמעגליך געווען צו האלטען דיא פאזיציאן.

דער קאפיטאן האט אונטערדעסען יעדען ערמוטהיגט.

„אך, מיינע בראווע יונגען,“ האט ער זיך געבעטען. „מוטח, מוטח, נאך איין האלבע שטונדע, ניט מעהר, און דאן... יא, יא, שיסט, שיסט, לאזט ניט דעם שונא זיך דערנעהנטערן... דארט. דארט, לינקס, אחין, אין דעם הויפען... גוט, בראווא! בלויז נאך א האלבע שטונדע!“

ער האט שוין געצעהלט דיא מינוטען.

יא, דער קאפיטאן האט פערשפראכען זיין גענעראל און זיין קאלאנעל, אז ער וועט צוריק האלטען דעם שונא ביז אבענד, און ער וועט זיך ניט צוריק ציהען אפילו אויף איין שריט ביז צו דיעזער צייט.

אבוואהל ער איז געווען אביסעל פערצווייפעלט, האט ער נאך אימער אין זיך געהאט דעם קאוואליר־גייסט, און געשמייכעלט גוטמיטהיג צו פראנסאאז, ויא צו ערמונטערן און ערמוטהיגען.

דאן, זעהענדיג, אז דיא מאכט פון זיינע סאלדאטען ווערט אלץ קלענער, האט ער אליין אויפגעהויבען א ביקס פון א געפאלענעם סאלדאט און אנגעפאנגען צו שיסען.

בלויז נאך פיער סאלדאטען זיינען געבליעבען אין קארידאר.

דיא פרייסען זיינען ענדליך ערשיענען אין א גרויסער צאהל פון יענער זייט טייך מארעל, און עס איז געווען גאנץ דייטליך, אז זייער נעכסטער שריט איז, צו פאסירען דאס וואסער.

איינינע מינוטען זיינען פאראיבער,

דער קאפיטאן איז געשטאנען אויף זיין פלאטץ און ניט געוואלט געבען דעם בעפעהל זיך צוריק צו ציהען.

פלוצלינג איז א סערזשענט צוגעלאפען און רעפארטירט:

„קאפיטאן! זייא האבען איינגעדרונגען אויף׳ן וועג, בייא דער רעכטער זייט, און זייער אבזיכט איז. אונז אנצוגרייפען אין רוקען!“

עס שיינט, אז דיא פרייסען האבען דאך געפונען דיא בריק מיט א מייל ווייטער.

דעם קאפיטאן'ס געזיכט האט זיך פערפינסטערט. דאן האט ער ארויס גע־צוינגען זיין אוהר און געזאגט:

„בלויז נאך 5 מינוטען. נים מעהר. זייא וועלען דא נים זיין פריהער. צלזא, קינדער, שיסט, שיסט צום לעטצטען מאל!"

ווען דער ווייזער אויף זיין זייגער האט אנגעצייגט אקוראט זעקס אוהר, האט ער געהייסען אויפמאכען דיא הינטערדטהיר און קאמאנדירט דעם ריקצוג.

דיא סאלדאטען האבען זאפארט זיך אומגעווענדעט און געפאלגט. זייא זיינען ארויס און ארונטער געשפרונגען אין א טהאל, פון וואנען זייא האבען אנגעפאנגען פארזיכטיג זיך צו דערנעהנטערן צום סאוואל וואלד.

איידער זייא זיינען אוועק, האט זיך דער קאפיטאן אבגעשטעלט נעבען אלטען מערליער און געזאגט:

„איך דאנק אייך, בירגערמייסטער, פיר דער אויפנאהמע. ענטשולדיגט פיר דער אונרוהע וואס איך האב אייך דא פעראורזאכט. דיא פרייסען וועלען באלד דא זיין. עס איז אונמעגליך געווען זייא נאך מעהר צוריק צו האלטען. ווען זייא וועלען קומען, זעהט נאר זייא זאלען פערלירען אביסעל מעהר צייט אומזיסט. מיר קעהרען נאך צוריק."

מערליער איז געווען בעטויבט. ער האט נאר נים געקענט ענטפערן.

דאמיניק איז נאך געבליעבען אין קארידאר.

דיעזער יונגער מענש, איז געווען שרעקליך אויפגערעגט, און ער האט נים אויפגעהערט צו שיסען. עס האט אויסגעזעהען, אז ער פערשטעהט קיין איינציגע זאך פון דעם וואס עס געהט פאר, בלויז, דאס ער דארף שיסען אויף דיא פרייסען.

דיא סאלדאטען זיינען אוועק, אהנע ער זאל האבען דיא מינדעסטע אהנונג, אז זייא זיינען שוין נישטא. ער האט געשפירט, אז פון זיין שיסען, הייננט אב פראנסאאז'עס פערטהיידיגונג, און דאס האט ער נים אויפגעהערט צו טהון.

זיין יעדער שוס, האט געטויטעט א פרייסישען סאלדאט.

פלוצלינג האט זיך געהערט א גרויסער רעש. דיא פרייסען, פון רוקען, וויא דער סערזשענט האט געזאגט, זיינען אריין אין הויף.

דאמיניק האט נאך אבגעפייערט צום לעטצטען מאל זיין ביקס, ווען דיא פרייסען האבען איהם געכאפט, וועהרענד זיין ביקס האט זיך גערויכערט און דער רעהר איז געווען הייס וויא פייער פון דעם שרעקליכען שיסען.

פיער פריסען האבען איהם פעסט נעהאלטען. אנדערע האבען נעשריען ארום איהם אין א שרעקליכער שטימע. איינער, איין אָפיציער, האט איהם נעוואָלט אָב־האקען דעם קאָפּ מיט זיין שווערט.

פראנסאָאז האט זיך אריין נעוואָרפען אין מיטען און אָנגעפאנגען צו בעטען פאר איהם. דאן איז צוגעקומען א העכערער אָפיציר און איהם נענומען אונטער זיין שוטץ.

נאכדעם וויא דער העכערער אָפיציער האט עפּעס נעשפּראָכען אין דייטש צו דיינע סאָלדאטען, האט ער זיך געווענדעט צו דאָמיניק'ן, און אין א גאנץ דייטליכער פראנצויזישער שפּראכע, האט ער ערקלערט:

„אין צוויא שטונדען צייט, מיין יונגע, וועסטו ערשאָסען ווערען."

3.

דער דייטשער גענעראל־שטאב, האט געמאכט פאָלגענדע רעגעל:

„יעדער פראנצויז, וואס בעלאַנגט ניט צו דער רעגולערער ארמעע, און ווען מען כאפּט איהם מיט וואפען אין דיא הענד, זאָל ער ערשאָסען ווערען."

זאָגאר דיא וואָלונטיר־קאָמפּאניעס, זיינען ניט אנגערקענט געוואָרען פון דיא דייטשען, אלס רעגעלמעסינע קריעגער.

אויף דיעזער אָרט, איז נעציינט געוואָרען א שרעקליכעם ביישפּיעל פיר דיא פראנצויזישע בויערן, וועלכע האבען פערטהיידינט זייערע הייזער און דערפער.

דיא דייטשען האבען זעהר מורא געהאט פאר איין אלגעמיינעם אויפשטאנד אין לאנד, און זייא האבען נערעכענט, אז זייא וועלען מיט אזעלכע פּראָקלאמא־ציאָנען, פערהינדערן דעם אויפשטאנד.

דער העכערער אָפיציער איז געווען א הויכער און מאָגערער מענש פון א יאָהר פופציג. ער האט זיך פריהער בעטראכט דעם גאנצען פּלאטץ, און דאן האט ער צוגערופען דאָמיניק'ן און איהם גענומען אויף'ן פערהער. אָבוואָהל ער האט געשפּראָכען זעהר גוט פראנצויזיש, האט זיך אָבער דאָך נאכגעשלעפּט דער דייטשער אקצענט כמעט בייא יעדען וואָרט.

„איהר זייט א היזיגער?" האט דער אָפיציר נעפרעגט.

„יא," האט דאָמיניק נעענטפערט.

„א היזיגער געבוירען?"

„ניין."

„פון וואנען דען?"

„פון בעלגיען.“

„איהר זיים אלזא נים קיין פראנצעזישער בירגער ?“

„ניין.“

„איין אויסלענדער ?“

„יא.“

„מים וועלכען רעכם אלזא האם איהר אויפגעהויבען וואפען געגען דייטש־לאנד ?“

דאָמיניק האם נים געענטפערם.

„מיר דאכם,“ האם דער אָפיציער פאָרטגעזעצם, „אז דיא גאנצע געשיכטע פון דעם קריעג האם אייך נים וואס צו בעקימערן. ווייסם איהר ווארום מיר פיהרען קריעג ?“

„ניין.“

„אזוי האב איך אויך גערעכענם,“ האם דער אָפיציער געזאגם ערבימערם, „און וויא קומם עס וואס איהר האם געשאָסען אויף מענשען, וועלכע האבען צו אייך גאר נים ?“

דאָמיניק איז ווידער געבליעבען שטיל.

צו דיעזער צייט האם דער אָפיציער ערבליקם פראנסאָאז׳ן, וועלכע איז גע־שטאנען פון ווייטענס בלאס און ציטערענד און אויסגעהערם דיא פראגען און ענטפערם. איהר לייכטע וואונדע, האם צוריק געלאָזען א רויטען פערטריקנטען פאָס אויף איהר ווייסען שטערן.

דער דייטש האט זיך אומגעקוקט אבוועקסלענד צו דיא יונגע מענשען, און ער האט אויסגעזעהען צו פערשטעהען אין וועלכער פערבינדונג זייא שטעהן צו אנאנדער. ער האט אביסעל נאכגעדענקט, און זיך ווידער ווענדענדיג צו דאָמיניק׳ן, האט ער געפרעגט:

„איהר לייקענט אלזא נים אָב, אז איהר האט געשאָסען ?“

„ניין.“

„פיעל ?“

„אזוי פיעל וויא איך בין גאָר געווען אימשטאנדע,“ האט דאָמיניק געענט־פערט רוהיג.

דיעזע אויסזאגע איז געווען גאנץ איבריג. דען זיין גאנצעס געזיכט, קאָפּ, האלז און הענד, זיינען געווען שווארץ פון דעם פולווער גוצם האט זיך אויסגעמישט

מיט זיין שוויס. אויף איינינע פּלעטצער האבען זיך אויך געוויזען טראָפּענס בלוט פון דיא ליכטע וואונדען וואס ער האט ערהאלטען.

דער דייטשער אָפיציער האט בעטראכט מיט האס און ערשטוינען דעם יונגען מאן, און דאן האט ער בעמערקט:

„זעהר גוט, מיר זיינען פערטיג. אין צווייא שטונדען צייט וועט איהר ער־שאָסען ווערען.“

פראַנסאָאַז, וויא מען האט בעדאַרפט ערוואַרטען, האט ניט אויסגעשריען און אויך ניט געוויינט. זיא האט בלויז פערבראָכען מיט איהרע הענד און אויף איהר געזיכט האט זיך אויסגעדריקט שרעק און פערצווייפלונג.

דער אָפיציער האט דאס בעמערקט.

צווייא סאָלדאַטען האבען דאן אריין געפיהרט דאָמיניק'ן אין נעכסטען צימער וואו מען האט איהם אָבגעשפאַרט.

דאס יונגע מעדכען, שוין ניט מעהר קענענדיג שטעהען אויף איהרע פיס, האט זיך אוועק געזעטצט אויף א שטוהל ציטערענדיג. זיא האט ניט געקענט וויינען, אָבער זיא האט געשפירט, אז זיא ווערט שיער דערשטיקט.

דער דייטשער אָפיציער האט דיא גאַנצע צייט ניט ארונטער גענומען זיינע אויגען פון איהר. ענדליך האט ער זיך צו איהר געווענדעט מיט דיזע ווערטער:

„דער יונגער מאן איז אייער ברודער?“

זיא האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, ניין.

דער אָפיציער האט זיך אויפגעהויבען און זיא בעטראַכטעט שטיל־שווייגענד.

„איז ער א פראַנצויז?“ האט ער נאך אמאל געפרעגט.

פראַנסאָאַז האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן אויף דיזער פראַגע, נאָר ענדליך האט זיא געמורמעלט:

„יא.“

„א פראַנצויז?“ האט דער אָפיציער נאך אמאל געפרעגט.

בייא פראַנסאָאַז'ן איז דאס געווען איין איבריגע פראַגע. געוויס איז ער געווען א פראַנצויז, כל־זמן ער איז ניט קיין דייטש, און, איבערהויפּט, איז ער דאך איהר חתן.

אויף דער ווידערהאָלטער פראַגע פון דעם אָפיציער האט זיא שוין ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

„ער האט דאָך מיר געזאגט, אז ער איז א בעלגיער?“ האט דער אָפיציער נאך אמאל געפרעגט.

„יא, פון בעלגיען,“ האט זיא געמורמעלט.

„לעבט ער שוין לאנג אין דיעזער געגענד?“

„יא, יא, לאנג,“ האט זיא שנעל געענטפערט. מיינענדיג, אז דא וועט דאָך מיניקין מהון דערמיט א טובה.

„דאן מוז ער דאָך קענען גוט דיא וועלדער אין דיעזער געגענד?“

פראנסאָאז האט ניט ריכטיג פערשטאנען דיעזע פראגע, אָבער זיא האט גער ענטפערט:

„יא, יא, מיין הערר, ער קען גאנץ גוט דיא געגענד.“

הייטער האט דער אָפיציער ניט געשפראָכען. ער האט זיך אומגעווענדעט און געהייסען א פאאר סאָלדאטען, זייא זאָלען איהם פאָרפיהרען דעם בירגערמייסטער פון דאָרף.

פראנסאָאז האט זיך אויך אויפגעהויבען, און ניט בעגרייפענדיג געגוג וואס דאָרט געהט פאָר, האט זיא גערעכענט, אז אין דעם אָפיציער'ס פראגען, האט זיא בעמערקט הילפע פיר איהר חתן.

זיא איז שנעל ענטקעגען געלאָפען איהר פאטער.

דער אלטער מערליער, נאכדעם וויא דיא שיסערייא האט אויפגעהערט, איז געווען זיין ערשטע עובדא, ארונטער צו לויפען צום וואסער און זעהען וויא עס שטעהט מיט זיין מיהל־ראָד.

דער אלטער מאן האט פערגעטערט זיין מאָכטער, זעהר געליעבט זיין קינפטיגען איידעם, דאָמיניק, אָבער דיא ראָד, דיא אלטע מיהל־ראָד, האט אויך געהאט א פלאטץ אין זיין אלטער פריינדשאפטליכער ברוסט.

„דאנקען גאָט,“ האט ער געמורמעלט, „וואס מיינע קינדער זיינען ארויס לעבעדיגע פון דער וויסטער מלחמה, יעטצט איז דיא צייט נאכצוזעהען וואס פאר א שאדען מיין ארמע ראָד האט ערליטען.“

זיך אָנבויגענדיג איבער דער ראָד, האט ער בעמערקט זעהר פיעלע וואונדען אויף איהר קערפער. פינף טרעפ עך פון דער ראָד זיינען געווען צערשמעטערט, און דער מיטעלפונקט מיט דער אקס, זיינען געווען געלעכערט וויא א זיפ פון דיא קוגלען.

ער האט אריין געשטעקט זיין פינגער אין דיא לעכער און אָבגעמאָסטען וויא

מיעף דיא זיינען. דאן האט ער ענטוואָרפען פּלענער אין זיין קאָפּ, וויא אזוי ער זאָל ווידער אלעס ברענגען אין אָרדנונג.

ווען פראנסאָאז האט איהם ערבליקט, האט זיא איהם געטראָפען דערבייא, ווערענד ער האט שוין אָנגעפאנגען צו פערשטאָפּען דיא לעכער מיט שטיקלעך האָלץ און גראָז.

„פּאטער," האט זיא געמורמעלט, „מען וויל דיך זעהען."

מערליער האט זיך אומגעווענדעט.

דאס ארמע מערכען האט ענדליך אויסגעשפּראָכען אין א געוויין און דער־צעהלט איהר פאטער וואס עס האט פּאסירט.

מערליער האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געזאָגט:

„וואס הייסט דאס שיסען? ניין, ניין, האב קיין מורא ניט; מען שיסט ניט אזוי מיר־ניט־דיר־ניט א מענשען. ווארט, זייא ניט פערצווייפעלט."

אָהנע מעהר צו רעדען א וואָרט, איז ער אליין צוגעגאנגען און זיך געמעלדעט, אז ער איז דער בירגערמייסטער, און אויב דער דייטשער אָפיציער וויל איהם זעהען, איז ער דאָ.

דער אָפיציער האט דאס געהערט און איז איהם ענטקעגען געגאנגען.

„פאר אלעמען," האט דער אָפיציער געזאָגט, „וויל איך מיינע סאָלדאטען זאָלען בעזאָרגט ווערען מיט עסען, און זאָפאָרט!"

מערליער האט רוהיג געענטפערט, אז דיא איינוואָהנער פון זיין דאָרף, זיינען ניט געוואָהנט מען זאָל זייא אָבשרעקען, און מיט געוואלט וועט מען פון זייא גאר ניט ארויס קריעגען.

„איך וועל זעהען פערזאָרגען אייערע סאָלדאטען מיט עסען," האט ער דאן געזאָגט, „אָבער ניעמאנד זאָל זיך צו מיר מישען און קיינער זאָל מיך ניט צווינגען. איך וועל אלעס אליין טהון."

דער אָפיציער האט זיך אנפאנגס געציינט אויפגערעגט פון דעם אלטען'ס קאלטבלוטיגקייט, אָבער הערענדיג זיינע געשעפטסמעסיגע ווערטער, האט ער איינ־געשטימט צו מערליער'ס קאָנדיציאָנען. ער איז זאָגאר געוואָרען פריינדליכער צו איהם, און ווען מערליער האט זיך אָבגעווענדעט, האט ער איהם צוריק גע־רופען:

„וויא רופט איהר דאָרט יענע וועלדער, וועלכע ליעגען ענטקעגען אתנו?"

„דיעזע זיינען דיא סאָוואל וועלדער."

דער מילנער האט איהם אויפמערקזאם בעטראכטעט.

„און ווי גרויס זיינען זיי ? ביז וויא ווייט ציהען זייא זיך ?"

„איך ווייס ניט," איז געווען דער ענטפער.

דאן איז ער אוועק געגאנגען.

מיט א שטורע שפעטער, זיינען דיא שפייזען און אנדערע נעטהיגע זאכען וואס דער אפיציער האט געפאָדערט, געוועזען אין הויף פון דער מיהל.

דיא נאכט איז געקומען. פראנסאָאז האט אויפגעפאסט יעדע בעוועגונג פון דיא סאָלדאטען, מיט א קלאפענדעס הארץ.

זיא האט זיך ניט פיעל דערווייטערט פון דעם צימער וואו דאָמיניק איז געווען אבגעשלאָסען, און וואהין זיא האט געווענדעט איהר קערפער, האט עס אויסגעזעהן, אז איהרע אויגען רוהען נאָר אויף דעם ווינקעל וואו איהר חתן געפינט זיך.

אונגעפעהר אום 7 אוהר, האט זיא געהאט איבערצושטעהן מאָמענטען פון דיא גרעסטע קוועלענדע ערווארטונגען. דער אָפיציער איז אריין אין צימער צו דאָמיניק'ן, און ער האט דאָרט פערבראכט א פיערטעל שטינדע. זיא האט זיך צוגערוקט אזוי נאָהענט וויא נאָר מעגליך, און זיא האט געהערט רוישענדע שטימען פון זייא ביידע.

מיט א קורצער צייט שפעטער, איז דער אָפיציער ווידער ערשיענען אין הויף, און ארויס געגעבען א בעפעהל אין דייטש וואס זיא האט ניט פערשטאנען.

זיא האט אויפגעציטערט.

דיא ארמע האט זיך אבער נאך מעהר דערשראָקען, ווען זיא האט דאן דערזעהן 12 סאָלדאטען מיט זייערע געוועהרען ערשיינען אין א ליניע, וואו זייא זיינען געבליעבען שטעהען צו ערווארטען ווייטערע בעפעהלע.

דאס מערכען האט געציטערט פון קאָפ ביז פוס און פאר איהרע אויגען האט געשוועבט א דונקלער וואָלקען. עס האט זיך איהר אויסגעוויעזען, אז דער טויט דריקט צחאמען איהר יונגע ברוסט.

ווען זיא האט זיך אביסעל געשטארקט, האט זיא געמורמעלט:

„אלעס איז פאָראיבער, יעדע האָפנונג איז פערלוירען, זיין הינריכטונג וועט באלד שטאטפינדען."

דיא 12 סאָלדאטען זיינען געבליעבען ווארטענדיג אונגעפעהר א 10 מינוטען.

וועהרענד דעם איז דער אָפיציער ווידער אריין געגאנגען צו דאָמיניק'ן און מיט איהם ווייטער געטענה'עט.

פראַנסאָאַז האָט דיעזעס מאָל דערהערט איהר חתן׳ס שטימע, וועלכער האָט געשריען גאַנץ הויך:

„ניעמאַלס! ניעמאַלס! איהר וועט דאָס בייא מיר ניט פּועל'ן!“

ענדליך איז דער אָפיציער ווידער ערשיענען, און זיא האָט איהם געהערט זאָגען:

„גוט, גוט, איך וויל מעהר פיעל ניט רעדען. איהר זייט א דומקאָפּ אַזוי צו פערלירען אייער לעבען. איך גיב אייך צייט ביז מאָרגען אַלעס איבערצוטראַכטען, און איך גלויב אויך, אַז איהר פערשטעהט, דאָס דאָ האַנדעלט זיך ניט אום א שפּאַס.“

ער האָט בייא דיעזע ווערטער העפטיג צוגעמאַכט דיא טהיר און איז געבליבען שטעהען.

ווען ער האָט ערבליקט דיא 12 סאָלדאַטען, האָט ער מיט א מאַך פון זיין האַנד, זייא געצייגט, אַז זייא זאָלען זיך צוריק ציהען.

פראַנסאָאַז איז געוועזען פערווירט און ניט געוואוסט וואָס זיא זאָל טהון.

דער אַלטער מערליער, וועלכער האָט ניט אויפגעהערט צו רויכען זיין לולקע, האָט זיך אייניגע מאָל אַרום געקוקט אין הויף, און ערבליקענדיג זיין טאָכטער, איז ער צוגעגאַנגען מיט פעטערליכער צערטליכקייט, און זיא אָננעהמענדיג בייא איהר אָרעם, האָט ער זיא אוועק געפיהרט אין איהר צימער.

„זייא רוהיג, מיין קינד,“ האָט ער געזאָגט, „פּראָביר שלאָפען, זיך אויסרוהען. דוא מוזט האָבען רוה. מאָרגען, ווען עס וועט טאָג ווערען, וועלען מיר זעהען וואָס עס איז צו טהון.“

פראַנסאָאַז האָט געבליבען און גאָר ניט געענטפערט. ווען מערליער איז אוועק און צוריק געלאָזען זיין טאָכטער, האָט ער עס געפונען פיר ניטצליך, צו פערשליסען דיא טהיר פון איהר צימער.

ווירקליך, אין א צייט ווען סאָלדאַטען פון א זיגענדען שונא געפינען זיך, איז עס ניט איבריג ווען מען בעשיטצט בעסער א יונגעס און שעהנעס מעדכען.

איבערהויפּט האָט מערליער געהאַט א טבע צו זאָגען, אַז פרויען טויגען צו קיין זאַך, און אין זייער אונגעדולד עפּעס אויסצופיהרען, מאַכען זייא נאָך מעהר קאַליע. דאָס פערשליסען אַלזאָ פון איהר צימער, האָט אויך געקענט הייסען, אַז דער אַלטער מערליער האָט זיא געוואָלט אָבשאַפען פון דעם וועג, און וואָס עס איז דאָ צו טהון, זאָל געמהאָן ווערען אָהן איהר.

אָבער פראַנסאָאַז איז ניט געגאַנגען צו בעט. א היבשע צייט איז זיא

שטשאנען וויא פערשטיינערט אויף די פיס, און דאן האט זיא זיך אוועק געזעטצט אויף'ן בעט אום צו הערען וואס עס געהט פאר ארום איהם.

דיא דייטשע סאָלדאטען, וועלכע האבען זיך אויסגעזעטצט אין הויף, האבען געזונגען און געלאכט. עס שיינט, אז זייא האבען געמוזט עסען און טרינקען ביז ארום 11 א זייגער, ווייל ביז דאמאלס האט דער גערויש נים אויפגעהערט.

אין דער מיהל אליין, האבען זיך געהערט שווערע טריט ארום געהענדיג, און פראנסאָאז האט זיך געמערקט, אז דאס מוז זיין דיא וואך, וועלכע ווערט אויך אָפט געוועקסעלט.

דאס ארמע מעדכען האט אָנגעהויבען איבערצוטראכטען און איבערקלערען אלעס וואס עס האט אויף איהר געבראכט דאס אונגליק. וויא רוהיג, וויא געמיטהליך און וויא שעהן אלעס איז געוועזען ביז דאמאלס, און פלוצלינג, אויף איינמאל, האט אויסגעבראָכען א מלחמה, מיט בלוט, טויטע מענשען, שרעק און פערצווייפלונג, און ווער ווייס נאך וויא לאנג עס וועט נאך דויערן...

ווייטער האט זיא מורא געהאט צו דענקען.

פלוצלינג האט זיא געהערט א גערויש וואס האט צוגעצווינגען איהר גאנצע אויפמערקזאמקייט. דער גערויש איז געקומען פון ווייטען. זיא האט אנגעשטרענגט איהרע אויערן צו הערען, אָבער זיא האט ניט געקענט בעגרייפען. דאן האט זיא צוגעלייגט איהרע אויערן צום פוס־באָדען.

יא, זיא האט גאר פערגעסען אין איהר פערווירדונג וואס עס איז פאָרגעקומען. אונטער איהר, האט זיא זיך ערשט דערמאָהנט, איז געוועזען דאס צימער וואו דאָמיניק איז געלעגען פערשפארט.

לויט נאך דעם גערויש, האט זיא זיך געמערקט, אז ער האט וואהרשיינליך ארום געשפאצירט פון וואנט צו וואנט, ווייל זיא האט דאן געהערט דיא רעגעלמעסיגע שריט פון פיס. דאן איז ווידער שטיל געוואָרען, און זיא האט זיך געמערקט, אז ער האט זיך געזעטצט.

ווען דיעזער גערויש פון פוס־טריט האט אויפגעהערט, איז אויך יעדער אנדערער גערויש שטיל געוואָרען. אלעס האט אויסגעזעהען פערזונקען אין דיא ארעמס פון שלאָף, אזוי זאָרגענלאָז, גלייך וויא קיינע טייכען מענשען־בלוט וואָלטען אין יענעם טאָג געפלאָסען.

פראנסאָאז האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען פון דעם פוס־באָדען, און געהענדיג אויף איהרע שפיטץ־פינגער, איז זיא צוגעקומען צום פענסטער, וועלכעס זיא האט

נערוישלאָז געפעננט, און ארויס שטעקענדיג איהרע עלענבויגענס, האט זיא זיך דאָרט אנגעלעהנט.

אין דרויסען איז דיא נאכט געוועזען שטיל, רוהיג און געהיימניספאָל. א האלבע לבנה האט פון זיך געוואָרפען א שטראָם זילבערנע שטראהלען און געהאלטען אין זינקען הינטער דיא הויכע בוימער פון דעם סאָוואל וואלד. דיא גאנצע געגענד ארום, האט אויסגעזעהען בעלייכטעט ווי פון א גרויסען לאָמפּ, וועלכען יעמאנד ציהט לאנגזאם אוועק.

דיא גרויסע בוימער האבען פון זיך געוואָרפען לאנגע און דונקלע שאטענס, וועלכע האבען זיך אויסגעברייטעט איבער דיא גרינע לאָנקעס, און פראנסאָאז'ן האט עס אויסגעזעהען, גלייך ווי גערוישלאָזע בעשעפעניסען בוועגען זיך אין דער דונקעלהיים, גראדע אזוי שטיל ווי דאס לבנה־ליכט.

ביי פראנסאָאז'ן האט דיא העררליכע נאכט ניט ארויס גערופען דיא געד וועהנליכע אונשולדיגע בעגייסטערונג. יעטצט איז ניט געוועזען דיא צייט דאפיר. זיא האט בעטראכט דיא געגענד, אזוי נור בעקאנט פון איהר קינדהייט אָן, און דאן האט זיא אויך געזעהען דיא דייטשע סאָלדאטען וואס זיינען געשטאנען אויף דער וואך.

פון דאָרט האבען איהרע אויגען געוואנדערט אויף דעם טייך וואס האט אויסגעזעהען ווי א גלאטער שפּיעגעל, און אין איהרע אויערן האבען געקלונגען דאס מורמלען פון דיא וועללען.

נעבען טייך האט זיך בעוועגט איין סאָלדאט מיט א ביקס אין דער האנד. עס איז געוועזען א דייטש. ער איז וואהרשיינליך דאָרט געשטעלט געוואָרען אויפצופּאסען אויף דעם וועג וואס פיהרט צו דער מיהל. ער איז געוועזען א הויכער און שטארק־געבויעטער מאן, וועלכער איז געבליעבען שטעהען בעוועגונגסלאָז און געבליקט מיט זיין טרוימערישעם געזיכט צום הימעל, גראדע ווי דיא פּאסטוכער טהון.

א היבשע צייט האט פראנסאָאז אזוי געקוקט און שטודירט דיא געגענד מיט גרויסער אויפמערקזאמקייט. דאן האט זיא אויסגעזעהען ווי א צופריעדען מיט דעם צושטאנד און צוריק געקעהרט צו איהר בעט, וואו זיא האט זיך געזעטצט.

א שטונדע דורכאנאנד איז זיא געזעסען פערזונקען אין געדאנקען. דאן האט זיא זיך ווידער צוגעהערט ; קיין זאך האט זיך גערי־הרט אָדער בעוואוינען, אלעס האט אויסגעזעהען ווי אויסגעשטארבען.

פראנסאָאז האט זיך אויפגעהויבען פון דעם בעט, און נאך פאָרזיכטיגער ווי פריהער, איז זיא צוגעגאנגען צום פענסטער און ארויס געקוקט.

עס איז קיין צווייפעל, אַז זיא האָט נאָך בעמערקט געפאַהר, דען אַ שפּיטץ פון דער האַלבער לבנה האָט נאָך אימער אַרויס געשטעקט פון איבער דעם סאָוואָל וואַלד.

זיא האָט געגעבען אַ טיעפען אָבער אונטערדריקטען זיפץ און צוריק געקעהרט צום בעט אום נאָך צו וואַרטען.

דאַן האָט עס שנעל אָנגעהויבען פינסטער צו ווערען, און ווען דאָס אונגע־דולדיגע מערכען האָט נאָך אַמאָל אַרויס געקוקט, האָט זיא נאָך קוים געקענט זעהען דעם דייטשען סאָלדאַט אויף דער וואַך נעבען טייך. דיא גאַנצע געגענד האָט יעטצט אויסגעזעהען אַזוי פינסטער און פערדונקעלט, גלייך וויא אַ ים טינט וואָלט זיך איבער אַלעמען אויסגעגאָסען.

זיא האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, און דאַן האָט זיא געפּאַסט דעם בעשלוס.

איין אייזערנע אַלטע לייטער איז געהאַנגען ביים פענסטער, וועלכע האָט גע־פיהרט אַרונטער צו דער מיהל און פון דאָרט צום טייך. נאָר פראַנסאָאַז האָט אָבער דאַמאַלס דערפון געוואוסט, ווייל בלעטער און בלומען האָבען פערדעקט דיא וואַנט, זאָ דאָס קיין זאַך האָט זיך אַרויס געזעהען.

דאָס מערכען האָט בעשטיעגען דאָס פענסטער, און דאַן, מיט דער לייכטהיים פון אַ קאַטץ, האָט זיא אַרונטער געשפּאַנט און בעפעסטיגט איהרע פיס.

איהרע קליידער האָבען שטאַרק געשטערט דעם קריכען אויף אַזאַ שלעכטען פּלאַטץ, נאָר ענטשלאָסענהייט איז אימער אַ געוואַלטיגער קינסטלער און זיא האָט זיך ניט געלאָזען הינדערן.

פּלוצלינג האָט זיך געהערט אַ פּלויסק. אַ שטיין איז פון ערגיץ אַרונטער גע־פאַלען אין טייך. זיא איז געבליעבען שטעהען און געפיהלט אַ שוידער לויפענדיג איבער איהר גאַנצעם לייב.

אָבער פראַנסאָאַז האָט זיך געטערסט, אַז דאָס בעשטענדיגע מורמלען פון דעם טייך, האָט פערשלונגען דיעזען אונערוואַרטעטען פּליוסק, און ניעמאַנד האָט דאָס וואַהרשיינליך געהערט אויסער איהר.

דאַן האָט זיא וויעדער זיך פעסט אָנגענומען אָן דיא בלעטער און צווייגלעך, און מיט איהר מוטה, איז זיא ווייטער געקראָכען אַרונטער שפּירענדיג און טאַפּענדיג מיט איהרע פיס דיא טרעפּלעך פון דער לייטער.

ווען זיא איז צוגעקומען צום פּלאַטץ וואו זיא האָט געוואוסט, אַז דאָמיניק'ס געפענגניס געפינט זיך, איז זיא געבליעבען שטעהען.

א נייע שווירינקייט האט זיך איהר געשטעלט אין וועג און זיא האט שיער פערלוירען איהר גאנצען מוטה. דאס פענסטער, וואס האט געפיהרט אין דאָמיניק׳ס צימער, איז געשטאַנען אויף א זייט דערווייטערט פון דער לייטער אויף אזוי פיעל, דאס עס איז כמעט אונמעגליך געוועזן אריין צו גרייכען. פראַנסאָאז האט אויסגעשטרעקט איהר האנד, אָבער אנשטאט צו גרייכען דאס פענסטער, האט זיא נאָר אָנגעטאַפּט דיא וואַנט.

וועט זיא נאך אמאל מוזען צוריק קריכען אָהנע דורכצופיהרען איהר פּלאַן?

איהרע הענד האבען אָנגעהויבן מיעד צו ווערען, און דער קאָפּ האט זיך איהר געדרעהט.

פראַנסאָאז איז געבליעבען איינינע אויגענבליק אין טיעפעס נאכדענקען. אויפגעבען איהר פּלאַן האט זיא נים געקענט. פּלוצלינג האט זיא אָנגעפאַנגען שנעל אָבצורייסען מים איהרע נענעל דיא פערטריקענטע שטיקלעך ליים פון דער וואַנט, און דאן דאס געוואָרפען אין דאָמיניק׳ס שויבען.

ער האט נים געהערט.

„פיעללייכט שלאָפט ער?“ האט זיא זיך געטראַכט.

זיא האט אָבגעבראָכען נאך עטליכע שטיקלעך ליים פון דער וואַנט און זיך שטאַרק צוקראַצט איהרע פינגער.

זיא האט נאך אמאל געוואָרפען אין דיא שויבען און זיא האט געשפּירט, אז זיא פערלירט לאַנגזאַם איהרע קרעפטען.

פּלוצלינג האט יעמאַנד פון אינווענינ געעפענט דאס פענסטער און געפרעגט:

„ווער איז דאָרט?“

עס איז געוועזן דאָמיניק׳ס שטימע.

„איך בין עס,“ האט פראַנסאָאז געענטפערט, „נעהם מיך אָן ביי דער האַנד, זאָנסט פאַל איך ארונטער.“

„אך!“ האט דאָמיניק לייכט אויסגעשריען.

ער האט שנעל אויסגעשטרעקט זיין שטאַרקע האַנד און געגרייכט איהר טאַליע. ער האט זיא פעסט אָנגענומען און צוגעבראַכט צום פענסטער. דאן איז איהם שוין לייכטער געוועזן זיא אריין צו נעהמען.

פראַנסאָאז האט אנפאנגס נים געקענט רעדען און זיא האט אזוי געוויינט.

אז ראַמיניק האָט געמיינט, ראָס איהר האַרץ וועט צוברעכען. אָבער זיא האָט אונטערדריקט איהר געוויין, דאַמיט מען זאָל ניט הערען.

דאַן, זיך שטאַרק אָנשטרענגענדיג, האָט זיא ענדליך געפרעגט:

„דוא ביסט בעוואַכט?“

ראַמיניק, נאָך אימער בערוישט זיא זעהענדיג אין אַזאַ צושטאַנד, האָט גע־ענטפערט דורך אַ צייכען מיט זיין האַנד אויף דער טהיר.

זייא האָבען ביידע געהערט דאָס שנאָרכען פון אַ מענשען פערזונקען אין טיעפסטען שלאָף, וועלכעס איז געקומען פון יענער זייט טהיר. דער סאָלדאַט, וואָס איז דאָרט געשטאַנען אויף דער וואַך, איז, וויא עס שיינט, פון גרויסער מיעדקייט, איינגעשלאָפען. ער האָט זיך אָבער געלייגט גלייך בייא דער פערמאַכטער טהיר, דאַמיט ער זאָל זיכער זיין, אַז דער געפאַנגענער וועט ניט אַרויס.

„דוא מוזט אוועק, ענטלויפען,“ האָט זיא שנעל געמורמעלט. „איך בין דיך געקומען בעטען דוא זאָלסט ענטלויפען, און איך זאָל דיר דאָ ווינשען אַדיע.“

ער האָט אָבער אויסגעזעהען ניט צו הערען וואָס זיא זאָגט איהם, און ער האָט אַלץ ווידערהאָלט מיט ערשטוינען:

„וויא, דוא ביסט עס, דוא... מיין נאָט, וויא איך האָב מיך דערשראָקען! וועה איז מיר, דוא האָסט דאָך געקענט געהרג'עט ווערען!“

ער האָט אָנגעכאַפּט איהר האַנד, און מיט זיינע האַלב־פערברענטע ליפען, האָט ער זיא געקושט.

„אַך, מיין טהייערע פראַנסאַאַז!“ האָט ער ווייטער געזאָגט מיט אַ ציטערענדע שטימע, „וויא איך ליעב דיך! היינט איז דער סאַנט לואיז טאָג, אונזער חתונה־טאָג, אויף וועלכען מיר האָבען אַזוי לאַנג געוואַרט. קיין זאַך אין דער וועלט, האָט אונז געקענט צושיידען, און זאָגאר יעטצט, ווען דער טויט ווינקט פון ווייטען, זיינען מיר אויך אַליין און צוזאַמען... עס איז דער פריה־מאָרגען פון אונזער חתונה, ניין, ניט וואהר?“

„יא, יא,“ האָט זיא געמורמעלט, „עס איז דער פריה־מאָרגען פון אונזער חתונה...“

זיא האָט געוויינט און זיך געלאָזען פון איהם נאָך אַמאָל אומאַרמען, און זיא האָט איהם אויך געקושט.

פּלוצלינג אָבער האָט זיא זיך פון איהם בעפרייעט. דיא שרעקליכע ווירקליכ־קייט איז ערשיענען פאַר איהרע אויגען.

„ראַמיניק, מיין ליעבער!“ האָט זיא געזאָגט

„וואס ווילסטו, מיין ארמע פראנסאַאז?“

„דוא מוזט... אך...“

„וואס ווילסטו, פראנסאַאז, אז איך זאָל טהון פאר דיר?“

„דוא מוזט ענטלויפען!“

„ענטלויפען?“

„יא!“

„וואוהין? וויא אזוי?“

„ענטלויף, ענטלויף, און לאָמיר נים פערלירען קיין צייט.“

אלס ער האט נאך אמאל אויסגעשטרעקט זיינע אַרעם זיא ארום צו נעהמען אין דער פינסטער, האט זיא זיך צו איהם צוגעדריקט און געבעטען:

„אך! דאָמיניק! איך בעט דיך, הער מיך אוים! ווען דוא זאָלסט שטארבען, דאן מוז איך אויך שטארבען; אָהן דיר קען איך נים לעבען. אין א שטונדע צייט וועט זיין טאָג. דוא מוזט, מיין ליעבער, דוא דארפסט דיך רעטען!“

דאן האט זיא אָנגעפאנגען איהם שנעל צו ערקלערען איהר פלאן וואס זיא האט ענטוואָרפען.

„דיא אייזערנע לייטער,“ האט זיא געזאגט, „ציהט זיך פון דאנען ארונטער ביז צו דער מיהל־ראָד. דוא ווייסט דאָך, דאָרט שטעהט א שיפעל. וויא דוא וועסט נאָר אהין אָנקומען, קענסטו דיך אריין זעטצען און שנעל אוועק רודערן. ניעמאנד וועט דיך זעהען, ווייל עס איז יעטצט זעהר דונקעל. ווען דוא וועסט זיין פאָרזיכטיג, וועט דיך אויך קיינער נים הערען. אויף דיעזער אַרט וועסטו צורודערן ביז צו דער אנדערער זייט טייך, און דאן ביסטו געראטעט.“

דאָמיניק האט שטילשווייגענד אלעס אויסגעהערט, און דאן האט ער נאָך געפרעגט:

„אבער עס געפינען זיך דאָרט געוויס סאָלדאטען אויף דער וואך?“

„יא, נאָר איינער. ער שטעהט גראדע געגענאיבער פון דאנען, אונטער דעם ניעדריגען בוים.“

„אבער ווען ער וועט מיך דערזעהען? וואס וועל איך טהון ווען ער וועט מאכען א רעש?“

פראנסאַאז האט אויפגעשוידערט.

זיא האט אריין געלייגט דיא האַנד אין איהר בוזים, און פון דאָרט עפּעס ארויס גענומען.

„נעהם דאס,“ האט זיא נעזאגט.

„וואס איז עס ?“ האט ער געפרעגט ניט בעגרייפענדיג.

„דאס איז א מעסער.“

„א מעסער ?“

„יא, דאָמיניק, דוא מחט... מיין נאָט !“

דאָמיניק האט שוין פערשטאנען. זיין כלה האט בלויז געפונען א מעסער אלס דיא איינציגע וואפען פיר איהם, און עס איז אויך געווען א פאסענדע וואפען, ווייל א מעסער, ארבייט שטיל און לאָזט זיך נים הערען.

„און וואס וועט זיין פון דיין פאטער און פון דיר ?“ האט ער ווייטער גע־פרעגט.

„זאָרג ניט.“

„ניין, ניין, איך קען ניט ענטלויפען !“

„אך !“

„ווען איך וועל אוועק,“ האט ער פאָרטגעזעטצט, „דאן וועלען דיעזע סאָל־דאטען דיך פיעללייכט הרג'ענען... זייא זיינען געפעהרליכע ברואים, דוא קענסט זייא נים. זייא האבען מיר אנגעטראגען נגאדע, מיר צו שענקען דאס לעבען, ווען איך זאָל זייא דורכפיהרען דעם סאָוואל וואלד. זייא זיינען אין דער גרעסטער פער־צווייפלונג. עס שיינט, אז זייא האבען ערפאהרען, דאס אונזערע סאָלדאטען דער־נעהנטערן זיך, און דאס איז זייער איינציגער אויסוועג צום ענטלויפען, נאָר זייא ווייסען נים וויא אזוי זייא וועלען קענען פון דאנען ארויס קריכען. זייא רעכענען, אז איך וועל אָננעהמען דעם פאָרשלאג זייא צו העלפען. היינט, שטעל דיר פאָר, ווען זייא וועלען מיך מעהר ניט טרעפען, וועלען זייא, אין זייער וואוטה, זיך ניט צוריק שרעקען פון קיין זאך.“

פראנסאָאז האט מיט שפאנענדער אונגעדולד אלעס אויסגעהערט, אָבער זיא האט איהם ניט געוואָלט בעענטפערן זיינע פראגען מיט ארגומענטען. זיא האט בלויז געזאָגט :

„אויב דוא ליעבסט מיך, דאן ענטלויף... צוליעב מיר, דאָמיניק, בעט איך דיך, רעטע דיין לעבען, בלייב דאָ מעהר קיין מינוט !“

ער האט געצעגערט.

„כלעבען,“ האט זיא געזאגט, „פאר מיר האסטו דיך גאר ניט וואס צו זאָרגען. ניעמאנד וועט וויסען, אז איך האב דיר געהאָלפען ענטלויפען. קיין מענש ! געקסט זעהען, איך וועל מיר לאנגזאם צוריק ארויף קריכען אין מיין צימער, צומאכען

דאס פענסטער, און ווען זייא וועלען מיך קומען זוכען, וועל איך מיך מאכען שלאָפענדיג."

ער האט נאך אימער געצעגערט.

דאס ציטערענדע מעדכען האט איהם דאן זעלבסט אומארמט, געהאַלזט און געקושט, און אין איהר גרעסטער ליעבעס־אויפרעגונג האט זיא איהם געבעטען ער זאָל פאָלגען איהר ראטה.

זיא האט איהם בעזיעגט.

מעהר קיין פראגען האט ער שוין ניט געשטעלט און געוואָלט אנפאנגען דיא ארביים. פלוצלינג האט ער זיך אָבער אן עפעס דערמאָהנט און געפרעגט:

„ווייסט דיין פאטער דערפון?"

נאך א קורצער פויזע, האט זיא געענטפערט:

„יא!"

„דאן מיין פיעלגעליעבטע פראנסאאז, אום מיר צו געבען מעהר מוטה און מיין געוואגטע אונטערנעהמונג, בעט איך דיך, אז דוא זאָלסט מיר שווערען, דאס דיין פאטער איז פאָלקאָמען איינפערשטאנען מיט דיין ראטה."

„איך שווער דיר," האט דאס מעדכען געענטפערט ציטערענד, „אז מיין פאטער האט מיך אהער געשיקט."

זיא, דאס אונשולדיגע און ריינע, וואס האט פון קיין פאלשקייט ניט געוואוסט, האט געזאָגט א ליגען. אָבער אין יענעם אויגענבליק, האט איהר געוויסען ניט פראָטעסטירט דאגעגען. זיא האט בלויז געהאט איין ציעל, איהם צו זעהען גע־רעטעט, און דיא אידעע, אז מיט זונענאויפגאנג וועט ער זיין טויט, האט שיער בע־רויבט איהר פערשטאנד.

דיעזעס אונשולדיגע און אונערפאהרענע דאָרפס־מיידעל, האט גאנץ גוט גע־קענט איהר חתן׳ס כאראקטער. זיא איז געוועזען איבערציינט, אז דאָמיניק וועט אפילו 10 מאל שטארבען און ניט שפיעלען דיא ראָלע פון א פעררעטהער געגען פראנקרייך.

זיא האט זיך אפילו פאָרגעשטעלט, דאס ווען ער וועט אוועק, וועט דאס גאנצע אונגליק פאלען אויף איהר. אָבער דאס איז איהר געוועזען זיס און אנגענעהם, כל־זמן זיא האט געוואוסט, אז זיא וועט ליידען פיר איהם.

איהר ליעבעס־געפיהל האט געהאט דעם איינציגען וואונש, איהם צו זעהען געראטעט, און אלעס אנדערע, האט זיא ניט בעקימערט.

„גוט אָלזאָ, האָט דאָמיניק ענדליך געזאָגט, „איך וועל מאַכן ווי דו ווילסט.“

דאַן האָבען זיי מעהר ניט געשפּראָכען.

דאָמיניק איז צוגעגאַנגען און געעפענט דאָס פענסטער. פּלוצלינג אָבער, האָט אַ געראוש פערגליווערט דאָס בלוט אין זיינע אָדערן. די טהיר האָט זיך אַזוי גע־טרייסעלט, גראַדע ווי יעמאַנד וואָלט זי געעפענט.

ביידע האָבען אויסגעשטויסען איין אונטערדריקטען זיפץ.

אָבער עס איז גאָר ניט געווען.

דער סאָלדאַט, וואָס איז געשלאָפען פון יענער זייט טהיר, האָט זיך אומגע־קעהרט אויף דער אַנדערער זייט, און, אין זיין בעוועגונג, האָט די טהיר זיך גע־טרייסעלט.

שטעהענדיג איינינע אויגענבליקען אין געשפּאַנטער ערוואַרטונג וואָס ווייטער וועט זיין, האָבען זיי זיך באַלד אַלעס ערקלערט, און זיך ווי ווייט מעגליך בער־רוהיגט.

אַ טרויעריגע און נייסטערהאַפטע שטילקייט האָט ווידער געהערשט.

דאָמיניק האָט געוואָלט, אַז פראַנסאָאַז זאָל צו ערשט אַרויף קריכען צו איהר צימער. זי האָט אַנפאַנגס ניט געוואָלט, אָבער ער האָט אַנדערש ניט געוואָלט איינשטימען צו פערלאָזען דאָס צימער.

זי האָט איינגעווילינט.

דאָמיניק האָט גענומען פראַנסאָאַז'ן אויף זיינע הענד. איהר געוואוקסען אדיע און זי געקושט אויף איהרע ליפּען. דאַן האָט ער איהר געהאָלפען אַנצוכאַפּען די לייטער. ווערענד זי איז נאָך געשטאַנען אויף דער לייטער, איז ער אויך אַרויף, אָבער ער האָט קיין שרים געוואָלט מאַכען ווייטער, ביז ער האָט זיך איבערציינגט, אַז זי איז שוין ניטאָ.

ווען פראַנסאָאַז איז אַרויף געקראָכען, האָט זי געמורמעלט:

„צום ווידערזעהען! איך ליעב דיך!“

דאַן האָט זי זיך אוועק געשטעלט נעבען פענסטער און זיך אַרויס געלעהנט אום נאַכצופאָלגען דאָמיניס'ן מיט איהרע אויגען.

די נאַכט איז נאָך אימער געווען שטאַרק דונקעל. זי האָט געזוכט און געזוכט צו ענטדעקען וואו דער סאָלדאַט נעבען טייך געפינט זיך יעטצט. אָבער זי האָט איהם ניט ענטדעקט. זי האָט זיך בלויז געמערקט דעם בוים וואו זי האָט איהם פריהער געזעהען.

זיא האט נעהערט א שטילען נערויש וואס דאָמיניק האט פערורזאכט מיט זיין קערפער איבער דיא בלעטער אויף דער וואנט. דאן איז פאָראיבער א קורצע צייט, און זיא האט נעהערט דיא מיהלראד אביסעל סקריפען. א לייכטער פאטש אין וואסער, וויא פון א פיש, האט אָבנעקלונגען אין דער טיעפער דונקעלהייט, און דא האט זיך נעמערקט, אז דאָמיניק האט ענטדעקט דאס שיפעל.

נאכדעם האט זיא זיך דייטליך נעמערקט א דונקלען גענענשטאנד שוועבענדיג איבער דאס וואסער פון דעם טייך. זיא האט פערשטאנען, אז דאס איז איהר חתן אין שיפעל.

פלוצלינג האט זיא שוידערהאפט אויפגעציטערט. אין יעדען אוגענבליק, האט זיך איהר נעדאכט, אז דיא וואך האט איהם ענטדעקט און עס איז גענעבען געוואָרען איין אלארם.

דער לייכטעסטער נערויש, האט זיך איהר פאָרגעשטעלט אלס שנעלע און שווערע טריט פון דיא סאָלדאטען, דאס געקלאפעריא פון נעוועהר און דאס שטירמען פון ווילדע שטימען.

אונטערדעסען זיינען מעהרערע סעקונדען פאָראיבער, און אלעס איז ווידער געלענען איינגעהיעלט אין רוהיגען און דונקלען מאנטעל פון דער שווארצער נאכט.

פראנסאָאז האט זיך נעמערקט, אז דאָמיניק האט נעגרייכט דעם ברעג, אָבער זיא האט קיין זאך נעזעהען. דיא שטילקייט איז נעוועזען אזוי טיעף און אזוי ערנסט, אז דאס מערכען האט זיך זעהר נעפרייט דערמיט, ווייל עס האט געגעבען איהר נעליעבטען חתן דיא געלעגענהייט צו רעטען זיין לעבען.

אָבער, וואס איז דאָרט? וואס איז נעשעהען? יא, פראנסאָאז איז נעוועזען איבערציינט, אז יעטצט איז ניט נעוועזען איהר פאנטאזיע וואס האט זיא נענאַרט. ניין,ווירקליכקייט, ריינע ווירקליכקייט.

א שטימע האט נעשפראָכען און פערקלונגען דיא שטילע דונקעלהייט.

דאן האט זיך עפּעס נעהערט וויא א קאמפף, א ראנגלען זיך. איין אונטער־דריקטער אָבער שמערצהאפטער נעשרייא האט צעררייסען דיא איינזאמע שטילקייט. נאכדעם האט זיא נעהערט א קלאפ, גלייך וויא א שווערער גענענשטאנד וואָלט אומגעפאלען.

איהר הארץ איז נעבליבען שטעהען און אלע איהרע נעפיהלע זיינען אריין אין דיא אויערן אום צו קענען בעסער הערען וואס עס נעהט פאָר.

עס איז וויעדער שטיל געוואָרען. דאס לייכטע מורמען פון דעם טייך האט זיך געהערט אין זיין רעגעלמעסיגען טאקט און א נאכט־פויגעל האט פון גאנץ ווייט וועהמיטהיג געשריען.

זיא האט געשפירט גלייך וויא דער קאלטער טויט זעלבסט האט דורכגעדרונגען איהר קערפער. איהרע אויגען זיינען געבליעבען אָפען, אָבער מעהר וויא טיעפע דונקעלהייט האט זיא ניט ענטדעקט.

מיט א פאאר מינוטען שפעטער, האט פראנסאָאז פערמאכט לאנגזאם דאס פענסטער, צוגעגאנגען צום בעט און זיך געזעטצט.

„דאס מעסער, דאס מעסער,“ האט זיא געמורמעלט, „דאס האט איהם געדעטעט? און וועמעס ברוסט האט עס איינגעדרונגען?“

4.

ווען עס האט אָנגעהויבען צו טאָגען, האבען געוואלטיגע קולות פערהילכט די מיהל.

דער אלטער מערליער איז ערשיענען און געעפענט פראנסאָאז'עס טהיר. דאס מעדכען איז ערשיענען אין הויף בלאס אָבער מערקווירדיג רוהיג.

איהר אויגען האבען געוואנדערט אין שטילער אונגעדולד ארום זיך אום עפעס צו בעמערקען.

גלייך וויא א קאלטעס שטאָהל וואלט איהר איינגע ברוסט דורכגעבויערט, אזוי בעוועגונגסלאָז איז זיא געבליעבען שטעהן, ווען זיא האט ערבליקט א דייטשען סאָלדאט, קיענענדיג טויט אויף זיין מאנטעל נעבען דער וואנט.

ארום דעם קערפער זיינען געשטאנען מעהרערע סאָלדאטען טענה'ענדיג העפטיג מיט זייערע הענד, און מאנכע האבען וויטהענד געשריען.

איינינע האבען געצייגט מיט זייערע פויסטען צום דאָרף, גלייך וויא זיי וואָלטען וועלען דאָרט שטילען זייער צאָרן.

אין דערזעלבער צייט, האט דער דייטשער קאָמאנדאנט געלאָזען רופען דעם אלטען מערליער, אלס דעם פעראנטוואָרטליכען בירגערמייסטער פון דאָרף.

„אלטער!“ האט געקלונגען וויטהענד דעם אָפיציער'ס שטימע.

מערליער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען.

„אלטער!!!“ האט די שטימע נאך שטארקער אויסגעדונערט.

מערליער האט אָנגעקוקט דעם אָפיציער און נאך איטער געשוויעגען.

„הער מיך אויס!" האט דער דייטש אנגעפאנגען זיך בעמיהענדיג צו זיין רוהיג, אבוואהל דיא ווערטער האבען איהם נעשטיקט אין האלז, „אט דא ליעגט איינער פון מיינע לייט, טויט, דערשטאכען, ערמארדעט! דוא פערשטעהסט, ער־מארדעט! ער איז געפונען געווארען נעבען מייך... נעבען מייך, דוא פערשטעהסט? דאס איז א שוידערהאפטער מארד, און מיר מוזען צייגען א שרעקליכעס ביישפיעל פיר אנדערע, אום זייא זאלען אויך וויסען וואס דאס הייסט ערמארדען א סאלדאט נים אין גלייכען קריענס־קאמפף."

מערליער האט נאך אלץ ערווארטעט צו הערען וואס דאס האט מיט איהם צו טהון.

„איך האב דיך אהער גערופען," האט דער אפיציער פארטגעזעטצט, „ווייל איך וויל, אז דוא, אלס דער בירגערמייסטער, זאלסט מיר העלפען אויסגעפינען דעם מערדער."

„מיינעטוועגען," האט מערליער געענטפערט רוהיג, „וועל איך אייך העלפען צו געפינען דעם מערדער, אבער, וויא איהר מערקט זיך, איז דאס נים קיין לייכטע זאך."

דער אפיציער האט זיך דאן אנגעבויגען, און אויפהויבענדיג א פאלע פון דעם מאנטעל אויף דער ערד, האט ער דערמיט אויפגעדעקט דאס וואקס־געלבע געזיכט פון דעם טויטען סאלדאט.

עס האט זיך בעוויזען א שרעקליכע וואונד. דער אונגליקליכער סאלדאט, איז געטראפען געווארען מיט א מעסער גלייך אין האלז, און דאס מעסער איז נאך געבליעבען שטעקען אין דער וואונד.

עס איז געוועזען א שוידערהאפטער און העפטינער שטאך, און דאס האט ער־קלערט, וואס יעמאנד האט נים געהערט זאגאר א געשרייא פון דעם אונגליקליכען. עס איז קיין צווייפעל, אז דער טויט איז געוועזען איין אויגענבליקליכער, נאכדעם וויא דאס מעסער איז אריין געשטאכען געווארען.

און דאס מעסער? ניין, עס איז נים געוועזען קיין ספעציעלע וואפען צו דיעזען צוועק, זאגדערן, א גאנץ געוועהנליכעס קיך־מעסער.

„זעה נאר דאס מעסער, אלטער," האט דער אפיציער געזאגט צו מערליער'ן, „בעטראכט עס גוט, פיעללייכט וועט דאס אונז העלפען צו ענטדעקען א שפור צום מערדער."

מערליער האט אויפגעציטערט. ער האט דערקענט דאס מעסער. ער האט

זיך אָבער באלד בערוהיגט, און געענטפערט, אָהנע א מוסקעל זאָל זיך בעוועגען אויף זיין געזיכט:

„דאס מעסער, איז א שלעכטע שפור. יעדער איינציגער פון דיעזער גענענד, האט אזעלכע מעסערס. ווייס איך, פיעלייכט איז אייער קאָלדאט מיער געוואָרען קעמפפענדיג און ער האט בעגאַנגען זעלבסטמאָרד. ווייסט איהר דען נים, אז אזעלכע זאכען פאסירען זעהר אָפט אין א מלחמה?"

„האלט דיין מויל!" האט דער אָפיציער אויסגעשריען אין שרעקליכען צאָרן, „שווייג דוא אלטער! איך ווייס נים וואס מיך האלט יעטצט צוריק אונטערצו ציגדען דיעזעס דאָרף פון אלע פיער זייטען, און דאן וואָלט איהר שוין אלע געוואוסט וואס דאס הייסט מאָרדען א מענשען!"

זיין צאָרן האט נכיקליכערווייזע פערהינדערט צו זעהן דעם שטארסען חעקסעל אויף דעם געזיכט פון פראנסאָאז'ן, וועלכע האט בייגעוואָהנט דיא סצענע.

דאס מעדכען האט זיך אזועק געזעטצט אויפ'ן שטיין נעבען ברעג. אָבוואָהל זיא האט געוואָלט אוועק קוקען, האט זיא אָבער דאָך נים געקענט ארונטער נעהמען איהרע אויגען פון דעם טויטען קערפער, וועלכער איז געלעגען אויסגעשטרעקט, ביינאהע נעבען איהרע פיס.

ער איז געוועזן א שטאַרקער און שעהנער יונגער מענש, וועלכער האט אויסגעזעהען שטארק עהנליך צו דאָמיניק'ן, האבענדיג אזעלכע שעהנע בלאָנדע האאר וויא איהר חתן

דיא עהנליכקיים האט צוזאמענגעדריקט איהר הארץ.

זיא האט זיך פאָרגעשטעלט, אז דער טויטער האט פיעלייכט צוריק געלאָזען אין דער היים א געליעבטע, א פאטער, א מוטער אָדער שוועסטער, און וויא זייא וועלען ווינען נאך איהם, דאָרט ערגיץ וויים, אין דייטשלאנד. זיא האט אויף גאנץ גוט דערקענט איהר מעסער אין דעם טויטען'ס האלז.

„איך האב איהם געהרג'עט, ערמאָרדעט!" האט זיא זיך געטראכט.

איהר געזיכט איז געוואָרען באלד אזוי געלב וויא דאס געזיכט פון דעם טויטען, און איהרע קניען האבען צוזאמען געקלאפט און געציטערט.

דער אָפיציר, אין זיין וואוטה, האט דערווייל נאָר געערדט פון נעהמען ראכע אין דעם דאָרף רעקרעז, אויף דער שרעקליכסטער ארט. וועהרענד דעם זיינען שנעל צוגעקומען אייניגע סאָלדאטען.

זייא האבען נאָר וואס ענטדעקט, אז דאָמיניק איז ענטלאָפען, און דאס האט פערורזאכט א גרויסען אויפרוהר.

אַבוואָהל פראַנסאָאַז האט ניט פערשטאַנען וואס זייא האבען געזאָגט. האט זיא זיך אָבער גאַנץ גוט געמערקט וואס פאַר א בעריכט זייא האבען אָבגעגעבען דעם אָפיציער, ווייל זייא האבען געצייגט צום צימער וואו דאָמיניק איז געווען ארעטירט.

דער אָפיציער איז באַלד אוועק אליין בעטראַכטען וואס דאָרט איז פאָרגע־גאַנגען. ער האט בעמערקט דאס אָפענע פענסטער, ארונטער געקוקט אויף דער וואַנט און דאַן האט ער אַלעס פערשטאַנען.

ער האט צוריק געקעהרט שרעקליך אויפגערעגט און דערצעהלט מערליער'ן, אז דאָמיניק איז ענטלאָפען.

דער אַלטער מערליער האט אויסגעזעהען זעהר ניעדערגעשלאָגען פון דאָ־מיניק'ס ענטלויפען.

„דער אידיאָט!“ האט ער אויסגעשריען. „ער האט אַלעס פערדאָרבען! איך האב גאר ניט געגלויבט, אז ער קען זיין אזא אידיאָט!“

דאס געהיימניס פון זיין קיך־מעסער אין דעם סאָלדאַט'ס האַלז, האט זיך איהם באַלד אויפגעקלערט. ער האט אַלעס בעגריפען.

„א פייגלינג און א מערדער,“ האט ער גאַנץ שטיל געמורמעלט צו זיך אליין, קריצענדיג מיט דיא צייהן.

פראַנסאָאַז, וועלכע האט געהערט וואס איהר פאטער האט געזאגט, איז דערציטערט געוואָרען. זיא האט זעהר מורא געהאט, טאָמער וועט ער ענטדעקען, אז זיא האט אין דעם שולד.

אָבער מערליער, האט קיין פערדאַכט געהאט איבער זיין טאָכטער. ער איז ארום געגאַנגען איבער'ן הויף, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ און מורמלענדיג:

„יעטצט געפינען מיר זיך אין א שעהנער לאַגע.“

דער אָפיציער האט זיך געווענדעט צו איהם און געשריען:

„ער איז דער שופט! דער שופט! ער האט עס געטהאָן! ער האט געוויס שוין געגרייכט דעם וואַלד... אָבער מען מוז איהם געפינען, מען מוז איהם כאַפּען... אָדער, בייא גאָט! דאס גאַנצע דאָרף זאָל דאַפיר מהייער בעצאָהלען!“

דער אַלטער מילנער האט געשוויגען.

„קום!“ האט דאַן דער אָפיציר געשריען. „גום מיט מיר און זוך מיר אויס דעם מערדער. דוא ווייסט וואו ער איז!“

דער אַלטער מערליער האט אויפגעהויבען זיין קאָפּ און געצייגט מיט זיין פינגער צום וואַלד. דאַן שאָקלענדיג מיט זיין קאָפּ, האט ער געזאָגט:

„ער איז דאַרט, אין וואַלד, גאַנץ ווייט, און איהר קענט ניט ערוואַרטען, דאַס מען זאָל איהם קענען דאָרט געפינען."

„איך ווייס! איך ווייס!" האָט דער אָפיציער געדונערט, „דאָרט געפינען זיך פּלעמצער צום בעהאַלטען, און דו האָסט גאַנץ גוט וויסען דערפון. דו זאָלסט מיר ניט דערצעהלען, אַז דו ווייסט ניט. איך גיב דיר צעהן סאָלדאַטען — דו הערסט? דו וועסט זיין זייער פיהרער."

„זעהר גוט," האָט מערליער געענטפערט צוריק געווינענדיג זיין אַלטע קאַלט־בליטיגקייט, „אָבער עס וועט אונז נעהמען אַ וואָך צייט נאָר די וועגען צו פּאַסירען."

דעם אַלטען׳ס קאַלטבליטיגקייט האָט שטאַרק אויפגערעגט דעם אָפיציער. ער האָט אָבער אויך איינגעזעהען, אַז ער פערלאַנגט כמעט אוממעגליכעס.

דאַמאַלס האָט ער ערשט דערזעהען פראַנסאָאַז׳ן, זיצענדיג בלאַס און ציטערענדיג אויף׳ן שטיין. דאָס יונגע מערכען, איהר האַלטונג און שרעק, האָט צו געצוינגען זיין אויפמערקזאַמקייט.

עס זיינען פאַראיבער עטליכע סעקונדען, און ער האָט נאָר ניט געזאָגט. דאַן, זיך ווידער ווענדענדיג צום מילנער, האָט ער געפרעגט:

„זאָג מיר נאָר, אַלטער, איז ניט דיעזער מאַן, דער מערדער פון מיין אַרמען סאָלדאַט, דער געליעבטער פון דיין טאָכטער?"

דעם אַלטען מערליער׳ס געזיכט האָט זיך פּלוצלינג אָנגעצונדען וויא מיט אַ פייער. דאָס איז געווען אַ שרעקליכע בעליידיגונג פיר זיין קינד, און ער איז געוועזען נאָהענט זיך צו וואַרפען אויף דעם אָפיציער און פּראָבירען איהם דערווערגען.

אָבער מערליער האָט זיך בעהערשט. ער האָט בלויז צוגעוואָרפען אַ פער־אַכטענדען בליק דעם אָפיציער און נאָר ניט געענטפערט.

פראַנסאָאַז האָט צוגעדעקט איהר געזיכט מיט די הענד.

„יאָ, יאָ, אַזוי איז עס," האָט דער אָפיציער פאַרטגעזעטצט, „ער איז דיין טאָכטער׳ס געליעבטער, און דאָס ערקלערט, וואָרום דו אָדער דיין טאָכטער האָבען איהם בעדאַרפט העלפען. דו ביסט זיין מיטשולדיגער... הער אויס, אַלטער, צום לעצטען מאָל זאָג איך דיר, וועסטו איהם איבערגעבען אין מיינע הענד, אָדער ניט?"

מערליער האָט נאָך אימער געשוויגען. ער האָט זיך אָבגעווענדעט און אַוועק געקוקט גאַנץ ווייט, גלייך וויא ער האָט נאָר ניט געהערט וואָס דער אָפיציער האָט

צו איהם געשפראָכען. דאס האט שוין אויפגערעגט דעם דייטש אויף דער העכסטער שטופע.

„אזוי אלטער," האט דער אָפיציער געברוםט, „דוא ווילסט מיך גאר ניט הערען? ניין? גוט, גוט, דאן זאָלסטו עס פיהלען. ווייס, אז דוא וועסט, אנשטאט איהם דערשאָסען ווערען!"

אין נעכסטען אויגענבליק, האט ער געהייסען ארויס טרעטען 12 בעוואפענטע סאָלדאטען צו איין היגריכטונג.

דער אלטער מערליער איז געבליעבען גאנץ רוהיג.

ער האט אפילו ניט אויפגעצויגען מיט דיא אקסלען; דיא גאנצע געשיכטע, וויא עס האט געשיינט, האט איהם בלויז אויסגעזעהען וויא אביסעל אונאנ־גענעהם.

עס איז אונטערדעסען קיין צווייפעל, אז ער האט ניט געגלויבט, דאס עס איז מעגליך, מען זאָל אזוי מיר־ניט־דיר־ניט דערשיסען א מענשען.

אָבער ווען דיא סאָלדאטען זיינען ערשיענען, האט ער זיך געמערקט, אז אלעס איז מעגליך. ער האט זיך שנעל אומגעווענדעט צום אָפיציער און אין א רוהיגע שטימע האט ער איהם געפרעגט:

„איהר מיינט דאס אלזאָ ערנסט, מיך צו דערשיסען?"

„יא, געוויס!" האט דער אָפיציער געשריען.

„אלזאָ גוט, ווען איהר מוזט אונבעדינגט האבען יעמאנדען ווערען צו שיסען, דאן בין איך בערייט."

גראדע דאמאלס איז פראנסאָאז צוגעשפרונגען, און ארויס שטאמלענדיג האט זיא געבעטען:

„מיטלייד, מיין הערר, הרג'עט ניט מיין פאטער! איך בעט אייך, נעהמט מיך אנשטאט איהם... איך, איך, מיין נאָם! — ניט ער, — האב געהאָלפען דאָ־מיניק'ן ער זאָל ענטלויפען. איך בין דיא איינציגע שולדיגע."

„שווייג שטיל, דוא נאריש מיידעל!" האט דער אלטער געשריען, „וואָרום זאָגסטו א ליגען?... עס איז ניט וואהר, מיין הערר, עס איז ניט וואהר, איך האב זיא אליין אָבגעשלאָסען אויף דער גאנצער נאכט אין איהר צימער."

„ניין, ניין, איך זאָג ניט קיין ליגען," האט דאס מעדכען געענטפערט פראָ־טעסטירענדיג, „איך בין ארונטער געקראָכען פון דעם פענסטער, עס איז וואהר! עס איז וואהר! איך בין דיא שולדיגע!"

עס איז געווען צום ערשטען מאל וואס מען האט געקענט זעהן אמת'ע שרעק אויף דעם אלטען'ס געזיכט. ער איז בלאס געוואָרען וויא קאַלך און א שטארקען ציטער געטהאָן. ער האט געלעזען גאנץ דייטליך אין איהרע אויגען, אז זיא זאָגט קיין ליגען נים, און איהרע ווערטער האבען איהם נאך מעהר וויא ער־שטוינט.

„אך! רייזע קינדער מיט זייערע הערצער," האט ער זיך געטראַכט, „וויא זייא האבען אלעס פערדאָרבען!"

אין זיינע אויגען האט עס אָנגעפאנגען אויפצולאַנצען פון טרערען, אָבער נאך א העפטיגער אנשטרענגונג, האט ער זיך צוריק געהאלטען און נים געוויינט. דאָן איז ער פלוצלינג שטארק בעז געוואָרען.

„דא איז משוגע!" האט ער געשריען, „דא האט פערלוירען איהר פער־שטאַנד! גלויבט איהר נים, זיא טרוימט! עס איז אלעס לעכערליך און דום... עס איז אונמעגליך, עס איז נים וואהר וואס זיא פלוידערט."

פראַנסאָאז האט פראָבירט נאך אמאל צו פראָטעסטירען. עס איז נים געווען הערפאר, ווייל זיא האט עפּעס געדענקט אום זיך זעלבסט, זאָגנדיק, זיא האט געזעהן איהר אלטען פאטער אין געפאהר, און איהם האט זיא געוואָלט רעטען.

זיא האט ניעדערגעקניעט און זיך געבראָכען דיא הענד.

דער אָפיציער האט געבליקט גאנץ קאלטבלוטיג אויף דיעזער הערצרייסענדער סצענע. אָבער עס האט נים פיעל געדויערט און איהר געוויין האט איהם שטארק גערירט.

„אום גאָטעס ווילען!" האט ער אויסגעשריען, „איך נעהם אייער פאטער, ווייל איך האב נים קיין אנדערען... זעהט און געפינט אויס וואו יענער איז און אייער פאטער זאָל בעפרייעט ווערען. געשווינד, געשווינד, ער וועט בעפרייעט ווערען זאָ שנעל וויא איהר וועט מיר יענעם איבערגעבען."

זיא האט אָנגעקוקט דעם אָפיציער אויף איין אויגענבליק מיט ווייט געעפענטע אויגען פון שרעק, הערענדיג זיין שוידערהאפטען פאָרשלאָג.

„עס איז שרעקליך, שרעקליך!" האט זיא געשריען, „וויא דענקט איהר דען, קען איך יעטצט געפינען דאָמיניק'ן? זאָל איך געהען זוכען א נאָדעל אין א סטויג היי? איך ווייס נים, ניין, איך ווייס נים וואו ער איז. ער איז אוועק, גאנץ גרייט, און עס איז אונמעגליך איהם צו געפינען."

דער אָפיציער האט זיך אונטערדריקען [illegible]

„טש אלזאַ, איהר קענט וועהלען: ענטוועדער איהם אָדער אייער פאטער.“

„אך, מיין גאָט!“ האט זיא אויסגעשריען, „וואס הייסט איך זאָל וועהלען? וויא קען איך וועהלען? אך, גלויבט מיר, ווען איך זאָל אפילו וויסען וואו דאָמיניק געפינט זיך, קען איך אויך ניט וועהלען... וועה איז מיר, איהר צערברעכט מיין הארץ... איך וויל ניכער שטארבען, איך, נעהמט מיך, ווייל איך בין דיא שולדיגע. יא, יא, עס איז בעסער איך זאָל שטארבען אלס איינער פון זייא. הרג'עט מיך, שיסט מיך, איך בעט אייך...“

דער אָפיציער איז ענדליך געוואָרען אונגעדולדיג פון דיעזער פערצווייפעלטער און טרערען סצענע.

„גענוג, גענוג! איך האב שוין גענוג!“ האט ער אויסגעשריען, „איך בין שוין געווען נאך צופיעל גוטמיטהיג. הערט מיך אויס, איך האב קיין אויגענבליק צייט, אָבער דעננאָך, גיב איך אייך צוויא שטונדען צייט... איהר פערשטעהט? צוויא שטונדען! וועהרענד דעם, ווען אייער געליעבטער קעהרט ניט צוריק, דאן שטארבט אייער פאטער אויף זיין פלאַטץ. יעטצט לאָזט מיך געהען!“

ער האט זיך אָבגעווענדעט בייא דיעזע ווערטער, און אויף א בעפעהל, איז דער אלטער מערליער אָבגעשפארט געוואָרען אין רעמזעלבען צימער וואו דאָמיניק האט זיך פריהער געפונען.

דער אלטער, איידער ער איז אריין נעפיהרט געוואָרען אין צימער, האט ער פערלאנגט אביסעל טאבאק. פראנסאָאז, וויינענדיג און ציטערענדיג, האט איהם ארונטער נעבראכט זיין טאבאק, און דאן האט זיך גענומען דער אלטער העפטיג רויכען.

זיין געזיכט האט ווידער אָנגענומען דיא רוהיגע מיענע וויא פריהער און עס האט אויסגעזעהען, אז עס האט גאר ניט פאסירט.

ווען ער האט זיך אָבער געפונען אליין אין צימער, און דיא פיער ווענט ארום, האבען איהם אָבגעשלאָסען פון דיא איבריגע מענשען, האבען זיך בעוויעזען צוויא גרויסע טראָפענס טרערען אין זיינע אויגען, וועלכע האבען זיך דאן ארונטער גע־קייקעלט איבער זיינע באקען.

„מיין גאָט!“ האט ער געמורמעלט גאנץ שטיל, „מיין קינד! מיין ארמע פראנסאָאז! וויא דוא ליידעסט יעטצט!“

פראנסאָאז איז געבליעבען שטעהען אין מיטען הויף וויא פערשטיינערט. איינע סאָלדאטען, אריפגעריעגט פון זייער קאמעראד'ס טאָיד, זיינען פארבייא

געגאַנגען נעבען איהר, און געלאַכט. אַנדערע האָבען זיא גערופען, און אַ טהייל האָבען געזאָגט גראָבע וויטצען וואס זיא האט ניט פערשטאַנען.

איהרע אויגען זיינען נאָר געווען געריכטעט צו דער טהיר, וואו איהר אַלטער פאַטער איז אַבגעשלאָסען געוואָרען.

זיא איז געשטאַנען אַ היבשע צייט און ניט געקענט גענוי בעגרייפען וואס עס געהט פאָר אַרום איהר. דאַן האט זיא פּלוצלינג אויפגעהויבען איהר האַנד צום שטערן, גלייך וויא זיא האט געוואָלט צו האַלטען איהר קאָפּ ער זאָל ניט פּלאַצען.

דאַביי האט זיא זיך אַבגעווענדעט.

דער אָפיציער איז איהר גראַדע אויסגעקומען ענטגעגען.

„געדענקסט," האט ער ווידערהאָלט, „געדענקסט גאַנץ גוט, אַז איהר האט נאָר צוויא שטונדען צייט. זעהט און פערליערט קיין אויגענבליק אומזיסט."

יאָ, „צוויא שטונדען צייט," דיעזע דרייא ווערטער האָבען געוויטהעט אין איהר געהירן."

אָהנע צו וויסען וואס זיא טהוט, איז זיא אַרויס פון הויף און איז געגאַנגען ווייטער און ווייטער.

וואוהין? וואוהין קען זיא געהען? וואס זאָל זיא אַנפאַנגען צו טהון?

זיא האט אפילו ניט פּראָבירט צו ענטשיידען אין איהר קאָפּ דיעזע פראַגע. זיא האט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז זיא קען איבער קיין זאַך בעשליסען.

דעננאָך, וואָלט זיא זעהר וועלען געפינען וואו דאָמיניק איז געווען. זיא האט איהם ווענינסטענס געוואָלט זעהען.

אָך, מיט איהם, מיט דאָמיניק'ן, וואָלט זיא זיך דאָך געקענט בעראַטהען, און ער, מיט זיין געזונדען פערשטאַנד, וואָלט פיעללייכט געפונען אַ גוטען אויסוועג אָדער אַ ראַטה צום פערצווייפעלטען צושטאַנד. זיא האט געשפירט, אַז זיין שטיצענדע האַנד פעהלט איהר.

אַזוי דענקענדיג און ניט וויסענדיג וואס צו טהון, האט זיא אַרונטער שפּאַ־צירט ביז צו דיא ברעגעס פון דעם טייך מאַרעל, און איז פּלוצלינג געבליעבען שטעהען קוקענדיג אויף דיא שטיינער וואס זיינען דאָרט געלעגען.

דאַן האט זיא געבליקט ווייטער, און ענטדעקט פרישע שפּורען אין גראָז, וועלכע זיא האט דערקענט אַלס דיעזע וואס דאָמיניק האט געמאַכט. יאָ, דאָרט איז עס געווען, ניט ווייט פון דעם בוים, וואו דער סאָלדאַט איז געשטאַנען אויף דער וואַך.

זיא איז אריבער דעם טייך דורך דער בריק און האט זיך דערנעהנטערט צו דיא שפורען אין גראז. ניט ווייט פון דארט, האט זיא בעמערקט בלוט. זיא האט אויפגעציטערט, אבער זיא האט געוואוסט פאזיטיוו, אז דאס בלוט איז פון דעם סאלדאט וואס דאמיניק האט דערהרג׳עט.

אהנע צו וויסען וואס זיא טהוט, איז זיא ארויף אויף׳ן גראז, און אנגע־פאנגען נאכפאלגען דיא איינגעטרעטענע שפורען, וועלכע האט געפיהרט בייא דער זייט פון וואלד אוועק גאנץ ווייט.

זיא איז געגאנגען אזוי ווייט, ביז דיא שפורען זיינען פערווישט געווארען. דארט איז זיא געבליעבען שטעהען קוקענדיג געגענאיבער אין א צווייטעס פעלד און זיא האט ענטדעקט נייע שפורען. זיא איז אריבער געגאנגען, אויף דיעזע נאכגעפאלגט. דאס האט זיא געפיהרט ביז צום וואלד, וואו יעדע שפור האט אבער אויפ־געהערט.

אונגעאכטעט דערויף, איז פראנסאאז אריין צווישען דיא בוימער.

דיא טהאטזאכע, פון זיין אליין, איז פאר איהר געוועזען א טרייסט. זיא האט אביסעל פרייער אויפגעאטהעמט.

זיא איז געבליעבען שטעהען און אויסגעבראכען אין א העפטיגעס געוויין. דאן, זיך דערמאהנענדיג, אז עס איז נישטא קיין צייט צו וויינען, און זיא האט ווידער אמאל אנגעפאנגען צו געהען, אבער אהן א ציעל און אהן א ריכטונג.

וויא לאנג איז דאס געוועזען זיים זיא האט פערלאזען דיא מיהל? פינף מינוטען? א האלבע שטונדע? ניין, דאס האט זיא נים געקענט וויסען; זיא האט פערלוירען דעם חשבון פון צייט.

דאן האט זיא זיך פלוצלינג דערמאהנט אן דיא פערשיעדענע געדיכטע געבישע; און זיא האט זיך געטראכט, אז עס איז מעגליך, דאס דאמיניק האט זיך ערגיץ וואו דארט בעהאלטען. יא, זיא האט זיך אויך ערינערט, אז לעטצטענס, איז זיא און דאמיניק אהין געגאנגען שפאצירען און זייא האבען געגעסען יאגדעס צוזאמען.

זיא האט דערקענט דאסזעלבע געביש און אנגעפאנגען דארט צו זוכען.

זיא האט אבער געשטערט בלויז א פייגעלע, וועלכעס איז אוועק געפלויגען צווימשערענדיג.

דאן איז איהר איינגעפאלען דער געדאנק, אז ער האט זיך פיעללייכט בעד־האלטען אין דיא לעבער פון דיא פעלזען, וואו ער פלעג זיך אפט פערשטעקען אום

ארפצופאסען איבער ווילדע טהיערע אויף דער יאגד. זיא האט בעזוכט דיעזע פלעטצער, אבער ער איז אויך דארט ניט געוועזן.

„וואס מוינ זוכען?" האט זיא זיך געטראכט. „איך וועל איהם ניט געפינען פרידע וועז איך וויל."

אבער דער וואונש איהם צו געפינען, איהם צו ענטדעקען, איז יעדעס מאל געווארען ווילדער און שטארקער.

פלוצלינג איז איהר איינגעפאלען, אז דאמיניק האט געקווט ארויף קריכען אויף א בוים און זיך דארט בעהאלטען.

פון דיעזען מאמענט אן, וואס אזא געדאנק איז אריין אין איהר קאפ, האבען איהרע אויגען געוואנדערט אין דער הויך צו דיא ביימער. אום צו צוציהען זיין אויפ־מערקזאמקייט, האט זיא ביי יעדע פופצעה אדער צוואנציג שריט אויסגערופען זיין נאמען.

דער קרקו פוינעל האט געענטפערט פון ווייטען, אבער ניט דאמיניק.

אנפאנגס האט זיא געגלויבט, אז דאמיניק מאכט נאך דיא שטימע פון דעם קרקו פוינעל און ערווארטעט איהר צו זעהען, אבער זיא האט באלד נאכדעם ער־בליקט דעם פוינעל אליין פארבייא פליהען, און זיא האט געוואוסט, אז זיא האט געהאט איין אירטהום.

איינמאל האט זיך איהר געדאכט, אז זיא האט איהם שוין ווירקליך געזעהען, און בייא דיעזער אידעע, האט זיא זיך געוואלט אומקעהרען און ענטלויפען.

ענטלויפען? ווארום?

דיא ארמע האט געשפירט, אז זיא קען איהם ניט זעהען און דארף איהם ניט זעהען.

וואס וועט זיא איהם זאגען? וואס קען זיא איהם מיטטהיילען? זאל זיא איהם צוריק רופען? יא, ער וועט געהען. אבער וואס וועט זיין דער סוף? מען וועט דאך איהם פאזיטיוו ערשיסען?

אך ניין! ניין! זיא וועט איהם גאר ניט זאגען פון דעם וואס עס איז פאר־געקאנגען. זיא וועט בלויז אויסשרייען צו איהם, ער זאל ענטלויפען, זיך רעטען און ניט זיין מעהר אין דער גאנצער נאכבארשאפט.

דאן האט זיא זיך דערמאהנט אן איהר פאטער, וועלכער ווארט אויף איהר, און דאס האט צרויס גערופען א שארפען שמערץ אין איהר ברוסט. בייא דיעזע געדאנקען, איז זיא צוגעפאלען צו א בוים און זיך צו וויינען, שרייענדיג:

„מײן גאָט! מײן גאָט! וואס טהו איך דאָ? וואס וויל איך? ועמען זוך איך?“

דער געדאַנק, אז זיא איז אהין געקומען אום פּיעללייכט צוריק צו פיהרען איהר חתן צום טויט, האט שיער בערויבט איהר פערשטאנד. און, גלייך וויא זיא וואָלט ערבליקט דיא גרויסע געפאהר פון איהר ערשײנען, האט זיא אָנגעפאנגען צו לויפען און לויפען, אום צו געפינען דעם וועג ארויס פון וואלד.

דרייא מאל האט זיא אייגגעשלאָגען א פאלשען וועג, און, אין איהר פערווירונג האט דיא געדעכעניש, אז זיא וועט שוין מעהר ניט געפינען דיא טיהל. אָבער עס האט ניט פיעל געדויערט, און זיא האט זיך ערבליקט אויף'ן פעלד, גראדע געגענאיבער דעם דאָרף רעקרעז.

זאָ שנעל וויא זיא האט ערבליקט דאס דאָרף, איז זיא געבליעבען שטעהען.

זאָל זיא צוריק געהען אליין? דיעזע פראגע האט שרעקליך געמארטערט איהר זעעלע.

שטעהענדיג פערזונקען אין פינסטערע געדאנקען, האט זיא פּלוצלינג געהערט א שטימע אויסרופענדיג:

„פראנסאָאז! פראנסאָאז!“

וויא זיא האט זיך אומגעווענדעט, האט זיא ערבליקט דאָמיניק'ן ארויס שטעקענדיג זיין קאָפּ פון א טהאָל.

געדעכטער גאָט! האט זיא איהם געפונען? איז דאס פּיעללייכט געווען א צייכען, אז גאָט ווינשט זיין טויט?

זיא איז שיער דערשטיקט געוואָרען מיט א געשרייא וואס האט זיך געוואָלט ארויס רייסען פון איהר ברוסט.

„האסטו מיך געזוכט, פראנסאָאז?“ האט ער געפרעגט.

„יא,“ האט זיא געענטפערט, נים וויסענדיג וואס צו זאָגען און שפּירענדיג א שטארקען שווינדעל פאר דיא אויגען.

„אך! פראנסאָאז, אום גאָטעס ווילען, זאָג מיר, וואס געהט פאָר? וואס האט פּאסירט?“

זיא האט ארונטער געקוקט צו דער ערד, און ארויס שטאמלענדיג האט זיא געענטפערט:

„פּאסירט? גאר נים! איך בין בלויז געווען נייגיעריג דיך צו קומען זעהען. ואס איז אָלעס, נים מעהר.“

הערענדיג דיעזע ווערטער, האט ער זיך בערוהינט, און איהר אָנגעפאנגען צו ערקלערען, אז ער האט ווייטער ניט געקענט ענטלויפען, ווייל עס איז איהם אונ־מענגליך געווען זיך פיעל צו דערווייטערן פון דעם פלאטץ וואו זיא איז.

„דער אמת איז," האט ער ווייטער געזאָגט, „איך ציטער פאר אייער זיכער־הייט, פיעל מעהר וויא פאר מיינער. דיעזע דייטשע שופטען, זיינען גראדע דיא פאסענדע לומפען, וועלכע זיינען אימשטאנדע זיך נוקם צו זיין אן צארטע פרויען און אלטע לייט."

פראנסאאז האט ארויס געלאָזען א לייכטען זיפץ, וועלכען דער יונגער מאן האט ניט בעמערקט. דאַן האבען זייא נאך געשפראָכען, און דאָמיניק, זיך שפירענדיג בערוהיגט, האט ער געזאָגט לאכענדיג:

„דער טאָג פון אונזער חתונה, ווען אלזאָ מוזען אָבגעלעגט ווערען אויף נעכסטע וואָך. שאדע, מיר האבען זיך אלע געריכט אויף היינט. אָבער וואס קען מען מאכען?"

אָבער פראנסאָאז האט ניט פיעל געקענט בעהאלטען איהרע געפיהלע, און דאָמיניק, זעהענדיג וויא איהר געזיכט פערדונקעלט זיך, האט ער אויך אָנגעפאנגען צו ווערען ערנסט.

„אָבער וואס פעהלט דיר?" האט ער געפרעגט.

„גאר ניט," האט זיא געענטפערט ציטערענדיג.

„פראנסאָאז, וואס האט פאסירט?"

„פרעג מיך ניט."

„ווארום זאָל איך דיך ניט פרעגען? מיין גאָט! האסטו דען נאך א בעסערן פריינד וויא איך? וועמען קענסטו מעהר פערטרויען וויא מיר?"

זיא האט געשוויגען.

„שווייג ניט, פראנסאָאז, שווייג ניט! דערצעהל מיר אלעס! פערבאָרג קיין זאך, זעה..."

„שא, שא," האט זיא איהם אונטערבראָכען, „איך שווער דיר, אז קיין אונ־געוועהנליכע זאך האט פאסירט. איך בין נאָר געקומען..."

ער האט זיא אומארמט, געקושט און איהר געזאָגט, אז זיא האט געהאנדעלט זעהר אונפאָרזיכטיג וואס זיא איז צו איהם געקומען, און זייער צוזאמענקונפט, איז אין אלגעמיינעם א געפעהרליכע.

ער האט זיא געבעטען זיא זאָל צוריק קעהרען אַהיים, און ער וועט ווידער ווען זיך צוריק בעהאלטען אין וואלד.

ווערענד ער האט זיך געוואָלט אָבווענדען, האט זיא איהם אָנגעכאַפּט און צוריק געהאַלטען. זיא האט געציטערט.

„הער מיך אויס,“ האט זיא געזאָגט שטאַמלענדיג, „דוא דארפסט ניט ענט־לויפען, ווירקליך ניט. קיינער זוכט דיך ניט. דוא קענסט גאַנץ רוהיג דאָ בלייבען. יא, יא, דוא קענסט דאָ בלייבען...“

איהרע אויגען האבען זיך אָנגעפיללט מיט טרערען און איהר גאַנצער קערפּער האט געשוידערט.

דאָמיניק האט זיא פאָרזיכטיג שטודירט, און געזאָגט מיט א געריהרטער שטימע:

„פראַנסאָאַז! מיין הערצענסגעליעבטע כלה! דוא בעהאַלטסט עפּעס פון מיר, דוא ווילסט מיר ניט דערצעהלען דיא וואהרע אורזאכע, וואס דיך האט אהער געפיהרט.“

זיא האט זיך דאַן נאָך אמאל געשוואוירען, אז זיא האט פאר איהם קיין זאַך בעהאַלטען.

„אָבער וואס ציטערסטו אזוי?“ האט ער נאָך אמאל געפרעגט.

„גאָר ניט, ווירקליך גאָר ניט. איך וויל בלויז דוא זאָלסט זיין גאהענט...“

דאַן האט זיא אָנגעגעבען נאָך אַנדערע אורזאַכען, אָבער ער האט זיך ניט מעהר געקענט בערוהיגען.

זיא האט איהם אויסגעזעהען אזוי צומישט און פערווירט, אז ער אליין האט זיא מעהר ניט געוואָלט אָבלאָזען. אויסער דעם, האט ער געגלויבט, אז דיא פראַנצויזישע סאָלדאַטען מוזען אָנקומען, און מען האט אויך געזעהען טאַנבע פראַנצויזען אין דיא סאָוואל וועלדער. נאַטירליך, וואָלט עס מעהר ניט געווען אַנ־גענעהם, דאס פראַנסאָאַז זאָל נאָך אמאל דארפען דורכלעבען א מלחמה בייא דער מיהל.

„אך!“ האט ער פּלוצלינג אויסגעשריען בעגייסטערט, „איך ווינש נאָר, אז דיא פראַנצויזישע טרופּען זאָלען קומען אזוי שנעל וויא מעגליך און זיך אָברעכענען מיט דיא דייטשע הינט.“

גראָדע דאַמאלס, האט דיא אוהר, פון דער קירכע אין רעקרעז אויסגעשלאָגען דיא עלפטע שטונדע. יעדער קלאַנג איז געקומען קלאָר און דייטליך.

פראַנסאָאַז איז אויפגעשפּרונגען פאר שרעק. עס איז שוין געווען צוויא שטונדען זייט זיא איז אוועק.

„הער מיך אויס,“ האט זיא שנעל געזאגט. „ווען מיר זאָלען דיך בעגעטחינגען, דאַן וועל איך ארויף געהען אין מיין צימער און פּאַקען צו דיר מיט מיין האַנד־טיכעל.“

אָהנע ווייטער צו רעדען א וואָרט, האט זיא זיך אָבגעווענדעט און איז ענט־לאָפען.

דאָמיניק האט זיך אוועק געלייגט אויפ'ן גראָז, און מיט נייגיעריגע אויגען האט ער געבליקט צו דער מיהל אום צו זעהען וואס דאָרט געהט פאָר.

וועהרענד פראַנסאָאַז האט געהאַלטען ביים אריין געהען צוריק אין דאָרף, האט זיא בעמערקט א בעטלער, דעם אַלטען באַנטאַן, וועלכער איז געוועזען בעקאַנט מיט דעם גאַנצען לאַנד ארום. ער האט איהר דערצעהלט, דאס ער האט נאָר וואס געזעהען דעם מילנער, איהר פאַטער, צווישען דיא פרייסען, און... מעהר האט ער ניט געשפּראָכען, און האט זיך איבערגעקרייצינט.

ווען פראַנסאָאַז איז ערשיענען אין הויף פון דער מיהל, איז איהר ענטקעגען געקומען דער אָפיציר.

„דיא צוויא שטונדען זיינען שוין פאַראיבער,‟ האט ער געזאָגט, און וואס האט איהר אייפגעטהאָן?“

דער אלטער מערליער איז געזעסען אויף דעם שטיין נעבען ברונען. ער האט נאָך אימער העפטיג גערויכט זיין לולקע.

דיא ארמע פראַנסאָאַז, האט וויעדער געוויינט, געבעטען און געפאַלען אויף איהרע קניען פאַר דעם אָפיציר.

זיא האט דאַן געהאט נאָר איין געדאַנק, צו געווינען צייט ביז דיא פראַנצויזען וועלען צוריק קומען. זיא איז געוועזען פאָלקאָמען איבערצייגט, אז זייא מוזען קומען, און דאס האט איהר געגעבען גרויסע האָפנונג. וועהרענד זיא האט געקלאָגט און געוויינט, האט זיך איהר זאָגאַר געדאַכט, אז זיא הערט דיא רעגעלמעסיגע שריט פון דיא סאָלדאַטען און דאס קלינגען פון געוועהר.

„אך! ווען זייא זאָלען נאָר קומען!“ האט זיא זיך געטראַכט, „זייא וואָלטען אונז שוין אלע גערעטעט.“

דער אָפיציר האט אונטערדעסען ערקלערט, אז ער קען מעהר זיין וואָרט ניט ענדערן.

„הערט מיך אויס, מיין הערר,“ האט זיא זיך געבעטען, „בלויז נאָך איין שטונדע — ניט מעהר וויא איין שטונדע, אך, איהר קענט מיר נאָך ווירקליך געבען איין שטונדע צייט.“

אבער דער אָפיציר האט זיך געצייגט הארטנעקיג. ער האט זאָגאר בעפוילען צווייא סאָלדאטען, זייא זאָלען דאס מעדכען אוועק פיהרען פון דאָרטען, דאמיט זיא זאָל ניט מוזען בייוואָהנען איהר פאטער'ס הינריכטונג.

דאן איז ענטשטאנדען א ווילדער און שוידערהאפטער קאמפף אין פראנסאָאז'עס הארץ.

„ניין ניין," האט זיך דיא אונגליקליכע געטראגט, „איך קען ניט, מיין גאָט! איך קען ניט צוזעהען וויא מען מארטערט אזוי מיין גוטען אלטען פאטער! פריהער וועל איך מיט דאָמיניק'ן צוזאמען שטארבען, און דאן זאָל געשעהען וואס עס וויל."

וועהרענד זיא איז געלאָפען איבער דעם הויף אום ארויף צו געהען אין איהר צימער, איז דאָמיניק אליין ערשיענען אויפ'ן טויער.

דער אָפיציער און דיא סאָלדאטען האבען ארויס געלאָזען א טריומף־געשרייא.

דאָמיניק ווידער, גלייך וויא קיין שונא וואָלט דאָרט געוועזען, איז ער רוהיג צוגעגאנגען צו פראנסאָאז'ן, ארויף געלייגט זיין האנד אויף איהר שולטער, און געזאָגט:

„עס איז געוועזען אתרעכט פון דיר, מיין טהייערע. ווארום האסטו מיך דאָרט אליין געלאָזען? דוא האסט בעדארפט מיט מיר צוריק קומען. דער אלטער באַנטאַן האט מיר ערשט פון אלעס דערצעהלט. „איין עולה, בייא מיין עהרענוואָרט, איין עולה פון דיר."

## 5.

עס איז שוין געוועזען דרייא אוהר נאכמיטאג.

גרויסע און שווארצע וואָלקען האבען בעדעקט דעם הימעל, און אין אלגעמיינעם, האט עס אָנגעצייגט, אז א דונער־שטורם דערנעהנטערט זיך.

דער שווארצער הימעל און דיא בלוט־רויטע בערג־שפיטצען פון דיא זונען־שטראהלען, האט פערוואנדעלט דאס אימער פרעהליכע דאָרף רעקרעז, און איך אומעטיגער געגענד, און יעדער סאָלדאט וואס האט דאָרט ארום שפאצירט, האט אויסגעזעהען וויא א שאטען פון טויט.

דער דייטשער אָפיציער איז געוועזען זעהר צופריעדען וואס ער האט ווידער ארעטירט דאָמיניס'ן. ער האט אָבער נאך ניט אָנגעצייגט זיין אבזיכט וואס ער האט בעשלאָסען צו טהון מיט דעם אונגליקליכען.

זיינ מ׳מאנ־צ׳יים, איז דיא ארמע פראנסאַאז געווען איבער זיך פאר שמערצ־
האַפטער אוננעוויסהייט איבער דעם שיקזאל פון איהר התן.

אַבוואָהל איהר פאטער האט זיא געווארענט צו בלייבען אין הויז, האט זיא
אָבער טעהרערע מאל ארויס שפאצירט פון הויף און זיך געבראַכען דיא הענד אין
דער גרעסטער פערצווייפלונג. איהר איינציגע האָפנונג איז געווען, דיא פראנצויזישע
סאָלדאטען זאָלען ערשיינען און רעטען דאָמיניק'ן. זיא האט געבליקט מיט איהרע
פערגלאָצטע אויגען צום וואלד און אלץ גערעכענט, אז אָט קומען זייא און מיט זייא
ערשיינט אויך דיא הילפע.

אָבער דיא שטונדען זיינען פאָראיבער, און ניעמאנד האט זיך בעוויזען. דיא
נאכט האט ווידער אויסגעברייטעט איהרע שווארצע פליגלען איבער דער געגענד,
און פראנסאַאז האט נאך מעהר געליטען דאדורך, וואס זיא האט געזעהען, אז איהר
ווארטען איז געווען אומזיסט.

„ועלען זייא קיינמאל נים קומען?" האט זיא זיך געפרעגט, „ווארום ער־
שיינען זייא נים אונז צו רעטען? האבען זייא פערגעסען אן זייערע פליכטען? ביי
אונז אין לאנד זאָלען מיר נים קענען געניעסען קיין הילפע פון אונזערע אייגענע
סאָלדאטען? דאס איז שרעקליך!"

אונטערדעסען האבען דיא פרייסען אָנגעפאנגען צו מאכען פאָרבערייטונגען
אום אָבצומארשירען ווייטער.

מיט א פאאר מינוטען פריהער, איז דער דייטשער אָפיציר ווידער אריין גע־
גאנגען צו דאָמיניק'ן און זיך דאָרט פערטאכט וויא מיט א טאָג פריהער.

פראנסאַאז האט איינגעזעהען, אז דיא לעטצטע שטונדע פון איהר התן'ס
שיקזאל, דערנעהענטערט זיך צו א שלוס. נים וויסענדיג מעהר וואס צו טהון, איז
זייא אומגעפאלען אויף איהרע קניען, אויפגעהויבען איהרע הענד צים הימעל, און גע־
בעטען, אז נאָט אליין זאָל איהר העלפען. איהרע אויגען האבען געגאָסען מיט
טרערען און איהר הארץ האט אויסגעזעהען צובראָכען צו ווערען פון שמערץ
און פיין.

דער אלטער מערליער, שטעהענדיג נעבען איהר, איז געבליבען שטום און
מערקווירדיג רוהיג. ער האט פאָרגעשטעלט דעם וואהרען בויער, וועלכער וויל מעהר
נים קעמפפען נעגען דעם אונפערמיידליכען בעשלוס פון דעם שיקזאל.

„אך, מיין גאָט, מיין גאָט!" האט דאס ארמע מעדכען געקלאָגט, „זייא
ועלען איהם הרג'ענען, שיסען — אך, גרויסער בעשעפער, דארף דאס אַזוי זיין?
העלף מיר, גרויסער גאָט, שיטץ איהם פון מערדערישע הענד."

דער מילנער איז געווען זעהר גערייהרט, און אָננעהמענדיג זיין טאָכטער מיט זיינע גרויסע הענד, האט ער זיא צוגעצויגען צו זיך און ארויף גענומען אויף זיינע קניען וויא מען טהוט מיט א קליינעס קינד.

„שוויינ, שוויינ, פראַנסאָאז,“ האט ער געמורמעלט, „שוויינ קינד, דוא קענסט גאר נים העלפען. אזוי איז עס בעשטימט און ניעמאנד קען געהען געגען דעם שיקזאל. זעהסט דאָך, ער איז אליין צוריק געקומען צו זיין טויט, און קיין זאך וועט מעהר העלפען. לאָמיר זיך אונטערגעבען צו דער בעשטימונג פון שיקזאל און ער־ווארטען גערולדיג וואס עס מוז פאסירען.“

„אָך פאטער!“ האט פראַנסאָאז אויסגעשריען פערצווייפעלט, „ווארום מוז דאס זיין? ווארום? ער איז דאָך מיין געליעבטער חתן, מיין פערשפראָכענער מאן, און ער איז אזוי גוט און עדעל? ניין, פאטער! נאָר דארף איהם רעטען און איהם צוריק געבען צו מיר!“

טרערען, און נאָך אמאל טרערען האבען געפלאָסען פון איהרע איינען אָהנע אויפהערען. דער אלטער מערליער האט אָבער מעהר גאר נים געקענט זאגען, און זיך בייסענדיג זיינע ליפען, האט ער געשוויעגען.

גראַדע דאמאלס האט זיך געעפענט דיא טהיר וואו דאָמיניק איז געווען פער־שפארט, און דער אָפיציר איז ערשיענען. דאן זיינען נאכגעקומען צווייא סאָלדאטען וואס האבען געפיהרט דעם יונגען מאן.

דאָמיניק האט אויסגעזעהען אביסעל בלאס, אָבער זיין געזיכט האט געטראגען א מערקווירדיגע רוהיגקייט און ענטשלאָסענהייט.

„גוט, גוט,“ האט דער אָפיציער געמורמעלט, „איך בין נים שולדיג ווען א מענש איז דום. איהר האט אליין אונטערגעשריעבען אייער טויטעס־אור־טהייל.“

„זאָל זיין אזוי,“ האט דאָמיניק רוהיג געענטפערט.

„אייער איינענעס בלוט וועט פאלען אויף אייער קאָפּ,“ האט דער אָפיציער געענטפערט.

„ניין!“ האט דאָמיניק אויסגעשריען, „עס וועט פאלען אויף'ן קאָפּ פון דעמ־יענינען וואס וויל מיך מאכען פאר א פעררעטהער.“

„רומהייטעו, דאס הייסט נים קיין פערראטה.“

„יא, דאס איז פערראטה!“

„מיינעטוועגען, רופט עס וויא איהר ווילט; איך ראטה אייך, איהר זאָלט נים זיין קיין נאַר.“

„גיטמאלס! גיטמאלס!" האט דאָמיניק אויסגעשריען. „מאַרטעט מיך מעהר נים. איך בין בעריים צו שטאַרבען. האט קיין מורא נים, איך וויים וויא צו שטאַרבען אָהנע שרעק."

„געדענקט, מענש," האט דער אָפיציער אָנגעוועגדעט, „איהר זיים נאך יונג, און א יונגעס, שעהנעס און ליעבענדעס מעדכען ערוואַרטעט אייך. איהר הערץ וועט זיין געבראָכען, האט מיטלייד מיט איהר."

דאָמיניק האט א לייכטען ציטער געטהאָן און זיינע אויגען האבען אויפגע־גלאנצט. אָבער עס האט נים פיעל געדויערט, און ער האט זיך וויעדער בע־רוהיגט.

„דאס מעדכען," האט ער געענטפערט שטאָלץ, „וועט ניבער איבערלעבען מיין עהרענהאַפטען טוים, אלס מיין שענדליכעס לעבען."

„געדענקט!"

„איך געדענק אלעס. מאַרטערט מיך נאר נים. פיהרט דורך אייער פלאַן. מען שטאַרבט נאָר איינמאל."

„איך זאג אייך נאך אמאל," האט דער אָפיציער גערדרונגען, „אז דאס וואס איך פערלאַנג פון אייך, וואָלט איין אנדערער געווים געטהון."

„דאס קימערט מיך נים."

„זעהט, איך בין בערייט אייך צו שענקען אייער לעבען."

„איך פערלאַנג נים קיין טובות."

„איהר קענט נים זאָגען, אז איך בין הערצלאָז."

„א שעהנעם דאנק אייך."

„איך פערלאַנג בלויז א קלייניגקייט, איהר זאָלט מיך ארויס פיהרען פון דאנען ביז נאך מאַנטערדאָן דורך דעם וואלד. איהר ווייסט, עס איז דאָ א וועג וואס פיהרט אהין."

דאָמיניק האט נים געענטפערט.

„אלזאָ," האט דער אָפיציער געזאגט אונגעדולדיג, „איהר בלייבט האַרט־נעקיג?"

„יא, האַרטנעקיג!" האט דאָמיניק אויסגעשריען ווימהענד, „מאַכט א סוף, זאָג איך אייך; איהר וועט קיין זאַך פועל'ן: אלע אייערע רייד זיינען ארויס געוואָרפען."

דאס לעטצטע געשפרעך איז ביינאהע געוואָרען פון דעם אלטען מעליער מיט זיין טאַכטער.

פראנסאָאז, מיט א קאלך־בלאַסעס געזיכט, האט צו איהם געמאכט צייכען פון ווייטען.

אין איהר פערצווייפלונג, האט דאס ארמע מערכען פערגעסען אן אלעמען, און דיא איז בערייט געווען איהם צו ערמוטהיגען צו אירגענד וועלכער טהאט, אבי ער זאָל רעטען זיין לעבען.

ווען דער אלטער מערליער האט דאס געזעהען, האט ער אויסגעשריען:

„פראנסאָאז! אום גאָטעס ווילען, וואס איז מיט דיר?"

„אך פאטער!" האט זיך דאס מערכען געבעטען, רעטע איהם. לאָמיר איהם רעטען!"

„וויא אזוי?"

„איך וויים נים."

„דאַן האלט דיין מויל!"

„אָבער ער וועט דאָך שטארבען?"

„דאס קען איך נים פערהינדערן."

„אָבער ער קען זיך דאָך רעטען?"

„יא, מיט פערראטה געגען פראנקרייך! בעשטעהסטו דאראויף, אז דיין חתן, דיין קינפטיגער מאן זאָל העלפען דעם שונא פון אונזער לאנד."

פראנסאָאז האט געציטערט און געשווירערט, אָבער דיא איז געוואָרען שטיל און מעהר קיין וואָרט געשפּראָכען.

„דאַן האט ער רעכט!" האט דער אלטער מערליער אויסגעשריען, „ער איז א בראַוועד יונגע און איך בין שטאָלץ אויף איהם. קיין זאך קען איהם בעוועגען צו האנדלען וויא א פיינלינג. זאָל ער שטארבען, און..."

אָבוואָהל דער מילנער האט זיך געוואָלט מאכען מוטה, איז עס איהם נים געלונגען, און ער האט געשפירט וויא דיא טרערען האבען איהם געשטיקט.

דיא סאָלדאטען פיר דער הינריכטונג זיינען שוין ערשיענען אלעס איז געוואָרען שטיל און פול מיט געשפּאַנטער ערווארטונג.

דער דייטשער אָפיציר איז געשטאנען און ערווארטעט דאס דאָמיניק'ס הארץ זאָל וויכער ווערען און ער זאָל ברעכען זיין אייזערנעם ווילען. ער האט נאָך אימער גערעכענט, אז דאָמיניק וועט נים אָפּפערן זיין לעבען ווען ער קען זיך רעטען דורך א קלייניגקייט.

א טויטע שטילקייט האט געהערשט.

פון ווייטען האט זיך געהערט דער קראך פון א ווינטער.

א נאסע היטץ האט אַנגעפּילט די לופט און יעדער איינער האט שווער געשוויצט.

פּלוצלינג איז דיעזע טרויעריגע שטילקייט אונטערבראָכען געוואָרען דורך א גרויסען געשרייא:

„דיא פראַנצוזען! דיא פראַנצוזען!"

ריכטיג, דיא פראַנצויזישע טרופּען זיינען ערשיענען.

אויף'ן וועג וואס פיהרט פון דעם סאָוואַל וואַלד האט מען געקענט בעמערקען גאַנצע רייהען פון רויטע הויזען.

ענדליך, ענדליך, זיינען זייא דאָך געקומען!

אין דער מיהל איז ענטשטאַנדען א גרויסער אויפרוהר. דיא פּרייסישע סאָלדאַטען האבען אַנגעפאַנגען צו לויפען הין און צוריק, שרייענדיג, ליארמענדיג און קלאַפּענדיג מיט זייער געוועהר.

אָבער דיא פראַנצויזען זיינען נאָך געוועזען זעהר וויים, און דער דייטשער אָפיציר, האט בעטראַכט דיא לאַגע, און געזעהען, אז עס איז נאָך דאָ צייט.

דיא נאַכריכט, אז דיא פראַנצויזישע סאָלדאַטען זיינען ערשיענען, האט זיך גלייך פערברייטעט איבעראַל, און פראַנסאָאַז, הערענדיג דערפון, איז זיא אויפגעשפּרונגען פון איהר פּלאַטץ.

„דיא פראַנצויזען! דיא פראַנצויזען!" האט זיא געשריען קלאַפּענדיג מיט איהרע הענד וויא א קליין קינד אין איין אונגעהייערער פרייד.

זיא איז געוועזען וויא משוגע פאר פרייד. זיא האט זיך אוועק געריסען פון געבען איהר פאטער, און אויפהויבענדיג איהרע הענד אין דער לופט, האט זיא געלאַכט, געטאַנצט און געשריען.

„געראַטעט! געראַטעט!" האט זיא געשריען אזוי הויך וויא נאָר מעגליך.

דער דייטשער אָפיציער, וועלכער האט דערווייל בעטראַכט דעם צושטאַנד און זיך פאַרברייטעט צו עמפפאַנגען דיא פראַנצויזען, האט, טראָטץ זיין אויפרעגונג, בעמערקט פראַנסאָאַז'ן וויא זיא פרעהט זיך און טריומפירט.

ער האט זיך אָבגעשטעלט אויף איין אויגענבליק און געקוקט צו איהר ווילדער פרייד.

„וואס איז געשעהען?" האט ער געפרעגט.

זיא האט אנפאַנגס ניט געהערט.

„וואס האט פּאַסירט?" האט ער ווידערהאָלט.

„גערעטעט! גערעטעט!" האט זיא ווייטער געשריען אָהנע איהם גוט צו בעמערקען.

„ווער איז גערעטעט?"

„דיא לעטצטע פראגע האט צוגעצוינגען איהר אויפמערקזאמקייט און זיא איז געבליעבען שטעהען.

„ווער איז גערעטעט?" האט ער נאך אמאל געפרעגט אין איין אויפגע־רעגטען טאָן.

„מיין דאָקטיניק, מיין חתן!" האט זיא געענטפערט אביסעל רוהיגער.

„הם," האט ער געברומט געהענדיג ווייטער. „ער איז גערעטעט? אזוי? גערעטעט? ווארט, ווארט, מיין פריילין, פאָרלויפיג איז ער נאך אין מיינע הענד."

פון ווייטען האט אָבגעקלונגען דער קראך פון א ביקס.

„בעזעטצען דעם צוטריט!" האט דער דייטשער אָפיציר קאָמאנדירט.

דיא סאָלדאטען האבען זיך אויסגעשטעלט אין דער ליניע, און דיא אנדערע אָפיצירען, פון קלענערן גראד, האבען אָנגעפאנגען דורכצופיהרען דעם אויפ־טראג.

„שיסט ניט ביז זייא וועלען זיין גענוג נאָהענט," האט דער אָפיציר ווייטער בעפוילען. „פאסט אויף, דאס זייא זאָלען ניט ענטדעקען אונזער פּאָזיציאָן, ביז זייא וועלען זיין אויף א פאסענדען פּלאטץ מיר זאָלען קענען בעגרייפען זייער מאכט און אויך זייא געבען א טיכטיגען עמפפאנג."

דער דייטשער קאָמאנדאט, וועלכער האט פריהער געשפּיעלט דיא ראָלע פון אנגרייפער געגען דערזעלבער מיהל, האט פון דיעזער ערפאהרונג, געלערענט זעהר פיעל. ער האט זיך יעטצט בעדיענט מיט דערזעלבער טאקטיק, וויא ער האט פערשטאנען, אז זיינע געגנער האבען בעדארפט פיהרען מיט א טאָג פריהער.

ער איז ארום געגאנגען איבעראל, אויסגעשטעלט סאָלדאטען אין קליינע גרופען אויף אזעלכע פּלעטצער, וואו ער האט פערשטאנען, אז זייא קענען בעסער געשיטצט ווערען, און דאן האט ער געהייסען בעזאָרגען יעדאן סאָלדאט מיט א גרויסער פּאָרציע קוגלען.

עס האט ניט פיעל געדויערט, און נאך א ביקס פון דיא פראנצויזען איז אָב־געפייערט געוואָרען. דאן איז דאס שיסען געקומען עפטער און עפטער.

„איינהאלטען, ניט שיסען," האט דער דייטש געוואָרענט. „זעהט, לייטנאנט," האט ער געזאגט צו איינעם פון דיא אָפיצירען, „אונזער פייער וואָלט געווען נוטצלאָז

און אויך א הילפע פיר דעם שתא. ערשטענס איז אזוי פינסטער, אז מיר קענען דעם שתא נים זעהען, און צווייטענס, ווען מיר זאָלען שיסען, וועט דער שונא זאָפאָרט ענטדעקען אונזער פּאָזיציאָן.

„גאַנץ ריכטיג,“ האָט דער לייטנאַנט בעמערקט.

„דאָן,“ האָט דער קאָמאַנדאַנט פאָרטגעזעטצט, „האָב איך אבסאָלוט קיין אהנונג פון דעם שונא'ס מאכט. ווער ווייס, פיעללייכט פיהרט ער נאָר ארטילעריע? גענוג קאַנאָנען, וואָלט שוין נים לייכט געווען צו האַלטען אונזער פּאָזיציאָן.“

דער לייטנאַנט האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

„איך האָב דאָס אַלעס געוואוסט,“ האָט ווייטער געשפּראָכען דער קאָמאַנדאַנט, „און וויא איך האָב אייך געזאָגט, איז געווען דאָס איינציגע מיטעל, זיך צו רעטען דורך דעם סאַוואַל וואַלד. אָבער, קיין איינציגער פערפלוכטער פראַנצויז האָט אונז געוואָלט העלפען. דיעזער לומפּענער בעלגיער האָט בעשלאָסען צו שטאַרבען אנשטאַט אונז צו רעטען.“

„ער זאָל שטאַרבען,“ יא, ער זאָל שטאַרבען!“ האָט דער לייטנאַנט געשריען.

„האָט קיין מורא נים,“ האָט דער קאָמאַנדאַנט געענטפערט, „עס וועט איהם נים געשענקט ווערען. ער זאָל בעצאָהלען מיט זיין לעבען, נים דערפאַר וואָס ער האָט אונז נים געוואָלט צייגען דעם וועג, זאָנדערן, ווייל ער האָט אונזער אונגליק־ליכען סאָלדאַט אויף דער וואַך ערמאָרדעט.“

ווערהענד דיא לעטצטע פּאַאר ווערטער, האָט זיך געהערט א פירכטערליכער קראַך וויא פון א גרויסען דונער.

„זייא זיינען שוין דאָ!“ האָט פראַנכאָאו אויסגעשריען אויפשפּרינגענדיג פאַר פרייד און שרעק.

דער קאָמאַנדאַנט איז אויפמערקזאַם געוואָרען אויף'ן קראַך, אָבער ער האָט אויך געהערט פראַנכאָאָ'ס ווערטער.

„זייא זיינען דאָ,“ האָט ער ווידערהאָלט, „גוט, גוט, זאָלען זייא זיין, נאָר דיר וועלען זייא גאַנץ ווייניג נוטצען ברענגען.

„פּאַסט אויף, לייטנאַנט,“ האָט ער געזאָגט, „און איך וועל דאָ פריהער זעהן דורכפיהרען א שטיקעל אַרבייט.“

„גוט, גוט,“ האָט דער לייטנאַנט געענטפערט, „איך בעמערק שוין אַלעס.“

דער קאָמאַנדאַנט האָט זיך אומגעווענדעט.

ראָמיניק איז נאָך איטער געשטאַנען צווישען די צווייא סאָלדאַטען, און פראַנסאָאַז, מיט עטליכע שריט דערוויטערט, האט צו איהם געמאַכט צייכענס, אַז הילפע איז שוין געקומען.

„פעלדפעבעל!" האט דער קאָמאַנדאַנט אויסגעשריען. „שיקט מיר אַרויס שנעל צוועלף סאָלדאַטען. אָבער שנעל, די צייט איז צו קורץ."

דאס איז געוועזען געשפּראָכען אין דייטש, און ניט ראָמיניק און ניט פראַנסאָאַז, האבען פערשטאַנען וואס ער האט געזאגט.

די סאָלדאַטען זיינען ערשיענען, און דאס האט ערוואַכט פראַנסאָאַזן, ווי פון א טיעפען חלום.

„וואס בעדייטעט דאס?" האט זיא געפרעגט.

„שנעל! שנעל!" האט דער קאָמאַנדאַנט געשריען. „ער זאָל בעצאָהלען מיט זיין לעבען!"

ראָמיניק איז אויך געוועזען איבערראַשט. עפּעס האט זיך איהם שוין ניט גע־גלויבט, אז מען מיינט עס ערנסט איהם צו ערשיסען.

„פיהרט איהם צו געבען דער וואַנט פון שטאַל!" האט דער קאָמאַנדאַנט בעפוילען.

ווען די סאָלדאַטען האבען דיעזע ארבייט געטהאָן, איז פראַנסאָאַז צונויפ־לאָפען צום אָפיציר און איהם געפרעגט אין א ציטערענדען טאָן:

„מיין הערר, וואס ווילט איהר טהון?"

„באלד, באלד, מיין פריילייז, וועט איהר זעהען," האט ער געענטפערט כמעט גאַנץ רוהיג.

„אָבער דאָך?" האט זיא געשטאַמעלט.

„פערטיג!" האט אויסגעקלונגען א שטימע אויף דייטש פון וויטען.

„ווען, ווען, מיין הערר!" האט פראַנסאָאַז געקלאַגט, „האט מיטלייד, ער־בארמען..."

„פייער!" האט אויסגעקלונגען דעם אָפיצירס שטימע.

אין נעכסטען אויגענבליק האבען אויסגעקראַכט צוועלף ביקסען.

ווען פראַנסאָאַז האט וויעדער געעפענט די אויגען צו זעהען וואס עס איז געשעהען, האט זיא ערבליקט, נעבען דעם שטאַל, ליעגענדיג איהר חתן אויף דער ערד און א טייך בלוט האט פון איהם געפלאָסען.

ער איז געוועזען טויט. און זיין געזיכט איז געבליבען אומבעריהרט. די

סאָלדאַטען האבען גוט געציעלט; זיא האבען געשאָסען אין דיין ברוסט, און יעדע קוגעל האט אהין איינגעדרונגען.

פראַנסאָאַז האט ניט געוויינט; זיא איז געבליעבען שטעהען שטיל, און זיך בעוואוינען וויא א שיכור. איהרע אויגען זיינען געווען פערגלאָצט. אייניגע מינוטען איז זיא אַזוי געשטאַנען, דאן איז זיא צונעגאַנגען און זיך אוועק געזעטצט אויף דער ערד, מיט אייניגע שריט ווייטער פון איהר חתן'ס צעריסענעם און פערבלוטיגטען קערפער.

דיא אונגליקליכע איז געזעסען א היבשע צייט און אַזוי געקוקט צו דעם טאָן, וועלכער האט געזאָלט אין דעמזעלבען טאָג מיט איהר חתונה האבען. זיא האט צייטענווייז געמאַכט מיט דיא הענד, אויפגעצוינגען מיט דיא אַקסלען און גלאַט געוויזען אַזעלכע תנועות, גראַדע וויא זיא וואָלט געווען א נאַרישעס קינד.

„דאָמיניק! דאָמיניק!“ האט זיא געמורמעלט, „מיין ארמער גוטער, בראַווער און געליעבטער חתן! מיר האבען שוין געהייראַטעט; ווירקליך געהייראַטעט. זעה וויא זייא האבען אָבגעפארבט דיין ברוסט רויט, פייער־רויט — אך! עס איז אונזער בלוטיגע חתונה! ניעמאַנד! ניעמאַנד מעהר קען דיך פון מיר אוועק נעהמען — אויף אייביג ביסטו מיינער, און בעלאַנגסט ניט צו קיינעם. וויא יעדער וועט מיך מקנא זיין מיט דיר! אך! געליעבטער...“

ווען זיא האט אויסגעשטרעקט איהרע הענד ווייטער, זיינען אָנגעקומען מעהרערע קוגלען איבער איהר קאָפּ. זיא האט זיך אומגעקוקט און געמורמעלט:

„הא, הא, זייא בעשיטען אונז מיט רייז, צו אונזער חתונה — צו אונזער בלוטיגע חתונה...“

איהרע ליפּען האבען שטאַרק געציטערט און זיא האט ווידער אויסגעבראָכען אין א געוויין, וועלכעס האט זיא בערוהיגט אביסעל אום ווידער אלעס איבערצור קלערען וואס עס האט ביז דאַמאלס פּאַסירט.

„איז דאס וואהר?“ האט זיא זיך געפרעגט, „איז דאס אלעס וואהר? איז מיין דאָמיניק ווירקליך טויט? וויא אַזוי איז דאס געשעהען? חא! יא, איך געד דענק שוין, זייא האבען איהם ערמאָרדעט, און ער ער איז געפאַלען אָהן א קרעכץ.“

דאן האט זיא זיך דערמאָהנט אן איהר פאַטער. עס האט זיא געוואונדערט, וואָרום ער איז ניט געבען איהר אום זיא צו טרייסטען. זיא האט געדענקט, אז נאָכדעם וויא דאָמיניק האט צוריק געקעהרט, האט מען איהם בעפרייעט און ער איז ניט מעהר געווען אין יענעם אָבגעזונדערטען צימער.

„וואו איז ער?" האט זיא נעפרעגט, „וואו קען ער זיין?"

זיא האט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד, און אָהנע צו אכטען אויף דער ווידערשטעהענדער מלחמה, איז זיא ארום געגאנגען זוכען דעם אַלטען טילנער. זיא האט איהם ניט געטראָפען.

פלוצלינג האט זיא דערזעהען איין אָפיציער ארום לויפענדיג מיט זיין שווערט, ארויס געבענדיג שנעלע און שארפע בעפעהלע.

„ווייסט איהר ניט וואו מיין פאטער איז?" האט זיא איהם געפרעגט.

ער האט איהר צוגעוואָרפען א שנעלען בליק, אָבער אָהנע צו ענטפערן א וואָרט, האט ער געאייקט צו א צווייטער גרופע סאָלדאטען.

„ער וויל מיר ניט ענטפערן," האט זיא געמורמעלט וועהמיטהיג, און איז ווייטער געגאנגען אָהנע צו וויסען וואוהין.

דער אַלטער מערליער איז געוועזען ארעטירט. דער העכערער אָפיציר האט איהם געהייסען פעסטהאַלטען, דאמיט שפעטער, בייא א נויט, זאָל ער קענען מודיע זיין דיא פראנצויזען, אז אין זיינע הענד געפינט זיך דער בירגערמייסטער, און ער וועט פיעללייכט קענען עפּעס אויסווירקען פאר זיין בעפרייאונג.

פראנסאָאז האט דערפון ניט געוואוסט. אלס זיא האט איהר פאטער ניט געפונען, איז זיא צוריק געגאנגען אהין וואו דאָמיניק איז געלעגען און זיך דער־נעהנטערט אויף אזוי פיעל, אז זיא האט געקענט בעריהרען זיין קערפער מיט איהר פוס.

זיא האט זיך ווידער אוועק געשטעלט און געדענקט איבער זאכען וואס זיא האט אליין ניט געוואוסט. דאן האט זיא שנעל ניעדערגעקניעט און אויסשטרע־קענדיג איהרעביידע הענד, האט זיא אומארמט דאָמיניק׳ס קאָפּ און צוגעלייגט איהר געזיכט צו זיינעם.

זיא האט ארויף געדריקט איהרע ליפען אויף זיין מויל וואס איז געוועזען פעסט צוזאמען געצווינגען, און איהם געקושט.

„ווארום? ווארום?" האט זיא זיך געפרעגט. „ווארום איז דיר געקומען דער טויט? וועמען האסטו געשאדעט, וועמען האסטו שלעכטס געטהאָן, ווען מען וואָלט ניט געקומען מיט טויט אין אונזער מיטע? דוא ביסט געוועזען עדעל, עהרליך און שעהן; וויא קיין מאָן האט נאך בייא מיר אויסגעזעהען..."

זיא האט יעמערליך געוויינט, אָבער דער גערויש פון מלחמה, האט דערשטיקט איהר שטימע.

פלוצלינג האט זיא נעשפירט, דאס איהר יונגפרויליכע ברוסט, איז נאס געוואָרען. פראנסאַז האט געטראָגען א גאנץ דינעס העמד, און זיך אַנלעהנענדיג איבער דעם טויטען קערפער פון ראָמיניק׳ן, האט זיא בעריהרט מיט איהר לינקער ברוסט זיין פערבלוטיגטען קערפער.

אנפאנגס האט זיא ניט בעגריפען וואס דאס בעדייטעט, אבער ווען זיא האט זיך אויפגעהויבען, האט זיא דערזעהען א רונדען רויטען פלעק אויף איהר ווייסעס העמד.

זיא האט אויפגעציטערט.

נאך טרערען זיינען געלאָפען פון איהרע אויגען, און א מערקווירדיגעס געפיהל פון שמערץ איז צרויף געקראָכען אויף איהר גאנצען קערפער. זיא איז צונעפאלען מיט איהר קאָפּ צום קערפער און איינגעגראָבען איהרע ליפען אין דיא נאסע בלוט־פלעמצער. אָבער זיא איז דערטיט אליין ניט געווען צופריעדען, און אָנגעפאנגען שנעל צו עפענען דיא קליידער פון דעם טויטען, און גלייך וויא זיא וואָלט וועלען לינדערן זיין שמערץ, האט זיא מיט איהרע ליפען געקושט דיא וואונדען פון דיא קוגלען.

ווען זיא האט דערשפירט א געזאלצענעם טעם אין מויל, האט זיא שרעקליך אויפגעשוידערט.

„אַך!“ האט זיא אויסגעשריען אויפשפרינגענדיג, „עס איז זיין בלוט! זיין בלוט! איך האב געטרונקען זיין בלוט! וועה איז מיר! מיין גאָט! ראָמיניק׳ס בלוט! חא, חא, חא! עס איז דער וויין צו אונזער בלוטיגער חתונה...“

א שווינדלען פאר דיא אויגען האט פעראורזאכט וואס זיא האט זיך אָנגע־פאנגען צו שאָקלען וויא א שיכור, און מיט א דומפפען קלאַפּ, איז זיא אומגעפאלען צו דער ערד.

זיא איז אַזוי אָבגעלעגען א היבשע צייט, דאן האט זיא געעפענט דיא אויגען, און בליקענדיג זעהר ווילד, האט זיא גערעדט צו זיך אליין:

„יא, יא, מוטער, איך זעה דיך! דוא קומסט, דאס איז זעהר שעהן פון דיר. געווים דארף א מוטער זיין אויף איהר קינד׳ס האָכצייט. דוא האסט דאָך ניט מעהר וויא איין טאָכטער... חא! נאך איטער אַזוי בלאַס, מוטער! וועה, וועה, מיר זיינען ניט בלאַס... אלע געהען מיר אָנגעטהאָן אין רויטע קליידער — רויט פון בלוט; וואַרעמעס געזאלצענעס בלוט... אַך, נאך פיעל געזאלצענער וויא טרערען... א שעהנע חתונה! א בלוטיגע חתונה! שעהן אָבגעפארבט, רויט וויא דער פלאַם פון פייער און—“

עס איז געווען א הערדליכע און אינטערעסאנטע מלחמה. דער דייטשער אפיציער האט באלד איינגעזעהען, אז מען מוז בלייבען אויף'ן פלאטץ. פון צוריק ציהען זיך, האט גאר קיין רעדע נים געקענט זיין. ער האט בעגריפען, אז דער שונא איז פיעל שטארקער, און ביי דעם ערשטען ריקצוג, וועט איהם דער מעכטיגער שונא בעפאלען און גענצליך פערניכטען.

יא, מען האט געמוזט קעמפפען אויף'ן פלאטץ, און קעמפפען ביז צום לעטצטען אויגענבליק. אלע פארבערייטונגען זיינען געמאכט געוואָרען אום טהייער צו פערקויפען דאס לעבען.

מערקווירדיגעס שיקזאל, יעטצט האבען דיא דייטשען פערטהיידיגט דיעזעלבע מיהל, וועלכע דיא פראנצויזען האבען מיט א טאָג צוריק פערטהיידיגט. אָבער דאס איז נאך נים אלעס, דיעזעלבע פראנצויזען וואס האבען פריהער פערטהיידיגט דיא מיהל, זיינען אויך יעטצט געווען דיא אנגרייפער.

ביי מאנכע בעטהייליגטע אין קריעג, האט עס דאמאלס אויסגעזעהען, אז א מלחמה איז גראדע נים נאָר פיר ערָאבערונג, זאָגרען, דיא הויפטזאך איז, איינער דעם אנדערן צו טויטען.

און ווארום? וואס האבען דיעזע בריעדער־קינדער פון דייטשלאנד און פראנק־רייך געקענט האבען איינער צו אנאנדער? זייא האבען געשפראָכען פערשיעדענע שפראכען, געפיהרט פערשיעדענע לעבענס און קיינער האט זיך אמאל ערלויבט דעם צווייטען מסיג גבול צו זיין! און דאָך, דאָך האבען זייא זיך געהרג'עט, געשווימען אין בלוט און... אָבער, דאס איז מלחמה! דערביי טאָר מען נים פילאָזאָפירען. דיא גרויסע הערען וואס פערזאָנשטאלטען אזעלכע הריגות, וויסען שוין וואהרשיינליך וואס זייא טהוּן.

און וויא זאָלען זייא נים וויסען? דאכט זיך מיר, איינפאכע און פראָסטע מענשען, ווען מיר פעראורזאכען א צווייטען אמאל שמערצען אָהנע אורזאכע, דאר־מאלס טהוט עס אונז וועה. זאָלאנג אלזאָ, וויא דיעזע הערען קענען הייסען הרג'ענען, ברעכען, שטעכען און שיסען און פערפלייצען א וועלט מיט יתומים און אלמנות, און זייא טריומפירען נאך נאכדעם מיט זייערע העלדענטהאטען — דאן, נאטירליך מוז דערביי זיין א הויכעס אידעאל.

מיר, פראָסטע מענשען, דארפען נאר וויסען, אז מען הייסט אונז מאָרדען, דארפען מיר פאָלגען. מען דערצעהלט אונז, מיט זויבע און קלינגענדע פראזען, אז עס איז אין נאמען פון פאטערלאנד, עהרע, אכטונג און נאך אנדערע ווערטער. און

מיר פערשטעהען אפילו נים גאנץ גוט, וויא אזוי מיר קענען אפילו אויף אזא ארט ווערען דיא מערדער פון אזעלכע מענשען וואס האבען אונז ניעמאלס בעז געטהאן, דאן זיינען מיר דאך דערפאר פראָסטע מענשען.

וואס פערשטעהען דען פראָסטע מענשען ?

אָבער זעהט, עס איז שוין אזא מיאוס'ע טבע פון פראָסטע מענשען, זיך צו מישען אין זאכען וואס איז זייא גאר נים נוגע. דערפאר זיינען מיר דאָ פערקראָכען קיין בוּיבעריק און גאר פערגעסען, אז מיר געפינען זיך אין מיטען פון א גרויסער מלחמה, וועלכע האט דיא אבזיכט צו שאפען העלדען.

יא, דיא פראנצויזען, אין גרויסע מאסען, האבען אָנגעגריפען דעם אלטען מערליער'ס מיהל פון איינינע זייטען. זייער פייער איז געווען וויטהענד און שטירמיש, און דיא דייטשען, האבען רענעלמעסיג אָבגעווענטפערט דעם אנגריף.

דאָ און דאָרט איז אפילו געפאלען א מענש, שרייענדיג און צאפלענדיג זיך מיט דער גסיסה, אָבער אין אזא צייט קען מען זיך דאך נים אומקוקען אויף יעדע קלייניגקייט.

דאס איז מלחמה, ווער עס פאלט איז געפאלען און ווער עס לעבט מוז קעמפפען ביז איינע פון דיא צווייא פארטייען בלייבט דער זיענער, דאמיט דאס זאָל אריין געשריעבען ווערען אין דיא ביכער פון דער וועלט־געשיכטע, צום רוהם פון דיא שטערבענדע דורות.

דיא ביקסען האבען געקראכט אונאויפהערליך, און דער גערויש איז געווען אזוי שטארק, אז מען האט קוים געקענט הערען דאס קאָמאנדאָ פון דיא אָפיציערען.

איין אָפיציערעל, א יונגערמאנטשיק, בלוט און מילך, מיט בלאָנדע האאר און נאך גאר אָהן וואָנצעס — ער האט נים לאנג בעענדיגט דיא מיליטערישע שולע, — האט געוויעזען א גרויסע מהעטינקייט און ערמוטהיגט זיינע סאָלדאטען בייא דער שטיינערנער וואנט, צו שיסען אויף דעם שונא וואס האט זיך יעדעס מאל מעהר דערנעהנטערט.

עס איז געטהיג געווען צו שיסען ריכטיג, דאס הייסט, ציעלען, און נים גלאט אזוי ארויף לייגען דיא ביקסען אויף דער וואנט איבער דיא קעפ, און פייערן. מען האט געמוזט זעהען וואוהין מען שיסט. צו דיעזען צוועק, נאטירליך, האט מען בעדארפט אביסעל ארויס שטעקען דיא קעפ און ציעלען ריכטיג. אזוי וויא עס וויל זיך קיין מענשען זיך אויסצושטעלען צו א געפאהר פון טויט, האבען דיא פראָסטע סאָל־דאָטען נים געוואָגט ארויס צו שטעקען זייערע קעפ.

אום זיא צו ציינען, אז מען האט ניט וואס מורא צו האבען פאר'ן טויט, האט ער אויפגעהויבען א ביקס פון א געפאלענעם סאָלדאַט, ארויף געקראָכען אויף דער מויער, און פון דאָרט אליין געשאָסען. דאס האט געווירקט וואס דיא סאָלדאטען האבען געפאָלגט זיין ביישפיעל.

„בראוואָ! בראוואָ!" האט ער אויסגעשריען בייא יעדען מאל וואס זיינע לייטע האבען אויסגעשאָסען עטליכע פראנצויזען.

אָבער פלוצלינג איז אָנגעקומען א קונעל און איהם געטראָפען גלייך אין שטערען. ער האט אפילו קיין זיפץ געגעבען, און האט זיך ארונטער געקייקעלט פון דער וואנט אויף דער ערד. ער איז געבליעבען ליעגען טויט.

דער אונטער־אָפיציער, וויא דיא רעגעל איז, האט באלד איבערגענומען זיין קאָמאנדאָ, און א סאָלדאט, וועלענדיג אריבער געהען פון איין פלאטץ צום צווייטען, האט ארויף געטרעטען אויף זיין יונגען און צאַרטען קערפער.

אָבער וואס מאכט עס אויס? עס איז דאָך מלחמה!

אונערוואַרטעט האט זיך געלאָזען הערען א פירכטערליכע עקספּלאָזיאָן, און דאן האט מען געקענט זעהען א פייערדיגען האָגעל פון אלע זייטען. דער גרויסער אייכען־בוים, וועלכער איז געשטאַנען אויף דעמזעלבען פלאַטץ, פיעללייכט פופציגער יאָהרען, איז צערשמעטערט געוואָרען.

אך! דיא פראנצויזען האבען אויך געהאט קאַנאָנען. דיא דייטשען האבען עס ביז דאמאלס ניט געוואוסט.

קאנאָנען? אָה יא, דיעזער אינסטרומענט איז זעהר א געפעהרליכער אין א מלחמה, איבערהויפט, ווען מען האט ניט קיין עהנליכע אינסטרומענטען זיך צו פער־טהיידיגען.

דיא פראנצויזען, וויא עס שיינט, האבען געוואָלט דורכפיהרען ריכטיג א פלאַן, און זייער אונטערנעהמונג איז אויך געלונגען. פריהער האבען זייא געשאָסען נאָר מיט ביקסען, און וועהרענד דעם איז לאַנגזאם צוגעבראַכט געוואָרען א באטערעע קאנאָנען דורך דעם וואלד און אויפגעשטעלט אין דעם טהאָל וואו דאָמיניק האט זיך אין יענעם פריה־מאָרגען בעהאַלטען.

דאס איז געוועזען א גוטע אידעע. דיא קאַנאָנען און קאַנאָניערען, זיינען דאָרט געווען גאַנץ גוט געשיטצט געגען דיא ביקסען־קוגלען פון דיא דייטשען, און ארויס שטעקענדיג נאָר דיא מיילער פון דיא קאַנאָנען, האבען זייא אָנגעפאנגען א ריכטיגע באָמבאַרדע איבער דעם דאָרף רעקרעט.

אין אזא פאלל, ווערט, זעלבסטפערשטענדליך, געשאדעט דעם שונא גלייך ווי דעם פריינד, אָבער ווער קען דאס אכטען דערויף? עס איז דאך מלחמה! אין קריעג איז אלעס שעהן און רעכט.

דער דייטשער קאָמאַנדאַנט האט ביז דאמאלס נאך געהאט שוואכע האָפנונגען צוריק צו האלטען די פראנצויזען אזוי לאנג, ביז עס וועט פיעללייכט קומען הילפע. אָבער אזוי שנעל ווי ער האט זיך געזעהען אָנגעגריפען פון ארטילעריע, האט ער געוואוסט, אז דער קאמפף, קען שוין ניט פיעל דויערן.

אך! די ארמע מיהל! איין קאנאָנען־קוגעל, האט דורכגעשאָסען די אלטע געביידע דורך־און־דורך. א צווייטע קוגעל, האט ארונטער געריסען דעם גאנצען דאך.

ווען די באָמבארדע האט זיך געשטארקט, זיינען צוויי ווענט צוזאמען געפאלען מיט א גרויסען קראך.

די זייט פון דער מיהל, נעבען דער מאַרעל, איז געווען שרעקליך בעשעדיגט. די גרינע בלעטער, די בלומען און די גאנצע וואנט, זיינען פערוואנדעלט געוואָרען אין א חורבה.

די קוגלען פון די פראנצויזען האבען געמאכט טיק, טיק, טיק, אונאויפהערליך. די צערבראָכענע און צעריסענע שטיקער, זיינען אריין געפאלען אין טייך, און דער שטראָם האט אלעס אוועק געטראָגען.

דאן איז אָנגעקומען א קאנאָנען־קוגעל און געטראָפען די וואָהנונג פון דעם אלטען מערליער. דיעזע קוגעל האט אוועק געריסען א האלבע וואנט און א שטיק דאך. עס איז געבליעבען אָפען א היבשער טהייל פון פראנסאָאז'עס צימער. עס האט זיך געקענט זעהען דאס בעט פון דער ארמער פראנסאָאז. אלעס איז נאך געווען בעדעקט מיט שנעע־ווייסע ליילעבער און די זיידענע פאָרהענגלעך האבען געפלאטערט ווי די פאָהנען.

צוויי קאנאָנען־קוגלען האבען אויך איינמאל געטראָפען די אלטע מיהל־ראָד. עס האט זיך געהערט א גרויסער קראך, און די צעשמעטערטע ראָד מיט דער איינגעבראָכענער אקס, זיינען אריין געפאלען אין וואסער. א דריטער קוגעל האט געטראָפען די מיהל אין איהר פונדאמענט, און די אלטע געביידע איז גענצליך צעשמעטערט געוואָרען און איז אריין אין וואסער.

אָבוואָהל עס איז געווען א דונקלע נאכט, האָט דאך איין אויפמערקזאמער בעאָבאכטער געקענט זעהען די בלאסע געזיכטער פון די ערמאָרדעטע דייטשען

סאָלדאַטען. ווייא האבען געקעמפפט ווייא וואהרע העלדען, און כל־זמן איינער האט נאך געקענט האלטען א ביקס אין דיא הענד, האט ער געשאָסען.

„רעכטער פליגעל!“ האט געדונערט דער דייטשער קאָמאַנדאַנט, „אַהער! קוממט אַהער!“

א גרופע פון א דרייסיג סאָלדאַטען זיינען צוגעלאָפען.

„שיסט גראד אין דיעזען קנייל פראנצויזען!“ האט ער געשריען, „אַבער גראד און דאן נאך אמאל!“

דרייסיג ביקסען האבען א פאאר מאל אויסגעקראכט און א פירכטערליכער געשרייא פון פערצווייפעלטע מענשען־קינדער, און דיא לעצטע מינוטען פון זייער לעבען, האט פערהילכט דיא שווארצע נאכט.

אַבער עס האט ניט פיעל געדויערט, און א קאַנאָנען־קוגעל איז געקומען צו פליהען, געפאלען נעבען דיא דייטשען, עקספּלאָדירט און צערשמעטערט געגויע 20 פון זייא. הענד, קעפּ, פיס און שטיקער קערפּערס זיינען געפלויגען אין דער לופט וויא שפענדלעך.

פון דער לעצטער עקספּלאָזיאָן האט פראנסאָאַז ערוואכט. זיא האט אויפ־געהויבען איהר קאָפּ און זיך אומגעקוקט. קרעכצען און זיפצען האט זיך געהערט פון אלע זייטען. זיא האט צוגעלייגט דיא האנד צו איהר שטערען און זיך געריבען העפטיג, גלייך וויא זיא האט זיך געוואלט אן עפּעס דערמאָהנען.

„דאָמיניק! דאָמיניק!“ האט זיא געמורמעלט זיך דערמאָהנענדיג, „מיין ארמער יונגע — מיין ליעבער דאָמיניק — מיר האבען דאָך חתונה געהאט, יא, עס איז געווען א בלוטיגע חתונה. נו, נו, מיין יונגע...“

זיא האט ניט געקענט ווייטער רעדען.

נאך איין עקספּלאָזיאָן פון א קוגעל האט זיא געבראכט צו איהר פאָלקאָמענער בעזינונג.

דיעזע עקספּלאָזיאָן האט פּאַסירט וועהרענד זיא האט צעריסען דיא שטיינערנע וואנט פון דעם הויף און דאָרט געטויטעט מעהרערע דייטשע סאָלדאַטען. עס האבען זיך אויף אָנגעצונדען א פּאאר ברעטער, און דאס מערכען האט געקענט זעהען דאס פייערווערק דער צערשטערונג ארום זיך.

בליקענדיג אין אלע זייטען מיט נייגיעריגע אויגען, האט זיא דערזעהן ליעגענדיג דעם דייטשען קאָמאַנדאַנט אויף דער ערד. איין פוס איז געווען אָבגעריסען פון זיין קערפּער און דאס בלוט האט געפלאָסען אין שטראָם

זיין געזיכט איז געווען בלאס און צוזאמען געצויגען אין א קאנוואולסיווען שמערץ, אבער ער האט ניט געקרעכצט און זיך אויך ניט בעקלאגט.

פראנסאאז האט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען נעהנטער. זיא האט געבליקט צו דעם קאמאנדאנט, און זייערע בליקען האבען זיך בעגעגענט.

„אך, פרייליין!" האט דער אפיציער פלוצלינג געזאגט. „איהר זייט דא?"

זיא האט ניט געענטפערט.

„איהר האט יעמצט א דאפעלע געלעגענהייט," האט ער פארטגעזעצט גאנץ רוהיג, „איהר זאלט זיך אי נוקם זיין, אי טהון א גוטע זאך. נעהמט מיין שווערט, וועלכעס ליעגט דארט אין ווינקעל, און האקט מיר אב מיין קאפ. איהר וועט מיטען אייער חתן׳ס הינריכטער און מיך בעפרייען פון שמערץ."

„הא!" האט פראנסאאז אויסגעשריען ערשראקען און געריהרט.

„איהר ווילט ניט?" האט ער געפרעגט.

„ניין!" האט זיא אויסגעשריען.

„איך בעט אייך, אום גאטעס ווילען, בעפרייעט מיך פון דעם שמערץ. אך, וויא איך ליידע."

זיא האט ניט געענטפערט.

„דאן העלפט מיר," האט ער ווייטער געזאגט, „זיך אביסעל אומצודרעהען אויף דער אנדערער זייט."

פראנסאאז האט אנפאנגס געצעגערט, נאר זיא איז אונטערדעסען צוגעגאנגען און געהאלפען איהר חתן׳ס מערדער זיך אויפצוהויבען אביסעל.

אין געכסטען אויגענבליק, האט ער ארויס געצויגען א רעוואלווער פון דער זייט אויף וועלכער ער איז געלעגען. אהנע פראנסאאז זאל ריכטיג בעגריפען וואס ער וויל טהון, האט דער אפיציער שנעל צוגעלייגט דעם רעוואלווער צו זיין רעכטער שלייף.

קראך! א קוגעל האט דורכגעבויערט זיין געהירן און ער איז אומגעפאלען טויט.

דיא ווילדע געשרייען פון דיא קעמפפענדע האבען פערהילכט אלעס ארום זיך. דיא דייטשע סאלדאטען האבען שוין מעהר ניט געקעמפפט נאך רעגעל און ארדנונג. עס שיינט, אז עס איז אויך ניעמאנד געווען ווער ער זאל קאמאנדירען, און יעדער סאלדאט האט געשאסען וואוהין ער האט געוואלט און וויא אזוי ער האט געקענט.

דיא פראנצויזען האבען פערשטאנען, אז דיא הויפט געפאהר איז פאראיבער און דיא ערשטירמונג האט אנגעפאנגען.

דיא פראנצויזישע סאָלדאטען האבען זיך דערנעהנטערט פון אלע זייטען, און דיא דייטשען, געפינענדיג שוטץ הינטער שטיינער און ברעטער, האבען איינינע מאל צוריק געשטויסען דעם פיינד.

אימער ווילדער און וויטהענדער איז געוואָרען דער קאמפף, ביז דיא דייטשען האבען אויפגעהערט צו שיסען, און זיינען ארויס פון זייערע בעהאלטענע פּלעטצער.

א פירכטערליכע מלחמה מיט באיאנעטען האט אָנגעפאנגען, און ברוסטען, בייכער און העלזער זיינען אויפגעריסען געוואָרען.

וויא בעטרונקען פון מענשען־בלוט און בעזויפען מיט מאָרד־לוסט, האט זיך געוואָרפען איין מענש אויף'ן צווייטען און איהם דורכגעבויערט.

דיא שיסערייא האט אויפגעהערט, ווייל דיא געגנער האבען מורא געהאט, אז זייא וועלען זיך טרעפען איינער דעם צווייטען. באיאנעט, דאס שווערט און דיא לאנגע מעסערס אליין האבען געארבייט.

דיא קעמפפענדע האבען געשריען און געליארמט און דער וואלד האט צוריק געבראכט דאס ווידערקול.

א וואלקען האט זיך געשפאלטען, און דיא לבנה האט ארויס געשטעקט איהר געזיכט אום צו בעלייכטען דיא סצענע פון טויט און בלוט.

רויטעס און ווארעמעס בלוט האט געשפריטצט און געפלאָסען פון אלע זייטען, און ניט נאָר איין סאָלדאט האט צערטרעטען און צערדריקט זיין קאמער־ראד'ס, שארבען ווהערענד דעם קאמפף.

דער פראנצויזישער קאָמאנדאנט האט אין איין אוינענבליק איינגעזעהען, אז ער האט געמאכט א פאלשען רעכנונג, וואס ער האט געהייסען אזוי שנעל ערשטירמען. עס זיינען נאך געווען צו פיעלע דייטשע סאָלדאטען פיר א האנד־צו־האנד קאמפף, און ער האט באלד קאָמאנדירט א ריקצוג.

ער האט בעשלאָסען פאָרטצוזעטצען דיא באָמבארדע ביז ער וועט נאך מעהר אָבשוואכען דיא געגנער.

אויף א בעפעהל, זיינען דיא פראנצויזען צוריק געצויגען געוואָרען, און עס האט איינגעטרעטען א זאָגענאנטער וואפענשטילשטאנד צווישען דיא קעמפפענדע, אויף עטליכע מונוטען.

דיא דייטשען האבען דאס בעמערקט, און איין אפיציער, וועלכער האט איבערגענומען דאס קאמאנדא, האט שנעל ארגאנידירט זיינע סאלדאטען און עס איז געמאכט געווארען א נייע פארבערייטונג פיר א הארטנעקינען ווידערשטאנד.

„הערט אויס,“ האט דער דייטשער אפיציער אדרעסירט זיינע סאלדאטען, „דער איינציגער ריקצוג פיר אונז, האט געקענט זיין דער וואלד. אהין קענען מיר זיך מעהר נים רעטען, ווייל אלעס איז בעזעצט מיט שונאים. גנאדע דארפען מיר נים און קענען נים ערווארטען פון דיא פראנצויזען, וועלכע זוכען נאר אונזער בלוט. אונזער איינציגער אויסוועג איז אלזא, צו קעמפפען ביז צום לעטצטען אויגענבליק, און פאלען וויא עס פאסט פיר סאלדאטען. זייט איהר מיט מיר איינפערשטאנען?“

„מיר זיינען דאפיר!“ האבען אלע ארסגעשריען מיט איין שטימע. זאנאר דיא פערהאונדעטע אויף דער ערד, האבען נאך אמאל אויפגעהויבען זייערע צוועק געווארפענע ביקסען, און ווער עס האט געקענט, האט זיך דערנעהנטערט צו א שטיין אום זיך צו שיטצען, און דיא מלחמה האט באלד אנגעפאנגען אויף דאס נייא.

דיא פראנצויזען, וועלכע האבען איינמאל פערזוכט דעם טעם פון פערצווייפעלטען ווידערשטאנד, האבען שוין מעהר נים געוואגט זיך ארויס צו ציינען צו פיעל. און אויסער דער באטערעע קאנאנען, וועלכע האבען שנעל געארבייט, האבען דיא ביקסען גאנץ וועניג געשאסען.

פראנסאאז, האט ווידער אמאל אויפגעזוכט דאמיניק׳ס קערפער און זיך אוועק געזעטצט נעבען איהם, קוקענדיג אויף זיין געזיכט, וואס איז געווארען אזוי געלב וויא וואקס.

דאס קראכען פון דיא קאנאנען און דאס עקספלאדירען פון דיא באמבעס כמעט נעבען איהר, האט זיא זעהר וועניג בעאונרוהיגט. דיא מורא פאר׳ן טויט, איז געגצליך פון איהר פערשוואונדען געווארען.

וועהרענד דעם לעטצטען אנגריף, האט זיך דער אלטער מערליער געזעהען אליין אין זיין צימער און קיין סאלדאט איז מעהר געשטאנען פאר דער טהיר. ער האט פראבירט ארויס צו געהן, אבער דיא טהיר איז געווען פעסט געשלאסען.

רענקענדיג וויא ער קען זיך בעפרייען, איז פלוצלינג אנגעקומען א באמבע

און אוועק געריסען א גאנצע וואנד פון זיין צימער. ער איז שנעל ארויס און הויף גאנץ אונבעשעדיגט.

„פראנסאאז! פראנסאאז!" האט ער געשריען, אבער עס איז אונמעגליך געוועזען זיין טאכטער זאל הערען זיין שטימע.

דער אלטער מאן האט געשפירט די טרערען, קומענדיג אין זיינע אויגען, און טאפענדיג זיין וועג אין דער פינסטער, איז ער ווייטער געגאנגען.

ביי דער עקספלאזיאן פון נאך א באמבע, האט ער בעמערקט זיין טאכטער זיטצענדיג אויף דער ערד נעבען א קערפער. ער איז שנעל אהין צוגעלאפען און אויסגעשריען:

„פראנסאאז! מיין קינד!"

דאס מעדכען האט זיך אומגעקוקט און דערקענט איהר פאטער. זי האט אויסגעשטרעקט איהרע הענד, און ווען ער האט זיך אנגעבויגען, האט זי איהם אומארמט.

„פאטער!" האט זי געקלאגט.

„מיין קינד! מיין קינד!"

נאך א פויזע, האט דער אלטער געפרעגט:

„וואס טהוסטו דא, פראנסאאז? קום, לאמיר ענטלויפען פון דאנען."

„ניין, ניין, פאטער, דא בלייב איך!"

„דא? ווארום?"

„דא, נעבען איהם."

„נעבען וועמען?"

„נעבען דאמיניק'ן!"

„וואו איז דאמיניק?"

פראנסאאז האט אנגענומען איהר פאטער'ס האנד און זי צוגעפיהרט איבער דאמיניק'ס געזיכט.

„ער איז עס, פאטער," האט זי געמורמעלט, „ער, מיין דאמיניק, מיט וועלכען איך האב חתונה געהאט."

„וואס רעדסטו, קינד?"

„יא, יא, פאטער, מיר האבען ביידע געהייראטעט."

„ווען? וויא אזוי?"

„אט דא ניט לאנג."

„וויא אזוי?"

„רורך דער בלוטיגער חתתת...“

דיא האט איהם דאן אין איינגע ווערטער, האלב אומפערשטענדליך, איבער געגעבען וואס עס האט פאסירט.

דער אלטער מערליער האט זיך אויף אניעדער געזעטצט און צוגעהאלטען זיין טאכטער'ס האנד.

דאן האט ער זיך דערמאהנט, אז דיא קענען דארט ניט בלייבען, און ער האט ווידער גערופען זיין טאכטער.

„ניין, ניין, פאטער, דא בלייב איך,“ האט זיא זיך געבעטען.

צו דערזעלבער צייט, האבען דיא פראנצויזען אנגעפאנגען זייער צווייטע ער־שטירמונג, און זייערע קוגלען זיינען נאך אמאל געפלוינען וויא האגעל.

פלוצלינג האט דער אלטער מערליער שנעל צוגעלייגט דיא האנד צו זיין ברוסט, און אהנע צו געבען אפילו איין קרעכץ, איז ער אומגעפאלען טויט.

א קוגעל פון א פראנצויזישער ביקס, האט דורכגעבויערט זיין פראנצויזישע ברוסט.

פראנסאאז איז ארויף געפאלען אויף זיין קערפער, און אזוי געשריען, דאס זאגאר דיא ענטלאפענע דייטשע סאלראטען, האבען זיך געטווזט אומקוקען צו איהר.

דיא דייטשען, זעהר ווענינ אין צאהל, זיינען ענטלאפען און דיא פראנצויזען האבען זייא נאכגעיאגט, ניעדערשיסענדיג ווטשן זייא האבען געטראפען. אלעס ארום, דיא צערשמעטערטע מיהל, דאס צערבראכענע הויז, דיא שטאלען שפייכלערס, זיינען געשטאנען אין פלאמען.

ווען דיא פראנצויזען זיינען אהין אנגעקומען, האט עס אויסגעזעהען, אז מען עמפפאנגט זייא מיט איין אילומינאציע.

דאס בלענדענדע ליכט האט געמאכט א זעלטזאמע ווירקונג אויף פראנסאאזן. זיא איז אויפגעשפרונגען פון דער ערד און אנגעפאנגען צו טאנצען און גע־שריען:

„בראוואָ! בראוואָ!“

דערזעלבער קאפיטאן וואס האט מיט א טאג פריהער פערמהיידינט דיא מיהל, איז געווען איינער פון דיא זיגער. ער איז ערשינען צווישען דיא ברענענדע הורבות האלטענדיג זיין בלאנקעס שווערט אין האנד.

ארום איהם זיינען געלעגען הויפענס טויטע קערפערס און טייכלעך בלוט זיינען געלאפען ביז צו דיא ברענענדע העלצער.

אויף דיך געזיכט האט זיך געזעהען דיא שטאָלצע מיענע פון דעם זיענער. ווען ער האט ערבליקט פראַנסאָאַז׳ן מאַנצענדינג, איז ער איהר ענטקעגען געלאָפען און אויסגעשריען:

„מיר האבען געזיענט! געזיענט!"

ער האט בעריהרט איהר נאַקעטען שולטער, און ווען זיא האט זיך אומגע־ווענדעט און איהם ערבליקט, האט זיך ארויס געריסען א שרעקליכער געשרייא פון איהר מויל, און דאן איז זיא געפאלען אָהנמעכטיג צו זיינע פיס.

— — — — — — — — — — —

דיא לבנה אין מעריב זיים איבער דעם סאָוואל וואלד, האט פון זיך גע־וואָרפען איהרע מילדע זילבערנע שטראַהלען און בעלייכטעט דיא גאַנצע געגענד ארום רעקרעז.

אלעס איז געוואָרען רוהיג און שטיל, און דיא מיעדע פראַנצויזישע סאָל־דאַטען, בעזויפען מיט דעם זיעג איבער דיא פרייסען, האבען זיך אויסגעשטרעקט אויף דער ערד און געגאַנגען רוהען. שפּיאָנען האבען געבראַכט דיא נאַכריכט, דאס דער פיינד געפינט זיך נים אין דער גאַנצער געגענד ארום, און פון דיא דייטשע סאָלדאַטען, וואס האבען געקעמפפט בייא דער מיהל, האבען זיך זעהר ווענינ גע־רעטעט. אלע איבריגע זיינען ניערער געשאָסען געוואָרען פון דיא פראַנצויזישע טרופען.

דער קאַפּיטאַן האט געהייסען זיינע סאָלדאַטען רוהען און ערשט אויפ׳ן אנדערן מאָרגען בעערדיגען זייערע טויטע קאַמעראַדען צוזאַמען מיט דיא טויטע דייטשע סאָלדאַטען.

דיא פערוואונדעטע פראַנצויזען האט מען אריין געטראָגען אין דיא פער־שיעדענע הייזער פון דיא איינוואָהנער אין רעקרעז, און נאָכדעם וויא דיא ערצטע האבען פערבונדען זייערע וואונדען, האט א טראָמפּעט אָנגעצייגט, אז דיא צייט איז געקומען צו רוהען.

שטיל און רוהיג האט זיך דיא לבנה געשיינט, גראַדע וויא זיא וואָלט גע־

מיין ווערקסלונג געפונען אין דיעזער געגענד, וואו א הייליגע רוהע און צופריעדענהייט האט געהערשט אונטער די איינוואָהנער זייט זעהר פיעלע יאָהרען.

דיא טויטע קערפּערס און דיא טייבען בלוט, זיינען געלעגען אין שיין פון איהר הערדליכעס ליכט, און דיא בוימער, זיך שאָקלענדיג פון א לייכטעס ווינטעלע, האבען נאָר אויסגעזעהען זיך צו סוד׳ען איינער מיט אנאנדער און דערצעהלענדיג וואס ער האט פּאַסירט אין יענעם שרעקליכען טאָג.

פראַנסאָאַז, אויף דעם בעפעהל פון דעם קאַפּיטאַן, איז אויפגעהויבען געווארען פון דער ערד און אריין געטראָגען אין א צימערל וואס איז נאך איבער־געבליעבען פון דעם אלטען מערליער׳ס אמאליגע שעהנע וואָהנונג. מיט דער הילפע פון איין ארצט, האט זיא אויפגעוואכט. זיא האט פאר זיך ערבליקט דאס געזיכט פון דעם קאַפּיטאַן און זיא האט איהם דערקענט.

„אך! קאַפּיטאַן!" האט זיא געמורמעלט, „איהר ווייסט דאך וואהרשיינליך פון מיין בלוטיגער חתונה?"

אויף איהר געזיכט האט זיך געצייגט א מיענע פון טרויער און ער־ביטערונג.

דער קאַפּיטאַן האט געבליקט אין איהרע ווילדע אויגען און שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ, האט ער געשוויגען.

„וויא געפעלט אייך דאס ציעל־שיסען פון מיין חתן!" האט דיא ווייטער געפרעגט.

„בלייבט רוהיג, פריילין," האט דער קאַפּיטאַן ענדליך געזאגט מיטליידיג, „בערוהיגט זיך; יעטצט דאַרפט איהר זיך ניט אויפרעגען."

פראַנסאָאַז האט אויסגעזעהען ניט צו בעגרייפען וואס ער זאָגט, און דיא האט פאָרטגעזעטצט:

„אנפאנגס האט ער ניט געוואָלט שיסען, אָבער וויא א סיגנאל פון דעם פיינד האט ארויס געריסען טרערען פון מיינע אויגען און בלוט פון מיין שטערען, האט ער שוין געשאָסען. האט איהר געזעהען וויא ער האט זיך ניט בעקימערט

אום זיין לעבען? וויא בראַח ער האַט געקעמפפט? דאַן האַט דער דייטשער קאָ־מאַנדאַנט איהם געוואָלט מאַכען פאַר א פעררעטהער. אָבער דאָמיניק האַט עס נים געקענט טהון, וועו עס האַט זיך אפילו געהאַנדעלט אום צו רעטען זיין לעבען. ניין, ניין, ער האָט עס נים געקענט...״

זיא האַט זיך זעלבסט אונטערבראָכען, און נאָך א פויזע, האַט זיא ווייטער געשילדערט:

„ער איז דאָך געוועזען אזוי עדעל, און ער איז געקומען רעטען מיין אַלטען פאַטער מיט זיין יונגעס לעבען. אָבער ער האַט גאַר נים אויפגעטהאָן. ערשט נאַכדעם וויא 12 קוגלען האָבען דורכגעבויערט זיין עדלע ברוסט, איז געקומען א קוגעל... א קוגעל פון אייך, פון דיא פראַנצויזען, און זיך דורך געריסען דורך מיין פאַטער׳ס געהירן און איהם אויך געטויטעט. האָט איהר געזעהען וואָס פאַר א רויטעס און יונגעס בלוט מיין אַלטער פאַטער האַט נאָך געהאַט! חאַ, חאַ, חאַ!״

דיא אונגליקליכע האַט זיך דערבייא ווילד צולאַכט, און, נאָך איידער מען האַט זיא געקענט פערהינדערן, איז זיא אַרונטער געשפּרונגען פון דעם בעטעל און אָנגעפאַנגען צו לויפען. דער קאַפּיטאַן און דער דאָקטאָר האָבען זיא צוריק גע־האַלטען.

זיא האַט פערלוירען איהר פערשטאַנד,״ האַט דער דאָקטאָר גע־מורמעלט.

דער קאַפּיטאַן האַט פּראָבירט צו בערוהיגען דאָס אָרמע מעדכען. אָבער איהר פערשטאַנד איז שוין געוועזען פערדונקעלט און זיא האַט איהם נים בע־גריפען.

„חאַ, חאַ, חאַ!״ האַט זיא ווידער געלאַכט. „איך בין דאָך אזוי דום! גיבט מיר אויך א ביקס און איך וועל מיך יעטצט נוקם זיין פאַר מיין דאָמיניק, פאַר מיין אַלטען פאַטער — אך! יאָ, איך אליין האָב געהאָלפען דעם דייטשען קאָ־מאַנדאַנט ער זאָל בענעהען זעלבסטמאָרד...״

פראַנסאָאַז איז געוואָרען ווייטהענד, און נאָך שווערער מיט איז קרים

נעלונגען זיא פעסט צו האלטען. דאן האט זיא איפנעהערט צו קעמפפען און איז נעבליעבען ליעגען אהנמעכטיג מורמלענדיג:

„מיין ראמיניק! מיין פאטער!“

איהרע ליפען האבען זיך געשלאסען, איהר קערפער האט אויפגעציטערט און זיא איז געבליעבען ליעגען טויט.

זיא איז געשטארבען פון הערץ־שלאג,“ האט יצן דער דאקטאר ערקלערט.

ע נ ד ע

---

# דער געקויפטער מאַן.

1.

דאס צימער, וואו נאַנטאַס, אונזער העלד, האט געוואָהנט נאכדעם ווי ער איז געקומען נאך פאריז, איז געווען אויף'ן לעטצטען שטאָק פון א הויז אין דער ליללי גאַס. דאס איז געווען אין א האָטעל. נעבען דיעזען האָטעל, האט געוואָהנט דער באראָן דאַנוויער, וועלכער איז געווען א מיטגליעד פון דעם שטאאַטס־ראַטה.

דיעזעס הויז האט בעלאַנגט צום באראָן, און ער האט עס אויסגעבויעט אויף א פּלאַטץ, וואס איז פריהער געווען בעזעטצט מיט אלטע הייזער.

ווען נאַנטאַס האט זיך אָנגעלעהנט אויף'ן פענסטער פון זיין צימער אין האָטעל און ארויס געקוקט, האט ער געקענט זעהען דעם עק פון דעם האָטעל־גאָרטען וואו עס האבען געוואַקסען אייניגע שעהנע בוימער און פון זיך געוואָרפען א ברייטען שאָטען.

ווייטער, איבער דיעזע בוימער, האט מען געקענט זעהען א היבשען טהייל פון פאריז, און מען האט זיך דערבייא געקענט מערקען דעם טייך סעין, דיא טילעריעס, דעם לואַווער, גרויסע רייהען האָזען און א גאַנצען ים מיט דעכער וואס האבען זיך אויסגעברייטעט ביז צום בית־עלמין פון פער־לאַשעז.

דאס צימערל וואו נאַנטעס האט געוואָהנט, איז געווען א מין דאך־שטיבעל מיט געבויגענע ווענט און א פענסטער אין דאך. נאַנטאַס האט דאס אויסמעבלירט גאַנץ אייגפאך; ער האט אהין אריין געשטעלט בלויז א בעט, א טיש און אביינקעל.

ווען ער האט אנפאַנגס געדונגען דאס צימערל, האט ער געהאט דיא אבזיכט דאס אויסצומעבלירען גאַנץ געוועהנליך, ווייל ער האט דאס בעטראַכט בלויז אויף דערווייל, און עס איז בייא איהם ניט געווען קיין אונטערשיעד וואו ער וואָהנט, אבי דאָרט צו פערברענגען זיין לעערע צייט ביז ער וועט טרעפען זיין גליק.

עס האט איהם נים נעקימערט דאס שמוטציגע און פערשמירטע פאפיר אויף די וועגט, די פערדרייכערטע סטעליע און אויך נים די מהאטזאכע, אז דאָרט איז אפילו נים געוועזן וואו פייער צו מאכען.

ווען ער פלעגט זיך אריין לייגען אין בעט געגענאיבער דעם לואווער און די מילעריעס, האט ער בייא זיך געטראכט, אז ער איז גלייך צו א גענעראל, וועלכער, זייענדיג אויפ'ן וועג, שלאָפט ער סאי וואו עס איז, ביז ער וועט פערטיגען דעם קריעג.

די געשיכטע פון נאנטאס'ן, איז א גאנץ קורצע. ער איז געוועזן דער זוהן פון א מויערער אין מאַרסייל, און ער האט שטודירט אין גימנאזיום. פאר א מויערער'ס א זוהן, איז אפילו שוין געוועזן אביסעל צו פיעל ער זאָל ווערען א גימנאזיום סטודענט, נאָר אין דעם האט זיך שוין זיין מוטער אינטערעסירט, וועלכע האט אימער בעהויפטעט, אז איהר זוהן מוז און זאָל ווערען א געבילדעטער מאַן און נים קיין בעל־מלאכה.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז די עלטערן, זייענדיג ארעם, האבען זיך שווער און ביטער געפלאגט אום צו קענען אויסהאלטען זייער זוהן אלס סטודענט. זייא האבען געשפארט פון די מיילער, אבי איהם צו זעהען ־ורכגעהען דאס גימנאזיום. אָבער באלד נאכדעם איז נאנטאס'עס מוטער געשטאָרבען, און די חלומות פון ווייטער שטודירען האבען זיך אויסגעלאָזען. ער איז געצוואונגען געוועזן צו אקצעפטירען א קליינעם פאָסטען אין א געשעפט, וואו ער האט אנפאנגס זעהר וועניג פערדיענט.

אזוי זיינען אָבער פאַראיבער גאנצע 12 יאָהר און ער האט זיך דאָרט אָבגעפלאגט ביז דאס לעבען איז איהם נמאס געוואָרען.

ער וואָלט צוואנציג מאל פערלאָזען דיעזען פאָסטען, ענטלויפען וואוהין די אויגען וועלען איהם טראָגען, אָבער זיין אלטער און קראנקער פאטער האט איהם געהאלטען דאָרט צוגעבונדען וויא מיט קייטען. נאנטאס'עס פאטער איז געטליך ארונטער געפאלען פון א געביידע וואו ער האט געארבייט, און ער האט זיך צו־בראָכען עטליכע גליעדער. דאס האט אויפגעהאלטען דעם יונגען מאַן אזוי לאנג אין מארסייל. ער איז געצוואונגען געווען צו בעזאָרגען דעם אלטען מיט אלעס מעגליכע און ער האט נים געקענט געהען זוכען קיין בעסערעס.

אין איין אבענד, אהיים קומענדיג פון דער ארבייט, האט ער געטראָפען דעם אלטען און קראנקען פאטער, ליעגענדיג טויט, און די לולקע, נאך ווארעם פון רויכען, איז געלעגען נעבען איהם.

מיט דרייא מעג שפעטער, האט נאנטאס אלעס פערקויפט פון הויז און איז אוועק געפאָהרען נאך פאריז מיט 200 פראנקס אין זיין קעשענע, אום צו זוכען זיין גליק.

פאריז! דיעזעס איינע וואָרט איז געווען פול מיט דיא רייכסטע פאנטאזיען פיר דעם יונגען מאן. ער האט געירשה'ענט זיין מוטער'ס הארטנעקינקייט אום צו שטייגען און ערדרייכען א הויכע שטופע. ער איז געווען, אין אלגעמיינעם, א מענש פון א שנעל־ען ענטשלוס מיט איין אייזערנעם ווילען. ווען ער איז נאך געווען גאנץ יונג, האט ער שוין געזאָגט איבער זיך אליין, אז ער איז א מאכט.

מען האט איהם זעהר אָפט אויסגעלאכט, אָבער דאס האט איהם ניט ענט־מוטהיגט, און ער פלעגט ניט נאָר איינמאל ווידערהאָלען:

„יא, יא, איך בין א מאכט; איהר וועט זעהען, ווארט, דיא צייט וועט קומען, ווען איך וועל בעווייזען מיין מאכט."

אפילו שפעטער, ווען ער האט שוין געטראָגען דעם אלטען שווארצען אנצוג, צעריסען אין א פאאר ערטער, האט ער נאך אימער געזאָגט דיעזעלבע ווערטער, און ווען זיינע בעקאנטע האבען דאס געהערט, האבען זייא אויפגעצויגען מיט דיא אקסלען און זיך געטראכט: „ער איז א פערריקטער פאנאטיסט."

אָבער נאנטאס איז געבליעבען בייא זיינעם, אז ער מוז נאך אמאל איבער־קעהרען דיא וועלט. ער האט זיך אזוי לאנג איינגעבילדעט, אז ער איז א מאכט, ביז ער האט אָנגעהויבען אליין צו גלויבען, דאס ער בעזיטצט דיא גרעסטע פעהינקייטען. קיין זאך האט פאר איהם עקזיסטירט, אויסער דער פאנטאזיע פון זיין מאלענט, און ער איז געווען איבערצייגט, אז דער שטארקער און מעכטיגער מוז זיעגען, טראָץ אלע הינדערניסע פון דעם שיקזאל. ער האט בעהויפטעט, אז פאר א פעהיגען מענשען, איז גאנץ גענוג, ווען ער האט דעם ווילען און דיא קראפט. דאס איבריגע, וויא צו ערדרייכען דעם ציעל, מוז קומען פון זיך אליין.

אמאל, אין א זונטאג, ווען ער איז געגאנגען שפאצירען אין א גאָרטען נעבען מארסייל, האט ער זאָגאר געשפירט, אז ער איז א זשעניע. עפעס האט ער געפיהלט א מין קראפט אין זיין זעעלע, וואס האט איהם געדרונגען און געצוואונגען ער זאָל אזוי דענקען איבער זיך. ער פלעגט אהיים קומען צו זיין קראנקען פאטער עסען זיין טעלער קאלטע קארטאָפעל, און זיך טראכטען, אז עס מוז נאך קומען א צייט, ווען ער זאָל צוריק בליקען צו אזא פערגאנגענהייט מיט א שמייכעל פון בעוואונדערונג, זיך אליין פרעגענדיג: „קוק וואס עס איז אמאל געווען, און זעה וואס עס איז יעטצט — וויא געפעלט עס דיר?"

ווען נאנטאס האט צום ערשטען מאל בעטרעטען די שטיינער פון דיא פאריזער גאסען, האט ער זיך פארגעשטעלט, אז יעטצט האט ער גאר ניט וואס צו טהון, בלויז אויסשטרעקען זיינע הענד און אקצעפטירען א וויכטיגען פאסטען, פון וואנען ער וועט שוין שטייגען העכער און העכער. ער האט אויך ניט געוואלט ווארטען און שוין אנגעפאנגען דעם קאמפף פיר זיין שפעטערדיגער גרויסקייט.

ער האט געהאט איינינע רעקאמענדאציאנס־בריעף נאך פאריז, און ער האט זייא זעלבסט אבגעליעפערט; דאן האט ער בעזוכט איינינע לייטע פון זיין שטאדט, האפענדיג דורך זייא צו בעשטייגען דיא ערשטע טרעפ צום גליק; אבער זיין פאנטאזיע האט געקריעגען זעהר א שווערען קלאפ. ער האט זיך באלד איבערצייגט, אז דיא רעקאמענדאציאנען מיט דיא בעקאנטע, האבען אלע גאר ניט ווערטח און יעדער קוקט אויף איהם וויא אויף א נוטצלאזע בריאה. א מאנאט איז אזוי פארביי, און קיינער האט זיך אויף איהם ניט געוואלט אומקוקען.

איינער האט געענטפערט, אז ניט דאמאלס איז דיא פאסענדע צייט; א צווייטער האט זיך ענטשולדיגט דערמיט, דאס ער איז אביסעל צו שפעט געקומען און א דריטער האט איהם געהייסען ווארטען. איינינע וויעדער האבען גלאט פערשפראכען און קיין ווארט געהאלטען.

אבער אזוי וויא 200 פראנקס זיינען ניט פיעל געלד, איבערהויפט פאר אזעלכען וואס זעהט אין זיך א קינפטיגען מאנארך, איז שנעל לעדיג געווארען זיין טאשע. ווען ער האט זיך ארום געקוקט וויא ער האלט מיט זיינע פינאנצען, האט ער דערזעהען, אז ער האט ניט מעהר וויא 20 פראנקס צוריק געבליעבען.

ער האט אויסגערעכענט, אז ער מוז נאך האבען געדולד א מאנאט, און פון דיעזע צוואנציג פראנקס מוז ער ביז אהין לעבען, עסען, טרינקען און ארום געהען פון פריהמארגען ביז שפעט אין דער נאכט איבער פאריז.

אבער בעקלאגען זיך ניטצט ניט און ער האט אויך ניט געהאט פאר וועמען זיך צו קלאגען. ער האט אלזא געליטען און געשוויעגען. ער האט אימער געלעבט מיט דער פאנטאזיע פון דער צוקונפט.

אבענד, ווען ער פלעגט אהיים קומען, ערמיעדעט און מיט לעדיגע הענד, האט ער זיך ניט געשפירט ענטמוטהיגט, אבער א שטילער און נייגענדער צארן איז אין איהם ענטשטאנדען. ער האט בעטראכט דאס שיקזאל אלס בלינד און אונגערעכט.

„סטייטש, איך, נאנטאס,“ האט ער זיך געטראכט, „וועלכער בעזיטצט אזוי

פיעלע פעה־נקייטען, זאָל דארפען אזוי לאנג ווארטען אום מיין טאלענט אויס־צואיבען !"

אָבער, וויא עס שיינט, איז נאנטאס שוין ניט דער ערשטער און אויך ניט דער לעטצטער וואס בעקלאָגט זיך אזוי אויף׳ן שיקזאל. עס איז איין אלטע געשיכטע, אז דאס שיקזאל איז בלינד און פערקריכט אָפטמאל אהין וואו עס פאסט ניט.

אין א פארנאכט איז נאנטאס אהיים געקומען אָהנע ער זאָל האבען עפּעס געגעסען. ער האט אויפגעגעסען זיין לעטצטעס שטיקעל ברויט נאך מיט איין אבענד פריהער. ער האט מעהר קיין געלד ניט געהאט, און ער האט אויך ניט געזעהען קיין איינציגען פריינד, בייא וועמען ער זאָל זיך קענען עפּעס אויסבאָרגען.

אין דרויסען האט געדעגענט א גאנצען טאָג און עס איז געווען גוט קאלט. נאנטאס איז געווען דורכגעווייקט ביז צום לייב פון דעם רעגען. ער איז געווען אין בערסי, דאן אין מאָנטמארטער, וואו מען האט איהם געזאָגט, אז ער קען געפינען בעשעפטיגונג. אָבער אין בערסי האט ער ערפאהרען, אז איין אנדערער האט שוין פערטרעטען דעם פלאטץ, און אין מאָנטמארטער, וואו מען האט יא בעדארפט א מענשען, איז זיין האנדשריפט ניט געפעלען געוואָרען. צום שלים־מזל, האט נאנטאס געהאט זעהר א שלעכטע האנדשריפט, און ער האט זיך מעהרערע מאל געטראכט, אז דאס איז א צייכען פון א זשעניע. אָבער זשעניע אהין, זשעניע אהער, אין מאָנט־מארטער האט מען געזוכט א שעהנע האנדשריפט און מען האט פון זיין זשעניע ניט געוואָלט וויסען.

אנפאנגס האט ער אפילו געטראכט ניט אָנצונעהמען קיין געוועהנליכען פּאָסטען, אָבער לעטצטענס איז ער שוין צופריעדען געווען אירגענד עטוואס צו אק־צעפּטירען, אבי פּאָרלויפיג עפּעס צו האבען ביז ער וועט ערדייכען זיין גליק. אָבער ער האט דאס אויך ניט געפונען.

פּאָרלויפיג האט ער פערלאנגט ברויט, אָדער עפּעס מיט וואס צו לעבען אין פּאריז, און דאן זאָל ער אנפאנגען צו בויען זיין הערדליכע געביידע פון דער צו־קונפט, ארויף לייגענדיג שטיין אויף שטיין.

יא, דאס האט ער פערלאנגט, פּאָרלויפיג, נאָר עס איז דאָך ניט געווען. ער האט שפּאצירט לאנגזאם פון מאָנטמארטער צוריק נאך דער לילי גאס און זיין הארץ איז געווען שטארק פערביטערט.

עס האט שוין אויפגעהערט צו רעגנען, און דיא איילענדע מענשען אויף׳ן טראָטואר האבען איהם געשטויסען און געשטופּט פון אלע זייטען. דאן איז ער

פלוצלינג געבליעבען שטעהען נעבען א וועקסעל־באנק געשעפט, און זיך בעטראכט א הויפען מיט גאָלד־שטיקלעך ליענענדיג אין פענסטער.

„אך !" האט ער זיך געטראכט, „בלויז 5 פראנקס וואָלט מיר פיעללייכט יעמצט נעגוג נעווען, אום איך זאָל שפּעטער קענען ווערען הערשער איבער אלע דיזע מענשען ! מיט 5 פראַנקס, וויא עס איז, קען מען דאָך שוין אָבלעבען א וואָך !"

אזוי דענקענדיג און טראַכטענדיג, איז פּלוצלינג פארביינעפאָהרען א דראָשקע. דיא רעדער זיינען אריין אין רינשטאָק און געגעבען א שטאַרקען שפּריטץ מיט בלאָטע און וואסער, וועלכע האבען געטראָפען גאנטאס'ן גלייך אין געזיכט.

ער האט אויפגעשוידערט פאר צאָרן, אָבער זיך בערוהיגענדיג אביסעל, האט ער בימער געשטייכעלט און געמורמעלט :

„דאס שיקזאל האט מיר נאך יעמצט אָנגעשפּיענען אין פּנים."

ער האט ארויס גענומען זיין טאשענטיכעל און זיך אָבגעווישט דאס געזיכט. דאַן איז ער ווייטער געלאָפען שנעל, קריצענדיג מיט דיא צייהן. ער האט צוזאמענ־געדריקט זיינע פויסטען און קוקענדיג אויף דער מענגע מענשען, איז איהם אָנגע־קומען א כוסט, זיך צו ווארפען אויף זייא, שלאָגען ווערמען ער וועט טרעפען, און זיך נוקם זיין אָן דעם בלינדען שיקזאל.

אָבער ער האט עס נים געטהאָן, ווייל, נאך אלעמען, איז ער נים געוועזען אזוי דום, נים צו פערשטעהען, אז דאס וועט איהם גאר נים העלפען.

וועלענדיג אריבער געהען דיא גאס, האט איהם א קאר שיער איבערגע־פאָהרען אין עק פון דער ריסעליע שטראסע.

ווען ער איז ענדליך צוגעקומען צום האָטעל, איז ער שנעל ארויף געלאָפען דיא טרעפען, אריין אין זיין צימער, און וויא א פערוואונדעטע חיה, האט ער זיך א ווארף געגעבען אויף'ן בעט און ווידער אטאל קריצענדיג מיט דיא צייהן, האט ער געפלוכט דיא גאנצע וועלט. ער האט דאן געבליקט אויף זיין בעשמוצטען ראָק און הויזען און צו דעם וואסער וואס איז אָנגערונען אויף'ן פוס־באָדען פון זיינע נאסע קליידער.

„פערפלוכט ! פערפלוכט !" האט ער געברומט.

יא, דיעזעס מאל, האט ער זיך געטראכט, האט שוין פון אלעמען גענומען איין ענדע, און אנשטאט דעם פריהערינגען מוטה, האט יעמצט איינגעטרעטען פער־צווייפלונג.

גאנטאס האט אָנגעהויבען צו דענקען וועגען זעלבסטמארד.

„דאס שיקזאל איז בלינד און אונבארמהערציג," האט ער זיך געטראכט, „און עס האט ניט ווערטה דיא מיה צו לעבען."

אָבער שמאָלץ איז ער נאך אימער געווען, און ער האט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דערמיט וואס ער וועט בענעהען זעלבסטמאָרד, וועט ער געבען גאנץ בּאריז א פּאטש אין פּנים.

„צו זיין א מאכט," האט ער געמורמעלט, „אזא מאכט וויא איך בין, און עס זאָל זיך ניט געפינען איין לעבעדיגער מענש אין אזא גרויסער שטאָדט, ער זאָל וויסען פון מיין צושטאנד און מיר אויסבאָרגען 5 פראנקס! דאס איז א געמיינע בעליידיגונג, א ניעדערטרעכטיגקייט!"

ער האט געוויטהעט פאר צאָרן. דאן, בליקענדיג צו זיינע שטארקע הענד, האט ער זיך בערויערט.

ווירקליך, אזעלכע שטארקע און מעכטיגע הענד, בעריים אלעס צו טהון, און נאר ניט צו געפינען.

עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער וואָלט געקענט אויפהייבען א וועלט מיט זיין שפּיטץ פינגער. און דאך, האט ער זיך געזעהען זיטצענדיג אליין, אין א קליין צימערל, מאכטלאָז און שוואך נעגען דעם אונבארמהערציגען שיקזאל.

ער האט בייא זיך אויסגעזעהען וויא א ווילדער לייב אין איין אייזערנער שטיינ.

אָבער ער האט זיך באלד בערוהיגט, וויל ער האט איינגעזעהען, אז דער טויט אליין איז דער איינציגער אויסוועג, און זייענדיג טויט, האט ער געוואוסט, הערט אויף כעס, פערדרוס און שטרעבונג.

ווען ער איז נאך געווען א קליין אינגעל, האט ער זיך עראינערט, האט ער געהערט א געשיכטע פון א בעריהמטען ערפינדער, וועלכער האט צוזאמענגעשטעלט א מערקווירדיגע מאשין, און אין א טאָג, האט דער ערפינדער געכאפּט א האמער און צערשמעטערט דיא מאשין, בלויז דאפיר, וויל דיא וועלט האט זיך געצייגט צו גלייכגילטיג פיר זיין ארביים.

„גוט, גוט," האט נאנטאס געמורמעלט, „איך בין גראדע וויא יענער ער־פינדער, און מיר ליעגט דיא קונסטפאָלע מאשינעריי, וואס דיא אידיאָטישע וועלט וויל ניט אנערקענען. דיא קונסטפאָלע מאשין און מיר, איז מיין געהירן, און איך וועל דאס יעטצט צערשמעטערן, דאָרט..."

ער האט זיך דערבייא אָנגעבויגען ביים פענסטער און ארויס געקוקט אין דרויסען. זיין בליק איז געפאלען אונטען צום טראָטואר, וואו דיא שטיינער זיינען

נעווען הארט, און ער האט זיך פארגעשטעלט, ווען ער זאל זיך ארונטער ווארפען פון פענסטער, וועט ער אקוראט פאלען מיט זיין געהירן־מאשין אויף די שטיינער און ער וועט צערשמעטערט ווערען.

„גוט, גוט,“ האט ער ווייטער געברומט. „אזוי מוז עס זיין, ווען דיא לומפיגע מענשען ווייסען ניט וויא אנצוערקענען מיין ווערטה.“

דיא זונן האט דאמאלס גראדע געהאלטען אין אונטערגעהען און ארויס גע־שיינט פון צווישען דיא וואָלקען איבער דעם האָטעל דאנוויער. דיא געלע בלעטלעך פון דיא בוימער זיינען בעלייכטעט געוואָרען פון דיא גאָלדענע זוננשטראהלען, און נאטטאס האט זיך דאס אלעס פאָרגעשטעלט גלייך וויא דיא וועלט זאגט איהם „אדיע.“

ער האט בעשלאָסען צו שטארבען און ער האט געוואָלט האבען א לייכטען טויט. ער האט זיך אלץ מעהר ארויס געבויגע פון דעם פענסטער און איז שוין געווען דערביי־א ער זאָל זיך ארונטער ווארפען. אָבער פּלוצלינג, האט עס איהם אביסעל אויפגע־שוידערט, זיך דערמאָהנענדיג וויא אונאנגענעהם אזא טויט מוז זיין.

„פע, אבשייליך,“ האט ער געמורמעלט, „צו בעגעהען אזוי זעלבסטמאָרד. וויא, צום טייפעל, האט דאס ניט א מענש א רעוואָלווער זיך אריין צו יאָגען א קוגעל אין געהירן? עפּעס זעהט דאס אויס אביסעל מעהר אנשטענדיג. וויא איז דאס ניטאָ אביסעל ניפט — צום טייפעל...“

בליקענדיג אזוי ארונטער, האט ער בעמערקט, אויף׳ן טראָטואר, פארביי־געהענדיג א יונגע דאמע מיט זעהר שעהנע האאר. ער האט דיא דאמע שוין עטליכע מאל געזעהען, און איהרע הערליכע פיגור מיט איהרע שטאָלצע שריט, האבען צו־געצויגען זיין אויפמערקזאמקייט.

ער איז ניט געווען ראָמאנטיש געזאָנען; ער איז שוין אויף פאָראיבער יענע יאָהרען, ווען דיא יונגע לייט טרוימען פון גרויסארטיגע־יונגע דאמען, וואס זאָלען קומען און זייא גליקליך מאכען מיט זייער ליעבע. דעננאך, האט איהם דאס שעהנע געזיכט פון דיעזער דאמע, גראדע דאמאלס, אזוי פעראינטערעסירט, אז ער האט אויף איין אויגענבליק פערגעסען אן זיין זעלבסטמאָרד־אידעע.

וויא קען זיא הייסען? ווער איז זיא?

אונטערדעסען האט ער ווידער אמאל צוזאמענגעדריקט זיינע פויסטען און געקריצט מיט דיא צייהן, וויל ער האט געשפירט א געוואלטיגען האס געגען אלע לייטע פון דעם האָטעל, וועלכע ער האט בעמערקט לעבענדיג אין גרעסטען לוקסוס.

„אך ו!" האט ער געברומט, „איך וואָלט מיך פערקויפט צו אירגענד יעמאנד, וועלכער וואָלט מיר געהאָלפען צו בעשטייגען דיא ערשטע טרעפּ צו מיין גליק !"

ער האט פיעל נאכגעדענקט איבער דער אידעע פון פערקויפען זיך. ער האט זיך פאָרגעשטעלט, ווען עס זאָל זיין אירגענדוואו א פּראָצענטניק, וואס זאָל באָרגען געלד אויף מאכט און ענערגיע, וואָלט ער זיך אליין פערמשכון'ט.

אין זיין פאנטאזיע האט ער זיך פאָרגעשטעלט פערשיעדענע בילדער: ער האט געזעהען א פּאָליטיקער וואס איז איהם געקומען אָבקויפען פאר זיינע א ווערקציינ; א באנקיער וואס וויל אויסניטצען זיין פערשטאנד און שארפזיניגקייט און נאך אנדערע.

יא, ער איז געווען בערייט אלעס צו טהון, אלעס צו אָפּפערן, עהרע, קראפט, מאכט און אויס דויער. אבי ער זאָל קענען עררייכען זיין ציעל.

פּלוצלינג איז איהם פאָרגעקומען דיא אידעע פון פערקויפען זיך צום טייפעל.

ער האט אפילו אין טייפעל ניט געגלויבט, אָבער דאָך, ווער ווייס, אזוי פיעלע מענשען בעהויפּטען, אז עס גיבט א טייפעל, פיעללייכט איז ער טאקי דאָ.

„דער טייפעל !" האט ער אויסגעשריען, „זאָל זיין דער טייפעל ! אָבער וואו איז ער?"

דאן האט ער זיך דערמאָהנט, אז דאס אלעס איז א פוסטע נארישקייט, און דיעזע אלע, וואס ווארטען אויף טייבעלעך פון דעם היטעל אָדער פון דער העללע, ווארטען אזוי לאנג ביז זייא קראפּירען פאר הונגער.

ער האט מורא געהאט זיך זעלבסט צו בעשולדיגען אין פיינהייט, און ער האט ווידער אמאל אָנגעפאַנגען צו טראכטען וועגען זעלבסטמאָרד.

„נו, וואס קען מען טהון ?" האט ער זיך געטראַכט, „ווען עס איז נישטאָ קיין אנדער מיטעל, איז ארונטער ווארפען זיך פון פענסטער, אויך גוט."

ער האט דאן בעשלאָסען צו ווארטען ביז עס וועט פינסטער ווערען, און דאן זאָל ער זיך ארונטער ווארפען.

מיט דיעזע געדאנקען און פּלענער, האט איהם דיא מיעדקייט בעזיגט און ער איז צוריק געפאלען אין א שטוהל שרעקליך פערמאטערט. ער איז אזוי איינגעשלאָפען. זיין שלאָף האט ניט לאנג געדויערט, דען עס איז נאך ניט געווען שטארק

פינסטער, ווען ער האט דערהערט שטימען נעבען זיך. דיא האָטעל דיענערין, וועלכע האט אכטונג נענעבען אויף זיין ציטער, האט אריין געלאָזען א דאמע אין זיין ציטער.

דיא דיענערין האט זיך ענטשולדינט מיט דיעזע ווערטער:

„מיין הערר, איך האב מיר גענומען דיא פרייהייט אריין צו וויזען אהער...“

נאָר אזוי וויא זיא האט געזעהען, אז עס איז פינסטער אין צימערל, האט זיא זיך זעלבסט אונטערבראָכען און איז ארויס געלאפען ברענגען א ליכט. עס האט אויסגעזעהען, אז זיא האט געקענט דיא פערזאָן, וועלכע זיא האט בע־גלייטעט.

„בלייבט דאָ,“ האט זיא דאן געזאגט ווען זיא האט אריין געבראכט א ליכט, ניעמאנד וועט אייך שטערען.“

נאנטאס, וועלכער האט ערוואכט מיט א ציטער, האט געבליקט צו דער איינטרעטענדע דאמע, מיט ערשטוינען. ער האט זיא נאך אין זיין לעבען ניט געזעהען. זיא האט דערוויל ארונטער גענומען דעם שלייער פון איהר פנים. זיא האט אויסגעזעהען פון א יאָהר פינף־און־פערציג, ניעדריג, זעהר פעט מיט א רונדעס און ווייסעס געזיכט, וואס האט אָנגעציינט זעהר ווענינ זאָרגען אין איהר לעבען.

נאנטאס האט פראבירט זיך צו דערמאָהנען טאָמער האט ער זיא ערגיץ געזעהן; אבער ער האט זיך אום קיינעם פרייז ניט געקענט ערמאנערן.

ער האט זיך ענדליך אויפגעהויבען און איהר אָנגעבאָטען דעם איינציגען שטוהל וואס ער האט געהאט צום זיטצען. זיא האט איהם שארף אָנגעקוקט און געענטפערט:

„מיין נאמען איז מאדמאָאזעל שין... איך בין געקומען, מיין הערר, אין זעהר א וויכטינע אנגעלעגענהייט.“

זיא איז שוין אפילו געווען אביסעל צו אלט פיר א פריילין, אבער נאנטאס האט זיך ניט געוואונדערט דאריעבער. אין פאריז איז ניט קיין נייעס צו הערען וויא אזעלכע פ־וויענצימער און נאך עלטערע רופען זיך מאדמאָאזעל.“

נאכדעם וויא זיא האט זיך געזעטצט, האט ער זיך אויך צוגעשפארט בייא דער זייט פון זיין בעט. מאדמאָאזעל שין׳ס נאמען, האט איהם פאָרלויפיג נאך גאר ניט דערצעהלט און ער האט געווארט אויף א ווייטערע ערקלקרונג. ער האט אויף בעשלאָסען צו זיין געדולדיג און אויסהערען וואס זיא האט איהם צו זאָגען.

זיא ווידער, האט אויסנעזעהען זיך ניט צו איילען; זיא האט נעבליקט ארום אין קליינעם צימער און האט אביסעל נעצעגערט, גלייך וויא עס וואָלט איהר נעווען צו שווער ארויס צו ברעננען וואס זיא האט איהם מיטצוטהיילען.

ענדליך האט זיא נעשפּראָכען אין זעהר א צאַרטער און ווייכער שטימע און אויסציהענדיג כמעט יעדעס וואָרט. זיא האט אויך זעהר אָפט נעשמייכעלט.

„מיין הערר," האט זיא אָנגעפאַנגען, „איך בין נעקומען צו אייך אלס א פריינד... מען האט מיר מיטגעטהיילט איבער אייך, אז איהר זייט זעהר איין עהרענ־האפטער און אנשטענדינער יונגערמאַן. איהר וועט מיר ענטשולדיגען און מיך ניט רעכענען פאר קיין שפּיאָן, ווען איך האב איבער אייך נאכגעפרענט. דיא אורזאכע, ווארום איך האב איבער אייך נאכגעפרענט, איז נעווען, ווייל איך האב אין אייך דיא גרעסטע אינטערעסע און איך בין פעסט ענטשלאָסען אייך צו העלפען."

נאנטאס האט צו איהר נעבליקט מיט זיינע גרויסע און ערשטוינטע אוינען; ער האט נעוואָלט אויפציהען מיט דיא אקסלען, אָבער ער האט עס ניט נע־טהאָן.

„איך ווייס," האט זיא פאָרטגעזעטצט, „וויא שווער און ביטער איהר האט זיך לעטצטענס נעפלאָנט. איך בין בעקאנט דערמיט, וויא מוטהיג איהר האט נע־קעמפפט אום צו קריענען א פּאָסטען, און איך ווייס אויך פון אייער נענענווערטינ..ר פערצווייפעלטער לאגע, נאך אזוי פיעלע אנשטרענגונגען... ענטשולדינט מיר נאך אמאל, מיין הערר, ווארום איך האב נעוואגט אזוי איינצודרינגען אין אייער פריוואט לעבען. איך שווער אייך, אז בלויז מיין סימפאטהיע..."

אוננעאכטעט דארויף וואס נאנטאס איז נעוואָרען נייגיערינער און אוננע־דולדינער מיט יעדען וואָרט וואס זיא האט דערצעהלט, האט ער זיא דאָך ניט אונ־טערבראָכען. ער האט בלויז נעטראכט, אז דאס אלעס וואס זיא ווייס, האט זיא וואהרשיינליך ארויס נעקריענען פון דער האָטעל־דיענערין.

וועהרענד איהר שפּרעכען, האט ער בעמערקט, אז זיא וויל אלץ זיין העפליך און אנשטענדיג, און וואס זיא האט אין זינען פאָרצולענען, וויל זיא עס זאָגען אזוי שעהן וויא נאָר מענליך.

„מיין הערר," האט זיא ווייטער נעזאָגט. „איהר זייט א יוננער מאן מיט א נלענצענדער צוקונפט פאר אייך. יא, יא, איך האב מיר ערלויבט אויך אויפצר פאסען אויף אייער ענערגיע, און איך בין נעווען ערשטוינט צו זעהן אייער שטאַנד־האַפטינקייט און נעדולד אין מיטען פון איין אוננליק נאָך'ן צווייטען. מיט איינעם

וואָרם, מיט אייער געדולד, דאַכט זיך מיר, אַז איהר וואָלט געקענט זעהר וויי נעהן, זעהר פיעל עררייכען, ווען יעמאַנד זאָל אייך נאָר אויסשטרעקען א העלפענדע האַנד...״

דא איז ווידער אמאל שטיל געבליעבען און געוואַרט צו הערען עפּעס א וואָרט פון איהם.

נאַנטאַס האָט גערעכענט, אַז דא איז געקומען איהם אָנצוביעטען א פּאָסטען.

„יא, יא, מאַדאַם,״ האָט ער געזאָגט, „איך בין בערייט אלעס צו אַקצעפּ־טירען, ווירקליך אלעס, וויל, לויט וויא איך הער, ווייסט איהר שוין פון מיין צו־שטאַנד.״

א צופריעדענער שמייכעלע האָט זיך בעוויעזען אויף איהרע ליפּען, און זיך בענוטצענדיג מיט דער געלעגענהייט, האָט זיא געפרעגט:

„וויא, צום בייספּיעל, וואָלט עס געווען, איך זאָל אייך פאַרשלאָגען איהר זאָלט הייראַטהען?״

נאַנטאַס האָט געמיינט, אַז מאַדמאַזעל שין וויל זיך אליין זיין א שדכן׳טע. ער האָט זיא אָבגעמאָסטען מיט זיינע אויגען, און אָבוואָהל זיא האָט אויף איהם ניט געמאַכט קיין זעהר גוטען איינדרוק, האָט ער זיך געטראַכט, אַז פאַר נויט, הייראַטעט מען אויך אזא פּעטע פּראָווינצימער.

ער האָט אָבער אונטערדעסען בעמערקט:

„הייראַטהען! מיין גאָט, דאָס איז א שעהנע געשיכטע! ענטשולדיגט מיר, מאַדמאַזעל, ווער וועט דאָס וועלען הייראַטהען מיט אזא שלים־מזל וויא איך בין? דאָס קען נאָר זיין עפּעס איין אָרעמעס מעדכען, און דאַן איז עס נאָך ערגער, וויל איך וועל זיא ניט קענען ערנעהרען.״

„אָה ניין,״ האָט זיא געענטפערט לאַכענדיג, „גראַדע אומגעקעהרט, א רייכעס מעדכען, זעהר רייך, און דערצו זעהר שעהן. זיא שטאַמט פון זעהר א וויכטיגער פאַמיליע, וועלכע וועלען אייך געבען אין דער האַנד מיט אלעס מעגליכע אום איהר זאָלט קענען עררייכען דיא העכסטע שטופּע.״

נאַנטאַס האָט פריהער געלאַכט, נאָר יעצט איז ער פּלוצלינג געוואָרען ערנסט.

„א שעהנעס מעדכען? רייך?״ האָט ער געמורמעלט.

זיא האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ „יא״.

גאנטאס האט שוין פערשטאנען. ער האט בעגריפען, אז דא האנדעלט זיך וועגען איין אפפער פון זיין זייט.

„און וואס ווערט פערלאנגט פון מיר?“ האט ער געפרעגט אין א ניעדריגען טאן.

זיא האט זיך אביסעל אויסגעהוסט און געענטפערט:

„דיעזעס מעדכען, פערשטעהט איהר, איז יעטצט שוואנגער, און דאס קינד דארף בעשטימט ווערען אלס איין עהרליכעס קינד.“

זיא האט דיא לעטצטע ווערטער שנעל ארונטער געשפראכען און דאן האט זיא געגעבען א זיפץ.

אנפאנגס איז גאנטאס'ן איינגעפאלען, ער זאל כאפען דיא פעטע שדכן'טע און זיא ארויס ווארפען. ער האט זיך אבער בערוהיגט און בלויז געזאגט:

„אייער פארשלאג, מאדמאזעל, איז אונפערשעהמט, אונפערשעהמט, איהר הערט?“

„אך, אונפערשעהמט!“ האט זיא געענטפערט מיט איהר ווייכער שטימע, „איהר וועט מיר ענטשולדיגען, מיין הערר, איך וויל ניט הערען אזא ווארט... דיא וואהרהייט איז, אז איהר וועט רעטען א פאמיליע פון דער גרעססטער פערצווייפלונג. איהר פאטער ווייס קיין זאך; דיא שוואנגערשאפט, איז נאך ניט ווייט פארטגע־שריטען. דאס איז מיין אידעע, מיין פארשלאג, אז דאס מעדכען זאל הייראטהען אזוי שנעל וויא מעגליך, און פארשטעלען איהר מאן, אלס דעם פאטער פון איהר קינד. דער פאטער פון דיעזען מעדכען, איז דיא עהרענהאפטיגקייט זעלבסט, און איך בין זיכער, דאס ווען ער זאל ערפאהרען פון דער וואהרהייט, וואלט עס איהם געטויטעט. מיין אידעע אלזא, איז דאס איינציגע מיטעל וואס איך האב פארגע־שלאגען, וועלכעס קען אלעס פערריכטען... דאס טרויעריגסטע ביייא דיעזער גע־שיכטע איז, וואס דער פערפיהרער, דער שופט וואס האט פעראונגליקט מיין ארמע ווירטהין, איז א פערהייראטהעטער מאן. אך, מיין הערר, עס געבען מענער, וועלכע האבען ווירקליך קיין עהרענגעפיהל אין זיך...“

זיא וואלט אזוי אוועק געפלוידערט א היבשע צייט, ווען גאנטאס וואלט ניט אויפגעהערט זיך צו צוהערען צו איהרע ווערטער.

ער האט איבערגעדענקט דעם פארשלאג, און ער האט זיך יעדעס מאל מעהר בערוהיגט.

ווארום זאל ער ענטזאגען? האט ער זיך געפרעגט. האט ער דען ניט מיט עטליכע מינוטען פריהער זיך געוואלט פערקויפען? האט ער דען ניט געהאלטען

דאבייא זיך איבערצונעבען זאָנאר צום טייפעל? וואס איז אלזאָ דער אונטערשיעד? א טייפעל אָדער א שוואנגנערעס מעדכען? איבערינענס, איז א שוואנגנערעס מעדכען נאך גאר ניט אזוי שלעכט, איבערהויפט ווען זיא איז רייך.

ער האט זיך אלעס איבערלעגט וואס מען פערלאנגט פון איהם. ער דארף בלויז געבען זיין נאמען און דאפיר קריעגט ער א גוטען פאָסטען. עס איז א קאָנטראקט וויא אין אלע אנדערע מסחרים: איינער גיבט א געוויסען געגענ־שטאנד און דאן קריעגט ער איין אנדערן אין אויסטויש.

זיין בליק איז געפאלען אויף זיינע הויזען, שמוטציג פון דיא פאריזער בלאָטעס; דאן האט ער זיך דערמאָהנט וויא דאס שיקזאל האט איהם אָנגע־שפיענען אין פנים מיט דעם שמוטץ פון דער שטראסע, און ער האט אויך דער־שפירט וויא זיין הארץ קלאפט איהם.

דאס טרויעריגע בילד פון דיא פערגאנגענע צוויא מאָנאט אין פאריז, זיין ערניעדריגונג און ליידען, אלעס איז אויפגעשטיעגען פאר זיין פאנטאזיע.

„ענדליך!" האט ער זיך געטראכט, „איז געקומען דיא צייט איך זאָל ארויף שטעלען מיין פוס אויף דער גאנצער מאסע וואס האט מיך געשליידערט און גע־שטויכען אויף'ן טראָטואר, און מיך געטריעבען צו בענעהען זעלבסטמארד!"

ער האט לייכט געקריצט מיט דיא ציינער, און דאן האט ער געענטפערט קורץ:

„מאדאם, איך אַקצעפטיר!"

אונטערדעסען האט ער זיך אביסעל ערהאָלט פון זיין איפרעגונג און ערווכט מאדמאָאזעל שין, זיא זאָל איהם אָבשילדערן אלע איינצעלהייטען. דאן האט ער זיא געפרעגט וואס זיא פערלאנגט פיר איהר ארבייט. אָבער זיא האט העפטיג פראָ־טעסטירט און ערקלערט, אז זיא טהוט עס נאָר אוים גוט־הערציגקייט.

טראָטץ דעם אָבער, האט זיא געזאָגט, אז זיא וואָלט ניט געוועזען דאגעגען, צו אַקצעפטירען דיא סומע פון צוואנציג טויזענד פראנקס פון דעם געלד וואס ער וועט קריעגען.

אזוי וויא ער האט דאמאלס ניט געהאלטען דערבייא זיך צו דינגען און אייני־געשטימט צו איהר פאָרדערונג, האט זיא איהם דאן אלעס ערקלערט.

„הערט אוים," האט זיא וויעדער אָנגעפאנגען, „איך בין געוועזען דיעיעניגע, וואס האט פון אייך פריהער געדענקט. ווען איך האב איהר דערצעהלט איבער אייך און אייך פאָרגעשלאָגען, איז זיא ניט געוועזען דאגעגען... ווירקליך, נאך אלעמען, איז דאס א גרויסארטיגעס געשעפט, און איהר וועט זעהען וויא איהר וועט מיר דאנקען.

איך בין זיכער, אז איך האב געקענט געפינען א מאן מיט א הויכען טיטעל ראפיה, און איך קען איינעם, וואס וואלט מיר געקושט די הענד פאר דאנקבארקייט; אבער איך האב גערעכענט, אז אמבעסטען איז צו נעהמען א מאן פון איין אנדערע קלאסע מענשען. דאס וועט זיין מעהר ראמאנטיש... דאן, וועל איך אייך זאגען די וואהרהייט, אז זייט איך האב אייך געזעהען, בין איך צוגעצויגען געווארען צו אייך, ווי א מאגנעט. איהר זייט א שעהנער יונגער מאן, און, איך צווייפעל ניט, אז איהר זייט אויך א פעהיגער מענש. ביי מיין ווארט, איהר וועט אמאל ערגרייכען זעהר ווייט. איך ווייס וואס איך זאג, און ניט נאר איינמאל האב איך געטראפען. איהר מעגט זיכער זיין צו יעדער צייט מיט מיר, און ווען איהר וועט עפעס בענעטהיגען, וועל איך אימער זיין בערייט אייך צו דיענען."

ביז דאמאלס האט מען נאך קיין נאמען דערמאהנט. אבער נאנטאס האט שוין מעהר ניט געקענט בלייבען אזוי גלייכגילטיג ווי פריהער, און געזאגט:

„ענטשולדיגט מיר, ביז יעטצט האב איך געשוויגען און מיך ניט אינטערעסירט פיעל מיט דער סחורה וואס איך קויף אדער וואס קויפט מיך. נאר יעטצט, וועט איהר אזוי גוט זיין און מיר וועניגסטענס מיטטהיילען די נעמען פון..."

מאדמאאזעל שין האט זיך שנעל אויפגעהויבען, און זיך פערניינענדיג מיט דער מיענע פון איין אבגעריכטעטע דיענערין, האט זי איהם אונטערבראכען און געענטפערט:

„מיין נאמען איז מאדמאאזעל שין; איך בין די גאווערנאנטין אין דעם הויז פון באראן דאנוויער, זייט דער צייט וואס די באראנין איז געשטארבען. איך בין געווען דיעניגע וואס האט אויפגעצויגען מאדמאאזעל פלאוויע, דעם באראנ'ס טאכטער.. מאדמאאזעל פלאוויע, וויא איהר מערקט זיך דא, איז די פערזאן אין וועלכער איהר בעדארפט האבען די הויפט אינטערעסע."

ביי די זעזע ווערטער איז זיא צוגעגאנגען צום קליינעם טישעל און אוועק געלייגט א פערמאכטען קאנווערט, וואו עס איז געלעגען א באנק־נאטע פון 500 פראנקס. דאס איז געווען דער דארויף פון דעם מסחר. דאן האט זיא זיך צורעכט געמאכט דעם הוט אויף'ן קאפ, זיך טיעף פערנייגט, און ווינשענדיג א העפליכען „באן סאאר" (גוטע נאכט,) איז זיא ארויס פון דעם צימער.

ווען נאנטאס איז וויעדער אמאל געבליעבען אליין, איז ער צוגעגאנגען צום פענסטער. אין דרויסען איז געווען שטארק פינסטער. מען האט נאר געקענט זעהען די גרויסע מאסע ביימער בעלייכטעט פון די שטראסען־פאנארען.

האנדשטיינדיג מיט זיינע אויגען, האט ער ערבליקט איין אפענעם פענסטער געגענ־איבער דעם האטעל.

„אהא, זיא איז עס געוועזען, דאס הויכע און שעהנע מעדכען וואס האט אזוי אפט שפאצירט אין פראנט פון דעם האטעל, און האט אפילו קיינמאל זיך ניט געוואלט אומקוקען צו איהם.

„וואס איז דער אונטערשיעד?" האט ער געברומט, „זיא אדער איין אנדערע? עס בלייבט זיך גלייך. דיא פרוי, ווער זיא זאל זיין, שפיעלט דא ניט קיין ראלע, דיא הויפטזאך איז דער געשלאסענער מסחר."

דאן האט גאנטצעס געבליקט ווייטער, איבער פאריז, וואס איז געלעגען איינ־געוויקעלט אין קאלירטען ליכט פון דיא שטראסען. ער האט זיך געמערקט דיא גאסען, דיא מויערן, דיא פאלאסטען און דיא גאנצע הערליכקייט וואס בילדעט דיא פרעהליכסטע שטאדט אין דער וועלט.

ער האט פערגעסען אן זיין פערגאנגענהייט, אפילו אן זיין הונגער. פאר איהם האט נאר געלעבט דיא געגענווארט, פון וואנען ער האט געזעהען אויפבליהען דיא צוקונפט. ער האט געשפירט א געוואלטיגע טהעטיגע מאכט אויפשטייגענדיג אין זיינע גליעדער או. אין זיין גאנצער זעעלע.

מיט דעם טאן פון א הערשער, האט ער דאן אויסגעשריען:

„פאריז! דוא ביסט מיינעס! יעדער מוז ליעגען צו מיינע פיס, אדער דיא ענערגיע וואס געהט פאר אין מיר, איז משונעת, פערריקטהייט און וואהנזינן! איך האב בעשטיעגען דיא ערשטע טרעפ, און איך מוז ווייטער געהען, ביז איך וועל ער־רייכען דעם הויכען שפיץ."

## 2.

באראן ראנוויער איז געזעסען אין זיין שטודיר־צימער, האלטענדיג זיין האנד ביים שטערען. דאס צימער איז געוועזען אויסגעשטאטעט מיט אלט־מאדישע מעבעל בעדעקט מיט לעדער.

זיים צווייא טעג איז דער באראן געוועזען אויסער זיך פיר צארן און אויפרע־גונג, נאכדעם מאדמאזעל שין האט איהם דערצעהלט איבער דעם פאל מיט זיין טאכטער.

„מיין נאמע! מיין נאמע!" האט ער געקלאגט, „איז דאס מעגליך? איז דאס מעגליך?"

אומדיסט האט זיך מאדמאָאזעל שין בעמיהט צו שטורירען דיא געשיכטע אין א מילדען טאָן און בעוויזען, אַז, נאָך אַלעמען, איז פלאָוויע ניט אין גאַנצען שולדיג און אין אנדערע גרויסע הייזער, זיינען נאָך גרעסערע געמיינהייטען בעגאַנגען געוואָרען.

דער אלטער האט זיך ניט געקענט טרייסטען מיט דיא געמיינהייטען פון אנדערע, און דיא טהאטזאכע, אז זיין טאָכטער איז געפאלען, איז שוין געוועזען גאַנץ גענוג אום ניט צו וועלען וויסען פון אנדערע אורזאכען.

אונטערדעסען האט דער באראָן איינגעזעהען, אז ער מוז זיך טרייסטען דער־מיט, וואס זיין טאָכטער׳ס פערפיהרער איז ווענינסטענס בערייט ווידער אלעס גוט צו מאכען דורך א הייראַטה.

צור צייט וואס מיר ערבליקען איהם זיטצענדיג אין זיין שטודיר־צימער, האט ער ערוואַרטעט זיין טאָכטער׳ס פערפיהרער זאָל קומען מיט איהם צו האבען איין אונטעררעדונג. ווער ער איז און וואס ער איז, האט ער נאָך ניט גענוי געוואוסט, אָבער דאס איז איהם געווען בעקאַנט, אז דער פרעמדער קומט פון איהם אוועק צו נעהמען זיין טאָכטער, וועלכע ער האט געליעבט וויא זיין לעבען.

ער האט זיך העפטיג געריבען דעם שטערן אום וויא צו ערוואכען פון א שרידערהאפטען חלום. דאן האט ער אָנגעקלונגען. דער דיענער איז ער־שיענען.

„זשאָזעף!" האט ער צו איהם געזאגט, „דאָ וועט באלד ערשיינען א יונגער מאַן. וויא ער וועט נאָר קומען, זאָלסטו איהם אריין ווייזען אהער אין צימער. דוא הערסט? דאן, זאָלסטו וויסען, אז וועהרענד דער יונגער מאן וועט זיין מיט מיר צוזאמען, בין איך פאר קיינעם נימאָ. ווער עס וועט פרעגען אויף מיר, טוזטו ענטפערן, אז איך בין אוועק געגאנגען. יעטצט געה."

דער דיענער איז ארויס, און דעם אלטען׳ס אויגען זיינען נאס געוואָרען מיט טרערען.

און, יא, מאדמאָאזעל שין האט איהם דאָך עפּעס דערצעהלט איבער זיין מאָכטער׳ס פערפיהרער. עס האט איהם געקלונגען אין דיא אויערן דיא ווערטער: „דער זוהן פון א מויערער," „איין ארמער," און, „נאָך אַלעמען, א מענש מיט זעלטענע פעהינקייטען."

שוין ניט רעדענדיג פון קיין זייטען־זאכען, איז דאס זעלבט געוועזען דיא גרעסטע שאנדע פאר זיין פאמיליע.

מיט א מאַן פריהער, האט ער געשפּראָכען מיט זיין טאָכטער פלאַוויע דאַר ריעבער. ער האט איהר געמאכט פאָרווירפע, און זיא, אין איין אויסגרום פון צאָרן, האט זיא גענומען אויף זיך אליין דיא גאנצע שולד, און האט זאָגאר ניט צוגעלאָזען, ער זאָל אויסזידלען איהר גאָווערנאנטין.

זייט דיעזער שמערצהאפטער ערקלערונג, האט דער אלטער באַראָן שוין מעהר ניט געזעהען זיין טאָכטער; זיא איז געזעסען אָבגעשלאָסען אין איהר צימער. דיא וואהרהייט איז, דאס פאטער און טאָכטער, האבען איינער דעם צווייטען מעהר ניט געוואָלט בעגעגענען אום זיך צו ערשפּארען דיא שמערצען פון נאך אמאל פערוויקלען א געשפּרעך דאַריעבער.

זייט דיא לעטצטע עטליכע טעג, פון דער צייט וואס מאדמאָאזעל שין האט איהם צום ערשטען מאל אַלעס דערצעהלט, זיינען זיינע גרויע האאר געוואָרען ווייס וויא מילך.

ער האט שוין געמאכט דעם גאנצען פּלאַן וואס עס זאָל געשעהען. עס איז געווען פערפאלען, און ער האט זיך בעדאַרפט צופריעדען שטעלען, וואס עס איז ניט נאך ערגער.

וועהרענד דער אַלטער באַראָן איז געזעסען אין דער גרעסטער אונגעדולד, איז ערשיענען דער דיענער און אָנגעזיינט:

„טאָנסיע גאנטאס!“

דער באַראָן האט זיך אויפגעהויבען. ער האט בלויז אומגעווענדעט זיין קאָפּ, און זיינע אויגען זיינען געפאלען מיט א שאַרפען בליק אויף דעם יונגען מאַן וואס איז איהם ענטקעגען געגאנגען.

גאנטאס איז געווען קלוג גענוג, זיך ניט צו קויפען נייע קליידער, אָבוואָהל ער האט געהאט געלד. ער האט זיך בלויז איינגעשאפט א געטראָגענעם שווארצען אַנצוג, וועלכער איז נאך געווען גאנץ ריין, אָבער דאָך ניט נייא.

דאס האט איהם פאַרגעשטעלט פאר איין ארמען אָבער רייגליכען סטודענט, מיט דעם שטעלל פון א וואוילען־יונג.

גאנטאס איז צוגעגאנגען ביז צום מיטען צימער און איז געבליעבען שטעהען וואַרטענדיג, מיט איין אונטערטהעניגער מיענע אויף זיין געזיכט.

„אַזוי, אַזוי,“ האט דער אַלטער געזאגט ציטערענדיג פאר אויפרעגונג, „איהר זייט דאס דער חברה־מאַן? שעהן פון אייך, מיין העררּ, זעהר שעהן!“

ער האט ניט געקענט ווייטער רעדען פאר צאָרן. אָבער דער שטאָלצער באַראָן האט זיך אונטערדעסען בעמיהעט ניט אַרויס צו ווייזען זיין אויפרעגונג; ער

האט געוואָלט ערשיינען פאר זיין טאָכטער'ס פערפיהרער, אזוי גלייכגילטיג זיא נאָר מעגליך.

נאך איינינע אויגענבליקען שטילשווייגען, האט ער ווייטער געזאגט.

„מיין הערר, איך זאָג אייך, אז איהר האט געהאנדעלט זעהר ניט גוט. זעהר שלעכט!"

„אָבער..."

דער אלטער האט א מאך געגעבען מיט דער האנד און ניט געלאָזען נאנטאַס'ן זיך פערטהיידיגען. ער האט דאן פאָרטגעזעטצט אין א ציטערענדער שטימע:

„זעהר שלעכט געהאנדעלט... וואס טוינען אייך דיא רייד? איך וויל פון נאר ניט וויסען. איך בעט אייך, איהר זאָלט מיר קיין זאך ערקלערען. זאָגאר דאן, ווען מיין טאָכטער וואָלט זיך אויף אייך ארויפגעוואָרפען, ווען מיין טאָכטער וואָלט אייך דערצו געפיהרט, איז עס נאך אימער דאסזעלבע פערברעכען... סיין עהרענמאן וועט דאס ניט טהון. נאָר גנבים כאפען זיך אריין אין אנשטענדינע פאמיליען אום צו קענען דורכפיהרען אזא רויב!"

נאנטאַס האט ווידער אמאל איינגעבויגען זיין קאָפּ און געשוויגען.

„אָט דאס הייסט גרינג פערדיענט א פעטען גדן!" האט דער אלטער גע־ברומט, „יא, יא, אזוי שמעלט מען עס אויס א געטץ אום אריין צו כאפען פאטער און טאָכטער..."

„ערלויבט מיר, מיין הערר," האט שוין נאנטאַס געזאָגט איהם אונטערברע־כענדיג, נאכדעם וויא ער האט מעהר ניט געקענט ערטראגען דיא זידלערייא.

אָבער דער בארָאן האט ווידער געמאכט א העפטיגע בעוועגונג מיט זיינע הענד.

„וואס? איהר ווילט זיך פערטהיידיגען?" האט ער געשריען, „וואס זאָל איך אייך ערלויבען? וואס קען איך אייך ערלויבען צו זאָגען? איהר האט דאָ גאָר ניט וואס צו רעדען. איך זאג אייך נאָר וואס איך מוז אייך זאָגען, און איהר מוזט אַלעס אויסהערען און שווייגען, ווייל איהר זייט דער שולדיגער. יא, איהר זייט דער שולדיגער, ניט קיין אנדערער, ווייל איין עהרענמאן מוז אימער וויסען וויא זיך צו בעהערשען און וויא אנדערע צו רעגולירען. איהר האט מיך געשענדעט און ער־ניעדריגט. זעהט איהר דיעזעס הויז? זייט דיא לעטצטע דרייא הונדערט יאָהר האט אונזער פאמיליע געלעבט אָהן א פלעק. שפירט איהר ניט, אז אין דיעזען הויז גע־פינט זיך נאך אונזער אַלטע עהרע און רעספעקט? גוט, מיין הערר, איהר האט

דאס אלעס געמרעסט מים דיא פיס, אח איהר האט מיר געגעבען דעם גרעסטען פאטש אין פנים. וויא אזוי איך בין נים געשטארבען פאר שאנד, קען איך זעלבסט נים בעגרייפען, איך ציטער פון קאפ ביז פוס, און איך בין עלטער געווארען מים צעהן יאהר זיים דיא לעצטע פאאר טעג... איך בעט אייך, עס איז גענוג, איהר זאלט קיין ווארט רעדען, זאנדערן הערט מיך אוים."

נאנטאס איז געווארען בלאס.

ער האט זיך אפילו פריהער פארגעשטעלט, אז דא וועט זיין צו שפיעלען א שווערע ראלע, אבער ער האט קיין בעגריף געהאט אויף וויא וויים דער אלטער מאן וועט איהם ריהרען.

ער וואלט פיעללייכט שוין חרטה געהאט אויף דעם גאנצען מסחר; אבער עס איז געוועזען צו שפעט, און זיין אייזערנער כאראקטער האט איהם געהייסען ווייטער קעמפפען.

„איך האב אליין נים געוואוסט וואו איך בין אין דער וועלט," האט נאנטאס געזאגט צלם פערטהיידיגונג, „און מאדמאאזעל פלאוויע..."

בייא דיא ערמאינערונג פון זיין טאכטער'ס נאמען, איז דער באראן אויפגעשפרונגען וויא געביסען פון א שלאנג. ער האט אויסגעשריען מים א דאנערענדער שטימע:

„גענוג! גענוג! איך האב אייך געזאגט, אז איך וויל פון גאר נים וויסען! אויב מיין טאכטער האט אייך אויפגעזוכט, אדער איהר זיים געקומען צו איהר, בלייבט מיר גלייך און עס אינטערעסירט מיך נים. איך האב זיא נים געפרעגט און איך פרעג אייך אויך נים. האלט זיך ביידע מים אייערע סודות, איך וויל דער־פון נים וויסען. דיא בלאטע איז צו שמוטציג אום איך זאל אויך אהין ארייז שטעקען מיין פוס."

דער באראן האט זיך צוריק געזעטצט ציטערענדיג פאר אויפרעגונג.

נאנטאס האט געשוויגען און געבליקט מיטליידיג צו דעם בעליידיגטען פאטער.

עס איז ווידער פאראיבער איינינע מינוטען אין שטילשווייגען, ווען דער אלטער האט נאך אמאל געפאסט מוטה און מיט א האלב־הייזעריגע שטימע אבער אין א געשעפטמעסיגען טאן, האט ער פארטגעזעטצט:

„ענטשולדיגט מיר, מיין העררע, איך האב מיר פערשפראכען צו זיין רוהיג. דיא וואהרהייט איז, דאס נים איהר זייט אין מיין מאכט, זאנדערן איך בין אין אייער

מאכט. איהר זיים דא געקומען מיר צו מאכען א פארשלאג, צו וועלכעס איך בין גע־צוואונגען איינצושטימען. אט דאס איז דער וואהרער צושטאנד. אלעס אנדערע איז איבריג. אום צו ערשפארען אויפרעגונג, לאמיר שנעל פערטיג ווערען."

פון דיעזען מאמענט אן, האט דער באראן אנגעפאנגען צו רעדען וויא איין אדוואקאט, וועלכער האט אויף זיך גענומען דיא אויפגאבע אבצושליעסען עפעס א שענדליכע טהאט, וועלכע איז איהם אונאנגענעהם, נאר זיין געשעפט פאר־דערט עס.

ער האט אנגעפאנגען אין א טאן וואס האט אויסגעזעהען וויא פון א גאנץ פרעמדער פערזאן.

„מאדמאזעל פלאוויע דע דאנוויער," האט ער געזאגט, „האט געירשה'ענט נאך איהר מוטער'ס טוים, דיא סומע פון צוויא הונדערט טויזענד פראנקס, וועלכעס דארף איהר אויסגעצאהלט ווערען אין דעם טאג פון איהר האכציים. דיעזעס געלד האט נאך צוגעקריעגען, זיים דאמאלס, א היבשען פראצענט. וואס עס אנבעלאנגט דיעזער ירושה, ליעגען בייא מיר אלע געטהיגע פאפירען, און איך, אלס איהר אפיקון (בעשיטצער) בין בערייט אבצוגעבען דעם געהעריגען חשבון. איהר וועט אזוי גוט זיין און זיך דא איינקוקען מיט מיר אין דיא פאפירען."

ער האט געעפענט א פאקעט פאפירען און אנגעפאנגען פארצולעזען חשבונות מיט ציפערן.

נאנטאס האט פראבירט איהם צו אונטערברעכען, אבער עס האט ניט גע־האלפען.

„ניין, ניין, מיין העדר," האט דער באראן געזאגט. „עס נעהמט ניט אנדעריש; געשעפט איז געשעפט, און איך מוז ערלעדיגען מיין פליכט. איך וועל אייך בעטען איהר זאלט מיך אויסהערען אויפמערקזאם."

דער באראן האט אויסגעזעהען פאלקאמען בערוהיגט און נאנטאס האט אין איהם דערקענט א פאלקאמענעם עדעלמאן, וועלכער האט איהם בעהאנדעלט מיט דעם גרעסטען רעספעקט, כל־זמן ער האט מעהר ניט געשפראכען איבער זיין טאכטער.

„ענדליך האב איך אייך מיטצוטהיילען," האט דער אלטער געזאגט צום שלום, „דאס איך האב היינט געלאזען אויסארבייטען דיא געטהיגע פאפירען בייא איין אדוואקאט, וויא איהר וועט קריעגען, פון מיין זיים, דיא סומע פון צוויא הונדערט טויזענד פראנקס. איך וויים, אז איהר אכיין האט גאר נים. דיעזע צוויא

ואנדערט מויזענר פראנקס, וועלען אייך אויסגעצאָהלט ווערען דורך מיין באנקיער, מיט א טאָג נאָך דער חתונה.“

„אָבער, מיין הערר,“ האט גאַנטאָס געזאָגט פראָטעסטירענדיג, „איך פער־לאַנג פון אייך קיין געלד; איך וויל בלויז אייער טאָכטער...“

„איהר האט קיין רעכט זיך צו ענטזאָגען אָנצונעהמען דיעזעס געלד,“ האט איהם דער באראָן אונטערבראָכען, „דאַן דארף מיין טאָכטער ניט הייראטהען מיט קיין מאַן וואס האט ווענינער געלד אלס זיא זעלבסט... איבריגענס, דארף דאריבער מעהר קיין רייד ניט זיין; איך גיב אייך בלויז דעם נדן וואס איך האב שוין לאנג פיר איהר בעשטימט. ווען איהר זאָלט רעכנען, אז איהר קענט פון מיר ארויס קריגען מעהר, דאַן פערזיכער איך אייך, אז דאס איז אונמעגליך, און דיא בער־הויפטונגען פון לייטע, אז איך בין אונגעהייער רייך, זיינען ניט וואהר.“

דיא לעטצטע ווערטער, פול מיט ניפט און ערביטערונג, האבען אוועק געריבט פון גאַנטאָס'ן דיא שפראַכע. ער האט שוין ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

גאַנטאָס האט זיך אָבגעווענדעט אויף א זייט צו פערבאָרגען זיין אויפרעגונג. דער באראָן האט דערווייל אָנגעקלונגען און דער דיענער איז ערשיענען.

„זשאָזעף,“ האט ער געזאָגט, „טהייל מיט מאדמאַזעל פלאוויע, אז איך ווינש זיא זאָל גלייך אהער אריין קומען.“

ער האט זיך אויפגעהויבען, און אָהנע ווייטער צו רעדען א וואָרט, האט ער אָנגעפאַנגען צו שפאַצירען איבער דעם צימער הין און צוריק.

גאַנטאָס איז געשטאַנען אויף איין פלאַטץ, און זיך ניט געקענט בער־ווענען.

ער האט זיך געשפירט ערניעדריגט און געמיין, ווען ער האט געפיהלט אויף וויא וויים ער נארט דעם אלטען עהרענמאַן. אין זיין קאָפּ האבען געקרישט פער־שיעדענע געדאנקען.

וועהרענד דעם איז פלאוויע אריין געקומען

„מיין טאָכטער,“ האט דער באראָן געזאָגט זיך ווענדענדיג צו איהר, „דאָ איז דיעזער מאַן. דיא האָכצייט וועט שטאַטפינדען ווען דיא געזעטצליכע צייט וועט דיך ערלויבען.“

אָהנע ווייטער צו רעדען א וואָרט. האט ער זיך אומגעוועגדעט און פער־לאָזען דאס צימער, גלייך וויא פון זיין זייט, איז שוין אלעס געענדיגט.

נאנטאס און פלאוויע זיינען געבליעבען אליין.

ווען דיא טהיר האט זיך צוגעמאכט הינטער דעם באראָן, האט געהערשט אין צימער א טויטע שטילקייט.

נאנטאס האט ניט געוואגט אויפצוהויבען זיינע אויגען, נאר פלאוויע האט אויף איהם געקוקט, און ער האט געשפירט איהר בליק און ער האט זיך אויך אומ־געקוקט.

דיא האבען זיך צום ערשטען מאל בעגעגענט.

נאנטאס האט בעטראכט פלאוויע׳ן, און ער האט קיין מעות ניט געהאט, ווען ער האט זיא געדעכענט פאר א גרויסער שעהנהייט. איהר געזיכט וואס איז דאמאלס געווען בלאס, האט אויסגעזעהען וויא דער פיינסטער מארמאָר, און איהרע גרויסע בלויע אויגען, האבען ארויס געגלענצט פון אונטער צווייא שווארצע ברעמען.

עס איז קיין צווייפעל, אז זיא האט לעטצטענס זעהר פיעל געוויינט, און דאס האט ארויס גערופען דיא שטארקע בלאסקייט אויף איהר געזיכט.

אָבער וואס איז געלעגען אין איהר בליק?

יא, נאנטאס האט איהם פערשטאנען. אין איהר בליק איז געלעגען פיעל גלייכגילטיגקייט און ניט ווייניג פעראכטונג.

זיא האט איהם אָבגעמאָסטען מיט איהרע אויגען פון קאָפּ ביז פיס און אויף איהר געזיכט האט זיך קיין מיענע געוויעזען.

זיא האט צו ערשט געשפראָכען.

„אלזאָ, מיין הערר,“ האט זיא געזאגט קאלט און ענטשלאָסען, „דאס גע־שעפט איז אלזאָ געשלאָסען?“

„יא, מאדאם,“ האט ער געענטפערט אויך גלייכגילטיג.

זיא האט איהם נאך אמאל גוט בעטראכט, גראדע וויא זיא וואָלט וועלען אריין בליקען אין זיין טיעפער זעעלע אום אויסצוגעפינען זיין פערדאָרבענ־הייט.

„עס איז גוט,“ האט זיא דאן וויעדער געזאגט מיט א פעראכטענדען טאָן, „איך האב מורא געהאט, אז עס וועט זיך קיינער ניט געפינען צו האנדלען אזא מציאה.“

נאנטאס האט געשפירט אין דעם טאָן פון איהר שטימע, א גאנצע וועלט מיט פעראכטונג צו איהם.

ער האט פלוצלינג נעפאסט א בעשלוס, און זיך געטראכט, אז ער וועט מיט איהר גאנץ אנדערש האנדלען ווי מיט איהר פאטער. דער באראן איז געווען גאנץ אונשולדיג און ער האט זיך געשפירט אלס פערברעכער אין זיין געגענוואַרט; זיא ווידער, איז אָבער גראדע אזוי שולדיג געווען ווי ער אין דעם שווינדעל, און פאר איהר, האט ער געשעמט. דארף ער זיין פראנק און פרייא מיט זיין שפראכע.

„ענטשולדיגט מיר, מאדאם,“ האט ער געזאגט רוהיג און העפליך. „איך רעכען, אז איהר מאכט א גרויסען טעות דערמיט וואס איהר דענקט, אז איך שפיעל נאָר דאָ דיא ראָלע פון א פערברעכערישען פערטרעטער. מיין אבזיכט איז, דאס פון היינט אָן און ווייטער, זאָלען מיר שטעהען איינער צום אנדערען אויף א פוס פון גלייכהייט...“

„אָה! ווירקליך,“ האט איהם פלאוויע אונטערבראָכען, און אויף איהרע שעהנע ליפען האט זיך צום ערשטען מאָל בעוויזען א שמייכעלע, אָבער פול מיט פעראכטונג און שפאָט.

„יא, יא, מאדאם,“ האט ער געענטפערט, „אויף א פוס פון גלייכהייט... איהר זוכט א נאמען צו פערבאָרגען א פעהלער, וועלכען איך וויל ניט בעאור-טהיילען, און איך גיב אייך אלזאָ דיעזען נאמען. איך ווידער, פון מיין זייט, זוך א קאפיטאל מיט א צוטריט אין דער העכערער געזעלשאפט, אום דורכצופיהרען מיינע פלענער אין דער וועלט; איהר גיבט מיר דיעזעס קאפיטאל. מיר זיינען אלזאָ, פון היינט אָן און ווייטער, צוויא שותפים וואס האבען אריין געלייגט א גלייכעס קאַפיטאל. מיר דארפען זיך בלויז דאנקען איינער דעם צווייטען פאר דיא דיענסטען וואס מיר לייסטען זיך.“

זיא האט אויפגעהערט צו שמייכלען; אויף איהר שטערען האבען זיך בער ויעזען א פאאר קנייטשען פון בעליידיגטען שטאָלץ. זיא האט איהם ניט געוואָלט אונטערברעכען, און ווען ער איז פערטיג געוואָרען, האט זיא געמאכט א פויזע. דאַן האט זיא געפרעגט:

„מיין הערר! ווייסט איהר פון מיינע בעדינגונגען?“

„ניין, מאדאם,“ האט גאנטאָס געענטפערט, וועלכער האט זיך בעמיהעט צו בלייבען גאנץ רוהיג.

„ניין, איהר ווייסט ניט?“ האט זיא נאך אמאל געפרעגט.

„געוויס ווייס איך ניט.“

„דאַן גלויב איך, אַז איהר וועט פיעללייכט זיך אינטערעסירען דאס צו הערען.“

„געוויס וועט דאס מיך אינטערעסירען.“

„'נוט.“

„און איך וויל אויך הערען וואס איהר האט מיר מיטצוטהיילען, און איך פערזיכער אייך פאָראויס, אַז איהר האט שוין בייא מיר אַלעס געפּועלט.“

זיא האט איהם אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע אויגען און געזאגט אין א ריינער און דייטליכער שטימע, אָהנע צו צענערן און אָהנע רויט צו ווערען:

„איהר זאָלט וויסען, אַז מיר ביידע בלייבען נאָר מאַן און פרוי אין נאָמען פיר דער וועלט, ניט מעהר. אתזער לעבען אָבער, פיר אונז, בלייבט געשיעדען. איהר מוזט אויפגעבען אירגענד וועלכעס רעכט איבער מיר אַלס מאַן, און איך וועל דאסזעלבע טהון אַלס פרוי. פערשטעהט איהר מיך?“

בייא יעדער פראַזע וואס פלאָוויע האט געשפראָכען, האט אַלץ נאָנטאָס גער שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, יא, אַז ער שטימט איין. עס איז אויך געווען זיין וואונש.

דאַן האט ער אויך צונעלייגט:

„הערט מיך אויס, מאַדאַם: ווען איך זאָל אייך דארפען שמייכלען, וואָלט איך אייך בעדאַרפט יעטצט זאגען, אַז אייערע קאָנדיציאָנען ברענגען מיך צו דער גרעסטער פערצווייפלונג; אָבער, איך גלויב, אַז אונז אינטערעסירען מעהר ניט קיין קאָמפּלימענטען. מיך פרייט וואס איהר האט דעם מוטה צו בעגרייפען די צוקונפט און פערשטעהען אונזער לאַגע. מיר פאַנגען יעטצט אָן א לעבען, וואס פיהרט אונז אויף א וועג, וואו מיר ווילען ניט געפינען קיין בלומען צום אָב־פּליקען... איך פערלאַנג פון אייך בלויז איין זאַך, מאַדאַם...“

„איהר פערלאַנגט פון מיר?“ האט זיא געפּרעגט ערשטוינט.

„יא.“

„דאַן זאָל איך הערען.“

„איך וועל אייך בעטען, אַז איהר זאָלט זיך ניט צופיעל ערלויבען מיט דיעזער פרייהייט, כדי איך זאָל ניט דארפען האבען קיין אורזאַכע מיך אריין צו מישען.“

„מיין הערר!“ האט זיא אויסגעשריען וויטהענד. זיא האט דאס ניט געקענט ערטראַגען, ווייל ער האט דאַמיט בעריהרט איהר שטאָלץ.

ער האט אָבער אָנגעבויגען זיין קאָפּ, זיך פערנייגט, און זיא געבעטען זיא זאָל זיך ניט געפינען בעליידיגט.

„זעהט איהר, מאדאם," האט ער געזאגט, איהר מוזט מיר ענטשולדיגען דעם אויסדרוק. אונזערע פערהעלטניסע צו אנאנדער, זיינען זעהר צארטע, דאס איז וואהר, אָבער דאָך, אום זיך בעסער איינצופערשטעהען, מוזען מיר זיך ערלויבען איינער דעם צווייטען צו זאגען אלעס וואס מיר שפירען און קיין זאך בעהאלטען."

ווייטער האט ער דאריבער ניט געוואָלט רעדען. איבער איהר פערגאנגענהייט, האט ער ניט בעאבזיכטיגט זיך אויסצוטענה'ען. מאדמאָאזעל שין האט איהם שוין אלעס אָבגעשילדערט. זיא האט איהם געמליך דערצעהלט, דאס א געוויסער הערר דע פאָנדרעטט, דער מאן פון איהרער א שולע־פריינדין, איז געווען דער פערפיהרער. דאס האט פּאסירט מיט א מאָנאט איידער מאדמאָאזעל שין האט איהם געשטעלט דעם אנטראג. פלאָוויע האט דאן גענעכטיגט בייא איהר פריינדין אין א לאנד־הויז, און אין א נאכט, האט זיא זיך פּלוצלינג געזעהען אין דיא ארעם פון דע פאָנדרעטט, אָהנע גענוי צו בעגרייפען וויא דאס האט פּאסירט, און אָהנע זיא זאָל האבען דערצו איינגעשטימט. מאדמאָאזעל שין האט בעהויפּטעט, אין פלאָוויע'ס נאמען, אז דאס איז געווען גאנץ איינפאך א פערגוואלטיגונג.

גאנטאס האט זיך אן דעם אלעמען דערמאָהנט און ער האט אָנגעפאנגען צו ווערען פריינדליך. וויא יעדער מאן וואס קען און בעגרייפט זיין מאכט, אזוי האט ער אויך געוואָלט זיין גרויסמוטהיג.

„זעהט נאָר, מאדאם," האט ער געזאגט. „מיר קענען זיך איינער דעם אנדערן; אָבער, בייא מיין עהרענוואָרט. זאָג איך אייך, אז עס וואָלט זיין אונרעכט מיר זאָלען זיך האסען פון דעם ערשטען מאל בעגעגענען. פּיצלליכט, ווער ווייס, האט אונז נאר דאס שיקזאל צוזאמענגעפיהרט, אום מיר זאָלען זיך בעסער פערשטעהן... איך זעה גאנץ גוט, אז איהר האסט מיך; אָבער, מאדאם, גלויבט מיר, דאס איז נאָר דערפאר, ווייל איהר זייט ניט בעקאנט מיט מיין לעבענס־געשיכטע."

דאן האט ער אָנגעפאנגען אין א פיעבערהאפטען און ליידענשאפטליכען טאָן איהר אָבצושילדערן זיין גאנצע לעבענס־געשיכטע פון מארסייל, וויא אזוי דאס שיקזאל איז איהם אימער געשטאנען אין וועג און וויא אזוי ער האט אלץ געשטרעבט צו געהען פאָרווערטס. מיט דיא לעבהאפטעסטע פארבען האט ער פאר איהר אויף אָבגעמאלען דיא געשיכטע פון זיינע צווייא מאָנאט אין פּאריז.

דאַן האט ער איהר געצייגט זיין פּעראכטונג צו דער געזעלשאפטליכער עטיקעטע, וואו דיא מענשען וויקען זיך אין שמוטץ און אין בלאָטע, און זוכען אימער דאס אלעס צו פערדעקען מיט א מאסקע.

„און דאס פאָלק, דיא מאסע!“ האט ער אויסגעשריען, „דאס איז דאס אב־שייליכסטע געזינדעל אין דער וועלט! ווען קימערט דיא מיינונג פון דער וועלט מיט מענשען? ווען איהר קענט ארויף לייגען אייער פוס אויף זייערע העלזער און זייא צודריקען, דאן זייט איהר דער הערר און הערשער. אָט דאס איז דיא הויפּט־זאך: בעזיעגט זייא און אלע אייערע מהאמען זיינען שעהן. מאכט און קראפט איבער דעם צווייטען, ענטשולדיגט דיא גרעסטע געמיינהייט.“

דאן האט ער איהר פאָרגעשטעלט זיין צוקונפט וואס ער האט געמאלען אין זיין רייכער פאנטאזיע.

„און יעטצט,“ האט ער ווייטער געזאגט, „האב איך מעהר קיין מורא פאר קיין הינדערניס; קיין זאך זאָל מיר יעטצט שטעהען אין וועג וואס זאָל שטערען מיין קראפט און מאכט! איך וועל זיין שטארק, מעכטיג און גליקליך אין מיינע ער־אָבערונגען.“

זיא האט איהם אָנגעקוקט און געשוויגען.

„מאדאם,“ האט ער נאך אמאל געזאגט אביסעל ענטהוזיאסטיש, „ווען איך האב קיין אירטהום ניט, דאן וויים איך וואס עס געהט אין אייך פאָר יעצט. אָבער איך פערזיכער אייך, אויף דעם וואָרט פון איין עהרענמאן, וויא איהר וועט שפּעטער אויסגעפינען, אז איך בין ניט אזוי ניעדריג און ניט אזוי געמיין, מיך גלאט צו פער־קויפען פיר אייער געלד. עס איז וואהר, איך קען אָהן אייער געלד ניט לעבען, אָבער גלויבט מיר, אז איך נעהם נאָר אָן דיעזעס געלד אלס א מיטעל צו מיין ציעל. איך וויל שטיינען העבער וויא איך בין, און דאס געלד וועט נאָר זיין אין מיינע הענד וויא בייא אירגענד איין אנדערן פעהיגען ספעקולאנט. אך! ווען איהר זאָלט וויסען וואס אין מיר קאָכט און וויטהעט! ווען איהר זאָלט וויסען וויפיעלע שלאָפלאָזע נעכט איך האב פערבראכט דענקענדיג אימער איבער דערזעלבער אויפגאבע אין מיין לעבען — און, צו מיין בעדויערן, האבען זיך דיעזע געדאנקען ביז יעטצט, אימער אויסגעלאָזען אלס א פוסטער חלום אויף'ן צווייטען טאָג. יא, יא, מאדאם, ווען איהר זאָלט דאס אלעס וויסען, וואָלט איהר פיעללייכט שטאָלץ געוועזען דארויף זיך צו קענען אָנשפּארען אָן מיר. איך, פון מיין זייט ווידער, בין אייך בלויז דאנקבאר פון מיין טיעפסטען הערצען פיר דיא מיטלען, וואס איהר האָט מיר געשאפט אום מיין ברענענדען וואונש צו ערפילען.“

זיא איז געשטאנען גראד און צוגעהערט יעדעס וואָרט וואס ער האט געזאגט; קיין מוסקעל אויף איהר געזיכט האט זיך בעוואוינגן.

נאכדעם ווידער האט זיך אימער געשטעלט דיזועלבע פראגע וואס האט איהם בעשעפטיגט זייט דיא לעטצטע דרייא טעג — געטליך, אויב זיא האט איהם געזעהען פון פענסטער און גלאט צוגעצויגען געוואָרען צו איהם, און דאן אליין גע־שיקט מאדמאָאזעל שין איהם צו שטעלען דעם אנטראג.

עס איז איהם איינגעפאלען, אז זיא האט איהם ערבליקט און ער האט אויף איהר געמאכט אויף אזוי וויט איין איינדרוק, אז זיא האט זיך איינגפאך אין איהם פערליעבט. דאן האט ער גערעכענט, דאס זיא וואָלט זיך פיעללייכט אין איהם פערליעבט, ווען ער וואָלט צוריק געוויעזען מיט בעליידיגונג דעם אנטראג וואס מען האט איהם געשטעלט.

ער האט געבליקט אין איהר געהיימניספאָלעס געזיכט און פראָבירט אריין צו קוקען אין איהר זעעלע, אום אויסצוגעפינען וואס דאָרט געהט פאָר. אָבער ער האט קיין זאך געזעהען און קיין זאך ענטדעקט.

ער האט אויפגעהערט צו שפרעכען און זיא איז נאך אימער געשטאנען אונ־בעוועגליך, גלייך וויא זיא וואָלט געווען א סטאטוע.

ער האט געשוויעגען.

פלאָוועג, בעטערקענדיג, אז ער איז שוין צו ענדע, האט זיא אויפגעהויבען איהרע אויגען צו איהם, און גלייך וויא זיא האט איהם קיין זאך מיטגעטהיילט, האט זיא געזאגט:

„אלזאָ, מיין העררע, איך וועל אייך בעטען איהר זאָלט ניט פערגעסען: איהר בלייבט בלויז מיין מאן פיר דער וועלט און מיט דעם נאמען. אונזער לעבען, אין דער ווירקליכקייט, איז געטהיילט, איך בין פרייא צו טהון וואס איך וויל און איהר וואס איהר ווילט. קיין פראָטעסטע, קיינע אנוועגדונגען און קיינע פאָרשלעגע. זייט איהר איינפערשטאנען?"

דער טאָן פון איהר שפראכע, האט באלד פערטריעבען זיין העפליכקייט. ער האט געזעהן, אז ער האט צו טהון מיט א מערקווירדיגע בריאה, וועלכע פעראכטעט איהם אין דערזועלבער צייט. ער איז געוואָרען אביסעל אויפגערעגט און ער־ביטערט.

„גוט, גוט," האט ער געענטפערט, „איך בין איינפערשטאנען. אייער וואונש זאָל ערפיללט ווערען."

זיא האט זיך דאן אביסעל אבגעווענדעט פון איהם, אום אנצוציינען, אז זייער געשפרעך איז צו ענדע און זיין נעגענווארט איז ניט מעהר ערפארדערט.

ער האט פערשטאנען.

נאנטאס איז ארוים פון צימער זעהר אונצופריעדען מיט זיך זעלבסט.

„און איך האב איינגעשטימט?" האט ער דאן געמורמעלט צו זיך אליין. „נו, נעווים, וואס דען האב איך געקענט מהון? ניין, עס איז ניט מיין שולד; זיא האט זיך גאר ניט בעקימערט אום צלעמען וואס איך האב איהר דערצעהלט; זיא איז אזוי הארט וויא קאלטער מארמאר. יא, זיא איז וואונדער שעהן — אבער וואס קימערט מיך איהר שעהנהייט? יעטצט איז ניט דיא צייט צו דענקען וועגען שעהנע פרויענצימער. איבערינענס, פיעללייכט איז עס גאר בעסער אזוי, ווייל זיא וואלט מיר זאנסט נעקענט שטעהן אין וועג און שטערען מיינע פלענער. נוט, נוט, אזוי בלייבט עס: זיא איז פיר זיך און איך פיר מיר, קיינער פון אונז ביידע זאל דעם אנדערן שטערען."

**2.**

צעהן יאהר זיינען פאראיבער.

אין א פריה־מארגען איז נאנטאס געזעסען אין דעמזעלבען שטודיר־צימער, וואו באראן דאנוויער האט איהם אזוי אונהעפליך עמפפאנגען מיט 10 יאהר צוריק בייא זייער ערשטער צוזאמענקונפט.

יעטצט, איז דיעזעס שטודיר־צימער, נעווען זיין אייגענטהום. דער באראן האט זיך שוין איבערגעבעטען מיט זיין טאכטער און מיט זיין איידעם, זייט א היבשע צייט. דער באראן האט זייא אוועק געגעבען דעם האטעל מיט דער גאנצער וואהנונג, און פיר זיך אליין איבערגעלאזען א קליין הייזעל בייא דעם אנדערן עק גארטען נעבען דער באן שטראסע.

צעהן יאהר! פיר נאנטאס'ן איז דאס נעווען איין אונגעהייערע לאנגע צייט מיט איין אונ־אונטערבראכענעם קאמפף. ער האט נעזיענט, נראדע וויא ער האט עס נעהאט פערצייכענט אין דעם פראגראם פון זיין פאנטאזיע. ער האט ערָאבערט דיא פינאנציעלע וועלט, און מיליאנען זיינען געלעגען צו זיינע פיס.

ער האט עררייכט דעם העכסטען פינאנציעלען און אינדוסטריעלען ציעל.

נאנטאס איז נעווען בעטהייליגט אין אלע גרויסע אייזענבאהן־אונטערנעהמונגען און איז נעווען דער ערשטער אין דיא גרונד־אייגענטהום ספעקולאציאנען. ער

האט געשפּיעלט דיא ראָלע אלס קעניג פון אונטערנעהמער אין דיא ערשטע יאָהרען פון דער ״וויעדער־אויפבויאונג״ פון פראנקרייך׳ס קייזערטהום, און זיין בליק אָדער זיין גליק, איז געווען אזוי שארף, אז ער האט איבעראל געטראָפען מיט זיינע ספעקולאציאָנען, און ערשפּארט איין אונגעהייערעס פערמעגען.

אָבער זיין ציעל און שטרעבונג איז נאך אימער ניט געווען ערריי כט. נאנטאס האט זיך דערמיט אליין ניט צופריעדען געשטעלט און ער האט אָנגעפאנגען זיך צו בעטהייליגען אין פּאָליטיק. עס איז איהם אויך געלונגען ערוועהלט צו ווערען אלס דער פּוטירטער פון דעם דעפּארטעמענט, וואו ער האט געהאט עטליכע גיטער.

זאָ שנעל וויא ער איז געוואָרען איינער פון דער געזעטץ־מאכענדער קערפּער־שאפט, האט ער בעשלאָסען צו שטרעבען ווייטער ביז ער זאָל ווערען פינאנץ־מיניסטער.

נאנטאס האט בעזעסען א געוואלטיגען כח־הדיבור, און זיינע רעדען זיינען בעריהמט געוואָרען. דאן איז ער אויך געווען א טיכטיגער פינאנציער אין יעדער בע־ציהונג, און איז געווען בעקאנט מיט אלע פינאנץ־פראגען אין דער וועלט. דיעזע צוויא מעלות, פון רעדנער און פינאנציער, האבען איהם באלד פערשאפט א גרויסען נאמען און זיין בעריהמטהייט האט געשטיגען.

וואס עס אנבעלאנגט דער רעגיערונג אלס קייזערטהום, האט ער זיך געוויעזען זעהר איבערגעבען און טריא. וואס עס געהערט וויעדער פינאנץ, האט ער געהאט מערקווירדיגע אנזיכטען און טהעאָריען, וועלכע ער האט בעקאנט געמאכט אין א רייהע פּאָרטרעגע. דיעזע טהעאָריען האבען געמאכט א רעש אין דער גאנצער וועלט, און, לויט וויא ער האט ערפאהרען, האבען זייא אויך שטארק פעראינטערעסירט קייזער נאפּאָלעאָן.

אין דיעזען מאָרגען, ווען אונזער נייע שילדערונג פאנגט אָן, איז נאנטאס געווען זעהר שטארק בעשעפטיגט. א גרויסע טהעטיגקייט האט געהערשט אין דער גאנצער געגענד, וואו צעהנדליגער סעקרעטערע זיינען געזעסען און געארבייט. עס איז געווען איין ארט מאשין, פון וועלכער נאנטאס איז געווען דער ערפינדער, און ער אליין האט געוואוסט וויא צו שטעלען דיא מאשין אין בעוועגונג. אָבער אָהן איהם האט דיא מאשין ניט געקענט געהען.

עס זיינען אויך געווען מאסען אנדערע אנגעשטעלטע; מאנכע האבען גע־בראכט בעריכטע, אנדערע האבען אוועק געשיקט בעריכטע; א טהייל האבען גע־דיענט אלס שפּיאָנען און אייניגע האבען מיטגעטהיילט איבער פּאָרטשריט אָדער

פאלל אין פינאנץ. דיא טהירען זיינען געשטאנען אין איין אימער־וועהרענדער בעוועגונג.

עס איז אויך געוועזן א בעשטענדיגער קלאנג פון געלד אויף דיא טישען, און פערשיעדענע ווערטה־פאפירען זיינען אריין און ארויס.

אין דיא ווארטע־צימערן, זיינען געשטאנען גאנצע מחנות מענשען: מעקלערס, געשעפטס־לייט, פינאנץ־מענער, אדוואקאטען, פאליטיקער, מיט איינעם ווארט, גאנץ פאריז איז געלעגען צו דיא פיס פון דעם אלמעכטיגען געלד־קעניג נאנטאס, און ער האט נאר בעדארפט וועלען ארויף ליינען אויף זייער האלז זיין פוס, און קיינער וואלט איהם דאריעבער קיין דעה ניט געזאגט. פארלויפיג האט ער עס נאך ניט געטהאן, ווייל דיעזע פאליטיק האט ער בענעטהיגט ערשט אויף שפעטער.

וועהרענד דיעזע גרויסע מאסע מענשען האבען געווארט צו האבען דיא זכיה און זיך זעהען מיט דעם פינאנץ־קעניג, איז נאנטאס געזעסען אין זיין הויפט אפיס און געלעזען דיא קארעספאנדענציעס פון דיא פראווינצען און אויסלענדישע מעכטע.

נאנטאס האט געשמייכעלט צו זיך זעלבסט.

„ווען איך זאל וועלען," האט ער זיך געטראכט, „קען איך אויסשטרעקען מיינעביידע הענד און ארום נעהמען דיא גאנצע וועלט. איך קען עס, ווייל איך האב געלד, און ווייל איך האב געלד, האב איך מאכט. ענדליך, ענדליך איז מיין אמאליגער חלום פערווירקליכט געווארען! קראפט און מאכט שטעהען צו מיין בעפעהל; איך בין דער איינציגער מאשיניסט וואס קען זעטצען אין בעוועגונג קעניגרייכען און קייזערטהימער."

פלוצלינג האט זיך בעוויעזען אויף זיין געזיכט א פינסטערער בליק און פון זיין ברוסט האט זיך ארויס געריסען א זיפץ. זיין גאנצער קערפער האט אויפ־געציטערט.

אויסשטרעקענדיג זיין האנד, האט ער אנגעקלונגען און דער טהיר־וועכטער איז ערשיענען.

„זשערמען," האט ער געזאגט אונגעדולדיג, „ווייסטו ניט אויב דיא מאדאם איז אהיים געקומען?"

„ניין, מיין העדר," איז געוועזן דער ענטפער.

נאנטאס האט נאך אמאל געזיפצט.

„קום אהער זשערמען," האט ער וויעדער געזאגט, „געה און רוף אהער דיא מאדאם'ס קאמער־מעדכען."

אָבער זשערמען איז נים געגאַנגען.

„ענטשולדינט מיר, מיין הערר," האט ער געמורמעלט, „דער פּרעזידענט פון דער רעפּוטירטען קאַמער איז דאָ און וויל אייך אונבעדינגט זעהען."

גאַנטאַס האט אויסגעזעהען צו זיין שטאַרק געשטערט דאַריבער.

ער האט עפּעס געמורמעלט צו זיך אַליין, און דאַן האט ער געענטפערט הויך

„גוט אַלזאָ, לאָז איהם אריין אהער, אָבער דוּ, זשערמען, געה באַלד און טהו וואס איך האב דיר געהייסען."

מיט א טאָג פריהער, האט גאַנטאַס אָבגעהאַלטען זעהר א וויכטיגע רעדע איבער איינער פון דיא אינטערעסאַנטעסטע טאַגעס־פראַגען. ער האט געמליך בע־האַנדעלט דיא בורזשעט־פּראַגע פון לאַנד און געצייגט א גאַנץ נייעם פּלאַן פיר דער פיהרונג פון פראַנקרייך'ס פיהנאַנצען. דיא רעדע איז אָבגעדרוקט געוואָרען און איבערגעגעבען געוואָרען צום פינאַנץ־קאָמיטעט פון דער קאַמער, דאַמיט מען זאָל ענדערן איינינע פונקטען אין דיא פּאַסירטע פינאַנץ־געזעטצע.

ניט נאָר אין פראַנקרייך האט דאַריבער זעהר געקלונגען, זאָנדערן אין אויס־לאַנד האט דאס אויך געמאַכט א גרויסען רעש, און דער פראַנצויזישער פינאַנץ־מיניסטער האט זיך געזעהען געצוואונגען צו רעזיגנירען פון זיין אַמט, ווייל יעדער האט געשריען, אַז ער איז אייך אונפעהיגער מענש.

יעדער האט געשפּראָכען דאַריבער, אַז דער יונגער דעפּוטירטער, גאַנטאַס, שטעהט שוין אויף דער ליסטע אַלס דער נעכסטער פינאַנץ־מיניסטער.

אָבער קיין זאַך איז נאָך געוועזען בעשטימט. גאַנטאַס האט אויפגעצויגען מיט זיינע אַקסלען און זיך געטראַכט, אַז ער האט געדולד צו וואַרטען. ער האט שוין אפילו געהאט איין אונטעררעדונג מיט דעם קייזער, אָבער קיין זאַך איז נאָך געוועזען בעשטימט. מאַנכע וויכטיגע פונקטען האבען נאָך געמוזט בעשפּראָכען ווערען.

אונטערדעסען האט גאַנטאַס איינגעזעהען, אַז דער בעזוך פון דעם פּרעזידענט פון דער דעפּוטירטען קאַמער, האט א גרויסע בעדייטונג פיר איהם.

אום צו וויסען וואס ער האט צו טהון, האט ער אָנגעפאַנגען פון זיך צו פערטרייבען דיא זאָרג וואס האט דאַמאַלס בעשעפטיגט זיין געהירן און פערדונקעלט זיין שטערן.

וועהרענד דעם האט ער געהערט א לייכטען קלאַפּ אין דער טהיר.

„אַנטרעע!" האט ער געזאָגט.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און דער פּרעזידענט איז ערשיענען.

נאנטאס האט זיך שנעל אויפגעהויבען און איז ענטקעגען געגאנגען זיין בעזוכער, וועלכען ער האט געררייכט דיא האנד.

„אך, מאָנסיע !“ האט ער אויסגעשריען מיט א פריינדליכער שטימע. „איך בעט אייך אום ענטשולדיגונג. ווירקליך, איך האב גאר קיין אהנונג געהאט ווער עס ווארט אויף מיר. גלויבט מיר, דאס איך בין זעהר געריהרט וויסענדיג פון דער עהרע וואס איהר טהיילט מיר צו מיט אייער בעזוך.“

זייא האבען אנפאנגס גערעדט פון פערשיעדענעס, און נאנטאס האט אויס־געזעהען צו וויסען פון אלעמען. דאן האט דער פרעזידענט, אהנע זיך צו פער־ראטהען, אנגעפאנגען א געשפרעך איבער דעם פינאנץ־צושטאנד פון לאנד, און איהם געגעבען אָנצוהערען, אז דער קייזער זעלבסט האט איהם געשיקט אויסצר־געפינען וויא עס שטעהט מיט נאנטאס'ן אין דער בעציהונג צום פינאנץ־מיניסטעריום; ערשטענס, אויב ער איז בערייט צו אקצעפטירען דעם פאָסטען, און צווייטענס, וואס פאר א פראָגראם ער האט פיר אזא וויכטיגעס אמט.

נאנטאס איז געווען ערפרייט און איבערראשט. אָבער, אָבוואָהל זיין הארץ האט אין איהם געטאָנצט פאר שמחה און טריומף, האט איהם זיין געזיכט ניט פערראטהען; ער איז געבליעבען אזוי גלייכגילטיג, גראדע וויא מען וואָלט מיט איהם געשפראָכען איבער א קליינער און אונבעדייטענדער אנגלייהע.

„ענדליך, ענדליך !“ האט ער זיך געטראכט, „נאך איין שריט ווייטער, פאר־ווערטס, און אלע קעפ וועלען ליעגען צו מיינע פיס. מיין פאנטאזיע איז ענדליך פערווירקליכט געוואָרען. ניין, איך האב ניט געחלום'ט, אומזיסט.“

אלס דער פרעזידענט האט צו לעטצט ערקלערט, אז ער וועט זאָפאָרט אוועק געהען צום קייזער און מיט איהם זיך בעשפרעכען איבער דעם פראָגראם, האט זיך נעעפענט א קליינע טהיר דורך וועלכע טאראם נאנטאס'עס קאמער־מעדכען איז ערשיענען.

נאנטאס איז פלוצלינג שטארק בלאס געוואָרען און שוין ניט געקענט ענדיגען דיא אָנגעפאנגענע פראזע.

ער איז שנעל צוגעלאָפען צו דער דאמע, און, האלב שטאמלענדיג, האט ער געזאגט צום פרעזידענט :

„ענטשולדיגט מיר, מאָנסיע...“

ער האט דאן געפיהרט פאָלגענדעס געשפרעך מיט דעם קאמער־מעדכען :

„איז מאדאם צו הויזע?“

„ניין.“

„איז זיא אויסגעגאנגען היינט זעהר פריה?“

„יא.“

„ווען קוממט זיא אהיים?“

„דאס ווייס איך נים.“

אויף נאך אנדערע פראגען, האט דאס מעדכען האלב יא געענטפערט און האלב נים. זיא איז געווען א קלוגע און ערפאהרענע, און האט גאנץ גוט געוואוסט, אז זיא דארף זיך ווייניג מישען אין אזעלכע זאכען.

נאנטאס האט אונמערדעסען איינגעזעהען, אז ער איז איבערהויפט צו דום צו שטעלען אזעלכע פראגען, און ער האט צום שלוס געזאגט:

„זאָג שנעל וויא דיא מאדאם וועט אהיים קומען, זאָלט איהר געהען צו איהר און איהר מיטטהיילען, אז איך מוז מיט איהר שפרעכען עטוואס זעהר נעטהיגעס.“

דער פרעזידענט פון דער דעפוטירטען־קאמער האט זיך דערווייל צוריק גע־צויגען צום פענסטער, און איז געווען שטארק ערשטוינט פון נאנטאס'עס בע־האנדלונג צו איהם. ער איז געשטאנען ביים פענסטער און ארויס געקוקט אין הויף.

נאנטאס האט זיך דערווייל דערמאָהנט אן זיין וויכטיגען בעזוכער און האט צוריק געקעהרט. ער האט זיך אפילו שטארק ענטשולדיגט, אָבער זיין קאלט־בלוטיגקייט איז שוין געווען פערשוואונדען. ער האט געשטאמעלט און נאך מעהר איבעראַשט דעם פרעזידענט מיט איינינע דומע פראגען וואס ער האט איהם געשטעלט.

דער פרעזידענט האט פערשטאנען, אז עס איז בעסער ער זאָל לאָזען נאנטאס'ן אליין, און אָהנע ווייטערע צערעמאָניע, האט ער איהם געררייכט דיא האנד און איז אוועק.

ווען דיא טהיר האט זיך צוגעמאכט הינטער איהם, איז נאנטאס געבליעבען שטעהן און געקוקט וויא א דומער קערל.

„איך בין א גרויסער אידיאָט!“ האט ער אויסגעשריען הויך צו זיך אליין. איך האב מיך שוין אזוי בענאריישט, אז דיעזעס וויכטיגע אַמט וועט זיך מיר יעצט אַרויס גלימשען פון מיינע פינגער.“

ער איז געווען זעהר בעאונרוהיגט און ער האט שפאצירט אויפגערעגט איבער דעם צימער הין און צוריק.

מאנכע בעזוכער זיינען ערשיענען.

איין אינזשעניער האט פאר איהם פארגעלייגט א בעריכט איבער א גרויסער מיענען־אונטערנעהמונג, וואו עס איז געווען צו פערדיענען זעהר פיעל געלד. א דיפלאמאט האט איהם מיטגעטהיילט איבער איין אנלייהע וואס א בעקאנטער מאכט וויל מאכען אין פאריז. ספעציעלע אנגעשטעלטע האבען איהם אריין געבראכט וויכטיגע חשבונות און בעריכטע.

אבער נאפאלעאן איז געווען אזוי פערטראכט, אז ער האט קוים געהערט וואס מען דערצעהלט איהם.

ענדליך איז ערשיענען א דעפוטאציאן פון זיינע קאלעגען אין דער דעפוטירטען־קאמער. זייא האבען איהם אלע געלויבט, געריהמט און געשטייכעלט פיר זיין בעריהמטער רעדע אין דער קאמער.

זייא האבען איהם אפען און פרייא געזאגט, אז אין דער קראפט פון זיין פעדער ליעגט יעטצט, דורך איין טעלעגראמע, ענטוועדער אויפצולעבען דעם האנדעל אין גאנץ אייראפא, אדער פערארזאכען דיא גרעסטע קריזיס אין פינאנץ. אין זיין מאכט איז עס געלעגען ארויס צו רופען א קריעג אדער צוריק האלטען א קריעג, ווען ער זאל נאר אונטערשרייבען איין פארטייא מיט איין אנלייהע. ער האט זאגאר גע־האלטען דעם גאנצען בורזשעט פון פראנקרייך אין זיינע הענד, און עס שפיעלט א גרויסע ראלע צו וויסען אויב ער איז פיר דער רעגיערונג אדער געגען דער רע־גיערונג.

עס איז געווען דער גרעסטער זיעג און ערהאבערונג! זיין אייגענע פערזענליכ־קייט, האט דא געשפיעלט דיא גרעסטע ראלע, און ער איז שוין געשטאנען מיט איין פוס אויף דער שוועל וואס פיהרט איהם צו זיין העכסטען ציעל.

נאפאלעאן האט זיך איבערצייגט, אז ער דארף קיינעם ניט בעטען און קיינעם ניט שמייכלען אום צו ווערען פינאנץ־מיניסטער, זאנדערן, עס ליעגט אין זיין אייגענער קראפט דאס צו אקצעפטירען אדער ענטזאגען.

אבער, טראטץ דעם אלעמען, אנשטאט צו שפירען זיין ברוסט זיך פרייען און טריומפירען, וויא ער האט זיך פארגעשטעלט, אז עס מוז זיין, איז עס נאר געווען טרויעריג און ניעדערגעשלאגען.

ער האט זיך געשפירט מיעד, פערמאטערט, מיט זיינע געדאנקען וואנדערענדיג

נאר אין אנדערע געגענדען, און ער האט געציטערט בייא דעם לייכטעסטען גערויש.

ווען א פיעבערהאפטען רויטע פארב האט אויפגעפלאמט זיין געזיכט בייא דעם [illegible] פון זיעג און ערָאבערונג, האט ער זיך באלד געשפירט בלאס ווערענדיג, גראדע וויא איין איידקאלטען האנד וואָלט איהם בעריהרט איבער זיין נאקעטעס לייב און פון איהם ארויס געטריעבען דיא זארעטקייט פון לעבען.

ער האט ענטלאָסען דיא רעפוטאציאָן זעהר אונהעפליך, און בלויז צו איינעם האט ער געזאגט:

„איהר זאָלט מיר ענטשולדיגען, איך פיהל היינט נים גוט.“

צווייא שטונדען זייגען שוין פאָראיבער, זיין פלאָווע, איז נאך נים ער־קיענען.

נאכדאס איז געווען אין א פיעבערהאפטער אויפרעגונג און וויעדער געשפא־צירט הין און צוריק איבער דעם צימער.

פלוצלינג איז ער געבליעבען שטעהען און נאכגעדענקט. דאן איז ער צוגע־גאנגען צום טיש און אָנגעקלונגען.

דער דיענער איז ערשיענען.

„זשערמען...“ האט ער געזאגט און איז געבליעבען שטעהען ווייטער רענקענדיג.

דער דיענער האט געשוויעגען.

„צום טייפעל!“ האט ער געמורמעלט צו זיך אליין, „אזוי מוז עס זיין.“

דער דיענער האט זיך אומגעקוקט און געפרעגט:

„ענטשולדיגט מאָנסיע, מיך האט איהר גערופען?“

„ווענען דען, אידיאָט!“ האט ער אויסגעשריען.

„אזא, בין איך דאָ,“ האט זשערמען געזאגט לאכענדיג צו זיך אליין.

„נו, גוט. הער אויס זשערמען. געה ארונטער צו מאָנסיע דאגוועיר, צום באראָן...“

„אלזאָ?“

„יא, און זעה אויב ער איז דאָ אין דער היים?“

„און דאן?“

„דאן, דומקאָפ! שיק איהם אהער ארויף, דוא פערשטעהסט? זאג איהם, אז איך דארף איהם האבען.“

דער דיענער האט זיך אָבגעווענדעט און געמורמעלט:

„משוגע! פערריקט אויף טוים!"

ווען נאנטאס איז נאך אמאל געבליעבען אליין, האט ער שוין אננעזאגט, אז דיא מענער זאָלען קיינעם ניט צולאָזען.

„זאגט זייא," האט ער בעפוילען, „אז איך בין נישטאָ אין דער היים. איך וויל היינט מעהר קיין בעזוך."

זיין אויפרעגונג האט געשטיגען.

„קיין צווייפעל," האט ער געמורמעלט צו זיך זעלבסט. „זיא איז געוויס אוועק זיך צו בעגעגענען מיט א געליעבטען. עס איז קיין צווייפעל, אזוי איז עס!" בייא גאָט! זיא האט זיך געמוזט ווידער בעקאנט מאכען מיט איהר אלטען פערפיהרער דע פאָנדעסט, וועלכער איז געבליעבען איין אלמן זייט דיא לעטצטע זעקס מאָנאט."

„געוויס, געוויס," האט נאנטאס געמורמעלט צו זיך אליין, „איך בין ניט אייפערזיכטיג! לעבערליך, דומהייטען, וויא קום איך צו זיין אייפערזיכטיג?"

צעהן יאָהר דורכאנאנד האט ער פינקטליך געהאלטען וואָרט, און וויא ער האט פערשפראָכען פלאוויע'ן, אזוי האט ער מקיים געוועזן.

„אָבער," האט ער ווייטער געזאגט, „איך קען עס ניט ערלויבען פון מיר חוזק צו מאכען. ניין, ניין, דאס וועל איך ניט ערלויבען."

א קלייניגקייט! דער ערשטער מאן אין פינאנץ, 99 פראָצענט פינאנץ־מיניסטער, א ליעבלינג אונטער אלע געזעלשאפטען, א געזוכטע פערזאָן פון דעם קייזער, א געאכטעטער קויפמאן, א מעכטיגער בירגער און זאָ ווייטער — נאטירליך, אזא מענש קען זיך ניט ערלויבען זיין פרוי זאָל שפּיעלען ליעבעס מיט אנדערע הינטער זיינע פּלייצעס, און דאן זאָל דיא וועלט ערפאהרען דערפון און ער זאָל זיין צו שפּאָט און צו שאנדע.

„אָבער אייפערזיכטיג," האט ער ווייטער געברומט, „דאס בין איך! וויא קען איך זיין אייפערזיכטיג? זיא איז דאָך נאָר מיין פרוי אין נאמען, אָבער ניט אין דער ווירקליכקייט? איך האב דאָך נאך אפילו ניט געזעהען וויא איהר שלאָף־צימער זעהט אויס, שוין ניט רעדענדיג דערפון, וואס זיא האט זיך נאך ניט ערלויבט מיר צו ציינען איהר לייב. געוויס, געוויס, איך בין ניט אייפערזיכטיג, נאָר..."

מעהר האט ער ניט געקענט דענקען; זיין קראַמפּט האט איהם פער־לאָזען.

„אָבער ער האט אויף אזוי פיעל בעגריפען, אז אין איהם איז ענטשטאנדען א

געפיהל וואס ער האט געוואָלט זיין א מאן, וועלכער זאָל וועניגסטענס רעספעקטירט ווערען פון זיין פרוי, ווען נים געליעבט.

„אָך!“ האט ער געזיפצט, „אלעס האב איך בעדיענט, אלעס האב איך ערארבערט, און נאָר דיעזע פרוי שטעהט מיר וויא א ביין אין האלז! זיא איז נאָך אימער אזוי שטאָלץ, אזוי קאַלט און אזוי גלייכגילטיג, וויא אין יענעם טאָג, מיט 10 יאָהר צוריק, ווען זיא האט מיט מיר אויסגענומען, איך זאָל איהר געבען מיין נאמען און דאפיר גיבט זיא מיר געלד. אבער, האב איך איהר דען נים געזאגט, אז איך האב אויך איין בעדינגונג? איך האב איהר דאָך אויסדריקליך ערקלערט, אז איך וויל זיא זאָל זיך אויפפיהרען אנשטענדיג פאר דער וועלט, כדי זיא זאָל פון מיר קיין חוזק נים מאכען. יעטצט פערלאנג איך בלויז, אז...

נאנטאס האט אנגעפאנגען איבערצודענקען וואס עס האט פאסירט זייט דיא לעטצטע 10 יאָהר צווישען איהם און פלאוויע'ן. ער האט זיך ערינערט, וויא אזוי ער איז מיט איהר ערשיענען אין געזעלשאפט, וויא אזוי זייא האבען איבעראל גע־הייסען מאן און פרוי, וויא אזוי דיא וועלט האט זייא גערעכענט פאר גליקליך אין זייער ליעבע, און, נאָך אלעמען, ווען זייא זיינען ווידער געווען אליין, איז יעדער געבליעבען פיר זיך וויא צווייא ווילד־פרעמדע מענשען.

נאנטאס האט זיך געשפירט זעהר אונגליקליך.

ענדליך איז פלאוויע אהיים געקומען.

נאנטאס האט זיא בעמערקט, וועהרענד זיא איז נאָך געווען אין איהר שפאציר־קלייד. זיא האט שוין געהאט ארונטער גענומען איהר הוט און האט גע־האלטען אין אויסציהען איהרע הענדשוה.

נאנטאס איז צוגעגאנגען צו איהר מיט דער האלטונג פון א פערברעכער. נים נאָר זיין קערפער, זאָנדערן אויך זיין שטימע האט געציטערט.

„איך האב אייך עפעס מיטצוטהיילען,“ האט ער אנגעפאנגען.

זיא האט איהם אנגעקוקט מיט איהר געוועהנליכע גלייכגילטיגע מיענע אָהנע צו רעדען א וואָרט.

„איך וואָלט בעזוכט אייער צימער,“ האט ער ווייטער געזאגט, „ווען איהר וואָלט מיר אנגעצייגט, אז איהר זייט שוין צו הויז.“

פלאוויע, אָהנע זיך צו זעטצען, האט אויסגעזעהען אונגעדולדיג.

„נו, אלזאָ?“ האט זיא געפרעגט.

ער האט געצעגערט.

„ענטשולדיגט מיר,“ האט זיא געזאגט. „איך האב זעהר װעניג צייט ; זאגט װאס איהר האט מיר געװאָלט מיטטהיילען.“

דיא װערטער האבען אױסגעזעהען איהם צו ערשטיקען אין האלז.

ער האט געבליקט צו איהר הערליכע פיגור, צו איהר עלעגאנטעס געזיכט און געשטאמעלט.

„װירקליך,“ האט זיא װייטער געזאגט, נאך אונגעדולדיגער, „איך האב זעהר װענג צייט...“

„מאדאם !“ האט ער ענדליך אױסגעשריען פאסענדיג זיין גאנצען מוטה, „דיא צייט איז ענדליך געקומען װען איין ערקלערונג צװישען אונז ביידע איז געװאָרען א גרױסע נױטהװענדיגקייט... װאו זייט איהר געװען דעם גאנצען פריהמאָרגען ?“

זיין ציטערענדע שטימע און זיין אונערװאַרטעטע פראגע, האט אױסגעזעהען זיא שטארק צו איבערראשען. עס איז קיין צװייפעל, אז זיא האט ניט ערװארטעט פון איהם צו הערען אזעלכע װערטער.

זיא האט זיך אָבער באלד בערוהיגט, און אין א קאלטען טאָן האט זיא גע־ ענטפערט.

„װאס איז דאס פאר א פראגע ? איך בין געװען װאו איך האב בע־ דארפט.“

„ריכטיג, ריכטיג,“ האט ער ארויס געשטאמעלט, „איהר זייט געװען װאו איהר האט בעדארפט. אָבער, מאדאם...“

„ער האט זיך װיעדער אונטערבראָכען און זיין געזיכט איז געװאָרען אזוי בלייך װיא קאלך.

זיא האט איהם אָנגעקוקט מיט א פראגענדען בליק און געזאגט :

„איך פערשטעה אייך ניט.“

„איהר פערשטעהט מיך ניט ? אָה, מאדאם, איך װייס, אז איהר פערשטעהט מיך ניט. אָבער איהר זאָלט מיך יא פערשטעהען, איהר מוזט מיך פערשטעהען ! איהר ערינערט זיך געװיס, דאס איך האב אייך אמאל געזאגט, אז איך װעל ניט דולדען איהר זאָלט זיך בעדיענען מיט דער פרייהייט װאס איך גיב אייך, אום צו שענדען מיין נאמען, פון מיר חוזק צו מאכען !“

פלאװיע האט איהם צוגעװאָרפען א שמייכעל פון דער גרעסטער פער־ אכטונג.

„שענדען אייער נאמען ? פון אייך חוזק מאכען ?“ האט זיא װידערהאָלט, „איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, איך קען אייער נאמען ניט שענדען. דאס האט

איהר אליין שוין געטהאָן, דיים לאַנג. איהר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך קען אייך און ווייס ווער איהר זייט, טראָמץ אייער גרויסער ראָלע וואס איהר שפּיעלט יעטצט.״

נאַנטאַס איז אויפגערעגט געוואָרען וויא א פערוואונדעטער טיגער. זיין געזיכט האט זיך אָנגעצונדען מיט צאָרן און ער איז צו איהר צוגעלאָפען, גלייך וויא ער האט זיא געוואָלט שלאָגען.

„אבשייליכע פרוי,״ האט ער געדונערט, „מיך נארט מען נים, ניין, ניין! איך ווייס אַלעס! איהר קומט יעטצט פון מאָנסיע דע פאָגדעט׳ס אומארמונג.. איהר האט א געליעבטען, יא, איך ווייס דאס!״

זיא האט איהם נאך אמאל אָבגעמאָסטען מיט איהר פעראכטענדען בליק און איז געבליעבען שטעהען אויף׳ן פלאַטץ אָהנע זיך צו דערשרעקען פאר זיין צאָרן.

דאַן האט זיא געענטפערט קאַלט און רוהיג:

„מיין הערר! איהר האט איין אירטהום. איך האב, זייט יענער צייט, מעהר נים געזעהען מאָנסיע דעפאָגדעט. יעטצט ווייטער, ווען איך האב אפילו יא א געליעבטען, איז דאס נים אייער זאך און איהר האט קיין רעכט מיר צו מאכען פאָרווירפע. וואס קימערט דאס אייך? עס שיינט, אַז איהר האט שוין פערגעסען אָן אונזער בעדינגונג.״

איהר מאַן האט איהם בעזיעגט. ער האט אויסגעזעהען וויא א הונד, וואס איז פריהער בעז געווען, און דאַן האט איהם דער בעל־הבית גוט געשלאָגען און ער איז אַוועק טרויעריג אין א ווינקעל ניעדערגעשלאָגען און בעהעררשט.

אין זיינע אויגען איז פריהער געלעגען א מילדער בליק, און דאַן האט זיך דאָרט בעוויעזען טרערען.

ער האט אויסגעשפּראָכען אין א העפטיגעס געוויין, און דאַן איז ער ווייטער זעפאלען צו איהרע פיס אויסשרייענדיג:

„אָה! פלאָוויע!״ איך ליעב אייך! איך ליעב אייך!״

וועהרענד דיעזער סצענע, האט ער, מיט זיינע הענד, בעריהרט איהר קלייד. זיא, נאך אימער שטעהענדיג גראד אויף איהר פלאַטץ, האט זיך אביסעל צוריק געצויגען.

נאַנטאַס ווייטער, פערצווייפעלט און ערניעדריגט, איז איהר נאכגעקראָכען אויף זיינע קניען, און מיט אויסגעשטרעקטע הענד, האט ער געמורמעלט:

„פלאוויע! מיין נאָט, איך ליעב אייך צום וואהנזינניג ווערען. איך ווייס ניט וויא דאס איז געשעהען, אָבער איך ליעב אייך. עס איז נאך געוועזן מיט יאָהרען צוריק, ווען איך האב אָנגעפאנגען צו שפירען א מערקווירדיגעס געפיהל זיך ער־וועקענדיג אין מיין ברוסט. איך האב נעקעמפפט דאגעגען, ווייל איך האב מיך געראכטעט אן אונזער בעדינגונג. אָבער עס איז געוועזן געגען מיינע קרעפטען. דיעזעס געפיהל איז יעדעס מאל שטארקער געוואָרען, ביז עס האט מיך גענצליך בעהערשט. אך! גלויבט מיר, איך ווייס, אז איך בין ניט ווערטה אייך צו ליעבען, אָבער עס איז ניט מיין שולד... יעטצט, זעהט, בין איך אונגליקליך, און איך מוז צו אייך רעדען...“

ער האט דאן ווייטער געשפראָכען, שילדערענדיג זיינע ברענענדע ליעבעס־געפיהלע, מיט דעם הכסטען פייער פון א פערליעבטען. ער האט געוויינט, געלאכט, זיך געבעטען און זיך ערניעדריגט.

דיעזער מעכטיגער מאן, וועלכער איז אימשטאנדע געוועזן מיט זיין ענערגיע צו ערציטערן לענדער און אויפקאָכען נאציאָנען. דיעזער ריעז אונטער מענער, איז געפאלען, צערבראָכען, פערניכטעט און, אזוי שוואך וויא א הילפלאָזעס קינד, איז ער געלעגען צו דיא פיס פון א פרוי.

דיא ווירקליכקייט פון זיין אמאליגען טרוים איבער עראָבערונג, זיין הויכער שטאנד, אלעס, אלעס, וואָלט ער אויפגעגעבען, פערשטיסען און פערוואָרפען, ווען דיעזע פרוי וואָלט איהם נאָר געצייגט איין ליעבליכען בליק און איהם אויפגעהויבען מיט א קוש אויף זיין שטערען פון דער ערד.

יא, זיא האט איהם פערביטערט דיא גאנצע וועלט, און זיין גליק האט קיין ווערטה געהאט.

ער האט שוין מעהר ניט געהערט דעם קלאנג פון גאָלד, ניט געאכטעט אויף דעם איינדרוק וואס ער מאכט איבעראל, און דאמאלס פערגעסען זאָגאר אן דעם קייזער אליין, וועלכער איז נייגיעריג געוועזן איהם צו מאכען פאר א מיניסטער.

אלעס איז געוועזן פיר איהם טויט, נאָר פלאוויע'ס ליעבע האט גע־לעבט.

ער האט בעזעסען אלעס גוטע אין דער וועלט. און ער האט דערצו געוואָלט האבען פלאוויע'ס ליעבע. און זאָלאנג פלאוויע איז ניט זיינע, קימערט איהם מעהר קיין זאך.

„מאדאם, מאדאם,“ האט ער געמורמעלט מיט א הייזעריגער שטימע, נאך אימער שטעהענדיג אויף זיינע קניען, „גלויבט מיר, אז דיא לעטצטע איינינע יאָהרע, האב איך אַלעס געטהאָן נאָר צוליעב אייך אליין... אנפאנגס, בין איך מודה, האט איהר קיין ראָלע געשפיעלט; איך האב בלויז געארבייט צופריעדען צו שטעלען מיין איינענעם שמאָלץ. דאן זייט איהר געוואָרען דער איינציגער ציעל פון מיין לעבען, פון מיינע געדאנקען און שטרעבונגען. איך האב מיר געשטעלט דיא אויפגאבע, צו שטיינען אזוי האָך, ביז איך וועל מיר פערדיענען איהר זאָלט זיין מיינע. איך האב געהאָפט צו ווירקען אויף אייך, ווען איך וועל נעהמען מיין גאנצע מאכט און לייגען צו אייערע פיס. זעהט, מאדאם, וויא איך ליעג יעטצט. האב איך נאך ניט געקענט אויסווירקען אייער פערצייהונג? איך בעט אייך, מאדאם, פעראכטעט מיך ניט...“

זיא האט איהם געלאָזען דיא גאנצע צייט רעדען און זאגען וואס ער וויל. דאן, ווען זיא האט פערשטאנען, אז ער איז שוין פערטיג, האט זיא געזאגט גאנץ רוהיג:

„שטעהט אויף, מיין הערר; יעמאנד קען נאך אריין קומען און אייך אזוי טרעפען.“

ער האט אָבער ניט געוואָלט אויפשטעהען און נאך אימער געבעטען זיא זאָל איהם פערצייהען.

„אך, מאדאם,“ האט ער געזאגט, „גלויבט מיר, אז איך וואָלט נאך אימער ניט געוואגט אייך צו בעאונרוהיגען. איך וואָלט געווארט ביז דיא צייט וואָלט געקומען, איך זאָל מיר פערדיענען אייער צוניינונג; אָבער דיא אייפערזוכט געגען דע פאָנדעט, האט מיך שיער געטריעבען צור פערצווייפלונג. איך געה ארום וויא משוגע.“

זיא האט נאך אימער געשוויעגען.

דאן האט ער אָנגעפאנגען מיט איין אונטערטהעניגע שטימע:

„איך זעה גאנץ דייטליך, אז איהר פעראכטעט מיך. גוט, דאן בעט איך אייך, איהר זאָלט ווארטען. גיבט קיינעם ניט אוועק אייער ליעבע. איך פערשפרעך אייך אזעלכע גרויסע זאכען, אז איך גלויב דאדורך צו געפינען א וועג וויא וויי אייך צו מאכען אייער הארץ. איך בעט אייך נאך אמאל, פערצייהעט מיין יעטצטיגען ווילדען אויפטריט. איך בין ניט שולדיג; איך ווייס ניט וואס עס טהוט זיך מיט מיר... אך! לאָזט מיך האָפען, אז איהר וועט מיך נאך אמאל ליעבען!“

„ניעמאלס ?" האט זיא אויסגעשריען שטארק אויפגערעגט.

ער איז געבליעבען שטעהען אויף זיינע קניעס, גלייך ווי א אבגעשניטן וואלט איהם געטראפען. זיא האט זיך אומגעווענדעט אום צו פערלאזען דאס צימער.

נאנטאס, זעהענדיג, אז זיא וויל אוועק געהען, האט ער פערלוירען זיין גאנצע זעלבסט־בעהערשונג. ער איז אויפגעשפרונגען און אין א ווילדען צארן האט ער זיא אנגעכאפט בייא דער האנד.

וואס! זאל א פרוי, א שוואכע בעשעפעניש, איהם אזוי ערניעדריגען? איהם, וועלכער האט דיא גאנצע וועלט צו זיינע פיס?

יא, ער האט עס געשפירט; ער איז געוועזען אלמעכטיג; ער האט געקענט שמירצען לענדער, טרייבען פראנקרייך וואוהין ער וויל, און, דיא ליעבע פון א פרוי זאל ער ניט קענען געווינען?

ער, נאנטאס, אזוי מעכטיג און קרעפטיג, וועלכען'ס מינדעסטער וואונש איז שוין געוועזען א בעפעהל, האט נאר געהאט איין איינציגען וואונש — און זאל דיעזער וואונש קיינמאל ניט ערפיללט ווערען, ווייל א פרוי, אזוי שוואך וויא א קינד, וויל דיעזען וואונש ניט נאכגעבען?

ער האט צוגעדריקט איהר האנד און געשריען:

„איהר מוזט מיך ליעבען!"

זיא האט געציטערט פאר אויפרעגונג.

„איהר מוזט! איהר מוזט!" האט ער ווידערהאלט.

„ניעמאלס!" האט זיא אויסגעדונערט.

זייא האבען ביידע געקעמפפט: נאנטאס האט זיא געוואלט פעסטהאלטען און זיא האט זיך געוואלט בעפרייען.

וועהרענד דעם אבער, האט זיך געעפענט דיא טהיר און דער באראן דאנווער איז ערשיענען.

דער אלטער איז געבליעבען שטעהען ערשטוינט און דערשראקען.

ווען נאנטאס האט איהם ערבליקט, האט ער אבגעלאזען פלאוויען.

דאן האט ער אויסגעשריען:

„מיין הערר! אייער טאכטער איז נאר וואס געקומען פון איהר געליעבטען... איך בעט אייך, זייט אזוי גוט, און זאגט איהר, אז א פרוי דארף רעספעקטירען איהר מאן'ס נאמען, זאגאר דאן, ווען זיא ליעבט איהם נים. יא, יא, אזוי מוז זיא טהון, ווען זיא אליין האט פערלוירען דעם לעטצטען פונק רעספעקט און עהרע."

דער באראָן איז שוין געווען שטארק געעלטערט. ער איז געשטאנען אויף דער שוועל און געבליקט אויף דיעזער סצענע מיט איין ערשראָקענעם און רעטהזעלהאַפטען בליק.

ער איז געווען שטארק איבערראשט פון אַלעמען וואס ער האט געזעהען.

דער אַלטער באראָן האט אימער גערעכענט, אַז זיין טאָכטער מיט זיין איידעם לעבען זעהר גוט און צופריעדען מיט אנאנדער. ער האט אימער געשטודירט זייערע בענעהמונגען, און דערפון זיך געדייטעט, אז זייער לעבען אין הויז, איז אויך אַזוי שעהן וויא זייא ערשיינען אין געזעלשאַפט.

עס איז אמת, ער און זיין איידעם, האבען בעלאנגט צו צוויא פערשיעדענע דורות, און אונגעאכטעט דארויף וואס זיין געפיהל פון עהרע האט פראָטעסטירט געגען מאַנכע האנדלונגען פון זיין איידעם אין דער געשעפטס־וועלט און ער וואָלט פערדאמט מאנכע פון זיינע אונטערנעהמונגען, האט ער דאָך געמוזט צוגעבען, אז נאנטאס איז א פעהיגער מענש מיט א שנעלען און שטארקען פערשטאנד.

ער וואָלט זיך ניעמאלס פאָרגעשטעלט, אז דיעזער מאן, מיט איין אייזערנעם כאראקטער, וואָלט געקענט אזוי האנדלען געגען א פרוי, און פּלוצלינג האט ער זיך געזעהען אין דער געגענווארט פון אזא שוידערהאַפטעם בילד.

ווען נאנטאס האט בעשולדיגט זיין פרוי, אז זיא האט א געליעבטען, איז דער באראָן געבליעבען נאך אימער אויף זיין פּלאַטץ אין טיעפעם נאכדענקען. ער האט נאך אימער בעהאנדעלט פלאוויע'ן גראדע אזוי שטרענג וויא מיט צעהן יאָהר צוריק, און זיין איידעם'ס אנקלאַגע האט איהם זעהר בעאונרוהיגט. נאך א פויזע, האט ער צוגעמאכט דיא טהיר און איז צוגעקומען נעהנטער.

„איך שווער אייך,“ האט נאנטאס געזאגט, אז זיא קומט יעטצט פון איהר געליעבטען. און יעטצט זעהט וויא זיא קוקט אויף מיר, ווען איך זאָג איהר דעם אמת.“

פּלאוויע האט מיט פעראכטונג אָבגעווענדעט איהר געזיכט. זיא האט וויעדער אין אָרדנונג געבראכט איהרע מאנשעטען וואס נאנטאס האט צוקנייטשט, וועהרענד ער האט זיא פעסט געהאלטען. איהר געזיכט איז געבליעבען אונפערענדערט.

דער באראָן האט געמאכט א שריט פאָרווערטס צו איהר.

„מיין טאָכטער,“ האט ער אָנגעפאנגען, „ווארום פערטהיידיגסטו דיך ניט ? האט דיין מאן געזאגט דיא וואהרהייט ? איז דאס מעגליך, אז דוא האסט מיר פאַרבערייטעט דיעזען שמערץ אויף דער עלטער ? דיא שאנדע וואָלט פאר מיר געווען אונערטרעגליך. וויל דער פעהלער פון איין מיטגליעדער אין אונזער פאמיליע,

אין דיא שאנדע פאר יעדען איינעם. זאג, מאַכטער, איז דיא בעשולדינונג וואהר?"

זיא האט געמאַכט רערבייא איין אונגעדולדינע בעוועגונג. איהר פאטער האט יעטצט געהאט א פאסענדע געלעגענהייט פיר אזא בעשולדיגונג.

זיא האט פראָבירט צו ערטראגען דעם שמערץ פון זיינע פראגען, אום איהם צו ערשפארען א גרעסערן שמערץ עס זאָל ניט דארפען קומען צו איין ערקלערונג. דער אַלטער איז אָבער שטארק אויפגערעגט געוואָרען ווען ער האט געזעהען, אז זיא שווייגט.

„איז דאס איין ענטפער אויף מיין פראגע?" האט דער אלטער גע־דרונגען.

„פאטער!" האט זיא ענדליך געזאגט, „לאָז דיעזען מאן אויסשפיעלען זיין ראָלע... ניין, פאטער, דוא קענסט איהם ניט. צווינג מיך ניט, איך בעט דיך — ניין, ניין, צווינג מיך ניט צו רעדען; איך מוז שווייגען, ווייל איך רעספעקטיר דיך."

„ער איז דיין מאן, מאַכטער," האט דער באראָן געזאגט, „און ער איז דער פאטער פון דיין קינד."

פלאוויע האט אויפגעהויבען איהר קאָפּ, און ציטערענדיג מיט צאָרן, האט זיא אויסגעשריען וויטהענד:

„מעהר קען איך שוין ניט אויסהאַלטען! ניין! ער איז ניט דער פאטער פון מיין קינד!... איך מוז דיר אַלעס דערצעהלען, ווען ער זעלבסט האט מיך דערצו גע־טריעבען. דיעזער מאן, וועלכען דוא זעהסט דאָרט שטעהען וויא א פיינדליכער, איז אפילו ניט קיין פערפיהרער, ווייל דאס וואָלט אויך געווען איין ענטשולדיגונג, און עס וואָלט געהייסען, אז ער האט מיך אמאל געליעבט. דיעזער מאן, פאטער, האט זיך בלויז פערקויפט פיר געלד, אום ער זאָל פערדעקען דאס פערברעכען פון איין אנדערן!"

דער באראָן, ציטערענדיג, האט זיך אומגעקוקט צו נאנטאס'ן, וועלכער איז געוואָרען אזוי בלאַס וויא א טויטער.

„הערסטו פאטער," האט פלאוויע פאָרטגעזעטצט נאך וויטהענדער, „ער האט זיך פערקויפט, יא, פערקויפט פיר געלד... איך האב איהם קיינמאל ניט גע־ליעבט, און ער האט מיך נאך ניעמאלס בעריהרט זאָגאר מיט זיין פינגער... איך האב דיר געוואָלט ערשפארען דעם שמערץ, און איך האב איהם געקויפט. אום ער

זאָל קענען שפּיעלען דיא ראָלע פון דעם בעטרינער... קוק צו איהם, פּאַטער, זעהט לעז אויף זיין געזיכט אויב איך זאָג דיא וואהרהייט אָדער ניט!“

נאַנטאַס האט בעהאַלטען זיין געזיכט אין זיינע הענד.

„און יעטצט,“ האט דיא יונגע פרוי פּאָרטגעזעטצט, „יעטצט וויל ער, אז עהרענלאָזער, איך זאָל איהם ליעבען... ער האט זיך געוואָרפען אויף זיינע קניעס פאַר מיר און געוויינט. עס איז, אָהנע צווייפעל, עפּעס א קאָמעדיע. ענטשולדיגט מיר, פּאַטער, ווארום איך האב דיך בעטראָגען; עס האט דאַמאַלס אַנדערש ניט געקענט זיין; און יעטצט, זאָג דוא אליין, וואס פאר א רעכט האט דיעזער מאַן איבער מיר? און אזוי וויא דוא ווייסט שוין אַלעס, בעט איך דיך, נעהם מיך אוועק פון איהם. ער האט זיך גענעגען מיר געוואַלט־טהעטיג בענומען, איך קען איהם ניט ערטראַגען, איך האס איהם, און איך וועל דאָ מעהר ניט בלייבען קיין איינציגע מינוט.“

דער באַראָן האט אויסגעגלייכט זיין איינגעבויגענע פיגור און זיך אוועק גע־שטעלט געגענאיבער נאַנטאַס'ן. ער האט געוואָלט בעגעגענען זיין בליק, נאָר נאַנטאַס האט איהם אויסגעמיעדען.

זעהענדיג, אז נאַנטאַס וואַגט איהם ניט צו קוקען אין געזיכט, האט ער גע־נעבען פלאָוויע'ן זיין אָרעם. ער איז מיט איהר צוגעגאַנגען צו דער טהיר, אָהנע נאַנטאַס זאָל זאָגאר געבען דעם מינדעסטען צייכען.

אלס זייא זיינען צוגעגאַנגען צו דער טהיר, איז דער אַלטער געבליעבען שטעהן און געזאָגט:

„אדיע מיין העדר!“

דיא טהיר האט זיך דאן געשלאָסען הינטער זייא.

נאַנטאַס איז געבליעבען אליין, צערבראָכען און בעזיעגט. ער האט געקוקט מיט זיינע פערגלאָצטע אויגען און קיין זאַך געזעהען. זיינע געדאַנקען זיינען געווען צומישט און שרעקליך אויפגערעגט.

ער איז אזוי געזעסען א היב'טע צייט אָהנע צו וויסען וואס עס געהט פאָר ארום איהם.

דיא טהיר האט זיך געעפענט, און זיין דיענער זשערמען, איז ערשיענען מיט א בריעף אין דער האַנד.

„א בריעף, מיין העדר,“ האט דער דיענער אָנגעמעלדעט.

נאַנטאַס האט געשוויעגען.

„איך האב געבראכט א בריעף,“ האט זשערמען נאך אמאל געזאגט זיינער רעכענענדיג, אז זיין בעל־הבית האט איהם צום ערשטען מאל ניט געהערט.

גאנטאס האט זיך אומגעקוקט.

„וואס ווילסטו?“ האט ער געפרעגט.

„איך האב געבראכט א בריעף.“

„גיעה צום טייפעל!“

„אבער דער בריעף קומט פון א וויכטיגען פלאטץ.“

„איך האב קיין צייט ניט.“

„ער טראגט דעם זיעגעל פון קייזערליכען פאלאסט.“

„פון וועמען איז ער?“

„דאס ווייס איך ניט.“

„לאז מיך צורוה, איך האב קיין צייט ניט.“

„אבער מיין הערר,“ האט דער דיענער געדרונגען אויפציהענדיג מיט דיא אקסלען, „דער איבערברענגער טראגט דיא אוניפארמע פון זיינער מאיעסטעט.“

„ליינ א ועק!“ האט ענדליך גאנטאס אויסגעשריען אונגעדולדיג.

זשערמען האט אוועק געלייגט דעם בריעף, און מורמלענדיג צו זיך אליין: „ער איז משוגע,“ איז ער ארויס פון דעם צימער.

גאנטאס איז געבליעבען זיטצען בליקענדיג אויפ'ן בריעף. דאן האט ער אויס־געשטרעקט זיין האנד און גענומען דעם בריעף. ער האט איהם מעכאניש געעפענט און דארט זיינען געשטאנען פאלגענדע ווערטער:

„מיין געליעבטער פריינד: —

„איך זוך אייך, אים נאמען פון דער ליעבע צו אונזער פאטערלאנד, איהר זאלט איבערנעהמען דאס אמט פון פינאנץ־מיניסטער. עס וועט מיר פער־שאפען פיעל פערגניגען, צו וויסען, אז איהר זייט א מיטגליעד פון מיין קא־בינעט. יא, דאס לאנד בענעטהיגט יעטצט פעהיגע מענער אם רודער, און איך צווייפעל ניט, אז איהר זייט דיא געוואונשטע פערזאן. איהר וועט געוויס זעהן זא שנעל וויא מעגליך איבערצונעהמען דאס אמט, דען, לויט וויא איהר ווייסט, האבען מיר יעטצט קיין פינאנץ־מיניסטער.

— „איך פערבלייבע אכטונגספאל אייער

„נאפאלעאן.“

דער בריעף איז ניט נאר געווען אונטערגעשריעבען פון דעם קייזער, זאנדערן, איך איז גאנצען אין זיין האנדשריפט.

אזוי פיעל האט זיך נאנטאס יא געמערקט, אז דער בריעף קומט פון דעם קייזער, אָבער אויסער בוכשטאבען און האלב אונבעדייטענדע ווערטער, האט ער ניט געזעהען.

דיא וואהרהייט איז, אז ער האט דעם בריעף ניט געקענט פערשטעהען, ווייל דער גאנצער אינהאלט האט קיין איינדרוק געקענט מאכען אויף זיינע צומישטע געדאנקען.

דיא פערוווירקליכונג פון אלע זיינע האָפנונגען, זיין בעשטייגען דיא העכסטע שטופע פון זיין אמאליגער פאנטאזיע, האט איהם ניט געקענט אינטערעסירען.

דאס קלינגען פון נאָלה, אין דיא נעבען־צימער, איז יעדעס מאל שטארקער און העכער געוואָרען; דער גערויש פון טהעטיגקייט האט געוואקסען — עס איז געראדע דאמאלס געווען דיא וויכטיגסטע געשעפטס־צייט פון דעם טאָג. טויזענדער מענשען זיינען אריין און ארויס געגאנגען, און כמעט יעדער איינער האט געהאט עפעס איין אנדערעס געשעפט צו בעזאָרגען.

אָבער נאנטאס איז געזעסען וויא געלעהמט. אין מיטען פון דיעזער טהעטיגקייט, וועלכע איז זאָנסט געווען זיין ארבייט, איז ער געווען וויא פערווירדט, אז מען האט איהם געקענט שטעכען מיט נאָדלען און ער זאָל קוים וויסען אויב איהם מיינט מען דאס.

זיינע אויגען האבען אָנגעפאנגען צו וואנדערן ארום, זיין קערפער האט קראמפפהאפט אויפגעציטערט, און ער האט אָנגעפאנגען זיך צו דערמאָהנען וואס עס איז געשעהען. זיינע אויגען זיינען נאס געוואָרען, און מיט א שטימע וויא פון א הילפלאָזען שטערבענדען, האט ער אויסגעשריען:

„אך! וויא אונגליקליך איך בין!“

א שטראָם טרערען האט געגאָסען פון זיינע אויגען און ער האט געקוקט פון צווישען זיינע טרערען אויף דעם קייזער׳ס בריעף.

„וויא דום, וויא נאריש איך בין געווען!“ האט ער ווייטער געמורמעלט.

ער האט מיט זיין האנד געהנטער צוגערוקט דאס פאפיר, און זיך וועלענדיג בעסער איינקוקען וואס דאָרט שטעהט, איז זיין קאפ אומגעפאלען אויף׳ן שרייב־טיש, און זיינע טרערען האבען פערפלעקט דעם קייזער׳ס בעפעהל איהם צו מאכען פאר פינאנץ־מיניסטער.

---

4.

אלעס איז פערווירקליכט געווארען!

גאנטאס איז שוין געוועזען מיניסטער זייט אכטצעהן מאנאט. ער האט ערדייכט צו דיעזען פאסטען אין עהרע בעקליידעט מיט פעהיגקייט און ער האט געהאט גרויסען רעספעקט.

זייט ער האט איבערגענומען דאס אמט, האט ער ניט אויפגעהערט שווער צו ארבייטען ביי טאג און ביי נאכט. ער האט ערשטענס ווירקליך בעדארפט ברענגען אין ארדנונג דיא פינאנצען, און צווייטענס איז ער געווען צופריעדען זיך צו פערגעסען אביסעל אין דעם שטורם פון טהעטיגקייט.

מיט א טאג שפעטער, נאך דער שרעקליכער סצענע מיט זיין פרוי, האט ער געהאט א לענגערע אונטעררעדונג מיט זיין שוויגער-פאטער, באראן דאנוויער. גאנטאס איז געווען ניעדערגעשלאגען און ער האט אויסדערצעהלט זיין גאנצעס הערץ פאר דעם אלטען ערעלמאן.

„נאר יעטצט,“ האט ער געזאגט, „איז שוין אלעס פערפאלען. צו דער געגענ־ווערטיגער צייט בין איך דעריענינער וואס זוך צו שיטצען מיין עהרע און מיין אמט. איך בעט אייך, וויא דיא זאך זאל זיין, זאל פלאוויע ווענינסטענס ניט מאכען קיין עפענטליכען סקאנדאל.“

אויף איהר פאטער׳ס ביטע, איז פלאוויע צוריק געקומען וואהנען אין דעמ־זעלבען הויז וואו גאנטאס האט זיך געפונען. אונטערדעסען זיינען זייא נאך פער־בליבען מעהר פרעמד איינער צו אנאנדער, וויא פריהער. זייא האבען ביידע קיין ווארט געשפראכען, מיט דער אויסנאהמע, ווען פרעמדע מענשען זיינען געוועזען, האבען זייא געשפיעלט דיעזעלבע קאמעדיע וויא אמאל, דערמיט וואס זייא האבען זיך בעדיענט מיט דיא צערטליכסטע אויסדריקע.

דאס מיניסטעריום פון פינאנץ, האט געהאט גענוג פלאטץ וואו דיא רע־גיערונגס־געשעפטען זאלען געפיהרט ווערען ביי טאג און ביי נאכט, אבער גאנטאס האט ניט געוואלט פערלאזען זיין הויז, און אבענד, האט ער אהיים געבראכט זיינע סעקרעטערע, וואו ער האט פארטגעזעטצט דיא ארבייט, ביז ער איז פערטיג געווארען מיט זיין פראגראם פון דעם טאג.

אין דיעזע אכטצעהן מאנאט, האט גאנטאס אויפגעטהאן וואונדערבארע זאכען, און זיינע פריינדע, וואס האבען געארבייט פיר איהם ער זאל ווערען פינאנץ־

מיניסטער, זיינען געווען ערשטוינט. יא, זייא האבען גאנץ גוט געוואוסט, אז נאנטאס איז א פעהיגער מענש, אבער אויף אזוי ווייט פעהיג אין ארבייטס־זאך, האט זיך קיינער ניט פארגעשטעלט.

אבער, ווען זייא האבען גערעכענט, אז נאנטאס ארבייט נאר דאפיר, אום אנערקענט צו ווערען פון דער רעגיערונג און פון דעם קייזער אלס פעהיגער מענש, דאן האבען זייא געהאט א טעות. ער איז שוין געווען א גאנץ אנדערער נאנטאס; דיא אמאליגע שטרעבונג, צו עררייכען א הויכע שטופע נאר צוליעב זיך, איז שוין פערשוואונדען. ער האט בלויז בעזעסען דיא אמאליגע פלייסינקייט מיט א פיעל־פאך פערמעהרטער ענערגיע. נאר ניט צוליעב זיך; זיין פערזאן, זיין אייגענע אמ־ביציאן, האט אויפגעהערט צו שפיעלען א ראלע. פיר זיך אליין, האט ער מעהר ניט געלעבט.

איין אינערע שטימע האט צו איהם געזאגט: „נאנטאס! דיין האפנונג איז נאך ניט פערלוירען! דיעזעס פרויענציטער, וועלכעס דוא ליעבסט מיט דיא ווילדעסטע ליעבעס געפיהלע, איז אונמעגליך זיא זאל פערבלייבען גלייכגילטיג צו דיר, ווען דוא זאלסט ווערען נאך א גרעסערער מענש וויא דוא ביסט. ארבייט, ארבייט, אימער פארווערטס, צוליעב איהר, און דיין ציעל מוז עררייכט ווערען!"

און נאנטאס האט געארבייט. ווען ער פלעגט פארבייא געהען דיא גאס, האט זיך געהערט פון איבעראל א געמורמעל פון איבעראשונג און בע־וואונדערונג.

„דאס איז דער נייער פינאנץ־מיניסטער — דאס איז נאנטאס," האט יעדער געזאגט טייטענדיג מיט דיא פינגער אויף דעם מאן, וועלכער האט בעוויעזען דיא גרעסטע גבורות און חכמות אין זיין אמט.

אבער וואס עס אנבעלאנגט דעם ליעב פון פרעמדע, איז ער געבליעבען אזוי גלייכגילטיג דערצו, גראדע וויא צום פאנאר וואס איז געשטאנען אויף'ן טראטואר.

וואס אנדערע זאגען, וואס אנדערע מיינען און וואס אנדערע בעהויפטען, האט איהם ווייניג בעקימערט. ער האט אויסגעזעהען צו ארבייטען און ארבייטען אהן אויפהער, אהנע צו זוכען בעלוינונג פון דער וועלט, און זיינע איינציגע אבזיכט איז געווען, צו פראבירען דורכפיהרען זאגאר דאס אונמעגליכע, מיט דער אידעע, פיעל־לייכט ווען דאס ווייך מאכען פלאוויע'ס הארץ צו איהם.

ווען ער האט געמאכט עפעס א גרויסע ערֿאָבערונג אין זיין פאך, ווען דיא צייטונגען זיינען ארויס מיט געזאנג און לויב־ארטיקלען, האט ער אָבגעווארט דיא צייט ביז פלאָוויע וועט דערפון ערפאהרען, און דאן האט ער געזוכט צו זעהען איהר געזיכט, אויב איהר פעראכטונג צו איהם איז קלענער געוואָרען, און אויב דאס האט עפעס געהאט א ווירקונג איבער איהר.

אָבער, צו נאַנטאס׳עס שמערץ, האט ער קיינמאל ניט ענטדעקט קיין איבער־ראשונג אויף איהר שעהנעם און בלאַסעם געזיכט. זיא איז געבליעבען אזוי גלייכ־גילטיג צו איהם וויא פריהער, און ווען קיינער איז דאביי ניט געווען, האט זיא זאגאר אויסגעמיעדען פארבייא צו געהען דאס צימער וואו ער האט זיך געפונען.

ווען נאַנטאס האט געזעהען, אז עס איז נאך אימער קיין ווערסלונג איינגע־טרעטען, האט ער געגעבען א שווערען זיפץ, און זיך אומווענדענדיג, האט ער גע־טראכט:

„ניין, ניין! איך בין נאך ניט גענוג הויך פיר איהר! איך מוז אימער שטייגען, ביז איך וועל מיר פערדיענען פון איהר ווענינגסטענס געאכטעט צו ווערען.“

זיין אבזיכט איז געווען צו עראָבערן דאס גליק, גראדע וויא ער האט ער־אָבערט קראפט און פערמעגען.

זיין גאנצער גלויבען אין ענערגיע, האט צוריק געקעהרט מיט דאָפעלער מאכט, און ער האט בעשלאָסען, אז עס גיבט קיין גרעסערע מאכט אין דער וועלט, וויא ווילען; דורך ווילען עקזיסטירט דיא וועלט, און מיט ווילען, מוזען מיר אלעס עראָבערן, זאָגאר דיא ליעבע פון א פרויענצימער וואס האסט.

נאָר אזוי וויא א מענש קען ניט אימער האפען, און־אונטערבראָכען, ווען דאס שיקזאל שפייט איהם דאך אין פנים, אזוי האט עס אויך פאסירט מיט נאַנטאס׳ן, וואס ער איז צייטענווייז געוואָרען זעהר פערצווייפעלט. צו אזא צייט, האט ער זיך אָבגעשלאָסען אין זיין צימער, און זיך דאָרט גאנץ גוט אויסגעוויינט פאר דיא פיער ווענט, כדי ניעמאנד זאָל זעהען זיין שוואכקייט.

יא, שטארקע מענשען, זאָגאר דיא שטאַרקסטע, קענען וויינען. ווען דער שטארקער מענש זאָל ניט קענען וויינען, דאן וואָלט ער געווען, וויא איין אונגעהייערעס הארטעס שטאָהל, וואס מוז צערבראָכען ווערען בייא א שטארקען קלאפ. דיא בעסטע שטאָהלענע שווערט, מוז זיין אביסעל וויך, אום צו קענען וויעדערשטעהען

דאס ביינען פון שיקזאל; דער שטארקסטער מענש, מוז קענען וויינען, דאמיט זיין הארץ זאָל איהם ניט פּלאַטצען אין דעם קאמפף מיט דעם שיקזאל.

זיינע ליידען און שווערע ארבייט, האט מען נאָר געקענט לעזען אין זיינע איינגעזונקענע אויגען און אין די בלויע קארבען וואס האבען זיך איינגעשניטען אונטער דיא אויגען. זאָנסט האט מען ניט געקענט זעהען קיין אנדערע ווערקסלונג.

אָבער, צו דיא אלע צרות פון פּערצווייפעלטער ליעבע, איז נאך לעטצטענס צוגעקומען דער פּערצעהרענדער טייפעל פון אייפערזוכט. דיא טהאטזאכע, אז ער האט ניט געקענט בעוועגען פלאוויע'ן איהם צו ליעבען, איז געוועזען א מארטער; נאָר דער געדאנק, אז זיא גיבט פיעללייכט איין אנדערען אוועק דיעזע ליעבע, דאס האט איהם שיער געטריעבען צום וואהנזינן.

„ווער ווייס," האט ער זיך געטראכט, „פיעללייכט האט דא טאקי פריהער ניט פערקעהרט מיט דע פאָנדרעט'ן, אָבער יעטצט, וויא זיא וויל פון מיר פטור ווערען, און איך האב צונעצויגען איהר אויפמערקזאמקייט, האט זיא מיר אויף להכעיס איהם אויסגעזוכט!"

בייא אזעלכע געדאנקען האט ער געשפּירט גלייך וויא א הייסער דאמפף האָלט געבלאָזען אין זיין געזיכט. ער האט פּראָבירט ניט צו דענקען פון איהר און זיא געוואָלט אויסמיידען. אָבער ווען ער האט געוואוסט, אז זיא איז נישטאָ אין הויז, האט ער געליטען אונגעהייערע שמערצען.

ווען ער וואָלט ניט מורא געהאט צו מאכען לייטישען געלעכטער, וואָלט ער אליין איהר נאכגעגאנגען אין דער שטראסע, און וויא א שפּיאָן, וואָלט ער איהר נאכגעשפּירט אום אויסצוגעפינען וואוהין זיא געהט.

„ניין, ניין," פלעגט ער זאגען, „איך גלויב ניט דיא זאָל ליעבען איין אנדערן; דיא איז צו שטאָלץ, צו אונאבהענגיג, דאס צו טהון און זיך שעהמען פאר מיר. אָבער דאָך, איהר נאכצושפּירען, וויסען גענוי וואוהין זיא געהט, וואָלט מיך בער־רוהיגט. דאן, פיעללייכט וואָלט איך דאדורך אויסגעפינען איהרען א פריינד, וועלכען איך וואָלט אונטערגעקויפט, געמאכט פאר מיין פריינד, און אויסגעווירקט, ער זאָל איהר ערקלערען וויא שטארק מיין ליעבע איז..."

אזוי האט ער געקענט אָבפאנטאזירען שטונדען־לאנג, אָהנע צו קומען צו א רעזולטאט, ביז ער האט זיך גוט אויסגעוויינט, און וויא א קינד, וואס וויינט זיך פריהער גוט אויס און דאן שלאָפט עס געשמאק, אזוי האט עס אויך מיט

נאנטאס'ן פאסירט. נאך א שטראָם טרערען, האט ער זיך געשפירט ערלייכטערט און צוריק געקעהרט צו זיין ארבייט.

מאדמאָאזעל שין, דיא גאָווערנאנטין, איז נאך אימער געוועזען אין הויז. דער אלטער באראָן, איז געוועזען מיט איהר שוין צו גוט בעקאנט נאך פון לאנג, אום ער זאָל זיא ענטלאסען זאָגאר אויף דער עלטער. איבריגענס, האט דאס אלטע „פריילין" געוואוסט צו פיעל סודות איבער דער פאמיליע, און אין אזעלכע הייזער ווייס מען, אז מען דארף קיין היימישען מענשען ניט אוועק לאָזען אום ער זאָל האבען א געלעגענהייט ערגיץ צו פלוידערן וואס מען דארף ניט.

מאדמאָאזעל שין האט אפילו שוין איינמאל געוואָלט אליין אוועק געהען און לעבען פון דיא צוואנציג טויזענד פראנקס, וואס נאנטאָס האט איהר אמאל בע־צאָהלט, אויף'ן צווייטען טאָג נאך דער חתונה; אָבער, זיא האט בערעכענט, אז עס לוינט איהר בעסער צו פערבלייבען דאָרט וואו זיא איז און מען דארף ניט געהען זוכען קיין גליקען, כל־זמן עס פעהלט גאר ניט.

איבערהויפט האט מאדמאָאזעל שין גאנץ גוט געוואוסט, אז פון איהר יונגע ווירטהין מיט דעם מאַן וואס זיא האט איהר געגעבען, קען זיך ניט אלעס ענדיגען גאנץ גלאט. זיא האט זיך געטראכט, דאס ווען ניט היינט, דאן מאָרגען, איבער־מאָרגען אָדער שפעטער, וועט זיך ווידער מאכען א געלעגענהייט און זיא וועט נאך אמאל עפעס פערדיענען.

ווירקליך, אונטער דיא רייכע הערען קומט דאך פאָר אזוי אָפט וויכטיגע זאכען, און ווען מען איז נאָר בעקאנט מיט זייער אינערעס לעבען, קען מען דערבייא עפעס פערדיענען צו יעדער צייט.

עס איז אפילו ניט גאנץ עהרליך צו ווארטען אויף אזעלכע פערדיענסטען, נאָר מאדמאָאזעל שין האט זיך ניט געוואָלט נעהמען צום הארצען וואס יענעם טהוט וועה, און מאכען געלד. איז אויף אירגענד איין אופן ניט געוועזען געגען איהר כא־ראקטער.

זיא האט בעדארפט נאך צוואנציג טויזענד פראנקס אום צו קויפען א נאָטאר'ס הויז פון ראָאַנוילל, וואו זיא איז געבוירען געוואָרען. דיעזעס הויז, פאר וועלכען מען האט פערלאנגט פערציג טויזענד פראנקס, האט זיא זעהר געליעבט נאך פון איהר קינדהייט אָן, און זיא האט בעשלאָסען אָבצרווארטען אויף דער פאסענדער געלעגענהייט און אריין קריעגען דאס איבריגע געלד.

נאנטאָס האט שוין גוט געקענט דיא אלטע מויד, וויא זיא האט זיך גערופען. אונגעאכטעט דאריף וואס זיא האט אימער געשפיעלט אויסגעצייכענט דיא ראָלע

אלס געמריינע און איבערגעבענע צום הויז און צו דער פאמיליע, איז ער געווען פאָל־שטענדיג איבערציינט, אז פאר געלד וועט זיא פערקויפען אפילו איהר נשמה צום טייפעל, ווייל ער האט אמאל געוואָלט טהון.

טראָמץ דעם אָבער, וואס נאנטאס האט זיא אויסגעמיערען און נים געזוכט זיך צו בעגעגענען מיט איהר, האט עס פאסירט וואס ער האט איינמאל בעשלאָסען מיט איהר צו האנדלען.

עס איז געווען אין א פריה־מאָרגען, ווען ער האט זיא געשיקט אריין רופען אין זיין שטודיר־צימער אום מיט איהר עפעס צו רעדען.

מאדמאָאזעל שין, אָבוואָהל זיא האט נים געוואוסט וואס עס נעהט פאָר, האט זיא זיך דאָך געמערקט. אז נים אלעס איז וויא עס דארף צו זיין. זיא האט דאס געלעזען אין דיא געזיכטער פון נאנטאס'ן און זיין פרוי, ווען זיא האט זייא געזעהען צוזאמען.

ווען זיא האט געעפענט דיא טהיר פון דעם שטודיר־צימער און ערבליקט נאנטאס'ן זיטצענדיג פערטראכט, האט זיך בעוויעזען א צופריעדענער שמייכעלע אויף איהרע ליפען.

„מיינע צוואנציג טויזענד פראנקס, קומען שוין,“ האט זיא געדעדט צו זיך אין איהרע געדאנקען.

„גוט מאָרגען,“ האט זיא געזאגט מיט איהר ווייכער שטימע.

נאנטאס האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און נים בעענטפערט דיא בע־גריסונג.

„קומט נעהנטער,“ האט נאנטאס געזאגט.

זיא איז צוגעגאנגען און איז געבליעבען שטעהען שווייגענדיג.

„הערט מיך אויס, מאדמאָאזעל שין,“ האט ער אָנגעפאנגען אין א געשעפטס־טאָן, „איך וויל פון אייך בעטען א טובה.“

„מיט פערגניגען, מיין הערר,“ האט זיא געענטפערט.

„איך ווייס,“ האט ער ווייטער געזאגט, „אז איהר אליין זיים אימשטאנדע מיר דאָ צו העלפען.“

„ווען נאָר מעגליך, דאן פערשפרעך איך אייך אין פאָראויס.“

„איהר זיים אימער געבען מיין פרוי?“

„אימער!“

„איך מיין, אז איהר קומט זיך זעהר אָפט צוזאמען.“

„יא.“

„דאן וויל איך, איהר זאָלט בעסער אויפפאַסען איבער אלע איהרע בעוועגונגען, און מיר דאריבער בעריכטען."

„ווער? איך?" האט זיא אויסגעשריען.

„עס וועט ניט זיין אומזיסט."

„ענטשולדיגט מיר, מיין הערר, איהר בעליידיגט מיך; איך בין ניט קיין שפּיאָנין."

„וואס טוינען אייך דיא פוילע שטיק?" האט ער געזאגט אונגעדולדיג, „איך קען אייך גאנץ גוט; איהר וועט אלעס טהון פיר געלד. איך האב יעטצט זעהר ווייניג צייט, און איך וויל אזוי שנעל וויא מעגליך מיט אייך פערטיג ווערען."

זיא האט געציינט אזוי ערנסט, אז זיא איז בעליידיגט געוואָרען, דאס גאנטאס האט באלד אָנגעהויבען צו צווייפלען אין זיין מענשען־קענטשאפט.

„דאס איז זעהר ניט שעהן," האט זיא געזאגט פראָטעסטירענדיג, „איך ווייס ניט וואס איהר מיינט. אָבער איך מערק מיר, אז איהר האט שלעכטע אבזיכטען. איך בין בערייט אייך צו דיענען, אָבער איך וועל אום קיינעם פרייז ניט איינשטימען צו עטוואס אונעהרליכעס אָדער פערבאָרגענעס. אירגענד עטוואס, פיר זיך זעלבסט, איז ניט אזוי שלעכט, נאָר עס שפּיעלט א גרויסע ראָלע וויא דאס ווערט אויפגעפאַסט."

א טריומפירענדער שמייכעלע איז אריבער געפלויגען איבער זיינע ליפען. ער האט זיא פערשטאנען. נאָך אלעמען, האט ער דאָך קיין טעות ניט געהאט אין איהר.

„זאָל זיין אזוי וויא איהר זאגט," האט ער דאן בעמערקט, „הערט מיך אויס, מאדמאָאזעל, איך רעד דאָ גאר ניט פון קיין אונהערליכעס אָדער פערדאָרבענעס. אין געגענטהייל, איך מיין דאָ א גאנץ גוטע און עהרליכע זאך... איך האב מורא, אז מיין פרוי בעהאלט פון מיר עפּעס א שמערץ, וואס זיא וויל ניט איך זאָל וויסען. איך האב מיר געמערקט לעטצטענס איהר געזיכט, וועלכעס דריקט אויס אונגערוהיגען עלענד. איך בין שטארק נייגיעריג צו וויסען וואס דאס בעדייטעט."

„אה!" האט זיא געענטפערט מיט א צערטליכען טאָן, „ווען דאס איז דער פאל, דאן בין איך בערייט אלעס צו טהון. איהר ווייסט גאנץ גוט, וויא ווייט איך בין צו איהר איבערגעגעבען, און אז זיא האט קיינמאל פאר מיר קיין סודות ניט געהאט. איך בין אימער געווען דיא ערשטע, אן וועמען זיא האט זיך פערטרויעט. איך ליעב זיא וויא מיין אייגענעס קינד, און ווען עס האנדעלט זיך זיא גליקליך צו

מאכען, ראָן בין איך צו אלעמען בערייט. איך רעכען, אז פון מאָרגען זאָל איך אָנפאנגען איהר נאכצושפירען. וויא זאגט איהר?"

ער האט זיא אָנגעקוקט און געענטפערט:

„ריכטיג, ריכטיג, וואס פריהערע, אלץ בעסער, און, איהר מענט זיכער זיין, אז איך וועל אייך בעלוינען פאר אייער מיה."

„אום גאָטעס ווילען, איהר בעליידיגט מיך!" האט זיא געשריען.

„דומהייטען, איך בעליידיג אייך גאר ניט!"

„וואס קענט איהר מיר דען בעצאָהלען?" האט זיא פלוצלינג געפרעגט ועהענדיג, אז זיא קען איהם ניט נארען.

מאדמאָאזעל שין האט זיך געטראכט, אז זיא וועט געהען צו איהר ארבייט לאנגזאם, און וואס מעהר אונגעדולדיג ער וועט ווערען, אלץ מעהר געלד וועט זיא קענען ארויס ציהען. נאָר אזוי וויא זיא האט זיך געזעהען אין דער געגענווארט פון א מאן, מיט וועלכען מען קען ניט בעטרייבען צו פיעל חכמות, האט זיא בעשלאָסען צו בעשטימען דיא סומע פיר איהר ארבייט.

„אזוי האב איך ליעב," האט נאנטאס בעמערקט. „איך האב פיינד מען זאָל מיר איינרעדען דומהייטען. איך פערלאנג פון אייך א געוויסען דיענסט, דאס קאָסט ארבייט און מיה, און עס מוז בעלוינט ווערען. זאגט אלזאָ דעם פרייז."

מאדמאָאזעל שין האט אנפאנגס פערלאנגט צוואנציג טויזענד פראנקס. אכוראט דיא סומע וואס זיא האט נאך בעדארפט, אָבער נאנטאס האט איהר ער־קלערט, אז דאס איז צו פיעל, און ער האט קיינמאל ניט גערעכענט, אז עס וועט איהם דארפען קאָסטען מעהר וויא א פאאר טויזענד פראנקס.

נאך איינינע מינוטען דינגען זיך, האט נאנטאס איינגעשטימט צו געבען צעהן טויזענד פראנקס.

„אָבער," האט ער געזאגט צום שלוס, „דיעזעס געלד וועט ערשט דאמאלס בעצאָהלט ווערען, ווען איהר וועט מיר ברענגען איבערצייגענדע בעווייזע, ענטוועדער דאס מיין פרוי איז עהרליך אָדער אונעהרליך. איהר מוזט מיך גוט פערשטעהען, מאדמאָאזעל, מיט מיר מאכט מען ניט קיין פוילע שטיק; ווען איך בעצאָהל געלד, וויל איך וויסען ווארום. איך וואָרען אייך אלזאָ פאָראוים, אז איהר מוזט מיר ברענגען אונבעשטרייטבארע בעווייזע."

„איהר מענט זיכער זיין," האט זיא געענטפערט מיט א טייפלישען שמייכעלע, „אז מיך נארט מען אויך ניט. ווען איך וועל אייך ניט קענען איבערצייגען אהין אָדער

צהער, דאן וועל איך עס אייך זאגען, און איך וועל פון אייך קיין זאך פערלאנגען. אבער, איך צווייפעל ניט, אז איך וועל קענען אייער וואונש ערפילען."

„איך בין צופריעדען," האט ער געענטפערט זיך אבווענדענדיג. זיא האט פערשטאנען, אז ער ווינשט מעהר נים איהר געזעגענווארט, און זיא האט פערלאזען דאס צימער.

נאך דיעזער אונטערהאלטונג, האט זיך גאנטאס אביסעל בערוהיגט.

„יעטצט וועל איך אלעס וויסען," האט ער זיך געטראכט. „אין פאל זיא ליעבט מאקי איין אנדערן און גיבט איהם אוועק דיא ליעבע, דאן האב איך ניט וואס צו האפען... ווען זיא איז אבער דעננאך אנשטענדיג, לויט וויא זיא שיינט מיר, דאן וועל איהר ריהרען הימעל און ערד אום זיא צו ערדרייכען און געווינען פיר מיר!"

דריא מאנאט זיינען אזוי פאראיבער. גאנטאס איז געוועזען בעשעפטיגט מיט זעהר א וויכטיגער ארביים, פארבערייטענדיג א פלאן פיר א גאנץ נייעם בודזשעט אין פראנקרייך. מיט דער איינשטימונג פון דעם קייזער, האט ער אויך אובערגע־ארביים דעם גאנצען פינאנציעלען סיסטעם פון לאנד.

ער האט געוואוסט, אז ער וועט שטארק קריטיקירט ווערען דאפיר אין דער דעפוטירטען־קאמער, וואו מען האט זיין סיסטעם ניט געקענט אזוי לייכט פער־שטעהען. אום זיך צו גערעכטפערטיגען, האט ער צו דיעזען צוועק, פארבערייטעט א גרויסע מאסע דאקומענטען מיט בעווייזע, יעדען צו איבערצייגען, אז וואס ער טהוט און האט געטהאן, איז פיר דאס וואהל און בעסטע פון פראנקרייך.

ער האט אפטמאל געמוהט ארביימען דערבייא גאנצע נעכט. דיעזע שווערע ארביים, האט פון איהם פערטריעבען דיא אונגעדולד, און ער האט זיך גענומען צייט צו ווארטען איבער דעם רעזולטאט וועגען זיין פרוי.

ווען ער האט געזעהען מאדמאזעל שין, האט ער זיא איטער אויסגעפרעגט אין קורצען וויא ווייט זיא האט שיין געמאכט פארשריטע אין איהר ארביים.

זיינע פראגען זיינען אונגעפעהר בעשטאנען אין דיעזע ווערטער:

„ווייסט דיא מאדאם, אז מען שפיאנירט איהר נאך?"

„האט דיא מאדאם יעמאנדען בעזוכט?"

„איז זיא געוועזען אין איפפאלענדע פלעטצער?"

מאדמאזעל שין האט אויף אלעמען געענטפערט:

„נאר געדולד, מיין הערר. איך האלט א טאגעבוך, וואו אלעס איז פער־שריעבען און פערצייכענט. פארלויפיג האב איך נאר ברוכשטיקע פון בעווייזע פיר

זאַך דאַנגען. ביז איך וועל ניט קומען צו א בעשטימטען רעזולטאַט, קען איך נאר גאַרניט בעריכטען."

נאַנטאַס האָט צוריק נעקעהרט צו זיין ארבייט, און איז געוועזען זיכער, אז מאַדמאָאַזעל שין, ווען איהם פריהער אָדער שפּעטער ארויף פיהרען אויף א בעשטימטען וועג, אום צו וויסען נענוי וואו ער איז אין דער וועלט.

דיא וואהרהייט איז, אַז מאַדמאָאַזעל שין האָט זיך גוט איבערלייגט דיא גאַנצע געשיכטע און זיך ניט געאיילט אָבצוגעבען א בעשטימטען בעריכט. צעהן טויזענד פראַנקס, האָט זיא איינגעזעהען, איז צו וועניג; זיא האָט בענעטהיגט צוואַנציג טויזענד פראַנקס אום זיא זאָל קענען קויפען דעם נאָטאַר'ס הויז.

אנפאַנגס האָט זיא גערעכענט צו מאַכען א געשעפט מיט פלאַוויע'ן זעלבסט, דאָס הייסט, זיא זאָל בייא איהר אויך פאָדערן צעהן טויזענד פראַנקס אום אָבצוגעבען נאַנטאַס'ן א בעריכט, לוים וויא זיא, פלאַוויע, וואָלט פערלאַנגט; אָבער זיא האָט געקענט צו גוט איהר יונגע מאַדאַם, און זיא האָט מורא געהאַט מיט איהר נאר צו רעדען איבער אזעלכע געשעפטען.

מאַדמאָאַזעל שין, מיט איהרע דורכדרינגענדע אויגען און אויסגעשארפטען פערשטאַנד, איז געוועזען פאָלשטענדיג איבערצייגט, אַז פלאַוויע איז עהרליך, טראָטץ דער געשיכטע וואָס האָט אמאָל פּאַסירט צווישען איהר און מאָנסיע דע פאָנדעט. נאָך איידער נאַנטאַס האָט זיא בעאויפטראַגט מיט דיעזער שליחות, האָט זיא שוין אויך נאָכגעשפּיאָנירט פלאַוויע'ן, ווייל זיא האָט געוואוסט פון דעם סוד, אז אין דער אויסגעלאַסענהייט פון דעם העררן, ליענט אָפטמאָל דאָס גליק פון דעם דיענער. אָבער זיא האָט איינגעזעהען, אז דער ערשטער פאַל פון פלאַוויע'ן, האָט אזוי פערשטאַרקערט איהר שטאָלצע נאַטור, אַז זייט דאַמאָלס, ניט נאָר וואָס זיא האָט ניט געליעבט קיין מענער, זאָנדערן, זיא האָט זייא נאָך געהאַסט.

אונגעאַכטעט דאַרויף וואָס זיא האָט ניט געוואוסט, אַז פלאַוויע לעבט ניט מיט איהר מאַן וויא מאַן און ווייב, וואָלט זיא גאר ניט איבערראַשט געוואָרען, ווען זיא וואָלט ערפאַהרען פון דער וואַהרהייט.

זיא האָט צו גוט געקענט דיא נאַטור פון איהר שעהנע און שטאָלצע ווירטהין.

פלאַוויע האָט געהאַסט אַלע מענער פיר איהר פערגאַנגענהייט, און מאַדמאָאַזעל שין איז געוועזען איבערצייגט, אַז פלאַוויע קען זייא קיין מאָל ניט דולדען, מיט דער אויסנאַהמע פון איהר פאַטער.

אין א טאָג האָט זיא זיך בעגעגענט מיט מאָנסיע דע פאָנדעט.

„וויא נעהט עס אייער ווירטהין?‟ האט ער געפרעגט שטארק פער־אינטערעסירט.

„זיא איז געזונד.‟

„זיא זעהט נאך אוים שעהנער וויא אמאל. ליעבט זיא איהר מאן?‟

דע פאַנדרעט האט געשטעלט מעהרערע פראגען, און מאדמאַאזעל שין האט זיך איבערציינט, אז דע פאַנדרעט איז שטערבליך פערליעבט אין איהר.

עס איז איהר באלד איינגעפאלען א אידעע, וויא אזוי זיא זאל קענען דורכ־פיהרען אָבצונארען דעם מאן מיט דעם געליעבטען, און בייא זייאביידען נעהמען געלד.

„ווירקליך,‟ האט זיא זיך געטראכט, „דאס גליק שפּיעלט מיר צו, אקוראט וויא איך האב געוואָלט. בעסער האב איך מיר נאר ניט געקענט ווינשען.‟

דע פאַנדרעט, אָבוואָהל ער האט קיין געלעגענהייט געקענט געפינען זאָנאר צו רעדען מיט פלאוויע׳ן עטליכע ווערטער, און אָבוואָהל ער האט געוואוסט, אז זיא האסט איהם און האט א מאן, וואָלט ער אוועק געגעבען זיין גאנצעס פערמעגען, ווענינגסטענס נאך אמאל צו בעזיטצען דיעזע פרוי, וועלכע איז אמאל געווען זיינע.

ער איז עס געווען וואס האט אָנגעפאנגען זיך צו האלטען איין עצה, מיט מאדמאַאזעל שין. ער האט זיך מיט איהר עטליכע מאל בעגעגענט, און געשפּיעלט דיא ראָלע פון דעם וויטהענדען פערליעבטען, און געשוואָרען, אז ער וועט בעגעהען זעלבסטמאָרד, ווען זיא וועט איהם ניט העלפען צוריק צו געווינען פלאוויע׳ס ליעבע.

נאך א וואָך צייט, נאכדעם וויא דיא גאָווערנאנטין האט עטליכע מאל ער־קלערט, אז זיא קען ניט האנדלען געגען איהר געוויסען, איז ענדליך געשלאָסען געוואָרען דאס געשעפט. דע פאַנדרעט האט איינגעשטימט איהר צו בעצאָהלען צעהן טויזענד פראנקס, און דאפיר, זאָל זיא איהם אריין ברענגען און בעהאלטען אין פלאוויע׳ס צימער.

„ווען איך וועל איינמאל נאָר זיין מיט איהר אליין,‟ האט ער זיך געטראַכט, „דאַן איז זיא ווידער מיינע. איך געדענק גאנץ גוט וואס עס איז דאמאלס געווען.‟

מאדמאַאזעל שין איז אויף׳ן אנדערן מאָרגען געקומען צו גאנטאס׳ן.

„וואס האט איהר ענטדעקט?‟ האט גאנטאס באלד געפרעגט בלייך ווערענדיג. ער האט בעגריפען, אז זיא איז איהם געקומען אָבגעבען דעם געפאָר־דערטען בעריכט.

אנפאנגס האט זיא איהם נאר ניט געוואָלט מיטטהיילען בעשטימטעס.

„ריא מאדאם בענענענט זיך מיט יעמאנדען,“ האט זיא געזאגט.

„מיט וועמען? וויא אזוי? ווען? האט ער ארויס געשטאמעלט אונגער דולדיג.

זיא האט איהם נאר געוואָלט נייגיעריג מאכען, און ער איז דאדורך געוואָרען שטארק אויפגערעגט.

„מארמאָאזעל!“ האט ער אויסגעשריען, „איך וויל ניט הערען פון קיין ווייבערשע פלוידערייא! זאגט וואס איהר ווייסט! אָבער איך מוז האבען בעווייזע, איך מוז זיין זיכער!“

נאך שווערער מיה האט ער קוים פון איהר ארויס געקריגען דעם נאמען דע פאַנדרעט.

„וויא אזוי ווייסט איהר דאס?“ האט ער געהרגערט.

„איך האב בעווייזע.“

„בעווייזע?“

„יא.“

„וויא אזוי? וועלכע? מארמאָאזעל, שפיעלט זיך ניט מיט מיינע נערווען?“

„אלזאָ,“ האט זיא געענטפערט, „ווען איהר רדיגנט מיך אזוי, דאן בין איך בעריים אייך אלעס צו דערצעהלען, און איך וועל אייך בעטען איהר זאָלט מיר מעהר קיינע פראגען שטעלען. ווען איך האב אייך דערמאָהנט דעם נאמען פון דע פאַנדרעט, האב איך ניט געפלוידערט; דאס איז א טהאַזאכע, און איך גאראנטיר אייך, אז ער וועט היינטיגע נאכט זיין אין דער מאדאם׳ס צימער.“

נאנטאס האט פערשטאנען, אז זיא זאָגט דיא וואהרהייט. ער האט אויך קיינע ווייטערע פראגען בעדארפט שטעלען, און נאכדעם וויא ער האט געפאסט מוטה, האט ער ארויס געשטאמעלט:

„גוט, גוט, איך דאנק אייך.“

ער האט געגעבען א מאך מיט דער האנד אלס צייכען זיא זאָל פערלאָזען דאס צימער, ווייל ער האט מורא געהאט, אז ער וועט מוזען חלש׳ן אין איהר געגענוואָרט.

מארמאָאזעל שין איז געווען אי ערפרייט, אי ערשטוינט איבער דער קורצער אונטערערדונג. זיא איז געווען ערפרייט דערפאר, ווייל זיא האט מורא געהאט, אז

ער ווען זיא געהאטען אויף א שטרענגען פערהער און מיט איהר גאנצער שארפזינניג־קייט, האט זיא זיך געקענט פעררעטהען; און זיא איז געוועזען ערשטוינט ווארום ער האט זיך ניט אינטערעסירט זיא אויסצופרעגען.

מאכענדיג א טרויעריגעס געזיכט, האט זיא זיך אומגעווענדעט און האט פערלאזען דאס צימער. ווען זיא האט פערמאכט דיא טהיר הינטער זיך, האט זיא געשמייכעלט.

גאנטאס האט אויפגעשוידערט, און נאך א לאנגער פויזע האט ער זיך אויפ־געהויבען פון דעם שטוהל. זעהענדיג, אז קיינער איז נישטא אין צימער, האט ער געברומט הויך וויא א פערוואונדעטער טיגער:

„הײנטיגע נאכט... אין איהר צימער...“

ער האט זיך אָנגעכאפט מיט ביידע הענד בייא זיין קאפ און עס האט זיך איהם געדאכט, אז זיין שארבען וועט פלאצען.

„דאס איז שוין צופיעל!“ האט ער אויסגעשריען, „אין דעמזעלבען הויז וואו מיר וואָהנען, איז א בעזונדערע געמיינהייט!“

ניין, ער האט זיך ניט געקענט לאָזען אזוי שענדען און בעליידיגען, און נאך שווייגען. ער האט צוזאמענגעדריקט זיינע צוויא פויסטען, גלייך וויא ער וואָלט זיך שוין פאַרבערייטעט צום קאמפף.

אין זיין וואוטה און אויפרעגונג, האט ער געדענקט פון בעגעהען א מאָרד, צו דערשיסען אָדער דערשטעכען דע פאָגרעט'ן. פלוצלינג האט ער זיך אָבער דער־מאָהנט, אז ער האט נאך פיעל ארביים פערטיג צו מאכען — ארבייט פיר דער רעגיערונג, פיר זיין אמט, וואס ער האט אויף זיך גענומען צו צובערייטען פיר דער רעפוטירטען קאמער.

דרייא מאל האט ער זיך געזעטצט צו זיין שרייב־טיש, און דרייא מאל איז ער אויפגעשפרונגען, גראדע וויא א ניפטיגע שלאנג וואָלט איהם געביסען. דאס בלוט האט געקאָכט און געזאָטען אין זיינע אָדערן און א קאלטער שווייס האט ארויס געזעטצט אויף זיין לייב.

ער האט געשפירט, גלייך וויא יעמאנד וואָלט איהם געצדיגען, ער זאָל דירעקט אריין געהען צו זיין פרוי, און איהר זאָגען, אז זיא איז א פערוואָרפענע, א געמיינע און איין אויסגעלאסענע.

„מיך,“ האט ער געברומט, „האט זיא אפילו ניט צוגעלאָזען זיא צו בעריהרען מיט א פינגער, און איהם, דעם וואס האט זיא אזוי ערניעדריגט, האט זיא זיך

איבערגענעבען מיט איהר גאנצען קערפער — מיט איהר ווייסען און נאקעטען קערפער... און יעטצט, נאך ניט געגוג וואס זיא האט בעטריעבען מיט איהם אין דרויסען, האט זיא איהם אריין געבראכט אהער... אך!"

ער איז צוריק געפאלען אין שטוהל האלב אָהנמעכטיג. ער איז אזוי געזעסען א היבשע צייט פערמאטערט פון דער אויפרעגונג, ביז ער האט זיך שטוואס בערוהיגט.

ווען ער האט ווידער געקענט אביסעל רעגעלמעסיג דענקען, האט ער אויס־גערופען:

„איך שווער, דאס ווען איך וועל זייא באפען צוזאמען, וועל איך זייא ביידע דערוואָרגען!"

ער האט אונטערדעסען אָבגעליינט זיין ארבייט פיר אבענד, און דאס אליין איז שוין געוועזען דער גרעסטער זיעג איבער זיך זעלבסט וואס ער האט ווען עס איז אין זיין לעבען עררייכט.

נאכמיטאג איז גאנטאס אוועק צום קייזער, און פאר איהם פאָרגעליינט דעם גאנצען פינאנין־פלאן וואס ער האט אויסגעארבייט פיר דעם בודזשעט. נאָר אזוי וויא דער קייזער האט געמאכט איינינע בעמערקונגען און איז געוועזען א געגנער פון געוויסע פונקטען, איז גאנטאס געצוואונגען געוועזען דאָרט צו פערבלייבען און בעשפרעכען זיין פלאן מיט אלע איינצעלהייטען. אונטערדעסען, האט ער זיך בעזעהען געצוואונגען צו פערשפרעכען דעם קייזער, אז ער וועט ענדערן א היבשען טהייל פון דעם פלאן.

„ווען מוז דאס פאָרגעליינט ווערען פאר דער קאמער?" האט דער קייזער געפרעגט.

„מאָרגען."

„דאן האב איך מורא, אז איהר האט שוין קיין צייט ניט צו מאכען דיא געטהיגע ענטרעקונג."

„מאיעסטעט," האט גאנטאס געענטפערט, „איך וועל ארבייטען דיא גאנצע נאכט."

דער קייזער האט איהם געדריקט דיא האנד און איהם זעלבסט בעגלייטעט צו דער טהיר, וועלכעס האט בעוויעזען, אז ער איז זעהר צופריעדען מיט איהם.

גאנטאס'ן האט דיא עהרע ניט אינטערעסירט. ער איז ארויס אויף דער גאס,

און ער האט ווידער אָנגעפאַנגען צו דענקען איבער זיין פרוי מיט איהר געליעבטען און איבער דער קריזיס וואס דערנעהנטערט זיך.

„יא, יא," האט ער יעטראכט. „איך וועל אויך פערטיג מאכען דיא ארבייט פארן קייזער. איך האב עס איהם פערשפראָכען און איך וועל האלטען מיין וואָרט. אום האלבע נאכט וועל איך זייא ביידע הרג'ענען, און דאן וועל איך צוריק קעהרען צו דער ארבייט, מיט וועלכער איך וועל פערטיג ווערען ביז אין דער פריה."

ווען נאנטאס איז געגאנגען עסען, איז זיין שווינגער־פאטער און זיין פרוי, שוין געווען ביים טיש. מען איז געזעסען, וויא געוועהנליך, גאנץ רוהיג און פערציהרט דיא מאכלים, גראדע וויא דיא בעסטע פריינדשאפט און צופריעדענהייט וואָלט גע־הערשט נאנטאס האט אפילו געגעסען ווייניגער וויא איין אנדערעס מאל. אבער דאָך האט ער אין זיין בענעהמונג ניט געלאָזען מערקען וואס עס געהט פאָר אין זיינע געדאנקען.

בארָאן דאנוויער האט געעפענט א געשפרעך מיט זיין איידעם איבער דעם נייעם פינאנץ־פלאן, וואס האט דאמאלס אינטערעסירט גאנץ פראנקרייך און אלע צייטונגען האבען דאריבער געשפראָכען.

דער אלטער בארָאן האט ניט איינגעשטימט צו זיין איידעם'ס פינאנץ־אידעען, אָבער ער האט אונטערדעסען צוגעגעבען, אז דיעזע אידעען זיינען זעהר ליבעראל און בעדייטענווערטה.

וועהרענד נאנטאס האט בעענטפערט זיין שווינגער־פאטער'ס פראגען האט זיך איהם געדאכט, אז ער האט געזעהען וויא פלאָוויע'ס אויגען זיינען געווען צו איהם געריכטעט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט, וועלכעס איז ביז דאמאלס ניט געווען דער פאל. נאך מעהר, ער האט זיך עראינערט, אז אין דער לעצטער־צייט, האט זיא צו איהם מעהר געקוקט וויא אימער.

נאנטאס האט געטרויט צוגעבען, אז איהר בליק איז ניט קיין צערטליכער געוואָרען, עס האט אויסגעזעהען, גלייך וויא זיא וואָלט זוכען מיט איהרע אויגען צו לעזען וואס עס געהט פאָר אין זיין זעעלע.

נאנטאס האט זיך דאס געדייטעט, אז נאכדעם וויא זיא בעטריגט איהם אזוי שענדליך, האט זיא מורא, אז זיא איז פיעללייכט פערראטהען.

ער האט אנגעשטרענגט זיין גאנצע זעעלענקראפט, צו בלייבען גלייכגילטיג. ער האט זעהר פיעל געשפראָכען, און זיך בעדיענענדיג מיט דיא בעסטע אר־גומענטען, האט ער בעוויזען דעם אלטען באראָן, אז ער זאָל מיט איהם איינשטימען צו זיין פלאן.

פלאַווין האָט אימער צו איהם געקוקט זעהר אויפמערקזאַם, און גרעדע דאַ מאָלס, ווען ער האָט זיך בעדיענט מיט דעם פיינסטען אַרגומענט וואָס האָט איבערציינט דעם אַלטען מאַן, איז אַריבער געפלויגען איבער איהר שעהנעם געזיכט זעהר אַ צערטליכע טיענע.

נאַטאַשאַ האָט דאָס גוט בעמערקט.

אין זיין שטודיר־צימער, איינער אַליין, פערטיעפט אין אַ וועלט מיט געדאַנקען, איז נאַטאַשאַ געזעסען און שווער געאַרבייט ביז אַרום האַלבע נאַכט.

זיין אַרבייט האָט איהם אָנגעפאַנגען אַזוי צו פּעראינטערעסירען, דאָס ער האָט אָנגעפאַנגען לאַנגזאַם צו פערגעסען אַן אַלעמען, און נאָר זיין פּלאַן, זיין פינאַנץ־אידעע, האָט געלעבט. ער האָט פאַר זיך געזעהען זיין פינאַנץ־מאַשין וואָס ער האָט צוזאַמענגעשטעלט ראָד צו ראָד און האָקען צו האָקען, ביז ער איז געוועזען איבערציינט, אַז זאָ שנעל וויא ער וועט בעריהרען דיא געטהיגע ספּרוושינע, וועט אַלעס געזעטצט ווערען אין בעוועגונג.

ער האָט זיך געפרייט דערמיט וויא יעדער ערפינדער אָדער פּערפאַסער, וואָס שאַפט אַ נייע און גוטע קונסט־זאַך.

ווען דיא אוהר האָט געשלאָגען צוועלף, האָט ער שנעל אויפגעהויבען זיין קאָפּ. עס איז געוועזען דער צייכען וויא פאַר אַ פּעראורטהיילטען צום טויט, ווען מען וועקט איהם אויף פון שלאָף און מען זאָגט איהם: „קום, דיא תליה שטעהט פערטיג!“

אַ טויטע שטילקייט האָט געהעררשט אין גאַנצען הויז.

דאַן האָט ער זיך פּלוצלינג דערמאָהנט אַן אַלעס.

„דאָס פערברעכען פון ניאוף ווערט יעטצט דאָ בעגאַנגען אין דער דונקעלהייט און שטילקייט פון דער נאַכט.“ אַזוי האָט ער געמורמעלט צו זיך אַליין.

ער האָט זיך געוואָלט אויפהויבען, נאָר ער האָט ניט געקענט. ער האָט אַוועק געלייגט זיין פען, און זיך אָנשטרענגענדיג, האָט ער זיך אויפגעהויבען. ער האָט געמאַכט איינינע שריט.

אַ קאַלטקייט האָט איהם פּלוצלינג ערגריפען, און ער האָט אויפגעשוידערט, גלייך וויא מען וואָלט איהם אָבגעגאָסען מיט אייזוואַסער אויף'ן נאַקעטען לייב.

ער איז געשטאַנען אַ פּאָאַר סעקונדען אויף'ן פּלאַטץ און דאָס פיעבער אין זיין קערפּער האָט זיך געוועקסעלט פון קעלט אויף היטץ. זיין געזיכט איז ווייס געוואָרען און פון זיינע אויגען האָט זיא געשאָסען מיט פייער.

ער האט אויסגעשטרעקט זיין האנד, גענומען די טהיר, און איז פארזיכטיג ארויס פון זיין צימער.

נאנטאס איז געגאנגען דירעקט צו זיין פרוי'ס שלאף־צימער.

פלאוויע האט אין יענעם אבענד פריה ענטקלאסען איהר קאמער־מעדכען. זיא איז געווען אונגעוועהנליך אונרוהיג און געוואלט זיין אליין.

ביז ארום האלבע נאכט האט זיא פערוויילט אין א קליינעם זאלאן, פון וואנען א טהיר האט אריין געפיהרט אין איהר שלאף־צימער. זיא האט זיך אוועק געלייגט אויף א סאפא און גענומען לעזען א בוך. אבער די בוכשטאבען פון דעם בוך האבען געטאנצט פאר איהרע אויגען, און זיא האט אפילו נים איבערגעלעזען די ערשטע שורה. דאס בוך האט זיך דאן ארויס געגליטשט פון איהרע הענד און זיא איז געבליעבען ליעגען קוקענדיג פערטראכט.

איהר שעהנעס געזיכט האט פערלוירען די שטרענגע מיענע און איהרע ציגע האבען אויסגעדריקט צערטליכקייט. צייטענווייז האט זיך אויך בעוויעזען א זיסער שמייכעלע אויף איהרע ליפען.

עס איז נים מעהר געווען דיעזעלבע פלאוויע וואס נאנטאס האט אזוי אפט געזעהען.

„אך!" האט זיא געזיפצט.

מיט איהר ווייסע האנד האט זיא בעריהרט איהרע אויגען, און עס שיינט, אז זיא האט פון דארט אבגעווישט א טרער, דען איהרע פינגער זיינען עטוואס נאס געווארען.

„עס איז א קאמישע אבער שלעכטע וועלט," האט זיא געמורמעלט. „מען ליידעט און מען קען נים געניעסען דאס לעבען וואס ערשיינט פיר מאנכע אזוי זיס..."

נאר זיא אליין האט געוואוסט וואס זיא מיינט. דאן האט זיא זיך וויעדער פערטראכט.

פלוצלינג איז זיא אויפגעשפרונגען פון דער סאפא.

יעמאנד האט אנגעקלאפט:

זיא האט זיך גלייך געמאכט די צוקנייטשטע קליידער און איז צוגעגאנגען צו דער טהיר.

„ווער איז דארט?" האט זיא געפרעגט.

„איך," איז געווען דער ענטפער אין א הייזעריגער שטימע.

פלאוויע האט די הייזעריגע שטימע נים דערקענט.

„ווער ?" האט זיא נאך אמאל געפרענט.

„מאכט אויף דיא טהיר," איז געקומען דער ענטפער.

פלאוויע האט דערקענט נאנטאס'עס שטימע.

זיא איז געוועזן א'בערראשט, און האט מעכאניש געעפענט דיא טהיר.

נאך ניעמאלס, זייט איהר האכצייט, איז איהר מאן געקומען צו איהר צימער, איבערהויפט אזוי שפעט אין דער נאכט.

ער איז אריין ציטערענדיג. זיין געזיכט איז שוין ווידער געוועזן בלאס. דער צארן האט איהם בעזיענט.

מאדמאאזעל שין, וועלכע האט איהם ערווארטעט אין קאררידאר, האט מיט עטליכע סעקונדען פריהער איהם איינגערוימט אין אויער:

„מאנסיע דע פאנדעט איז שוין זייט צוויא שטונדען אין צימער."

אין זיין וואוטהע, האט עס נאנטאס'ן געפרייט, וואס ער האט ענדליך ערורייכט א געוויסען פונקט פון געוויסהייט.

פלאוויע האט איהם בעטראכט מיט ערשטוינונג. זיא האט גאר ניט גע־שפראכען און גאר ערווארטעט צו הערען וואס ער וויל מיט זיין בעזוך. זיא האט זיך גאנץ גוט געמערקט, אז ער האט איהר עפעס וויכטיגעס מיטצו־טהיילען.

„מאדאם," האט ער אנגעפאנגען, „דא, ביי אייך אין צימער, געפינט זיך א מאן בעהאלטען."

פלאוויע האט איהם אויף'ן פלאטץ ניט געענטפערט. א מאן ביי איהר צימער? דיא אידעע איז געוועזן צו לעכערליך און זיא האט איהם בלויז צוגעווארפען א פעראכטענדען בליק.

נאנטאס האט אבער געווארט אויף איין ענטפער. ענדליך האט פלאוויע געמורמעלט:

„מיין הערר! איהר זייט פערריקט!"

נאכדעם וויא ער האט געהערט איהר ענטפער, האט ער שוין מעהר ניט געווארט מיט איהר ווייטער צו רעדען דאריבער, און האט אנגעפאנגען אריין צו געהען אין איהר צימער.

פלאוויע, זיך שפירענדיג בעליידיגט אויף דער העכסטער שטופע, איז זיא צוגע־שפרונגען צווישען איהם און דיא טהיר, און אויסגעשריען:

„איהר זאלט ניט אריין געהען... ניין! ניין! איהר האט קיין רעכט ניט! איך בין דא אין מיינע אייגענע צימער, און איך פערבימע אייך אריין צו געהען!"

ציטערענדיג פאר וואוטה און אויסזעהענדיג ווִיא א געטטין דער ראכע, האט זיא זיך געשטעלט אויף דער שוועל פון דער טהיר און איהם ניט געוואָלט לאָזען ווייטער געהען.

זייא זיינען געשטאנען בעוועגונגסלאָז, איינער נעגען אנאנדער, זיך קוקענדיג דירעקט אין דיא אויגען.

גאנטאס, מיט איין אויסגעשטרעקטען האלז און מיט אויסגעשטרעקטע הענד, איז געזוען בערייט זיך אויף איהר צו ווארפען, ווען זיא וועט איהם ניט לאָזען דורכ־געהען.

„געהט אוועק פון דאנען!" האט ער געב־זומט וויטהענד, „איך בין שטארקער, און אייער הינדערניס וועט מיך ניט שטערען. געהט אוועק זאג איך!"

„ניין, ניין! איהר זאָלט ניט אריין געהען! איך וועל עס ניט ער־לויבען."

ער האט צוזאמענגענומען זיין גאנצע קראפט פון בעהעררשונג און ווידער־האָלט:

„בייא אייך אין צימער געפינט זיך א מאן בעהאלטען... איך זאג א מאן..."

זיא האט אויפגעצויגען מיט דיא אקסלען, און זיא האט עס ניט געפונען פיר נעטהיג, זאָגאר אָבצולייקענען.

דאן, ווִיא ער האט געמאכט א שריט פאָרווערטס, האט זיא געזאגט:

„גוט, אלזאָ, לאָמיר זאגען, אז דאָ געפינט זיך א מאן, וואס קימערט עס אייך? בין איך ניט פרייא צו טהון וואס איך וויל?"

בייא דיעזע ווערטער האט ער זיך צוריק געצויגען ער האט געשפירט גראדע ויא יעמאנד וואָלט איהם געפאטשט אויף דיא באקען.

עס איז אמת, האט ער זיך געטראכט, זיא האט רעכט, און ער דארף זיך ניט מישען און אפילו ניט פראָטעסטירען. דאס איז געוועזן דיא בעדינגונג צווישען זייא ביידע, צו וועלכען ער האט פרייוויליג איינגעשטימט.

א קאַלטער שוידער איז ווידער געלאָפען איבער זיין קערפער.

יא, ער האט איינגעזעהען, אז זיא שפיעלט דיא גרעסטע ראָלע אין דער דראמא, און ער אליין שפיעלט א סצענע, וואס פאסט פאר א נארישעס קינד מיט דומע פרעטענזיעס.

ער, דער ענערגישער פינאנץ־מיניסטער, דער מאן פון עהרע, האט געבראָכען

דעם קאָנטראקט; ער האנדעלט נים נאך דיא אָבגעמאכטע פונקטען, און נאר זיין ליידענשאפטליכע ליעבע טרייבט איהם זיך צו מאכען לעבערליך.

ווארום איז ער נים געבליעבען בייא זיין ארבייט? האט ער זיך געפרענט מיט וועלכען רעכט קומט ער קאָנטראָלירען איהרע טהאטען?

דאס בלוט איז פערשוואונדען געוואָרען פון זיינע באקען.

ווען פלאוויע האט בעמערקט אין זיין געזיכט וואס פאר א שטורם עס געהט פאָר אין זיין זעעלע, האט זיא געשפירט איין אונגעהייערעס מיטלייד מיט איהם. זיא האט זיך אָבגעווענדעט אויף א זייט ער זאָל נים זעהען וויא איהרע אויגען האבען אָנגעפאנגען צו גלענצען מיט טרערען.

„ווען איהר האט זיך איינגעשפארט,“ האט זיא געזאגט מיט א טאָן פון גלייכגילטינקייט, „דאן זוכט ועמען איהר ווילט.“

בייא דיעזע ווערטער, האט זיא גענומען א לאָמפ פון דעם טיש אין זאלאָן, און איז אריין אין צימער. האלטענדיג דעם לאָמפ אין דער הויך, אום אלעס צו בעלייכטען.

נאנטאס איז געבליעבען שטעהען אויף דער טהיר צענערענדיג.

דאן האט ער געמאכט א צייכען מיט דער האנד, אז עס איז מעהר נים נעמהיג ער זאָל זוכען.

„ניין, ניין,“ האט זיא געדרונגען, „דאס וויל איך נים.

„נים נעמהיג,“ האט ער געענטפערט ערבימערט.

„יעטצט,“ האט זיא געזאגט, „וועל איך אייך נים ארויס לאָזען פון דעם צימער, ביז איהר זאָלט זיך איבערצייגען, אז איהר האט מיך בעליידיגט.“

נאנטאס וואָלט אוועק געגאנגען, ווען פלאוויע'ס געזיכט, מיט איין אויסדרוק פון מיטלייד, וואָלט איהם נים אינטערעסירט.

ער. איז געשטאנען און געקוקט וויא זיא האט געעפענט א פאאר שראנקען און געזאָגט:

„קוקט, זעהט, וואו איז דער וואס איהר זוכט?“

דאן איז זיא צוגעגאנגען צום בעט און אויפגעהויבען דעם פאָרהאנג.

פאר זייערע ביידען'ס אויגען איז ערשיענען דע פאָגרעט זיטצענדיג אויפ'ן בעט און ציטערענדיג.

פון פלאוויע'ס ברוסט האט זיך ארויס געריסען א ווייטהענדער געשרייא:

„אך!“

זיא האט מורא געהאט, אז זיא וועט ארונטער לאזען דעם לאמפ אויף דער ערד און זיא האט איהם אוועק געשטעלט אויף'ן טיש.

זיא האט געבליקט אויף נאנטאס'ן, און מיט א געבראכענע שטימע האט זיא געמורמעלט:

„עס איז וואהר, יא, יא, עס איז וואהר, דיעזער מאן איז דא געווען. אבער איך האב עס ניט געוואוסט. איך שווער אייך בייא מיין לעבען און ביים לעבען פון מיין אלטען פאטער, אז איך האב דערפון ניט געוואוסט."

זיא האט געציטערט.

נאנטאס האט געשוויעגען.

נאך א גרויסער אנשטרענגונג, האט זיא זיך עטוואס בערוהיגט. עס האט אויסגעזעהען, אז אין איהר שטאלץ, האט זיא זאגאר בערייהעט באלד, ווארום זיא האט זיך פערטהיידיגט.

זיא איז צוגעגאנגען א שריט פארווערטס, און וויעדער אמאל אדרעסירענדיג נאנטאס'ן, האט זיא געזאגט קאלטבליטיג:

„איהר האט רעכט געהאט, מיין הערר, און איך בעט אייך אום ענט־שולדיגונג."

אין דערזעלבער צייט האט זיך מאנסיע דע פאנדעט געפונען אין זעהר איין אונאנגענעהמער לאגע. ער האט אויסגעזעהען זעהר דום, און ער וואלט בעצאהלט א היבשע סומע געלד דערפאר, ווען נאנטאס וואלט אין כעס געווארען, דאמיט ער זאל ציינען, אז ער איז ניט קיין פיינגלינג.

נאנטאס האט אבער קיין ווארט געשפראכען. זיין געזיכט איז בלויז בלאסער געווארען וויא פריהער.

ער האט צוגעווארפען איין אונבעדייטענדען בליק דע פאנדעט'ן, דאן האט ער זיך געווענדעט צו פלאוויע'ן און זיך פערנייגט.

„מאדאם," האט ער געזאגט מיט א ציטערענדער שטימע, „ענטשולדיגט מיר, איהר זייט פרייא."

בייא דיעזע ווערטער האט ער זיך אבגעווענדעט, און פערלאזען דאס צימער.

א גאנצע ענדערונג האט אין איהם איינגעטרעטען; בלויז דיא מאשין פון זיין קערפער איז נאך געווען טהעטיג.

ווען ער איז אריין געקומען צוריק אין זיין שטודיר־צימער, האט ער ארויס

געצויגען א טאשענטוך פון זיין קעשענע און זיך אָבגעווישט דעם שוויים פון זיין שטערן מיט דיא טרערען פון זיינע אויגען.

דאן איז ער צוגעגאנגען צו א טישעל, וואו ער האט געעפענט א שופלאדען און ארויס גענומען א רעוואָלווער.

ער האט בעטראכט דעם בלאנקען רעוואָלווער אין שיין פון ליכט, גלייך וויא ער וואָלט זיך מיט איהם בעראטהען וואס עס איז צו טהון.

„דוא ביסט איין ערלעזער,“ האט ער געטענה'עט צום רעוואָלווער, „דוא קענסט איינעם רעטען פון דער גרעסטער נויט. אין דיר ליגען קאלטע בלייענע פילען, וואס פאסען פאר אזא געהירן וויא איך האב. גוט, איך וועל מאכען איין ענדע. עס איז גענוג! מעהר קען איך ניט ערטראגען. יא, יא, איך בין דער יענינער וואס מוז פלאטץ מאכען.“

ער האט צוריק אויפגעצויגען דעם לאָמפּ וואס האט געברענט צו ניעדריג און זיך צוריק געזעטצט צום שרייב־טיש. דעם רעוואָלווער האט ער אריין געלייגט אין קעשענע.

ער האט בעמערקט וויא ער איז געבליעבען שטעהען אין מיטען פון א פראזע, און אָהנע צו צענערן, האט ער ווידער אויפגענומען דעם שטראָם פון זיינע גע־דאנקען און פאָרטגעזעטצט זיין ארבייט.

אין צימער האט געהעררשט א נייסטער־שטילקייט, וועלכע איז נאָר אונטער־בראָכען געוואָרען פון דעם שנעלען קריטצען מיט דער פען אויף'ן פאפיר.

ער האט פערטיג געמאכט איין בלאט, דאן דאס צווייטע, דריטע, ביז ער האט אָנגעשריעבען א גאנצען הויפען פאפיר.

ווען נאכמאס האט פערלאָזען פלאָוויע'ס שלאָף־צימער, האט זיא זיך געווענ־דעט צו דע פאָנדעס'ן.

„וואס טהוט איהר דאָ?“ האט זיא געפרעגט שרעקליך אויפ־ערעגט.

„איך... איך...“

„וואס טהוט איהר דאָ?“ האט זיא ווידערהאָלט.

דע פאָנדעס האט געלעזען אין איהר געזיכט א ווילדע וואוטה און פער־צווייפלונג.

„ארונטער פון בעט!“ האט זיא בעפוילען.

וויא א געשלאָגענער הונד האט ער זיך ארונטער גערוקט פון בעט, און איז געבליעבען שטעהען ניט וויסענדיג וואס ער זאָל טהון.

„ווי קומט איהר אהער?" האט זיא ווייטער נעפרעגט.

ער האט געשוויעגען.

„ענטפערט!"

„מאדמאַזעל שין..."

„גענוג!" האט זיא איהם אונטערבראָכען. „איך פערשטעהע. אָבער איידער איהר געהט, מוז איך אייך זאָגען וואס איך דענק איבער אייך: איהר זייט דיא פערדאָרבענהייט זעלבסט, איין אויסוואורף דער נאַטור, דיא שאַנדע פון אלע מענער, געוויסענלאָז, אבשייליך און פערוואָרפען. געהט!"

„אָבער פלאוויע," האט ער אָנגעפאַנגען וועלענדיג זיך פערטהיידיגען.

„געהט, לומפּ!" האט זיא געדונערט.

זיא איז צונעגאַנגען און געעפענט דיא טהיר, איהם ציינענדיג מיט דער האַנד ער זאָל ארויס געהען.

„מאדמאַזעל שין וועט אייך שוין בעגלייטען ארויס," האט זיא ווייטער געזאָגט. „זיא וואַרט וואַהרשיינליך אויף אייך. געהט!"

ער איז ארויס.

פלאוויע איז דאַן געבליעבען שטעהן ניעדערגעשלאָגען און געבראָכען אין איהר שטאָלץ.

„דאס שיקזאל איז אונבאַרמהערציג," האט זיא געמורמעלט וועה־מיטהיג.

זיא האט זיך אוועק געזעטצט אויף א שטוהל און אויסגעבראָכען אין געוויין.

איין אונגעהייערער קאָפּ־שמערץ האט זיא ערגריפען, און זיך אויפהייבענדיג, איז זיא אריין אין זאַלאָן און ארונטער גענומען א פלעשעל קאָלאָן־וואסער פון דעם טאָאַלעטען־טיש, מיט וועלכען זיא האט זיך געוואַשען.

דאס האט זיא אביסעל ערפרישט.

פלאוויע איז געזעסען און געדענקט א היבשע צייט, דאַן האט זיא זיך אויפגעהויבען און געטרויערט, האט זיא פערלאָזען דעם זאַלאָן. זיא איז ארויס אין קאָרידאָר, און אויף דיא שפּיטץ־פינגער, האט זיא זיך דערנעהנטערט צו גאַנטאַס'עס צימער.

דיא טרערען זיינען ווידער געלאָפען פון איהרע אויגען.

זיא האט זיך צוגעבויגען צום שליסעל־לאָך און געקוקט.

נאנסאס איז נאך אימער געזעסען נעבען טיש און געשריבען. אויף זיין געזיכט איז געלעגען א זעלטענע בערוהיגונג. דאן האט זיא געזעהען וויא ער האט אוועק געלייגט דיא פען און ארויס גענומען דעם רעוואלווער פון דער קעשענע, יעלכען ער האט אוועק געלייגט אויף'ן שרייב־טיש.

ער האט געבליקט צום רעוואלווער און עפעס געמורמעלט וואס זיא האט ניט געהערט.

דיא שיין פון לאמפ האט מערקווירדיג געגלענצט אין דעם בלאנקען רעהר פון דעם רעוואלווער.

דאן האט ער ווידער גענומען דיא פען און פארטגעזעטצט זיין ארבייט.

5.

דאס הויז מיט דעם האטעל און א פאאר הייזער דערבייא, זיינען שוין לאנג געהערן נאנסאס'עס אייגענטהום, וועלכעס ער האט אבגעקויפט פון זיין שוויגער־פאטער און פון דיא שכנים.

דעם האטעל האט ער אנפאנגס אבגעקויפט דורך א קאפריז. ער האט געוואלט, אז דאס דאך־שטיבעל, פון וועלכען ער האט זיך אמאל געוואלט ארונטער ווארפען ווען ער איז געקומען נאך פאריז, זאל געהערען צו איהם.

זייט דער צייט וואס זיין שיקזאל האט איהם אזוי געגליקט, פלעגט איהם איינפאלען ארויף צו געהען אין דעם דאך־שטיבעל, זיך דארט צייטענווייז פער־טליעסען אויף א שטונדע אדער צווייא און דענקען.

עס איז געווען דאסזעלבע שטיבעל וואו ער האט אמאל אזוי פיעל געליטען, און אין דיעזען שטיבעל, האט ער אויך געוואלט טריומפירען איבער אלעס וואס איז איהם געשטאנען אין וועג.

אין דיעזען שטיבעל, האט זיך נאנסאס איינגעבילדעט, קען ער דענקען און טראכטען אונגעשטערט; און עס איז אויך א טהאטזאכע, אז זיינע העכסטע פלענער, האט ער דארט אויסגעארבייט.

ווען ער פלעגט אריין קומען אין שטיבעל, האט ער זיך באלד דערמאהנט וואס ער איז אמאל געווען, און אין זיין פאנטאזיע האט ער זיך פארגעשטעלט א מענטשינע לייטער, וויא אזוי ער האט געשטיגען אימער פארווערטס און פאר־ווערטס.

אין דיעזען שטיבעל יעטצט, נאך דער לעטצטער שוידערהאפטער נאכט, איז

טאנטאס נאך אמאל געזעסען און אַנגעפאנגען איבערצוזעדעקען זיין לאגע. ער האט זיך עראינערט אן דער צייט, ווען ער האט געוואָלט בעגעהען זעלבסטמאָרד, ווייל עס האט איהם געפעהלט אויף א מיטאג, און וויא ער האט בעשלאָסען צו בעגעהען זעלבסטמאָרד יעטצט, ווען עס ליעגען מיליאָנען צו זיינע פיס.

„עס שיינט אַלזאָ,“ האט ער געזאָגט צו זיך אליין, „אז ניט געלד מאכט גליקליך דעם מענשען. זאָל עס ווירקליך מעגליך זיין, אז דער מענש איז ניט גע־שאפען געוואָרען אַנצוהויפען אוצרות מיט גאָלד? איז עס מעגליך, אז ניט אין מיליאָנען ליעגט דער הערצענס־וואונש? ניין, ניין, ניט אין דעם, ניט אין דעם!“

זיין געזיכט איז געווען דונקעל־בלאס און זיינע ליפען האבען אויסגעזעהן וויא פערברענט.

נאנטאס איז ניט פערטיג געוואָרען מיט זיין ארבייט, ביז אכט אוהר מאָרגענס. מורא האבענדיג, אז ער וועט איינשלאָפען פאר מידקייט, האט ער זיך אָבגעוואשען דאס געזיכט מיט קאַלטעס וואסער אייניגע מאָל. ווען ער האט זיך געשפירט ער־פרישט, האט ער ווייטער געארבייט.

דאן האט ער געלאָזען רופען אייניגע פון זיינע אנגעשטעלטע, און האט זייא איינציגווייז געגעבען פערשיעדענע בעפעהלע וואס זייא האבען ווייטער צו טהון.

ווען זיין סעקרעטער איז ערשיענען, האט ער מיט איהם געהאט א לענגערע אונטעררעדונג.

„הערט מיך אויס,“ האט ער געזאָגט צום סעקרעטער, וועלכער איז געווען א געניטער מענש. „איך האב דאָ פערטיג געמאכט מיין ארבייט.“

„איך זעה,“ האט דער סעקרעטער געענטפערט.

„איך מוז בלייבען אין דער היים.“

„אין דער היים?“

„יא, ווייל איך פיהל היינט ניט גוט.“

„קיין וואונדער נאך אזא שווערע ארבייט.“

„אלזאָ, איך וויל איהר זאָלט מיך פערשטעהן.“

„איך בין זעהר אויפמערקזאם.“

„גוט. אַלע דיעזע דאָקומענטען וואס איהר זעהט דאָ, מוזען פריהער געבראכט ווערען צום קייזער.“

„ניט אין דער רעפּוטירטען־קאמער?“

„דאס וועט נעשעהען נאכדעם.“

„איך פערשטעה.“

„איהר וועט זייא ברענגען צום קייזער און ער וועט זייא דורכלעזען. ווען איך האב ניט קיין אירטהום, דאן קענט איהר גאנץ גוט אלע מיינע פלענער.“

„יא, אזוי גלויב איך.“

„ווען דער קייזער וועט עפעס ניט גענוי בעגרייפען אדער גלאט שטעלען אנווענדונגען, דאן זאלט איהר וויסען, אז עס איז שוין צו שפעט צו מאכען ענדערונגען, ווייל אום 1 אוהר וועט דיא בודושעט־פראגע אנפאנגען פערהאנדעלט צו ווערען אין דער קאמער. לויט נאך מיינע אנזיכטען, דארף קיין איינציגע ענדערונג געמאכט ווערען. איהר וועט עס מענען זאגען דעם קייזער אין מיין נאמען. דאן זאלט איהר גלאט זעהען איהם איבערצורעדען און בעוועגען ער זאל אזוי ענקען ווי איך.“

„איך וועל אזוי טהון,“ האט דער סעקרעטער געענטפערט.

„גוט, דאן נעהמט אלע פאפירען און נעהט זאפארט. אין פאל מען וועט אייך נאך ניט וועלען צו לאזען צום קייזער, ווייל עס איז צו פריה, זאלט איהר הייסען מען זאל אייך צו שיקען דעם אדיוטאנט ל. אדער ב. און זייא זאגען אין מיין נאמען, אז דער קייזער וועט ניט ברוגז ווערען, ווען מען וועט איהם אפילו אויפ־וועקען.“

דער סעקרעטער האט נעשאקעלט מיט'ן קאפ צום צייכען, אז ער פערשטעהט אלעס, און צהאמען נעהמענדיג דיא פאפירען, איז ער אוועק.

דאן האט נאנטאס זיך געטראכט, אז ער איז פערטיג געווארען מיט אלע זיינע ארבייטען און אלעס איז געבראכט אין ארדנונג.

ניין, ער האט ניט געוואלט שטארבען און איבערלאזען א תוהרובוהו אין זיינע געשעפטען; ער האט געוואלט מען זאל איהם נאכזאגען, אז ער איז גע־שטארבען מיט איבערלעגונג.

„יעטצט בין איך פרייא,“ האט ער געמורמעלט, „איך בעלאנג שוין ניט צו קיינעם, נאר צו מיר אליין. פלאוויע'ן ליעב איך, נאר זיא האסט מיך. פיעללייכט האט זיא רעכט מיט איהר האנדלונג, אבער איך ליעב זיא דאך. פיר מיין ליעבע, לאז איך איהר איבער איין אוננעהייערעס פערמענען. זאל זיא עס געניעסען אהן מיר, ווען זיא קען ניט לעבען מיט מיר. איך אהן איהר, קען ניט זיין. איך וועל שטארבען ווייא עס פאסט פיר מיר; קיינער וועט מיר ניט קענען נאכזאגען, אז איך

האב איהם בעשווינדעלט. אלע מיינע ביכער זיינען אין אָרדנונג, און דיעזע וואס האבען זיך אין מיר פערטרויעט, וועלען קיין היזק ניט ליידען."

דיא אוהר האט געשלאָגען ניין.

דיא צייט איז געקומען ער זאָל טהון זיין לעטצטע ארביים. ער האט גענומען דעם רעוואָלווער פון דעם שרייב־טיש, איהם ווידער אריין געלייגט אין קעשענע, און אָנגעפאנגען ארויף צו געהען אין צימער, וואו ער האט געהאט אויסצוטרינקען דעם לעטצטען בימערן בעכער פון שיקזאל.

נראדע דאמאלס האט יעמאנד אָנגעקלאפט לייכט אין דער טהיר.

„אנטרעע!" האט נאנטאס געזאָגט פאלקאָמען רוהיג.

מאדמאָאזעל שין איז ערשיענען.

דיא איז געווען אָנגעצויגען אין א שטראסען־קלייד און עס האט אויסגעזעהן, אז זיא קומט ניט פון הויז.

„גוט מאָרגען," האט זיא געזאָגט העפליך.

ער האט איהר געענטפערט און פערשטאנען צו וועלכע צוועס זיא איז געקומען.

„איהר ווייסט דאָך, וואהרשיינליך," האט זיא אָנגעפאנגען, „אז איך בין ענטלאָסען."

„ענטלאָסען?" האט ער געפרעגט ערשטוינט.

„יא."

„פון וועמען?"

„אייער פרוי האט מיר נאך געהייסען לעטצטע נאכט אוועק געהען פון דאנען."

„ווירקליך? ווארום?"

„זיא האט זיך אָנגעשטויסען ווער עס האט זיא פערראטהען."

„הם," האט ער געברומט.

„איהר וועט מיר אלזאָ ענטשולדיגען," האט זיא ווייטער געזאגט, „ווארום איך בין געקומען אזוי פריה צו אייך. איך פאָהר באלד אוועק, און ניט האבענדיג מעהר קיין פּאָסטען אין פּאריז, וויל איך מיך צוריק ציהען און אָבלעבען מיינע יאָהרען רוהיג."

נאנטאס איז צוגעגאנגען צו א שופלאָדען, אויפגעשלאָסען און ארויס גענומען צעהן טויזענדער, וועלכע ער האט זייא אוועק געלייגט אויף'ן טיש.

ווא האט גלייך צוגעמטען ראס געלה, און אָהנע ווייטער צו רעדען א וואָרט, האט זיא איהם געוואונשען „אדיע" און איז ארויס.

„אויף א פרדי," האט ער געמורמעלט איהר נאכקוקענדיג.

ער איז דאן ארויס אין קאָרידאָר.

„פאפא! פאפא!" האט זיך געהערט א יונגע קינדער־שטימע.

א אינגעלע פון א יאָהר צעהן, מיט פרישע און רויטע באקען, איז צו איהם צוגעשפרונגען און אָנבאפענדיג זיין האנד, האט ער זיא געקושט.

עס איז געווען פלאָוויע'ס קינד און דע פאָנדעט איז געווען זיין פאטער.

ושול, דאס קינד, האט געקענט נאנטאס'ן פאר א פאטער, און ער האט איהם זעהר ליעב געהאט.

נאנטאס זעלבסט, אָבוואָהל דאס איז ניט געווען זיין קינד, האט ער איהם אויך זעהר געליעבט, פון דער לאנגער געוואָהנהייט זייענדיג צוזאמען.

„וואוהין געהסטו, פאפא?" האט ער געפרעגט.

נאנטאס האט ניט געוואוסט וואס ער זאָל ענטפערן דעם אונשולדיגען קינד.

„איך האב צו טהון, ושול," האט ער ענדליך ארויס געשטאמעלט. „נעה, נעה, דיין לעהרער קומט באלד."

„אך, פאפא!" האט דאס קינד ווייטער געזאגט, „דוא זעהסט אויס אזוי בלייך! ביסטו קראנק?"

„ניין."

„דאן לאָמיך דיר געבען איין קוש און איך געה."

נאנטאס האט דאך ניט געקענט העלפען, און זיך אָנביינענדיג, האט איהם דאס קינד ארום געכאפט און געקושט ער האט ערווידערט דעם קוש, און פאר דיינע אויגען האבען געגאָסען הייסע טרערען.

„דוא ווינסט, פאפא?" האט דאס קינד געפרעגט.

„ניין, ניין, ושול," האט ער געענטפערט, „איך וויין ניט. געה, געה, פאר בערייטע דיין לעקציאָן."

ער האט זיך לאנגזאם בעפרייעט פון דעם קינד און איז אוועק.

פון צווישען א שפאלט פון א טהיר, האבען נאך צווייא פערוויינטע אויגען נאכגעזעהען דיעזע סצענע. עס איז געווען פלאָוויע.

אין נאנטאס האט זיך געזעהען פריא, איז ער שנעל ארויף דיא טרעפען און

איז אריין אין דעם קליינעם ראך־שטיבעל. אין זיין איילעניש, האט ער געלאזט שטעקען דעם שליסעל אין דער טהיר.

אין צימערל איז קיין זאך געווען געוועקסעלט. דאסזעלבע צעררויסענע פאפיר האט בעדעקט די ווענט; דאס אלטע בעט, דער טיש און דער שטוהל, זיינען נאך געשטאנען אויף זייער אלטען פלאץ. דערצו האט נאך געשמעקט שימעל דערפון וואס דאס צימער איז שוין לאנג ניט אויסגעלופטערט געווארען.

גאנטאס איז געבליעבען שטעהן, דאס אלעס בעטראכט און די ערינערונג פון דער פערגאנגענהייט האט ווידער אין איהם אויפגעלעבט. ער האט זיך דער־מאהנט, אז אמאל, מיט גענויע 12 יאהר צוריק, איז ער געשטאנען אין דעמזעלבען צימער, עלענד, ארעם און הונגעריג, ניט האבענדיג אפילו אויף א שטיקעל ברויט.

ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער, ארויס געקוקט, און געזעהן נאך אמאל דאסזעלבע בילד פון פאריז, וויא צו יענער צייט, ווען ער האט געוואלט זאגען אדיע צו דער וועלט.

די בוימער, דער האטעל־גארטען, דער טייך סען, די גרויסע מאסע דעכער, די לאנגע רייהען הייזער, ביז ווייט ארויף צום פער־לאשעז.

ער האט אוועק געליינט דעם רעוואלווער אויף׳ן קליינעם טישעל, נאהענט צו זיין האנד. ער האט זיך מעהר ניט געאיילט; ער איז געווען פרייא און זיך געקענט נעהמען וויפיעל צייט ער האט געוואלט.

פלוצלינג איז איהם איינגעפאלען די אידעע, אז ווען ער וועט ווארטען, וועט ער פיעללייכט חרטה האבען אויף זיין שריט.

„דומהייטען!“ האט ער זיך זעלבסט געענטפערט. „מיין ענטשלוס איז גע־פאסט און היינט מוז געהמען איין ענדע. אויף אזוי פיעל טרויע איך מיר שוין, אז איך בין ניט קיין פיינלינג אום מיך אבצושרעקען פאר׳ן טויט. הלוואי וואלטען אנדערע אזוי זיכער געווען מיט׳ן לעבען, וויא איך בין יעטצט זיכער מיט׳ן טויט. יא, יא, דער טויט איז לייכטער צו עררייכען וויא דאס לעבען. עס ערפארדערט נאר אביסעל פעסטען ענטשלוס, און דער ציעל איז עררייכט. נאר מיט דעם לעבען איז עס אנדערש: ווען דער טויט קלאפט אויף די פלייצעס, קען אפילו דער שטארקסטער ענטשלוס צום לעבען און די גרעסטע קונסט פון אוגזערע ערצטע, נאר ניט ווירקען.“

ער האט געזיפצט.

דיא עראינערונג פון דער פריהער פערגאנגענהיים איז ערשיענען אין זיינע געדאנקען: ער האט נאך אמאל געזעהען זיין ליעבע און צערטליכע מוטער, וויא זיא האט געשטרעבט און געארבייט אום פון איהם צו מאכען א געבילדעטען מאן; וויא זיא איז געלעגען אויף׳ן שטערבע־בעט, און איהם אנגעקוקט מיט א רחמנות׳דיגען בליק, און דאן, וויא איהרע אויגען האבען זיך געשלאסען און דיא טויטען־מאסקע, בלאס וויא קרייד, האט זיך ארויף געצויגען אויף איהר געזיכט.

„מיין מוטער!“ האט ער געמורמעלט צערטליך און זיינע אויגען זיינען נאס געווארען. ער האט שוין לאנג זיך ניט עראינערט אן זיין געטרייער מוטער, נאר יעטצט, פאר זיין טויט, האט דיא עראינערונג אין איהם אויפגעלעבט.

דאן האט ער זיך דערמאהנט אן זיין ארעמען פאטער, וויא ער איז גע־שטארבען, און ער האט פערלאזען מארסייל און איז געקומען נאך פאריז.

דיא נאכפאלגענדע צייט האט ער געוואלט פערטרייבען פון זיינע געדאנקען. צו וועלכען צוועק זאל ער יעטצט דענקען דאריעבער? אלעס פערורזאכט איהם שמערצען, און מל־זמן ער האלט שוין ביים שטארבען, וויל ער ניט ליידען.

דיא עראינערונג אן דער טרויעריגער צייט וואס ער האט צוגעבראכט אין יענע צווייא מאנאט אין דעמזעלבען צימער, האט איהם גראדע ניט געשמערצט. אין געגענטהייל, ער האט פערגניגען געהאט איבערצודענקען דאס בילד פון זיין ארמוטה און עלענד, פון זיין קאמפף מיט דער פערצווייפלונג, און פון דער אידעע צו וועלען בעגעהען זעלבסטמארד.

ער האט זיך דערמאהנט אן דעם אבענד, ווען קוקענדיג ארונטער פון דעם פענסטער אויף דיא הארטע שטיינער פון דעם טראטואר, האט ער געטאסטען דיא שטרעקע אין זיינע געדאנקען, און זיך פארגעשטעלט וויא אזוי זיין קאפ וועט צער־שמעטערט ווערען פון דעם פאל.

ער האט געדענקט וויא אונאנגענעהם אזא טויט איז איהם געווען, און וויא ער האט זיך געוואונשען צו האבען א רעוואלווער, נאר ער האט עס דאמאלס ניט געקענט בעהויפטען, ער איז געווען צו ארעם דאפיר.

„און יעטצט,“ האט ער געמורמעלט, „בין איך רייך — יא, רייך גענוג צו בעזיטצען א רעוואלווער. דאס געלד ברענגט מיר יעטצט דעם איינציגען נוטצען וואס איך האב מיין איינענעם רעוואלווער. אבער, וואס איז דער אונטערשיעד? טויט איז טויט, און דורך וועלכער ארט מען ערררייכט איהם, מאכט עס קיין אונ־טערשיעד.“

ער האט זיך אנגעלעהנט אויף'ן ביינקעל, און פארטגעזעטצט זיינע געדאנקען:

„וואס וואלט געווען, ווען איך וואלט דאמאלס געפאסט דעם ענטשלוס אויף'ן פלאטץ און בענאנגען זעלבסטמארד דורך ארונטער ווארפען זיך? וואלט איך עפעס פערלוירען? אך ניין! איך וואלט זעהר פיעל פערדיענט און אנדערע געבען מיר, וואלטען אויך בעסער אויסגעמאכט אין דער וועלט. ערשטענס וואלט איך מיך ניעמאלס אויף אזוי וויט ערניעדריגט, אום מיך צו פערקויפען, דאן וואלט איך מיך ניט פערליעבט אין א פרויענצימער, וואס האסט מיך. דיא הויפטזאך וואלט געווען, וואס דיא געזעלשאפט וואלט פטור געווארען פון א שווינדלערישען און שארפזיניגען פינאנציער, און גרויסע מאסען געלד וואלטען זיך בייא מיר ניט אנגעזאמעלט צום פערלוסט פון אנדערע.

ער האט געשווידערט ויך פארשטעלענדיג דיא לעטצטע צוועלף יאהר פון זיין לעבען.

„דער טויט אליין איז דיא איינציגע זאך אין לעבען," האט ער ווייטער געזאגט, „וואס איז זיכער, פאזיטיוו און בעשטימט. דער טויט נארט ניט, און אין איהם געפינט מען רוה. אלעס איז פוסט, געמיין, דום, נאריש און פול מיט שמערצען, וויל עס איז לעבען; דער טויט האט קיין איינציגען פון דיעזע חסרונות, ער איז אלזא אויך דיא איינציגע געטרייע ווירקליכקייט. בייא גאט! איך בערייהע פון מיין טיעפען הערצען וואס איך האב איבערגעלעבט דיא לעטצטע 12 יאהר!"

דער קאמפף אין דער וועלט, דער שטרייט צו ערובערן און בעזיעגען, וואס ער האט דורכגעמאכט, איז בייא איהם ערשיענען וויא א נארישער קינדער־שפיעל.

„יא, עס איז וואהר," האט ער געברומט. „מיין ווילען איז א שטארקער, און אין מיין קאפ ליעגט א מערקווירדיגע גוטע מאשין. מיט מיין ווילען האב איך גע־שטירצט, געבראכען, צערשטערט, פערגאכטעט, און אויך געבויעט, ערריכטעט און געגרינדעט זעהר פיעלעס. אבער וואס ניטצט מיר דאס אלעס? האט עס מיך געקענט גליקליך מאכען? ניין, און טויזענד מאל ניין! ווען איך האב מיך שוין גערעכענט אלס דער גרעסטער און מעכטיגסטער, ווען קען יעדען ווארפען צו מיינע פיס, דאמאלס איז ערשיענען אין מיין ברוסט אזא מין געפיהל, וואס איך האב געשטרעבט דאגעגען. אבער מיט מיין גאנצען שטארקען ווילען, האב איך דיעזעס געפיהל פון מיר ניט געקענט פערטרייבען

„וויא אידנענד איין אנדערער רוטקאפ, בין איך, שטארקער מאן, געפאלען צו דיא פיס פון א פטראן מיט א קליידעל — א פרויענצימער! בייא גאט! וויא לעבערליך דאס איז, און דאך איז עס א טהאטזאכע! פלאוויע, א פרויענצימער, א שוואכעס פרויענצימער, האט מיט איין שטויס, אומגעשטירצט דעם גאנצען מאך־נומענט וואס איך האב אויפגעבויעט, און וויא א קארטען־הייזעל, וואס קינדער בויען, אזוי איז אלעס צוזאמענגעפאלען!

„אבשייליך! דאס לעבען איז אבשייליך! וואָרום פערליעבען מיר זיך אין פרויענצימער אויף אזוי וויים, אז דאס זאל אונז קענען רואינירען! ווען גאט אדער דיא נאטור וויל, דאס מיר זאלען פאבריצירען דעם מין, און דאפיר ליעבען א פרוי, איז עס דען נים גענוג ווען מיר האבען א נייגונג צו איהר? צו וועלכען צוועק ניטצט נאך דאס פערצווייפעלטע געפיהל וואס זאל אונז שטירצען אין אבגרונד? ווען א פרויענצימער, צו וועלכער מיר האבען א נייגונג, ליעבט אונז נים, דאן דארף דיעזע נייגונג פערשווינדען וויא דאס אש פון א פערברענטען שטרוי, און מיר זאלען האבען דיא נייגונג צו איין אנדערע.

„אזוי זאג איך, וואלט איך איינגעאָרדנעט, ווען איך זאל זיין א גאט. אבער אזוי וויא איך בין נים מעהר וויא א דומער מענש, מיט לעבערליכע וויסענשאפטען פון וועלכע איך קען מיך נים בעפרייען, דאן דארף איך שטארבען!

„יא, איך דענק, אז נאך אלעמען, איז גאט אדער דיא נאטור, דאך גערעכט! איך האב מיר פארגעשטעלט, אז דיא גאנצע וועלט בעשטעהט נאר אין הויפענס גאלד און אין דער ערדאבערונג פיר פערמעגענס. מיר איז גאר קיינמאל נים איינגעפאלען, אז נים דאס אליין קען זיין דיא גאנצע וועלט. איך האב גערעכענט, אז מיט גאלד קען מען זיך קויפען דאס שענסטע פרויענצימער און זיך בעפריעדיגען וויא מען וויל. אלעס האב איך ערדייכט, און וואס גאלד קען נאר פערשאפען, האב איך גענאסען.

„איז דאס דיא וועלט? ניין, האט מיר געענטפערט דיא נאטור. איך האב מיך אימער געשפירט אליין, פרעמד, עלענד און אונצופריעדען. דיא אוצרות, דיא עהרע פון א גאנצער וועלט, דער רוהם פון דיא גרעסטע מענער — קיין זאך האט מיך געקענט טרייסטען.

„דיא נאטור, וויא עס שיינט, קען זיך נוקם זיין אונבארמהערציג. זיא האט מיך אבגעלאזען אויף א היבשער צייט נאכצוגעהען מיין קאפריז, און דאן, אום מיר דאפעל צו בעשטראפען, האט זיא אין מיר ערוועקט דיא ווילדעסטע ליעבע.

„און זו ווערען ? צו דיעזער פרוי וואס האט מיך געקויפט פאר געלד ; צו דיעזער פרוי, וואס האסט מיין נעגענווארט און פעראכטעט אפילו דעם פלאטץ וואו איך טרעט מיט מיינע פיס.

„יא, אין דיעזער פרוי האב איך מיך פערליעבט ! און מיין ליעבע איז נאך איבערגעשטיעגען דעם גראד פון איהר האס.

„נאך, איך ווייס וואס איך האב אויסגעליטען ! האפנונג און פערצווייפלונג האבען זיך געוועקסעלט אין מיין ברוסט אין יעדען אוינענבליק, און בייא יעדעס מאל וואס איין געפיהל האט בעזיענט דאס צווייטע, איז געמאכט געווארען א נייע וואונדע אין מיין הערצען...“

ער האט זיך אויסגעווישט דיא אויגען און האט זיך אויפגעהויבען.

זיין בליק איז געפאלען צום רעוואלווער.

„דוא ביסט מיין איינציגער געטרייער פריינד !“ האט ער געמורמעלט צום רעוואלווער איהם אויפהויבענדיג. „דוא וועסט מיר העלפען אין מיינע נויטען, און דורך דיר וועט פאר מיר פון דיעזער וויסטער און דומער וועלט, ווערען איין שווארצער און דונקעלער פלעק, וואס וועט מיך ניט ערגערן אדער אינטערעסירען.“

בלויז אויף איין זאך האט ער זיך אביסעל בערוהיגט.

„אך !“ האט ער געזאגט, „וואס פאר א גרויסע זאכען איך וואלט געקענט אויפטהון אין לעבען, ווען פלאוויע וואלט ניט אזוי אונבארמהערציג געטרעטען אויף מיינע געפיהלע ! אין דיעזען טאג וואס זיא וואלט זיך ארויף געווארפען אויף מיין ברוסט, און מיר געזאגט : „איך ליעב דיך !“ — יא, אין דיעזען טאג וואלט איך מיך געשפירט שטארק גענוג אויפצוהייבען דיא גאנצע וועלט ! יעטצע, אבשייליבע וועלט ! וואו איך האב אזוי פיעל געליטען, האב איך פיר דיר דיא טיעפסטע פעראכטונג. איך האס דיך מיט אלעמען, כל־זמן איך האב מיט מיין קראפט ניט געקענט ערוואבערן פלאוויע'ן !“

ער האט אויפגעהויבען דעם רעוואלווער.

עס איז געוועזן א הערדליכער מארגען.

דורך דעם אפענעם פענסטער האט זיך אריין געגאסען א שטראם גאלדענע זונענשטראהלען, וואס האט אויסגעזעהען צו דערמאהנען דיא מענשהייט אין א בליהענדער און שעהנע יוגענד.

ארום און ארום, האט דיא ריעזיגע שטאדט פאריז אנגעפאנגען איהר גרויסע טהעטיגקייט.

ואנטאס האט צונעלײנט דעם רעװאָלװער צו זײן שלײף. דאס קאַלטע אײזען האט נעמאַכט אײן אײנדרוק אויף זײן דעו'הימצטעס לײב.

נראדע דאמאלס האט זיך דיא טהיר אויפגעריסען, און פּלאָװיע איז ארײן אין צימער.

מיט א שנעלער װענדונג פון איהר האנד, האט זיא אװעק געצױגען דעם רעװאָלװער פון זײן קאָפּ.

דיא קוגעל איז ארײן אין דער װאנט.

זיא איז געװעזען בלאס און ציטערענד, אָבער נאך שעהנער װיא אימער. איהר אויפרעגונג איז געװעזען אזוי גרויס, אז זיא האט גאר ניט געקענט רעדען.

נאנטאס האט צו איהר געבליקט מיט ערשטױנונג.

„װאס װילט איהר, מאדאם?“ האט ער געפרעגט זיך שפּירענדיג שטארק בעלײדיגט פון איהר האנדלונג.

זיא האט נאך אימער ניט געקענט רעדען.

מיט א העפטיגען ריס, האט זיא ארויס געכאפּט דעם רעװאָלװער פון זײן האנד און ארויס געשמיסען פון דעם פענסטער.

נאנטאס האט אויפגעצױגען מיט דיא אקסלען, װיא אײנער רעדט: „זײט איהר משוגע אָדער שיכור?“

„מײן גאָט!“ האט זיא ענדליך געזאָגט און איז צוגעזאנגען געהנטער. „װאס האט איהר געװאָלט טהון?“

„װאס קימערט עס אײך?“

„איך בעט אײך,“ האט זיא װעזאָגט ציטערענדיג, „רעדט ניט צו מיר אזוי...“

„װאס װילט איהר פון מיר האבען? האב איך אײך דען ניט געגעבען דאס רעכט צו האנדלען װיא איהר װילט? װארום שטערט איהר מיך?“

„אך!“ האט זיא אויסגעשריען, „איך ליעב דיך! איך ליעב דיך, װײל דוא ביסט שטארק!“

זיא האט אויסגעשטרעקט איהרע הענד און איהם אומארמט. ער איז געװעזען װיא בערױשט און ניט געװאוסט װאס עס טהוט זיך מיט איהם.

„דיך נעהמען דאס לעבען,“ האט זיא געמורמעלט, „אָה, נײן, נײן! דאס דארפט איהר ניט טהון! איהר מוזט לעבען!“

נאנטאס האט אנגעפאנגען עפעס צו בעגרײפען, אָבער ער האט זיך באלד

ערא‏ינערט און דער לעטצטער נאכט און איז געבליעבען שטעהן דיא אנקוקענדיג מיט א פראגענדען בליק.

נאך איידער זיא האט געקענט רעדען א ווארט, האט זיך געהערט א געוויש פון דער דיענערשאפט, וואס איז געקומען זעהען דיא אורזאכע פון דעם שאס.

פלאוויע האט זייא בעגעגענט אויף דיא טרעפען, און פאסענדיג איהר געווענליכע קאלטבלוטיגקייט, האט זיא געזאגט:

„עס איז גאר ניט! געהט צוריק! געהט צוריק! מאנסיע נאנטאס האט געשאסען א קאטץ!"

דיא דיענער זיינען צוריק געגאנגען, און זיא האט זיך צו איהם געווענדעט:

„נאנטאס, יעטצט האסטו א רעכט פון מיר צו פערלאנגען איין ערקלערונג. איך בין בערייט דאס צו טהון. קום ארונטער אין זאלאן."

דאס געפיהל פון גליק און צופריעדענהייט, האט שנעל צוריק געקעהרט צו נאנטאס'ן, און ער האט אויסגעשריען:

„ניין, ניין! איך וויל קיינע ערקלערונג! איך בין גליקליך! גליקליך!"

ער האט אנגעכאפט איהרע ביידע הענד און זייא געקושט.

„איך דאנק דיר, נאנטאס. פיר דיין פערטרויען אין מיר," האט זיא געזאגט, „אבער, ווען דוא ווילסט בערוהיגען מיין געוויסען, דאן וויל איך דוא זאלסט מיך אויסהערען."

זייא האבען אנגעפאנגען ארונטער צו געהען דיא טרעפען, ווען דער אלטער באראן איז זייא ענטקעגען געקומען.

דער באראן האט געהערט פון א שאס, און אבוואהל ער האט געהערט פון פלאוויע'ס ערקלערונג, איז איהם דיא גאנצע געשיכטע פארגעקומען פערדעכטיג, און ער איז דערפאר געקומען אליין זעהען וואס עס האט פאסירט.

נאנטאס האט געפיהרט פלאוויע'ן בייא דער האנד. אזא סצענע, האט נאך דער באראן ניט געזעהען ביז דאמאלס. און דער מונטערער מיענע אויף פלאוויע'ס בלאסעם געזיכט, האט ער דערקענט, אז צווישען איהר מיט זיין איידעם, איז פאר־געקומען עפעס אונגעוועהנליכעס.

דער אלטער איז געבליעבען שטעהען און ערווארטעט דיא צווייא יונגע מענשען זאלען איהם ענטקעגען קומען.

„פאטער," האט פלאוויע זיך דאן געווענדעט צום פאטער איהם קושענדיג

אויפֿן שטערן, „גראַטולירט מיך צו מיין גליק. גאַנטאַס, זאָל פֿון היינט אָן און ווייטער, זיין מיין פֿיעלגעליעבטער מאַן!"

„אך! מיין קינד!" האָט דער אַלטער געטורמעלט מיט טרערען אין די אויגען, „דו מאַכסט מיך גליקליך!"

גאַנטאַס האָט נאָך אימער ניט געקענט רעדען. און ער האָט שטילשווייגענד געקייכט זיין האַנד דעם אַלטען באַראָן.

„פֿאַטער!" האָט פֿלאַוויע ווייטער געזאָגט, „איך האָב אָבצונעבען מיין מאַן איין ערקלערונג..."

„קיין ערקלערונג!" האָט גאַנטאַס אונטערבראָכען.

„ענטשולדיגט מיר," האָט זיא געזאָגט, „דאָס איז איין ערקלערונג פֿיר מיר זעלבסט. אַלזאָ, מיין וואונש איז, אַז דו זאָלסט אויך דערביי זיין. איך האָב קיין זאַך מיטצוטהיילען, פֿאַר וועלכער איך זאָל מיך דאַרפֿען שעהמען פֿאַר מיין ליעבען פֿאַטער."

זייא זיינען אריין אין זאַלאָן, און נאָכדעם וויא דער באַראָן האָט זיך געזעטצט, האָט פֿלאַוויע אָנגעצייגט פֿאַר גאַנטאַס'ן אַ פּלאַטץ אויף אַ סאָפֿאַ, און זיא האָט זיך געזעטצט נעגענאיבער איהם.

„דאָ האָסטו מיין האַנד, גאַנטאַס," האָט זיא געזאָגט אויסשטרעקענדיג איהר קליינע ווייסע האַנד, „צום צייכען פֿון מיין ליעבע צו דיר. און האַלטענדיג מיין האַנד אין דיינער, שווער איך דיר, בייא דער עראינערונג אָן מיין טויטער מוטער און בייא דעם לעבען פֿון מיין ליעבען פֿאַטער און קינד, אַז גראַדע אַזוי וויא דו האָסט מיך ניט בעריהרט זייט אונזער האָכצייט, אַזוי האָט מיך קיין איינציגער אַנדערער מאַן אין דער וועלט בעריהרט..."

פֿלאַוויע האָט דאַן אויסגעבראָכען אין אַ געוויין. גאַנטאַס איז געוועזען זעהר געריהרט און גאָר ניט געקענט רעדען. עס איז בייא איהם ניט געוועזען דער מינדעסטער צווייפֿעל, אַז פֿלאַוויע, דיא שטאָלצע און הארטנעקיגע שעהנהייט, זאָגט דיא וואהרהייט, אפילו ווען זיא זאָל זיך ניט שווערען. נאָר ווען זיא האָט זיך נאָך אַזוי געשוואוירען, איז יעדער פֿערדאַכט אוועק.

„דיא געשיכטע פֿון לעטצטער נאַכט," האָט פֿלאַוויע פֿאָרטגעזעטצט, „איז געוועזען אַ געמיינהייט דורכגעפֿיהרט פֿון דע פֿאָנדעט מיט דער הילפֿע פֿון מאַדמאָ־אַזעל שין."

„וואָס? וואָס איז געשעהען?" האָט זיך דער באַראָן אריין געמישט.

„איך וועל דיר שפעטער אלעס דערצעהלען. און יעטצט, נאנטאס, צו דיר: זיים דיא לעטצטע צווייא מאָנאט, האב איך דיך אָנגעפאנגען צו ליעבען, אָבער איך בין געוועזן צו שטאָלץ דאס מיר זעלבסט צו פערטרויען. איך האב פון דיר קיין אויג ארונטער גענומען פון דער צייט וואס דוא האסט פאַרבערייטעט דעם רעוואָלווער בייא נאכט אויף דיין שריב־טיש. דיא טרערען וואס איך האב פערגאָסען, ווען דוא האסט היינט אין דער פריה געקושט מיין קינד, קען איך דיר ניט אָבשילדערן. דיא גאנצע צייט וואס דוא האסט פערבראכט אין דאך־שטיבעל, בין איך געשטאנען בייא דער טהיר, און, דאנקען גאָט, איך האב דיך געראטעוועט צו דער פאסענדער צייט!"

נאנטאס האט נאך אמאל געקושט איהרע הענד מיט זיינע ברענענדע ליפען, און געמורמעלט:

„אלעס איז שעהן, אלעס איז הערליך און געטליך, אָבער נאָר מיט דיר, מיין געליעבטע פלאָוויע! אָהן דיר, איז עס א פינסטערע און טרויעריגע וועלט!"

---

צווייא מאָנאט זיינען פאָראיבער, און נאנטאס'עס פינאנץ־פלענער פיר פראנקרייך, זיינען ניט נאָר אקצעפטירט געוואָרען פון דעם קייזער און פארלאמענט, זאָנדערן דאס גאנצע פאָלק האט דערצו איינגעשטימט.

ענדליך האט פראנקרייך דאך אריין געקריגען א פעהיגען פינאנץ־מיניסטער און דיא אָרדנונג אין דיא פינאנצען, האט געראטעוועט דיא מאָנארכיסטישע רעגיערונג.

אָבער וואס איז מיט נאנטאס'ן געוואָרען? ווארום האט ער אָנגעפאנגען אזוי צו פערנאכלעסיגען זיין אמט? ווארום האט ער ניט בעזוכט דאס מיניסטעריום און ניט געוואָלט עמפפאנגען אין בעזוך דיא גרעסטע מענער פון דער רעגיערונג?

מען האט זיך אָנגעפאנגען איבער איהם צו בעקלאגען ביים קייזער, און נאַפּאָלעאָן, וועלכער האט אנפאנגס זעהר שטארק געהאלטען פאר דעם נייעם פינאנץ־מיניסטער, איז אויך אונצופריעדען געוואָרען.

אין א טאָג האט דער קייזער געשיקט א ספעציעלען שליח צו נאנטאס'ן און איהם אויפגעפאָרדערט ער זאָל איהם קומען בעזוכען.

נאנטאס איז ערשיענען אין קייזערליכען פאלאסט און איז באלד אויפגענומען

נעוואָרען פון דעם קייזער, וועלכער האט איהם זעהר העפליך געדייכט זיין דאנק.

„ווי נעהם עס אייך, מאַנסיע?" האט דער קייזער געפרעגט פריינדליך.

„זעהר גוט, מאַיעסטעט!" האט נאַנטאַס געענטפערט מיט א גליקליכעס געזיכט.

„עס פרייט מיך, מאַנסיע, דאס צו הערען. אָבער איהר וועט מיר ענטשולדיגען: מען האט זיך אויף אייך לעטצטענס בעקלאגט, דאס איהר פערנאַר לעסיגט זעהר אייער אמט. איז דאס וואהר?"

„יא, מאַיעסטעט."

„יא? און ווארום?"

„וויל מיינע פעהיגקייטען זיינען א זאך דער פערנאַנגענהייט."

„דער פערנאַנגענהייט?" האט דער קייזער געפרעגט ערשטוינט.

„יא, מאַיעסטעט; איך האב בעזעסען אויסעראָרדענטליכע פעהינקייטען, ווען מיין איינציגעס שטרעבען און ציעל אין דער וועלט, איז נאָר געווען צו עראָבערן און בעזיגען. יעטצט, האב איך געזיגט, און מיינע פעהינקייטען זיינען צו ענדע."

דער קייזער האט איהם בעטראַכט איינינע אוינענבליקען מיט בעוואונדערונג, און דאן האט זיך בעוויזען א פינסטערע מינע אויף זיין געזיכט. בעקאַנט בייא דיא באָנאַפּאַרטס אלס א צייכען פון גרויסער אויפרעגונג.

„מאַנסיע!" האט נאַפּאָלעאָן געמורמעלט וויטהענד. „איך וויל ניט פרעגען נאָך דיא אורזאכען פון אייערע בעהויפטונגען; זייא בעקימערן מיך ניט. אָבער איך וויל ניט צו לאָזען, אז דאס לאַנד זאָל נעפיהרט ווערען פון אָבגעלעבטע מענשען. איך פרעג אייך נאָך אמאל: קענט איהר אָנווענדען אייערע געוועזענע טהעטיגקייטען אין אייער אמט?"

„צו מיין בעדויערן, מאַיעסטעט, קען איך דאס אייך ניט פערשפּרעכען."

„דאן וועט איהר אהיים נעהען און אריין שיקען אייער רעזיגנאַציאָן. אונזער אונטערררעדונג איז געשלאָסען."

דער קייזער האט זיך אָבגעווענדעט און פערלאָזען דאס צימער.

נאַנטאַס האט ניט אויסגעזעהען שטאַרק בעטריבט דאַריבער און ער איז אויך ניט פיעל פערבליעבען אין פּאַלאַסט.

אהיים קומענדיג, האט ער באַלד אָבגעשריעבען זיין רעזיגנאַציאָן און דיעזע אריין געשיקט צום קייזער.

די רעזיגנאציאָן איז געווען אין דער געוועהנליכער פאָרם, וויא דער פאל איז מיט אַלע רעזיגנירענדע מיניסטאָרען.

ווען נאפּאָלעאָן האט איבערגעלעזען דיא רעזיגנאציאָן, איז ער שוין געווען בער רוהיגט. ער האט אָבער באלד איינגעזעהען, דאס נאכדעם וויא דאס פאָלק ווייס ניט וואס עס איז פאָרגעגאנגען, וועט מען איהם בעשולדיגען אין דער רעזיגנאציאָן פון אזא פעהיגען מאן, און ער איז שוין געווען גענוג אונפּאָפּולער אום אויף זיך ארויף צו ציהען דעם פאָלקס־האס. ער האט גלייך צוריק געשיקט דיא רעזיגנאציאָן צו גאנטאס׳ן מיט פאָלגענדען קורצען נאָטיץ:

„מאָנסיע:

„איהר וועט אזוי גוט זיין און אנגעבען אורזאכען, פּערזענליכע אורזאכען פיר אייער רעזיגנאציאָן; דען, לויט וויא איך האב מיר געמערקט, זייט איהר דעריענינער וואס איז צופריעדען צו רעזיגנירען.

„נאפּאָלעאָן.“

גאנטאס האט פערשטאנען, און ער האט אריין געשיקט א צווייטע רעזיגנאַ־ציאָן, וואו ער האט אָנגעגעבען דיא אורזאכע, אז ער איז שוין מיעד פון דער ארבייט, און נאכדעם זיין אויפגאבע מיט דעם פינאנץ־פּלאַן איז צו ענדע, ווינשט ער זעלבסט זיך צוריק צו ציהען, אָהנע אירגענד וועלכע אנדערע פּריוואט אָדער פּאָליטישע אורזאכען.

די רעזיגנאציאָן איז דאן פּובליצירט געוואָרען אין אַלע צייטונגען.

נאך אין דערזעלבער וואָך, האט גאנטאס אָנגעפאנגען אויפצולעזען זיין גרויסעס פינאנץ־הויז. ער האט בעצאָהלט יעדען איינעם וואס האט מיט איהם פערקעהרט אין פינאנץ, און דאן אָבגערייזט מיט זיין פרוי און קינד אויף זיין לאנד־גוט וואס ער האט לעטצטענס געקויפט.

„ביז יעטצט,“ האט פּלאַוויע צו איהם געזאגט זייענדיג אליין, „האב איך דיך ניט געפרעגט נאך דער אורזאכע פון דיין אונטהעטיגקייט אין געשעפט. יעטצט, ווען דו מיר ענטשולדיגען, בין איך נייגיעריג צו וויסען ווארום דוא האסט זיך צוריק געצויגען פון דער פינאנץ־וועלט?“

גאנטאס האט גענומען זיין פרוי׳ס האנד און זיא געקושט.

„פּלאַוויע!“ האט ער געזאגט צערטליך, „איך וועל דיר אלעס ערקלערען. עס איז געווען א צייט, ווען איך האב גערעכענט, אז דעם מענשען׳ס גליק, אז דעם מענשען׳ס שטרעבען, איז נאָר צו קעמפּפען מיט זיין מיט־מענשען, וויא א ווילדע חיה, און ערוואָרבען און בעזיגען. דוא ביסט מיין בעסטער עדות, אז אין דיעזער

בעציהונג, האט נאך פיעללייכט קיין מענש אזוי ווים נעגרייכט וויא איך. הויפענס געלד און מאסען מענשען, זיינען געלעגען צו מיינע פיס, און איך בין אימשטאנדע געוועזען אויפצוקאכען לענדער, אויפברוייזען נאציאנען און פערווירען פעלקער. איך האב געקענט געוועלטיגען איבער לעבען און טויט — אבער, נאך אלעמען, בין איך געוועזען אונגליקליך. אום דיר צו זאגען די וואהרהייט, האב איך נאך זאגאר פריהער איידער איך האב דיך געליעבט, מיך געשפירט פרעמד אין דיזער וועלט, און מיך גערעכענט פאר איין עלענדען רויבער...“

„א רויבער?“ האט זיא איהם אונטערבראכען. „אה ניין, נאנטאס! אזוי פיהרט זיך די וועלט, און דאס איז די מענשהייט. מען ארבייט פיר דער ערווערבונג פון געלד און פערמעגען.“

„יא, יא, אזוי איז עס, אבער אין דער וועלט, אונטער דער מענשהייט, האבען מיר א סך פאלשע אנזיכטען, און דער מענש יאגט זיך אמאל נאך זוכענדיג זיין גליק זיין גאנצעס לעבען, און ער שטארבט איין אונגליקליכער. ער רעכענט אימער, אז ער האט ערגריפען דאס גליק, און צום סוף האלט ער מעהר נים וויא א שאטען אין די הענד.“

פלאוויע האט צו איהם געבליקט מיט געשפאנטער אינטערעסע.

„די נאטור אדער גאט,“ האט ער פארטגעזעצט, „האט אונז געשאפען צו לעבען אלס מאן און פרוי און טהיילען די הערצענס־געפיהלע. אלע אנדערע געפיהלע פון גליק, זיינען נאר לעערע שאטענס און קענען ניעמאלס גליקליך מאכען דעם מענשען. איך האב עס ביינעוואונט אין דער ערפאהרונג פון מיין לעבען, און...“

ער האט נאך אמאל ערגריפען איהר האנד און געמורמעלט:

„אהן דיר, פלאוויע, וואלט בייא מיר די קייזערליכע קרוין געוועזען א לאסט; מיט דיר, פלאוויע, מיט דיין ליעבע, איז זאגאר ארמוטה איין אנגענעהמער קאמפף אין לעבען וואס פערשאפט מיר פערגניגען.“

„איך פערשטעה, איך פערשטעה,“ האט פלאוויע געמורמעלט מיט א גליקליכען שמייכעלע. „דוא האסט רעכט, נאנטאס, דאס גליק פון א מענשען ליעגט נים נאר אין רייכטהום אליין.“

„דאס אלזא, מיין ליעבע,“ האט ער ווייטער געזאגט, „איז געוועזען די אורזאכע, ווארום איך האב אויפגעגעבען מיין פינאנציעלע טהעטיגקייט. איך וויל מעהר נים אנהויפען קיין געלד, וואס איז, אין פיעלע פעללע, נאר א לאסט אויף דעם געוויסען. איך בין רייך גענוג. און פון היינט אן און ווייטער צו העלפען מיט

מיין גליק ערלייכטערן דיא ליידען פון אנדערע, דאס זאָל זיין מיין שטרעבען אין לעבען, און דוא, מיין ליעבע, זאָלסט זיין מיין שותף דורכפיהרען מיינע פלענער.״

זיינע אויגען האבען געגלענצט מיט טרערען פון גליק, און פלאָוויע האט צוגע־בויגען איהרע שעהנע ליפען און זייא אָבגעפרעסט אויף זיינע נאַסע אויגען.

„יא, יא, נאַנטאַס,״ האט זיא געמורמעלט. „איך וועל דיר העלפען גליק־ליך זיין.״

זיא האט איהם געהאלטען א לאַנגע צייט אומאַרמט, און דאן האט זיא איהם עפּעס איינגעראַטט אין אויער, גלייך וויא זיא האט זיך געשעהמט זאָגאַר פאר דיא שטומע ווענט צו זאָגען.

נאַנטאַס האט אויפגעציטערט מיט פערגניגען און ער האט זיא ליידענ־שאַפטליך געקושט.

„גאַרעלע!״ האט ער געשריען, „וואס דאַרפסטו זיך שעהמען! פערסעהרט, איך בין דערמיט דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט! דאס איז דיא פרוכט פון אונזער ליעבע און פון אונזער גליק!״

זיא האט זיך אָבגעווענדעט אויף א זייט שמייכלענדיג פערשעהמט.

נאַנטאַס האט ניעמאלס מעהר צוריק געקעהרט צו דער פינאַנציעלער וועלט, און זיין איינציגע אויפגאַבע אין לעבען איז געוואָרען, צו זאָרגען פיר זיינע קינדער און פערווענדען זיין רייכטום פיר דיא גרויסע וואָהלטהעטיגע אנשטאַלטען.

ע נ ד ע

# פרויען־ליעבע

1.

דאָרט ווייט, אויף דער איינזאמער געפענגניס־אינזעל נומעא, וועו זשאק דאמור פלעגט זיך אויסק שטעלען ביים מעער און בליקען אין דער אונענדליכקייט פון וואסער, האט ער מעהרערע מאל געדאכט איבער זיין אונגליקליכע לעבענס־געשיכטע.

ער האט זיך ערינערט גאנץ גוט אן דער טרויעריגער בעלאגערונג, אן דעם צאָרן פון די קאָמוניסטען אין פאריז, און דאן אן דעם שוידערהאפטען שיקזאל וואס האט איהם פערשליידערט אזוי ווייט אוועק, אז איהם האט עס מעהרערע מאל אויסגעזעהען, גלייך ווי ער וואלט פלוצלינג ארונטער געפאלען ווי פון הימעל.

די פאנטאזיע איבער זיין פערגאנגענהייט, האט אפילו נים געהאט פאר איהם קיין איינציגען פאל וואס זאָל ערוועקען אין זיין ברוסט פרעהליכקייט און ליעבע; אין געגענטהייל, וואו ער האט געבליקט, וואו ער האט געזוכט, האט ער נאָר געזעהען א פערגאנגענהייט פון צרות, לייד, נויט, מאנגעל, טרערען און בלוט.

צו זיין 26־טען יאָהר, האט זשאק געהייראטעט מיט פריילין פעליסי, א היבשע און זעהר שעהנע אכטצעהן יעהריגע מיידעל, די ניכטע (פלימעניצע) פון א פרובט־הענדלער אין וויעט, וואו ער האט לאָזשירט אין א צימער.

זשאק דאמור איז געווען א מעטאל־פאָלירער און פערדיענט מעהר אלס 10 פראנקס א טאג; זיא ווידער, פעליסי, איז געווען באלד נאך דער חתונה א נייטאָרין, אָבער עס האט נים פיעל געדויערט און א אינגעלע האט פערגרעסערט זייער פאמיליע. דאן האט פעליסי שוין מעהר נים געקענט זיין קיין נייטאָרין, און זיא האט געמוזט אָבגעבען איהר גאנצע צייט אום אכטונג צו געבען אויף דעם הויז.

יאשאן, אזוי האט געהייסען דאס קינד, האט געוואקסען און געבליהט זעהר שנעל.

מיט 9 יאָהר נאָך דער התתנה, איז אויך געקומען א מיידעלע אויף דער וועלט. מען האט איהר א נאמען געגעבען לואיז, נאר זיא איז געווען א קריינקליכע. דיא עלטערן האבען פערברויכט א היבשע סומע געלד פיר דאָקטאָר און מעדיצינען, אום צו קורידען דאס קינד.

אונטערדעסען איז דיא פאמיליע דאמור, נים שלעכט אָבגעווען.

דאמור פלעגט זיך אפילו אָפט בענעטצען צו פיעל דעם גאָרנעל, אָבער, זאָגאר בעזויפענערהיים, האט ער אימער געדעכט א פאאר פערנינפטיגע ווערטער, גע־גאנגען צו בעט, זיך גוט אויסגעשלאָפען, און אויף'ן אנדערן טאָג, האט ער זיך זעלבסט גערופען א טרינקניכטס.

ווען יושאן איז צלט געוואָרען 12 יאָהר, האט איהם דער פאטער גענומען צו דער מלאכה. דאס איז אויך שפעטער געווען דיא אורזאכע, ווארום יחשאָן, ווען ער האט נאָך קוים געקענט לעזען און שרייבען, האט ער שוין אָנגעפאנגען צו פער־דיענען.

פעליסי איז געווען א גרויסע בריה, און זיא האט געפיהרט דאס הויז נים נאָר ריין און זויבער, זאָנדערן אויך אימער מיט חשבון און פּאַרזיכטינקייט, וויא עס פּאסט פּאַר א קלוגע פרוי.

זשאק פלעגט אפילו מעהרערע מאל זאגען, אז פעליסי גיבט עסען מעהר גרינציינג וויא פלייש, אָבער ער האט אויף איהר דערפאַר קיין פאראיבעל נים גע־האט, ווייל ער האט געוואוסט, אז זיא שפּאַרט אימער אָב עטליכע סו פיר א שלעכטע צייט.

נאָך אלעמען, איז דאס געווען זייער בעסטע צייט אין לעבען. זייא האבען דאמאלס געוואָהנט אין מעניל'אָמאָנטאַן, אין דער גאס פון אנוויערזש און זייא האבען דאָרט געהאט דרייא ציטערן, — איינס פאר דעם פאטער מיט דער מוטער, איינס פאר יושאנען, איין עסס־צימער וואו מען האט שוין אויך געארבייט, און א קליינעם דאך־שטיבעל פיר לואיזן.

זייא האבען אפילו געוואָהנט אויף א הויף אין א קליינער געביידע, דאנענען אָבער, האבען זייא דאָרט געהאט גענוג לופט, ווייל זייערע פענסטער האבען זיך גע־עפענט אין איין אלטען אונבענוטצטען האָלץ־הויף, וואו ווענען האבען געהאלטען אין צוברעכנען טיסט בייא טאָג און בייא נאכט.

ווען דער קריעג האט אויסגעבראָכען, האט דיא פאמיליע דאמור, געהאט געוואָהנט אין דער אנוויערזש גאס, גאנצע 10 יאָהר.

אבוואהל פעליסי איז שוין באלד אלט געווען א יאָהר פערציג, האט זיא נאך אימער אויסגעזעהען גאנץ יונג. זיא איז אפילו אביסעל דיקער געוואָרען ווי אמאל, אָבער טראָטץ דעם האט דאס ניט פערדאָרבען דיא געוועזענע שעהנע פאָרמע פון איהר פיגור.

זשאק ווידער, האט אויסגעזעהען גיא אויסגעטריקענט, און אָבוואָהל ער איז ניט עלטער געווען מעהר וויא מיט 8 יאָהר פון איהר, האט ער אויסגעזעהען נעגען פעליסי'ן, וויא איין אלטער מאן.

לואיז איז שוין געווען ארויס פון געפאהר, אָבער נאך אימער זעהר צארט און שוואך; זיא האט איבערהויפט אויסגעזעהען געראטען אין איהר פאטער אין צארט־קייט פון קערפער. יוזשאן ווידער, דאמאלס 19 יאָהר אלט, איז געווען ברייט־שולטעריג, שטארק, גוט ענטוויקעלט און געראטען אין זיין מוטער.

זייא זיינען געווען זעהר א ליעבענסווירדיגע פאמיליע און זיך אימער געהאלטען צוזאמען, מיט אויסנאהמען פון א מאָנטאג אָדער גלאט א דאָנערשטאג, ווען פאטער און זוהן האבען איבער געכאפט דיא מאָס אין א ווינשענק.

פעליסי פלעגט אין אזא צייט מאכען א סקאנדאל, פאר דעם געלד וואס מען האט פערזויפען.

צווייא אָדער דרייא מאל האט עס פאסירט, וואס מען האט זיך דערפאר זאָגאר געשלאָגען, אָבער דאס האט גאר ניט אויסגעמאכט; קיינער. איז ניט שולדיג געווען, בלויז דער וויין, און אז דיא בעזויפענהייט איז פאָראיבער, זיינען זייא ווידער געווען דיא בעקאנטע ליעבענסווירדיגע און אנשטענדיגע פאמיליע.

אין דער נאכבארשאפט, האבען זייא זאָגאר געדיענט אלס א ביישפיעל פון אנשטאנד, און ווען יעמאנד האט געוואָלט פערגלייכען איין פאמיליע מיט דער צווייטער, האט מען אימער געזאגט: „זעהט איהר וויא רוהיג און צופריעדען דיא פאמיליע דאמור לעבט זיך.“

ווען דיא פרייסען האבען אָנגעפאנגען צו מארשירען נאך פאריז און דיא שרעקליכע צייטען פון ניט־ארבייטען האבען אָנגעפאנגען, האבען זייא געהאט איבער טויזענד פראנקס אָנגעזאמעלט אין דער שפאר־באנק. דאס איז געווען ווירקליך א שעהנע סומע ערשפארט פון א פאמיליע וואס האט שוין ערצויגען צווייא קינדער.

אויף דיעזער ארט, האט דיא פאמיליע דאמור ניט געשפירט דעם מאנגעל ווערענד דיא ערשטע עטליכע מאָנאט פון דער בעלאגערונג.

אין עסס־צימער, וואו דיא ארבייט־בײנק דינען געשטאנען לעער, איז נאך אימער געווען א ווייסעס ברויט מיט א שטיקעל פלייש צום עסען.

דאמור האט זיך זאגאר פערגונען רחמנות צו האבען אויף דינעם א שכן, א געוויסער בעררו, א מאלער, וועלכער איז אויסגעגאנגען פאר הונגער, און ער האט דעם חברה־מאן מעהרערע מאל איינגעלאדען צו מיטאג. בעררו איז מיט דער צייט דארט געווארען א גאנצער בן־בית און ער האט ניט אבגעטרעטען פון הויז.

בעררו איז געווען א מערקווירדיגער יונג; וועהרענד ער האט געשפראכען, האט ער געקענט אזוי גוט אונטערהאלטען, אז ער האט אין א קורצע צייט זאגאר פערמאכט פעליסי'ס מויל, וועלכע האט געהאלטען אין איין ברומען און פראָ־טעסטירען נעגען דעם אומזיסטיגען פרעסער.

אבענד, האט מען געשפיעלט אין קארטען און געפלוכט דיא פרייסען.

בעררו, וועלכער איז געווען א גרויסער פאטריאט, האט געשפראכען איבער א פלאן אויסצוגראבען טינען אונטער דער ערד איבער דעם גאנצען לאנד, און אויף דיעזער ארט פערנארען דיא פרייסען, און זייא דאן צערייסען אין שטיקער.

נאך אזא געשפרעך, האט ער שטארק אנגעגריפען דיא רעגיערונג, זייא גע־רופען א באנדע לומפען און פייגלינגע, וועלכע, אום ארויף צו ברענגען הענרי דעם 5־טען אויף פראנקרייך'ס טראָהן, זיינען זייא געווען בערייט צו עפענען דיא טויערן פון פאריז פיר דעם דייטש ביסמארק.

וואס עס אנבעלאנגט דיא אנדערע פארטייא, וועלכע האבען געוואָלט האבען א רעפובליק. ווען ער האט איבער זייא געשפראכען, האט ער אויפגעצוינגען מיט דיא אקסלען מיט פעראכטונג.

„אך, דיא רעפובליק! דיא רעפובליק!" פלעגט ער אויסשרייען. און דאן, ארויף לענענדיג ביידע עלענבויגענס אויף'ן טיש און ציהענדיג העפטיג פון זיין לולקע, האט ער געגעבען דאמור'ן איין ערקלערונג איבער א פארמע רעגיערונג וואס ער האט פערשטאנען.

„איך מיין א רעפובליק," האט ער געזאגט, „וויא אלע מענשען זאָלען זיין ברידער, אלע מענשען זאָלען זיין פרייא; רייכטהום פיר יעדען איינעם, גרויס און קליין, אָהן אונטערשיעד! איך מיין א רעגיערונג פון מעכטינקייט און גלייכהייט איבעראל, אין אלע קרייזען און אונטער אלע קלאסען. אָט דאס וואָלט געהייסען א רעפובליק!"

דאן, אום זיך צו מאכען, אז ער פערשטעהט נאך בעסער וויא צו בערופען דינע פראזען, האט ער געזאגט, „א רעגיערונג וויא אין יאהר 1793" — אבוואהל

ער האט נאר קיין בעגריף נעהאט איבער דעם וואס האט דאמאלס פאַר־ סירט.

דאמור, אונטער זאָלכע אומשטענדען, האט אויף איהם אימער נעבליקט זעהר ערנסט. ער איז אויך נעווען א רעפּובליקאנער, ווייל פון קינדוויוז אָן, האט ער אימער נעהערט, אז דיא רעפּובליק וועט זיין דער טריאומף פון דער ארבייטער־קלאַסע, און וועט פעראורזאכען אלעמעננס גליק. אָבער דאמור האט נים נעהאט קיין דייט־ ליכען בענריף וויא דאס אלעס קען זיין.

דערפאר האט ער אימער ליעב נעהאט אויסצוהערען בעררו'ן אויפמערקזאם, און עס האט זיך איהם אימער נעדאכט, אז ער ברעננט דיא בעסטע בעווייזע, און אזא רעפּובליק וואס זאָל ברעננען גליק, מוז קומען.

דאמור איז נעוואָרען זעהר ענטהוזיאסטיש, און ער האט זיך פאָרגעשטעלט, דאס ווען גאַנץ פאריז, מענער, פרויען און קינדער, זאָלען מארשירען נאך ווערסאיל און זינגען דיא מ א ר ס ע י ע ז, וועלען דיא פרייסען כאפען דיא פיס אויף דיא פלייצעס און ענטלויפען, און א פאָלקס־רעגיערונג וועט דאמאלס עטאבלירט ווערען אין פראנקרייך — א רעגיערונג וואס זאָל בעזאָרגען יעדען בירגער מיט דיא נעטהיגע איינקינפטע.

„גיב אכטונג, זשאק,‟ האט איהם פעליסי מעהרערע מאל נעזאגט ווען זייא זיינען נעוועזען אליין, „מיט דיעזען בעררו וועט זיך זעהר שלעכט אויסלאָזען. גיב איהם צו פרעסען אזוי לאנג וויא דוא ווילסט, אָבער וואס עס אנבעלאַנגט רעוואָלוציאָנען, פאָלג מיך און לאָז איהם אליין נעהען ברעכען זיין קאָפּ.‟

פעליסי האט אפילו אויך נעוואָלט א רעפּובליק. אין יאָהר 1848, איז איהר פאטער דערשאָסען נעוואָרען בייא א באריקאדע. אָבער דיא עראינערונג אן דעם, אנשטאט עס זאָל אויף איהר ווירקען זיא זאָל זיך אויך שטופען אין דער הימ־ ערייז, האט עס פעראורזאכט, וואס זיא האט איהר פאמיליע אָבנעהאלטען דערפון.

נאך איהרע אנזיכט, האט דאס פאָלק זיך אימער נעקענט אליין העלפען, אָבער פריעדליך, און זיך נים נעהען איינשטעלען דאס לעבען. בעררו'ס שילדערונגען אָבער ברעכען, צינדען, שטעכען און שיסען, האבען זיא נעשווידערט. פעליסי איז נעוועזען איבערצייגט, אז נים דאס איז דער ריכטיגער וועג עפּעס אויפצוטהון. איבריגענס איז זיא קיינמאל נים נעוועזען דאגעגען זיך אפילו אויפצוהייגנען, אָבער זיא האט אלץ נעוואָלט יענער זאָל עס טהון, פרעמדע, נאר נים איהר פאַ־ מיליע.

מיט דער צייט האט פעליסי בעמערקט ווי דאקטור'ס אויפרעגונג שטייגט און זיין שפראכע ווערט העפטינגער און גיפטיגער; און וואס עס האט די ארמע פרוי מעהר געערגערט, איז געווען דאס מעלאנכאָלישע ערשיינען פון יוזשאנען, וועלכער פלעגט דאן אויך מיט שפאנענדער אויפמערקזאמקייט צוהערען צו בעררו'ס רעוואָלוציאָנערע שפראכע.

אבענד, ווען לואיז פלעגט איינשלאָפען מיט איהר קאָפּ אָנגעשפארט אויף'ן טיש, האט יוזשאן לאנגזאם געזופט בראנפען פון א קליין גלעזעל אָהנע צו רעדען א וואָרט, און ער האט זיינע אויגען ניט ארונטער גענומען פון בעררו'ן.

בעררו האט אימער געוואוסט צו דערצעהלען זעהר איין אינטערעסאנטע געשיכטע פון פאריז, ענטוועדער איבער די באָנאפּארטיסטען, וועלכע האבען געגעבען פעררעטהערישע צייכענס צו די דייטשען פון גאָנטמארטער, אָדער איבער זעק מעהל און פעסלעך פולווער וואס מען האט פערזונקען אין דער סען, דאמיט די שטאָדט פאריז זאָל זיך מהען שנעלער אונטערגעבען.

„דאס הייסט אָנגעפּלוידערט!" האט פעליסי ליעב געהאט אויסשרייען צו איהר זוהן, ווערענד בעררו האט געהאלטען אין אוועק געהען. „לאָזט זיך ניט פערדרעהען די קעפ! יעדער וואָרט וואס ער זאגט איז ליעגען מיט ליעגען!"

„איך וויים שוין וואס איך דארף וויסען," האט יוזשאן געענטפערט מיט א וויטהענדען שטויס מיט זיין ארעם אין דער לופט.

אונגעפעהר אין מיטען פון מאָנאט דעצעמבער, האט די פאמיליע דאמור שוין מעהר ניט געהאט אפילו איין סו פון דעם גאנצען ערשפּארטען געלד.

כמעט יעדע שטונדע האט מען געהערט פון א גרויסע ניעדערלאגע אונטער די פרייסען אין דער פראָווינץ, און פון א זיעגרייכען פראנצויזישען אנגריף אום צו רעטען פאריז.

די פאמיליע דאמור, האט זיך אנפאנגס ניט דערשראָקען פאר דער אָרימקייט, זייא האבען געהאָפט, לויט די בעריכטע, אז רעטונג איז נאָהענט, און ארבייט וועט ווידער אמאל אנפאנגען.

פעליסי האט געמאכט וואונדער: זיא איז געגאנגען יעדען טאָג נעהמען דאס שווארצע ברויט וואס מען האט געטהיילט צו די בעלאגערטע; יעדער האט דער פון זיך אָנגענעסען, בלויז לואיז האט דאס ניט געקענט פערדייען.

דאן איז זשאק און יוזשאן ווי פערריקט געוואָרען מיט ענטהוזיאזמוס פאר דער מלחמה. לרים ווי פעליסי האט שוין לאנג געהערט, אז עס מוז קאַפּ־

קיריש

ארום נעהענדיג לעדיג פון פריה מארגען ביז אבענד, און זייענדיג אוועק געריסען פון זייער לאנג־יעהריגע געוואוהנהייט, האבען זייא קיין אנדערע בעשעפטיגונג געהאט, וויא צו דענקען און טראכטען איבער דעם בלוטיגען שלאכטפעלד און איבער דער רעוואלוציאנערער בעוועגונג אין לאנד.

מעהר האבען זייא שוין ניט געקענט פערבלייבען אנטהעטיג, און זייא זיינען ביידע אריין אלס מיטגליעדער פון א מארשירענדען באטאליאן. דיעזער באטאליאן אבער, איז ניט ארויס פון דער פעסטונג, זאנדערן געבליעבען אין דער קאזארמע, וואו מען האט געשפיעלט אין קארטען דורך דיא טעג און דורך דיא נעכט.

דארט, אין דיעזער קאזארמע, מיט א לעדיגען מאגען און מיט א בעוואוסטזיין פון עלענד אין דער היים, האט זיך דאמור איבערציינגט, אז דיא רעגיערונג האט בעשלאסען צו פערניכטען דאס פאלק.

ער האט געהערט, אז הענרי דער 5־טער, איז געוועזען אין סענט־זשערמען, און איז איינגעשלאסען אין א הויז, וואס איז געוועזען ארום גערינגעלט מיט ווייסע פאהנען, צום צייכען, אז אזוי באלד וויא ער ווערט הערשער, גיבט ער איבער גאנץ פאריז צו דיא פרייסען.

מעהר האט שוין דאמור ניט געקענט זיין געדולדיג. ער האט געהערט, אז דיא רעגיערונג האט בעשלאסען, דאס אין א שעהנעם פריה־מארגען זאל אנפאנגען א שרעקליכע באמבארדע, וואס זאל פערניכטען דאס פאלק, דיא ארבייטער־קלאסע, אום פלאטץ צו מאכען דעם אדעל און דיא גלחים.

ווען דאמור און יוזשאן פלעגען אהיים קומען, ביידע אין א פיעבערהאפטער אויפרעגונג פון רעוואלוציאן, האבען זייא געזעהען אויסמיידען און ניט רעדען פון הרג׳ענען מענשען אין פעליסי׳ס געגענווארט, וועלכע איז לעטצטענס געווארען זעהר בלאס, און שטילשווייגענד האט זיא געוואכט איבער דער קראנקער לואיז. דאס קינד, וויא עס שיינט, איז וויעדער אמאל קראנק געווארען פון דיא שלעכטע שפייזען.

אין דערזעלבער צייט איז דיא בעלאגערונג געוועזען פאראיבער; א וואפען־שטילשטאנד איז געשלאסען געווארען, און דיא פרייסען האבען אריין מארשירט נאך פאריז.

דיא פאמיליע דאמור, אין דער גאס פון אנווערדש, האט גענעסען ווייסעס ברוים, וועלכעס פעליסי האט געבראכט פון סענט־דעני; אבער דאס איז געוועזען זעהר א טרויעריגער מיטאג.

יחשאן, וועלכער איז געווען זעהען דיא פריסטען, האט דערצעהלט וויא אזוי דיא זיינען אריין אין שטאָדט, און דאמור, דאס הערענדיג, האט ער אויפגעהויבען א געפעל אין דער הויך, און געשריען, אז מען דארף גילאָטינירען אלע געגנערען.

וועהרענד דיא נעכסטע עטליכע טעג, ווען עס איז נאך אימער קיין ארבייט ניט געווען, האט דאמור בעשלאָסען זיך צו זעטצען בייא זיין ארבייטס־באנק און אנפאנגען עפּעס צו טהון אויף איינענער רעכנונג; ער האט געהאט נאך פון פריהער א פאאר ניט־אויסגעפערטיגטע זאכען, און ער האט גערעכענט דיעזע פערטיג צו מאכען און זייא דאן ארום טראָגען פערקויפען.

יחשאן האט ניט געקענט בלייבען רוהיג, און נאך א שטונדע ארבייט, האט ער א שמיטץ געגעבען מיט דעם געצייג און איז אוועק.

וואס עס אנבעלאנגט בעררו'ן, איז ער שוין לאנג דאָרט ניט געווען; עס שיינט, אז ער האט אויפגעזוכט א בעסערן פּלאַטץ וואו צו עסען. אָבער אין א גאַנץ פריה איז ער ווידער ערשיענען, זעהר שטארק אָנגעזויפען מיט שנאַפּס, און זייא דערצעהלט דיא געשיכטע איבער דיא קאנאָנען פון גאָנטמארטער. דאן האט ער זייא אָבגעשילדערט, אז דאס פאָלק האט ענדליך געטוי ערפּאהרען איבער זיינע פעררעטהער, און יעטצט ווערען איבעראל עררייכטעט באריקאדען, און דער טריומף פון דער ארבייטער־קלאַסע, איז ענדליך נאָהענט.

„מיין ערשיינען דאָ", האט ער געזאגט צו דאמור'ן, „איז נאָר, אום דיר אָנ־צוצייגען, אז יעדער גוטער בירגער ווערט בענעטהיגט."

דאמור האט פערלאָזען זיין ארבייטס־באנק, טראָטץ דעם וואס פעליסי'ס געזוכט האט אויסגעדריקט זאָרג און פּיין.

עס איז דאמאלס געווען דער אנפאנג פון דער קאָמונע אין פראנקרייך!

דיא טעג פון מערץ, אפּריל און מאי, זיינען געקומען און אוועק. ווען דאמור איז געווען מיעד און זיין פרוי האט איהם געבעטען ער זאָל בלייבען אין דער היים, האט ער איהר געענטפערט:

„בלייבען אין דער היים איז גאַנץ גוט, אָבער מיינע דרייסיג סו פער טאָג וועלען פערפאלען ווערען. ווער וועט מיר געבען ברויט?"

פעליסי האט אָנגעבויגען דעם קאָפּ און געשוויגען. זייער גאַנצעס פערמעגען, אום צו קויפען שפייז, איז בעשטאנען פון דיא 30 סו פיר דאמור'ן און דיא 30 סו פיר יחשאנען, וועלכע זייא האבען געקריגען טעגליך פון דער נאציאָנאל־גארדע. מאנכע מאל, האט מען זייא נאך אויך געגעבען דערצו אביסעל וויין, און א שטיקעל ווארשט

וואס עס אנבעלאנגט אלע איבעריגע האנדלונגען, איז ראמור געוועזען איבער־ציינט, אז ער טהוט אלעס ריכטיג, און שיסען אויף דיא פראנצויזען פון ווערסאיל, איז בייא איהם געוועזען גלייך וויא ער וואלט געשאסען אויף דיא פרייסען.

דאמור האט מיטגעקעמפפט מיט דיא קאמוניסטישע רעוואלוציאנערע, און בייא איהם איז נים געוועזען דער מינדסטער צווייפעל, אז ער רעטעט דיא רעפובליק און ער העלפט פערזיכערן דיא פאלקס־פרייהייט.

נאך דער אונגליקליכער בעלאגערונג פון דיא דייטשען, האט דאמור, וויא א פערבארגענער העלד, מיטגעקעמפפט אין יעדען רעוואלוציאנערען אויפשטאנד, און ער איז געוועזען פאלקאמען איבערציינט, אז ער ווירקט מיט, צו צערדריקען טיראנייא, און ערריכטען דיא וואהרע פרייהייט פון פאלק.

וואס עס אנבלאנגט דיא טהעאריען און לעהרען פון דער קאמוניסטישער פארטייא, האט ער זיך קיינמאל נים גענומען דיא מיה אזוי וויים נאכצופארשען און נאכקלערען. אין זיין אויגען איז דיא קאמונע געוועזען דער פארפאסטען פון דיא נאלדענע צייטען, אדער דער אנפאנג פון אלגעמיינעס גליק. ער האט געגלויבט מיט דער גרעסטער הארטנעקינקייט, אז אירגענדוואו אין סענט־זשערמען אדער אין ווערסאיל, געפינט זיך א קעניג פערטיג איינצופיהרען דיא אינקוויזיציאן וויא אין דיא אלטע בלוטיגע צייטען, און זא שנעל וויא מען וועט איהם נאר אריין לאזען נאך פאריז, וועט ער באלד דורכפיהרען זיין פלאן.

צו הויז, אונטער זיין פאמיליע, וואלט זשאק ראמור נים געהרג׳עט אפילו קיין פליעגע, נאר ווען ער איז ערשיענען אין דיענסט־פליכט, אלס סאלדאט און קריעגער, האט ער געציעלט אויף דיא זשאנדארען און זייא געזעהען פאלען טויט פון זיינע קוגלען, אהנע עס זאל איהם אממינדסטען בעקימערן.

ווען ער פלעגט אהיים קימען, שווארץ פון שוויים, רויך און פולווער, איז ער געבליעבען שטונדען־לאנג נעבען בעט פון דער קליינער לואיז, זיך צוהערענדיג וויא זיא אטהעמט. פעליסי האט שוין מעהר נים פראבירט איהם צוריק צו האלטען; זיא האט געוואוסט, אז איהר מיה וועט זיין אומזיסט, און זיא האט נאר געדולדיג אבגעווארט ביז דיא בהלה וועט פאראיבער.

אין א טאג אבער, האט זיא זיך נים געקענט צוריק האלטען און צו איהם געזאגט:

„זעה נאר וואס פאר א דומקאפ דוא ביסט! דוא, א שוואכער און א צארטער, געחסט אהין וואו טויט שוועבט אייבער אייערע קעפ בעררה, געכבש־

איז גרויס און געזונד וויא א בער, וועלכער האט דיר פערדרעהט דיין קאפ, ער איז ניט אזוי משוגע זיך איינצושטעלען זיין לעבען. ווייסטו וואו ער איז? ער איז געווען קלוג גענוג צו געפינען א פאסטען אלס קאמיסאר.״

אונטערדעסען, איז בעררו ערשיענען אין זיין אוניפארמע מיט דער גרויסער פעדער אין היטעל, און ווייטער דערצעהלט וויא אזוי מען דארף צערשמעטערן דעם דעפוטירטען־קאמער, באמבארדירען דאס מיניסטעריום און מאכען א תל פון דער גאנצער רעגיערונגס־באנדע אין ווערסאל.

„אבער ווארום נעהמט ער אליין ניט אהין, אנשטאט צו שיקען אנדערע?״ האט פעליסי געפרעגט איהר מאן.

דאמור האט דאן געענטפערט:

„שווייג! איך וויל ניט וויסען פון אנדערע. איך טהו מיין פליכט, און זאלען זיך שעהמען דיא אנדערע, וועלכע טהון עס ניט!״

אין א פריה־מארגען, אונגעפעהר צום ענדע פון מאנאט אפריל, האט מען אהיים געבראכט יושאנען אויף א טראג־בעטעל, אין דעם הויז פון דער אנוויערוש גאס.

דער יונגערמאן, שטעהענדיג אויף א באריקאדע, האט ער געקריגען א קוגעל גראדע אין דער ברוסט. וועהרענד מען האט איהם ארויף געטראגען, האט ער אויסגעהויכט זיין לעטצטען אטהעם אויף דיא טרעפען.

ווען דאמור איז אהיים געקומען אבענד, האט ער געטראפען פעליסי׳ן שפראכלאז נעבען איהר זוהן׳ס טויטען קערפער.

עס איז געווען א שרעקליכער קלאפ פיר דעם אלטען דאמור. ער איז אניעדער געפאלען אויף דעם פוס־באדען, און פעליסי האט איהם געלאזען וויינען וויפיעל ער האט געוואלט, וועהרענד זיא איז געזעסען אנגעשפארט אן דער וואנט און שוין מעהר קיין טרערען געהאט אין איהרע אויגען.

דוא אונגליקליכע האט קיין ווארט געקענט זאגען, ווייל זיא האט אויך ניט געוואוסט וואס עס איז דא צו זאגען ביי דיעזער סצענע. ווען זיא וואלט געפענט איהר מויל, וואלטען זיך ארויס געריסען פאלגענדע ווערטער פון איהר ברוסט:

„עס איז דיין שולד!״

אבער זיא האט געשוויגען. זיא האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען און פערמאכט דיא שראנק־טהיר גאנץ רוהיג, כדי זיא זאל ניט אויפוועקען לואיזן. דיא

איז זאָגאר צוגעגאַנגען צוזעהן, אויב דעם פאָטער'ס געזונד, האָט ניט אויפגעוועקט דאס קינד.

ווען דאָקטור האָט זיך ענדליך אויפגעהויבען פון דעם פוס־באָדען, איז ער צוגעגאַנגען צום שפּיגעל, נעבען וועלכען עס איז געהאָנגען יוזשאָן'ס א פאָטאָגראַפיע, וואו דער יונגער מענש איז געווען אָבגעמאָלען אין דער אוניפאָרמע פון דער נאַציאָנאַל־גאַרדע.

ער האָט אַרונטער גענומען דאָס בילד, און אויפגעשריעבען מיט א פעדער אויף דער אַנדערער זייט, דיעזע ווערטער:

„איך וועל מיך נוקם זיין פאַר דיר!“

דאַן האָט ער צוגעשריעבען דעם דאַטום און זיך אויך געחתמ'עט.

דאָס האָט אָביסעל פערלייכטערט זיין שמערץ.

אויף'ן אַנדערען טאָג, איז צוגעפאָהרען א טויטען־וואָגען, בעשטעקט מיט רויטע פאָהנען, און אוועק געפיהרט דעם קערפּער נאָך פּער־לאַשעז, בעגלייטעט פון א גרויסער מענגע מענשען.

דער פאָטער איז נאָכגעגאַנגען מיט'ן הוילען קאָפּ; דער אַנבליק פון די רויטע פאָהנען, וואָס האָט פעראורזאַכט דער שוואַרצער טויטען־וואָגען זאָל אויסזעהן נאָך דונקלער, האָט אָנגעפיללט דאָקטור'ס האַרץ מיט ווילדע געדאַנקען.

פעליסי איז געבליעבען אין דער היים מיט דער קליינער לואיז, אין דער גאַס פון אַנוויערזש.

נאָך אין דעמזעלבען אבענד, האָט דאָקטור צוריק געקעהרט צו די באַריקאַדען, אום צו הרג'ענען זשאַנדאַרען.

ענדליך איז געקומען דער מאָנאַט מאַי. די אַרמעע פון ווערסאַיל, איז אַריין נאָך פּאַריז. דאָקטור איז ניט אַהיים געקומען גאַנצע צוויי טעג, זאָנדערן זיך צוריק געצויגען מיט זיין באַטאַליאָן, פערטהיידיגענדיג די באַריקאַדען אין מיטען פון דער גרויסער שרפה. ער האָט שוין מעהר ניט געוואוסט וואָס ער טהוט, זאָנדערן געהאַלטען אין איין שיסען וואו ער האָט געזעהען רויך.

אין דעם מאָרגען פון דעם דריטען טאָג, איז ער ווידער ערשיענען אין דער גאַס פון אַנוויערזש; זיינע קליידער זיינען נאָכגעהאָנגען ווי צעריסענע שמאַטעס, און ער האָט זיך געשאָקעלט ווי א שיכור.

פעליסי האָט איהם אַריין גענומען אין הויז, איבערגעקליידעט און אָבגעוואַשט זיינע הענד מיט א נאַסען האַנד־טוך. פּלוצלינג איז ערשיענען א שכנ'ס פרוי און

אנגעציינט, אז דיא קאמוניסטען האבען נאך דעם קאמפף ניט ארפגעגעבען, און זייא האלטען זיך פעסט אין פער־לאשעז, און דיא ווערסאילער קענען זייא פון דארט ניט ריהרען.

„איך נעה אהין," האט דאמור בעמערקט גאנץ איינפאך.

ער האט זיך ווידער אנגעצויגען און גענומען זיין ביקס. אבער דיא לעטצטע פערטהיידיגער פון דער קאמונע, זיינען שוין מעהר ניט געווען אויף פער־לאשעז, וואו יחשאן האט געשלאפען.

דאמור האט געהאפט, דערהרג'ענ'עם צו ווערען אויף דיין זוהן'ס קבר, אבער ער איז שוין געווען צו שוואך און ערמיעדעט און מעהר ניט געקענט אהין אזוי שנעל נרייכען.

קאנאנען־קוגלען זיינען געקומען פון אלע זייטען און אבגעבראכען זייטען און עקען פון דיא גרויסע מצבות; צווישען דיא בוימער און דיא מארמארנע מצבות, זיינען נאך געווען בעהאלטען איינינע פון דער נאציאנאל־גארדע, וואס האבען ניט אויפגעהערט צו שיסען, און זייערע רויטע הויזען האבען דייטליך אנגעציינט דעם פלאטץ וואו זייא געפינען זיך.

דאמור איז אנגעקומען אקוראט צו דער ריכטינער צייט מען זאל איהם כאפען אלס געפאנגענער.

זיעבען־און־דרייסיג פון זיינע קאמעראדען, וועלכע מען האט אויך געכאפט, האט מען אויף'ן פלאטץ ערשאסען. עס איז נאר געווען א וואונדער, וואס מען האט דאמאלס מיט איהם אויך ניט געטהאן דאסזעלבע.

אזוי וויא זיין פרוי האט איהם אבגעוואשען דיא הענד און ער האט נאך ניט געהאט געשאסען, האבען זייא וואהרשיינליך דערפאר איהם געציינט גנאדע.

וואס עס האט מיט איהם ווייטער פאסירט, האט ער אין זיין פערווירונג און מיעדקייט ניט געקענט וויסען און זיך אויך ניט ערמינערט. דאן האט ער זיך געזעהען אין א געפענגניס, פון דארט האט מען איהם געפיהרט פון איין פלאטץ צום צווייטען. דאס בעסטע וואס ער האט זיך געקענט דערמאהנען, איז געווען, דאס מען האט איהם געבראכט אלס געפאנגענער נאך ווערסאיל.

פעליסי איז איהם געקומען זעהען; זיא איז נאך אימער געווען בלאס און פאלטבליטיג. ווען זיא האט איהם מיטגעטהיילט, אז לואיז'ן געהט עס בעסער, זיינען זייא ביידע געבליעבען שטיל, און ניט געוואוסט וואס זייא קענען ווייטער רעדען.

איידער זיא איז אוועק געגאנגען, האט זיא פראבירט איהם צו ערמוטהיגען

און איהם דערצעהלט, אז זיין פּראָצעס איז איבערגעגעבען געוואָרען צו א גוטען אדוואָקאַט, וועלכער וועט איהם בעפרייען.

ער האט דאן געפרעגט:

„און וואס איז מיט בעררו'ן?"

„אך," האט זיא געענטפערט, „בעררו'ן וועט גאר ניט שאדען. ער האט גע־מאכט א ויברח, נאך איידער דיא טרופען זיינען אריין; האב קיין מורא ניט, קיינער וועט איהם מעהר ניט טשעפּען."

מיט א מאַנאט שפּעטער, איז זשאק אוועק געשיקט געוואָרען אין גלות, נאך נייא־קאלעדאָניען.

אזוי וויא ער איז ניט געוועזן קיין שום מיליטערישער בעאמטער און זיין נאמען איז ניט געווען פערשריעבען, וואָלטען איהם דיא ריכטער פּאָזיטיוו בעפרייעט, נאר ער אליין האט אויף אלעמען מודה געווען. ער האט נאך דערצעהלט, מיט לעבּ־האפטע פּארבען, וואס פאר איין אנטהייל ער האט גענומען אונטער דיא קאָ־מוניסטען.

בייא דער לעטצטער צוזאמענקונפט מיט פעליסי'ן, האט ער צו איהר געזאגט:

„ווארט אויף מיר מיט'ן קינד."

דיזע פּאאר ווערטער, וואס זשאק דאמאָר האט געזאגט צו זיין פרוי, האבען געקלונגען אין זיינע אויערן זעהר לאַנג. ווען ער פלעגט זיטצען, פערווירט, פער־טרויערט און פערזונקען אין געדאנקען, האט ער זיך דערמאָהנט איבער דיזע ווערטער.

דאן האט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען צום וויטען מעער, און וועהמיטהיג געזיפצט.

דאָרט, ווייט אוועק, מעבר לים, האט זשאק נאך אימער געהאט א פונק האָפנונג, אז ער מוז און וועט בעפרייעט ווערען.

וויא אזוי? אויף וועלכער אַרט? דאס האט ער אליין ניט געוואוסט. אין זיין גרעסטען טרויער און פערצווייפלונג, האט ער זיך פאַרגעשטעלט, אז ער שפּאַ־צירט אַרום אויף דיא וועלען פון ים, און געהט אהין, וואו ער האט פערשפּראָכען צוריק צו קעהרען.

---

**2.**

אין טמעא, האט דאמור זיך זעהר גוט אויפגעפיהרט.

ער איז ניט געוועזן קיין געפאנגענער אין א געפענגניס, בלויז פערטריעבען אין גלות. ער האט געפונען ארבייט און זיך בעשעפטיגט. דאן האט מען איהם אויך געגעבען האפנונג פיר זיין בעפרייאונג דורך בעגנאדיגונג.

זשאק איז געוועזן זעהר א גוטמיטהיגער מענש, און ער האט ליעב געהאט זיך צו שפיעלען מיט קליינע קינדער.

ער האט ניט ליעב געהאט זיך צו בעשעפטיגען מיט פאליטיק, און ער האט אויסגעמיעדען דיא געזעלשאפט פון דיא אנדערע פערשיקטע; ער האט געלעבט פיר זיך אליין.

דעם איינציגען פעהלער וואס ער האט געהאט, איז געוועזן וואס ער האט ליעב געהאט צייטענווייז זיך אנצושיכור׳ן. אבער זאגאר דאן, האט ער אויך זיין גוט־מיטהיגקייט ניט פערלוירען, זאנדערן ער האט געוויינט און געקלאגט און איז אליין געגאנגען צו בעט אום זיך אויסצוניכטערן.

דיעזע גוטע אויפפיהרונג, האט געזיכערט זיין בעגנאדיגונג. נאטירליך האט דאס ניט געקענט קומען אזוי שנעל, אבער מען האט עס ערווארטעט. וויא ער־שטוינט זיינען אבער געווארען דיא בעאמטע, ווען מען האט ערפאהרען אין א טאג, אז ער איז פערשוואונדען געווארען צוזאמען מיט נאך 4 אנדערע פער־שיקטע.

אין דיא ערשטע צווייא יאהר, האט דאמור געקריעגען עטליכע בריעף פון זיין פרוי; אנפאנגס זיינען דיא בריעף געקומען זעהר רעגעלמעסיג, אבער דאן זעלטענער. ער אליין, האט זעהר אפט געשריעבען בריעף. דאן זיינען פאראיבער גאנצע דרייא יאהר, אהנע ער זאל עפעס הערען פון פעליסי׳ן.

דאס האט איהם זעהר בעאונרוהיגט און ער איז געוועזן פערצווייפעלט. ער האט זיך פארגעשטעלט, אז ער וועט מוזען ווארטען נאך צווייא יאהר אויף זיין בעגנאדיגונג, און ביז אהין, ווער ווייס וואס עס קען געשעהען.

אין א מאמענט פון גרויסער אויפרעגונג, האט ער אלעס ריזיקירט, אויף וועלכען א מענש קען באלד חרטה האבען דעם צווייטען טאג.

מיט א וואך שפעטער, נאך זשאק דאמור׳ס פערשווינדונג, האט מען געפונען דאס צערשמעטערטע שיפעל, מיט דיא נאקעטע קערפערס פון דרייא מענשען,

שוין האלב פערפוילט ; עדות האבען געשוואוירען, אז זייא האבען דערקענט אונטער דיא דרייא, ושאק דאמור.

נאך א קורצע אתטערזוכונג, איז ארויס געגעבען געוואָרען א בעריכט און אויסגעשיקט צו זיין אלמנה, וועלכע האט פערלאנגט א טויטען־שיין פון דער רעגיערונג.

דיא גאנצע פרעסע האט דאן געקלונגען מיט דעם ענטלויפען פון דיא פערשיקטע, און דער דראמאטישער בעריכט איבער זייער טראגישען סוף, איז פובליצירט געוואָרען אין אלע צייטונגען.

טראָמץ דעם אלעמען אָבער, האט נאך ושאק דאמור געלעבט. דיא עדות האבען געהאט א טעות, און גערעכענט איינעם פון זיינע קאמעראדען פאר איהם.

דאמור און דער פיערטער ענטלאָפענער, וועלכע זיינען געבליעבען לעבען וויא דורך א וואונדער, האבען זיך געראטעוועט, און גענומען אבשיעד איינער פון צווייטען, ווען זייא האבען בעטרעטען ענגלישען באָדען ; זייט דאמאלס האט שוין איינער דעם צווייטען ניט געזעהען. עס איז קיין צווייפעל, אז דער אנדערער איז געשטאָרבען פון געלען־פיעבער, פון וועלכען ושאק דאמור האט אויך שיער פערלוירען זיין לעבען.

זיין ערשטער געדאנק, ווען ער איז געזונד געוואָרען, איז געוועזען מיטצוטהיילען פעליסי׳ן דורך א בריעף, אז ער לעבט, אָבער ער האט געקריעגען א צייטונג, וואו ער האט געלעזען א בעריכט איבער זיין ענטלויפען און טויט.

פון דאמאלס אָן, האט ער גערעכענט, אז א בריעף וועט זיין איין אונפאָרזיכטיגער שריט ; ער וועט פיעללייכט אריין פאלען אין שלעכטע הענד און אלעס וועט ענטדעקט ווערען.

„וואָלט עס פיעללייכט ניט בעסער געוועזען צו בלייבען טויט פאר דער גאנצער וועלט ?” האט זיך דאמור געטראכט.

„יא, אזוי בלייבט עס,” האט ער דאן בעשלאָסען. „אונטער דיעזע אומשטענדען, וועל איך קענען צוריק קעהרען נאך פראנקרייך, און איך וועל קענען געדולדיג ווארטען פיר דער אלגעמיינער בעגנאדיגונג פון דיא קאָמוניסטען, וועלכע מוז פריהער אָדער שפעטער דאָך קומען.”

עס איז געוועזען צו יענער צייט, ווען ער איז קראנק געוואָרען אויף געלעם פיעבער, און ער איז אָבגעלעגען היבשע עטליכע וואָכען צו בעט. ווען ער האט זיך אנגעפאנגען צו ערהאָלען, האט איין אונגעהייערע און אונבעוויעזענע פוילקייט,

בעהערדשם זיין גאנצען קערפער. דאס פיעבער, וויא עס שיינט, האט פון איהם בערויבט אלע זיינע געוועזענע שטרעבונגען און האפנונגען.

ער האט שוין מעהר ניט געביינקט, און זיך אלץ געפרעגט:

„וואס זאל איך ביינקען? און וואס וועט זיין?"

דיא בילדער און ערזיינערונגען נאך פעליסי'ן און לואיז'ן, זיינען פערשוואונדען פון זיינע געדאנקען.

ער פלעגט זייא ציטענווייז זעהען אין זיין פאנטאזיע, אבער עס איז געווען וויא דורך א וואלקען; מאנכע מאל האט ער זיך זאגאר ניט געגלויבט, אויב ער וואלט זייא נאך דערקענט.

ווען ער האט זיך ענדליך ערהאלט און איז ווידער פאלקאמען געזונד גע־ווארען, איז בייא איהם ענטשטאנדען א גאנץ נייער פלאן. צוריק פאהרען צו זיין פרוי און טאכטער, קען ניט שלעכט זיין, אבער איידער ער וועט דאס טהון, מוז ער ווערען א רייכער מאן.

„ווירקליך," האט ער זיך געטראכט, „וואס קען שוין אזעלכער וויא איך טהון אין פאריז? איך וועל מוזען אויסגעהען פאר הונגער, אדער זיך געהמען נאך אמאל צו מיין ארבייטס־באנק, און ווער ווייס אויב איך וועל קענען געפינען ארבייט! און ווען יא, האב איך שוין אויך קיין כח ניט דערצו."

דאן האט ער געהערט, אז אין אמעריקא קען מען גליקליך ווערען, און ער וועט קענען, אין עטליכע מאנאט צייט, ערשפארען איינינע הונדערט טויזענד פראנקס — דאס איז איבערהויפט ניט געווען פיעל, לויט וויא ער האט געהערט איבער דיא אונגעהייערע שווערע מיליאנען וואס מען פערדיענט אין אמעריקא.

מען האט איהם דערצעהלט איבער גאלד־מיענען, וואו דער מינדעסטער ארבייטער דארט, פאהרט איז זיין אייגענער דראשקע מיט פערד נאך א בעשעפטיגונג פון זעקס מאנאט.

ער האט זאפארט אנגעפאנגען אויסצושטעלען א פלאן פיר זיין לעבען אין דער צוקונפט: ער האט בעשלאסען, פאר אלעמע, רייך צו ווערען, דאן צוריק קעהרען נאך פראנקרייך מיט ועניגסטענס הונדערט טויזענד פראנקס, קויפען א הויז אין ווינסאן, און דארט לעבען פון דיא איינקינפטע וואס וועלען איהם ברענגען דרייא אדער פיער טויזענד פראנקס א יאהר.

„אך!" האט ער אויסגערופען אין דער בעגייסטערונג פון זיין אידעע, „וויא מיין פעליסי און לואיז וועלען גליקליך זיין! וויא דיא פערגאנגענהייט, דיא טרויעריגע פערגאנגענהייט וועט זיין פערגעסען! מיר וועלען אלע לעבען פיר זיך

אליין, צוריק געצוויגען, און גליקליך. פאָליטיק! צום טייפעל מיט דער פאָליטיק! זאָלען זיך אנדערע שלאָגען דיא קעפּ דאריבער! עס איז שוין צייט איך זאָל רוהען און גליקליך זיין!"

מיט א מאַגאַט שפּעטער, איז דאמור געווען אין אמעריקא.

דאָן האט אָנגעפאנגען א טהעטיגעס און א רוהיגעס לעבען. ער איז אריין געפאלען אין א ים פון א וויטהענדער אויפרעגונג, וואס איז געווען אי געוועהנליך אי אויסער געוועהנליך.

דאמור האט בעקאנטשאפט געשלאָסען מיט פערשיעדענע פערזאָנען און זיך שטארק פעראינטערעסירט מיט דער אויפגאבע פון ערשפּארען א פער־מעגען.

דרייא מאל האט ער גערעכענט, אז ער האט שוין הונדערט טויזענד פראנקס, אז זיין ציעל איז ערדייכט און זיין אויפגאבע אין אמעריקא איז צו ענדע, אָבער יעדעס מאל, האט זיך דאס פערמעגען ארויס געגליטשט פון זיינע הענד, וויא א גלים־שעדינער פיש; ער האט געטראָפען איבעראל קלינערע מענשען אלס ער, מען האט איהם בעשווינדעלט, און ער איז רואינירט געוואָרען בייא זיין לעטצטער אונ־טערנעהמונג.

אין אלגעמיינעם, האט ער זעהר פיעל געליטען, געארבייט וויא איין עזעל, און דער סוף איז געווען, דאס ער איז געבליעבען אָהן א העמד.

נאכדעם וויא ער האט געדייזט פון וואנען אלע פיער ווינטען האבען געבלאָזען, האט ער זיך ענדליך געזעהען געלאנדעט אין ענגלאנד, שוועף, פערביטערט און אָרעם. פון דאָרט האט ער אָבגערייזט נאך בריססעל און איז אָנגעקומען אסוראט אויף דער גרענעץ פון פראנקרייך.

דאמור איז אָבער געווען אזוי ענטמוטהיגט און אזוי בעטריעבט איבער זיין טרויעריגעס שיקזאל, דאס יעדער געדאנק, צו בעזוכען זיין פאטערלאנד, איז פון איהם פערשוואונדען.

אָנקומענדיג פון אמעריקא, האט ער באלד געשריעבען א בריעף צו פעליסי׳ן. ער האט קיין ענטפער נעקריגען. דאן האט ער געשריעבען נאך א בריעף און נאך א בריעף און ער האט אימער קיין ענטפער ערהאלטען.

דאס האט איהם זעהר בעאונרוהיגט, און נאכדעם וויא ער האט פיעל נאכגעדענקט, איז ער געקומען צו פאָלגענדען בעשלוס:

„ענטוועדער מיינע בריעף זיינען איבערגענומען געוואָרען פון דער רעגיערונג,

אָדער מיין ווייב איז טויט, און עס איז מעגליך, אז זיא האט פערלאָזען פראַנקרייך."

אין דיעזען צושטאַנד איז פאָראיבער נאָך א יאָהר, און ער האט ענדליך געפאסט פאָלגענדען בעשלוס.

אום זיך ניט צו פערראַטהען, האט ער אנפאַנגס געשריעבען זיינע בריעף צו פעליס׳ן, אונטער איין אנדערן נאָמען, איהר דערמאָהנענדיג פון א פאַנטאַסטישע אונטערנעהמונג, און ער האט גערעכענט, אז זיא וועט געוויס דערקענען זיין האַנד־שריפט און אויך פערשטעהען זיין מיינונג. דאס וואס ער האט קיין ענטפער ער־האַלטען, האט איינגעשלעפערט אלע זיינע עראינערונגען און דיא אַלטע גלייכגילטיג־קייט האט צוריק גענומען.

„איך בין טויט," האט ער זיך מעהרערע מאָל געטראַכט; „איך האב קיינעם ניט אין דער וועלט וואס איך זאָל קענען רופען מיינע, און וואס קימערט מיך אַלעס?"

ביינאַהע א יאָהר האט ער געאַרבייט אונטער דער ערד אין א קוילען־מינע, און ער האט, כמעט וועהרענד דיא גאַנצע צייט, ניט געזעהען פאר זוך דיא ליכטיגע זונן. ער האט בייא זיך אליין אויסגעזעהען וויא טויט, וויא אַזעלכער, וועלכער עקזיסטירט ניט מעהר.

אין איין אבענד, אריין געהענדיג אין קרעטשמע, האט ער געהערט א מאַן דערצעהלען, אז דער דעפּוטירטען־קאַמער האט אָבגעשטימט. דאס דיא בעטהייליגטע אין דער קאָמונע זאָלען בעגנאַדיגט ווערען און יעדער מעג צוריק קעהרען אהיים גאַנץ אונגעשטערט.

דיעזע מיטטהיילונג, האט איהם אויפגעוואַכט וויא פון א שווערען און לאַנגען חלום. יעדער וואָרט, האט גערירט זיינע געפיהלע וויא מיט עלעקטריציטעט; ער האט געשפירט, אז דיא צייט איז געקומען ער זאָל פערלאָזען בעלגיען, און צוריק קעהרען אהין וואו ער האט געלעבט אַזוי פיעלע יאָהרען אין בעטראַכט דעם פּלאַטץ אלס זיין היימאַטה.

אנפאַנגס איז דאס נאָר געווען בלויז א נאַטירליכער טריעב, אָבער וויא זיינע געדאַנקען האבען זיך אביסעל בערוהיגט, האט ער אויך געזעהען, אז דאס איז דער איינציגער תכלית פון זיין לעבען.

„וואס וועל איך דאָ טהון?" האט ער זיך געטראַכט. „איך בין אלט און שוואַך, און וואס וועט ווערען פון מיר? א מענש קען דאָך ניט פערבלייבען עלענד ביז אין טויט אריין?"

עס האט נים פיעל נעדויערט, און ער האט נעקויפט א באהנבילעט נאך פאריז.

זיטצענדיג אין דעם וואַגאָן, איז זיין פערגאַנגענהייט ווידער ערשינען. ער האט זיך ערינערט אן די אונגעהייערע צרות וואס ער האט אויסגעשטאַנען, אָבער ער האט אויך געדענקט די שעהנע און ליעבע פעליסי, איהר איבערגעבענהייט, איהר טרייהייט און צערטליכקייט. דאן האט ער זיך דערמאָהנט אן לואיזן, זיין קינד. ער האט זיא געזעהען בלאס און צארט, מיט דעם טרויעריגען שמייכעלע אויף איהרע ליפען, און די פאָקאָמענע ערינערונג אן דעם קינד האט צוריק געקעהרט, זאָ דאס ער האט זיך זאָגאר דערמאָהנט אן דעם טאָן פון איהר שטימע, ווען זיא האט איהם גערופען: „פאפא! פאפא!"

„מיין פרוי! מיין קינד!" האט ער געמורמעלט צו זיך אליין און די טרערען זיינען געקומען אין זיינע אויגען.

ער האט געפאסט איין אייזערנעם ענטשלוס, נים צו רוהען ביז ער וועט אויפזוכען זיין פרוי און קינד.

„אָבער פיעללייכט זיינען זייא טויט?" האט ער זיך ווייטער געטראכט. „דאן מוז איך דאס אויך וויסען. איך וויל וויסען די גאנצע וואהרהייט איבער זייא! אלעס מוז איך וויסען!"

אָבער דיעזער געדאנק איז פון איהם באלד פערשוואונדען, נאכדעם ווי ער האט זיך דערמאָהנט, אז ער איז פרייא. די האָפנונג, מיט גאָלדענע פליעגלען, האט פאר איהם אויפגעבויעט גליקליכע פאנטאזיען, און ער האט געשפירט יוגענדקראפט צוריק קעהרען אין זיינע גליעדער, מיט איין אייזערנעם ענטשלוס צו ארבייטען און פערדיענען פיר זיין פאמיליע, און גליקליך זיין אונטער די אומשטענדען.

דאן האט ער זיך פאַרגעשטעלט, אז עס קען אנדערש נים זיין, נאר אז פעליסי מיט לואיז'ן לעבען נאך אימער אין דער גאס פון אגוויערזש, און אָבוואָהל אָרעם און עלענד, זיטצט זיא נאך אימער דאָרט און ערווארטעט זיין צוריק קעהרען.

ער האט זיך פאָרגעשטעלט ווי ערשטוינט זיא וועט זיין, ווען זיא וועט איהם ערבליקען, אָבער, נאטירליך, עס וועט נים פיעל דויערן, און ער וועט דאן אלעס ערקלערען. נאכדעם וועט ער צרויף געהען צו דער פאָליציי, זייא איבערגעבען זיין נאמען, און זיין לעבען וועט ווידער פאָרטגעזעטצט ווערען וואו עס איז אונטער־בראָכען געוואָרען מיט אזוי פיעלע יאהרען צוריק.

ענדליך איז דיא באהן אנגעקומען צו דער סטאציאן פון דער „נאר דע נארד" אין פאריז. איין אונגעהייערע גרויסע מאסע מענשען איז דארט געשטאנען, און, וויא עס שיינט, ערווארטעט מען דעם צוג. דיא לופט איז אָנגעפיללט געוואָרען מיט אפלאָדיסמענטען און פריידענס־געשרייען, זאָ שנעל וויא דיא רייזענדע זיינען ער־שיענען. א ווילדער ענטהוזיאזמוס האט געהערשט איבעראל, האנד־טיכלעך האבען געפלאטערט פון דער לופט, און דיא טיילער פון דיא ערווארטענדע, האבען אויס־געשריען עפעס א נאמען.

דאמור האט זיך אנפאנגס אביסעל דערשראָקען, ער האט ניט פערשטאנען וואס דאס אלעס בעדייטעט; ער האט געמיינט, אז דיעזע גאנצע מענגע מענשען איז ערשיע:ען אום פון איהם צו שפּאָטען און חוזק מאכען, ווערענד ער וועט ארונטער שטייגען.

עס האט אָבער ניט פיעל געדויערט, און ער האט באלד דערקענט דעם נאמען וואס מען האט אויסגערופען. דער נאמען האט בעלאנגט צו א בעריהמטען רעוואָלוציאָנער פון דער קאָמ:נע, וועלכער איז אויך אָנגעקומען מיט דעמזעלבען צוג. דאס פאָלק, וועלכעס האט איהם אמאל פערנעטערט פאר זיין מוטה, איז יעטצט ערשיענען איהם צו בעגריסען.

דאמור האט געזעהען דעם רעוואָלוציאָנער אויסשטייגען. ער האט איהם גאנץ גוט דערקענט, און ער האט זיך געמ,רקט, אז ער איז פיעל דיקער געוואָרען וויא ער איז אמאל געוועזען. זיינע אויגען זיינען געוועזען נאס פון טרערען, זיינע ליפּען האבען געשמייכעלט, און ער האט אויסגעזעהען שטארק געריהרט פון דעם עמפפאנג.

ווען דער העלד פון דער קאָמונע האט זיך אריין געזעטצט אין א דראָשקע, האט דאס פאָלק אָנגעפאנגען צו רעדען דאריעבער, אז מען זאָל אויסשפאנען דאס פערד, און זייא זאָלען איהם אליין אריין שלעפען אין שטאָדט אריין מיט דער דראָשקע מיט אלעמען.

מענשען זיינען צעררריקט געוואָרען, און דיא גרויסע מענגער, וועלכע האבען אויסגעזעהען וויא א ים פון קעפּ, האבען זיך געדרענגט נאך דער לאפאיעט שטראסע, און מען האט נאך געקענט זעהען פון ווייטען דיא דראָשקע מיט דעם טריומף־צוג.

דער ארמער דאמור איז אויך מיטגעצויגען געוואָרען מיט דער גרויסער מאסע, און עס האט איהם גענומען פיעל ארבייט ביז ער האט זיך געקענט בעפרייען און ארויף אויף דיא פרייע בולעווארדען.

דיא מענשליכע נאטור איז א מערקווירדינע. אונגעאכטעט דארויף, וואס ער האט שוין געהאט איינמאל בעשלאָסען מעהר קיין אנטהייל צו נעהמען אין פאָליטיק אָן זיך געמאכט פאָרווירפע, ווארום ער האט נאר צו טהון געהאט מיט דער קאָמונע, האט עס איהם שרעקליך פערדראָסען, זעהענדיג וויא מען טהיילט אין מענשען צו אזוי פיעל עהרע.

„פון מיר וועט קיינער ניט,“ האט ער זיך געטראכט. „מיט מיר אינטערעסירט זיך קיין מענש. ניט נאָר וואס איך בין פאר זייא טויט, זאָנדערן, איך האב פאר זייא נאר קיינמאל ניט געלעבט. און דאָך, האב איך גראדע אזוי פיעל געארבייט אין דער קאָמונע, וויא יענער דיקער הערר דאָרט! און פיעללייכט נאך מעהר: איך האב געהאט איין זוהן, דיעזען האך איך מקריב געוועזן פאר א קרבן אויף'ן מזבח פון דער קאָמונע; מיין קינד, מיין איינציגע טאָכטער, איז פיעללייכט טויט, געשטאָרבען אויס מאנגעל און נויט, און דאסזעלבע האט אויך געקענט פאסירען מיט מיין פיעל־געליעבטער פעליסי. היינט איך אליין, האב געליטען דיא שרעקליכסטע יסורים — און יענער הערר, וועלכער ווערט אזוי פערגעטערט, האט געלעבט וועהרענד דער גאנצער צייט אין אויסלאנד, אויף דיא הוצאות פון זיינע אנהענגער, און ער האט געקריגען א דיקען בויך.“

דאמור איז אָנגעפיללט געוואָרען מיט ביטערניש, און דיא רייהע ליידען פון ווערסאיל, דיא ים־רייזע און נומעא, איז וויעדער ערשיענען אין זיין ערינערונג.

געהענדיג ווייטער איבער דיא בולעווארדען, האט זיין ווייכהערציגקייט צוריק געקעהרט. האט פלוצלינג אלעס פערגעסען, און איהם האט עס אויסגעזעהען, אז ער האלט יעטצט אין צוריק קעהרען אהיים פון דער ארבייט, און ער געהט אין דער נאס פון אנוויערזש וואו זיינע ליעבלינגע ערווארטען איהם.

דיא צעהן יאָהר פון זיין לעבען, וואס ער האט לעטצטענס פערבראכט אין דער גרויסער און ברייטער וועלט, האבען בייא איהם אויסגעזעהען ניט מעהר וויא עפעס א לאנגער שפאציר. ער האט אונטערדעסען געשטוינט, וויא גלייכגילטיג דאס אלעס איז בייא איהם און וויא ער האט אזוי שנעל געקענט זיך מאכען פער־געסענדיג.

דיא בולעווארדען, וויא איהם האט אויסגעזעהען, זיינען אויף מאנכע פלעטצער, ברייטער געוואָרען. ער האט זיך אָבגעשטעלט און געלעזען עטליכע שילדען פון פירמען און געשעפטס־הייזער, און ער האט פיעלע דערקענט. צו זייא זיינען דיעזעלבע און אויף דעמזעלבען פלאטץ וויא פריהער.

עס איז נים נאָר געווען דיא גרויסע פרייד וואס ער קען ווידער בעטרעטען דיעזען פלאטץ וואו ער האט פערבראכט אזוי פיעלע יאָהרען פון זיין לעבען, זאָנדערן, ער האט געשפירט איין אונגעהייערעס צערטליכעס געפיהל אויפשטייגענדיג אין זיין ברוסט און זיינע אויגען האבען זיך אָנגעפילט מיט טרערען פון דאנקבאר־קייט.

זיין אויפרעגונג האט יעדעס מאל מעהר געשטיגען ווי ער האט זיך גע־האלטען אין דערנעהנטערן צו דער גאס פון אנוויערזש.

ער האט זיך פּלוצלינג אָנגעפאנגען צו שפירען שוואַך, און ער האט געוואָלט בלייבען שטעהען אום נים ווייטער צו געהען.

עפּעס האט איהם געזאגט זיין הערץ, אז איהם ערוואַרטעט א גרויסעס אונגליק.

צו וועלכען צוועק איז ער צוריק געקומען? ווער האט איהם גערופען? ווער ערוואַרטעט איהם? וואס וועט ער טהון? צו וואס ניטצט ער?

דיעזע אַלע פראגען האבען זיך געדרענגט אין זיין ארמען אויפגערעגטען קאָפּ, און אנשטאט פרייד, איז ער אָנגעפילט געוואָרען מיט טרויער.

ענדליך האט ער געזעהען דאס הויז וואו ער האט געוואָהנט. ער האט אַלעס דערקענט.

גלאט אזוי אריין געהען, האט ער נים געקענט. ער האט אָנגעפאנגען זיך ארום צו דרעהען עטליכע מאל, אָהנע צו וויסען צו וועלכען צוועק ער טהוט עס.

גענענאיבער דער שטראסע, וואו דער האָליץ־קוילען מאן האט געהאלטען זיין געשעפט, איז שוין געווען איין אנדערע האנדלונג; דאָרט איז איינגעריכטעט געוואָרען א פרוכט־געשעפט. אויף דער טהיר איז געשטאנען א מיטעליעהריגע שטארקע פרוי, זעהר היימיש, און האט זיך אויף איהם גאר נים אומגעקוקט. ער האט נים געוואגט צו צוגעהען און איהר שטעלען דיא פראגע וואס ער האט געהאט אויף זיינע ליפּען.

ער האט איינינע מינוטען נאכגעדענקט, און בעשלאָסען ארויף צו געהען אין הויז, און אָנפרעגען דירעקט ביים פערוואלטער פון הויז.

מיט ציטערענדע פיס און א קלאַפּענדעס הארץ, איז ער ארויף דיא טרעפּען. ער האט אָנגעקלאַפּט אין דער טהיר, א פרוי האט געעפענט. דאמאָר האט זיא נים געקענט.

„איך זוך מאדאם דאמאָר,“ האט ער געמורמעלט שטאַמלענדיג.

„איך ווייס נים וועד דאס איז,“ האט ער געהערט איין ענטפער. „מיר האבען נאר דאָ ניט אזא נאמען.“

ער איז געבליעבען שטעהען שטיל. דאַן האט ער ערבליקט פאר זיך, אנשטאט דיא אלטע און צארטע הוידפערוואלטערין, זעהר א דיקע פרוי. ער האט ווייטער געשטאמעלט:

„מאדאם דאמור האט דאָ געוואָהנט צוריק מיט 10 יאָהר.“

„צוריק מיט צעהן יאָהר?“ האט זיא געענטפערט, „זעהר גוט, כלעבען; זייט דאמאלס האבען שוין א סך וואסערן דורכגעפלאָסען! איך ווייס נים וועמען איהר זוכט, איבערהויפט בין איך ערשט דאָ, זייט לעטצטען מאָנאט יאנואר.“

„האט פיעללייכט מאדאם דאמור דאָ צוריק געלאָזען איהר אדרעסע?“

„ניין, אזא נאמען איז מיר גאנץ פרעמד.“

ושאק איז געוועזען זעהר נייגיעריג נאך צו פרעגען, און ווען מעגליך, דאָך עפּעס ערפאהרען. דיא דיקע פרוי איז זעהר בעז געוואָרען און איהם געהייסען ער זאָל געהען זיין וועג, ווייל באלד וועט זיא רופען איהר מאן.

„עס איז גענוג, גענוג!“ האט זיא געשריען. „דאס אלעס איז איין אָנשטעל. ווער מיר מאדאם דאמור, וואס מיר מאדאם דאמור! דאס איז א נאמען פון א ביכעל, אָבער נים פון קיין לעבעדיגער פערזאָן. איך קען שוין גוט דיא אויס־ריידען... עס קומען נאך אנדערע וויא איהר, אום דאָ אויסצוקוקען דאס הויז און קענען נאכהער מאכען עפּעס א גנבה׳לע... נעהט זיך געזונדערהיים.“

דאמור איז רויט געוואָרען פאר שאנדע. ער האט נאך עפּעס געמורמעלט וואס ער האט אליין נים געוואוסט, אָבער ער איז מעהר דאָרט נים פערבליעבען און איז ארויס.

ער האט בעטראכט זיינע צעריסענע און אלטע קליידער, און זיך נער־טראכט:

„נים גענוג וואס איך בין אָרעם, מיינט מען נאך, אז איך בין א גנב.“

ארויס קומענדיג אויף׳ן טראָטואר, איז ער געבליעבען שטעהען צעגערענד, דאַן איז ער אוועק געגאנגען. אָבער ער איז באלד צוריק געקומען; ער האט נים געקענט אזוי שנעל פערלאָזען דעם פלאטץ.

ערביטערונג און פערצווייפלונג האבען אָנגעפיללט זיין ברוסט. ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען מיט א טרויעריגען בליק צו דיא פענסטער, געקוקט אין אלע זייטען, און פראָבירט צו פאסען מוטה.

„מײן נאָס ! מײן נאָס !“ האָט ער געמורמעלט צו זיך אַלײן. „וואָס האָב איך געזינדיגט ! ווארום קומט מיר אַזוי צו לײדען ?“

א געפיהל פון שאַנדע און צאָרן האָט איהם אָנגעפילט, און ער האָט גע־ציטערט פאַר דער אידעע, פּיעללײכט וועט מען איהם דערקענען.

שפּאַצירענדיג ווײדער אַמאָל אַרונטער דיא שטראַסע, האָט ער בעגעגענט אײנינע געזיכטער, וועלכע ער האָט דערקענט.

דיא פרױ אין טאַבאַק־געשעפט, אין מעבעל־געשעפט און דיא וואַש־פרױ, דאַן דעם בעקער, מיט וועלכען ער האָט געהאַנדעלט, האָט ער ווײדער אַמאָל דער־קענט; אפילו אביסעל געעלטערט, אָבער דאָך דיעזעלבע.

ער האָט אַזױ שפּאַצירט אין פראָנט פון דיא געשעפטס־הײזער, אונגעפעהר א פיערטעל שטונדע. ער האָט געשפירט אַנפאַנגס א קאַלטען שווײס איבער זײן לײב, דאַן איז געקומען א שוױיס.

דאַמאָלס איז געבליעבען שטעהען און זיך געטראַכט, ווען ער זאָל דערזעהען עפּעס אײן אַנציהענדעס און פרײנדליכעס געזיכט, וועט ער אַרײן געהען פרעגען. ער האָט א היבשע צײט אַזױ געקעמפּפט מיט זיך אַלײן.

מיט א קלאַפּענדעס האַרץ, פול וועהמוטה, האָט ער ענדליך בעשלאָסען, אַרײן צו געהען צום בעקער און זיך ווענדען צו זײן פרױ.

דיא בעקערין האָט אויסגעזעהען וויא פערשלאָפען, און איז געווען בעדעקט מיט מעהל פון קאָפּ ביז פיס, גלײך וויא זיא וואָלט נאָר וואָס אַרױס געקראָכען פון א זאַק מיט מעהל.

זיא איז געזעסען אויף א בײנקעל און צו איהם געקוקט גלײכגילטיג, אָהנע זיך צו ריהרען פון פּלאַץ.

ער האָט פּאָזיטיוו געוואוסט, אַז זיא האָט איהם ניט דערקענט. און דאָס איז אויך קײן וואונדער געוועזען. זײן געזיכטס־פאַרב איז געווען אָבגעברענט און שטאַרק פערענדערט; דיא האאַר פון קאָפּ אויסגעקראָכען, און א לאַנגע, שיטערע באָרד, האָט בעדעקט זײן געזיכט.

נײן, דאַמאָלס האָט ניט געוואָלט דערקענט ווערען, און דיא אידעע, אַז דיא בעקערין ווײס ניט ווער ער איז, האָט איהם געגעבען מעהר מוטה. ער איז צוגע־גאַנגען קױפען א זעמעל פאַר א כּו, און געפרעגט:

„האָט איהר ניט אונטער אײערע קונים א פרױ מיט א קלײן מײדעל ?... איך מײן מאַדאַם דאַמאָרס ?“

די בעסערן האָט אויסגעזעהן נאָכגעזוכטענקען, ראָן, און א גרייכער שטים, האָט זיי געענטפערט:

„אך! יאָ, אַמאָל, אַמאָל האָב איך דאָ געהאָט פאָר א קונה... אָבער דאָס איז שוין זעהר לאַנג. איך געדענק ווירקליך ניט... מען זעהט זיך אָן מיט אַזוי פיעלע מענשען אין דיעזער געגענד."

ער איז געווען צופריעדען מיט דיעזען ענטפער, ווייל ער האָט קיין בעסערן ניט געקענט קריגען.

מיט עטליכע טעג שפּעטער איז ער צוריק געקומען, מיט מעהר מוטה, און געשטעלט נאָך אַנדערע פראַגען. ער האָט געפרעגט איבעראַל, אָבער ער האָט בייא יעדען געטראָפען דיעזעלבע גלייכגילטיגקייט און פערגעסענהייט. דאָן האָט איהם אויך יעדער געגעבען איין ענטפער. וואָס איז אימער געווען א ווידערשפּרוך צום ערשטען, און ער האָט איינגעזעהן, אַז ער קען ניט קומען אויף דער שפּור.

דעם איינציגען בעשלוס וואָס ער האָט געפּאַסט, איז געווען, אַז פּעליסי האָט זיך ארויס געצויגען פון דער נאָכבאַרשאַפט, מיט א פּאָאר יאָהר שפּעטער, נאָכדעם ווי ער איז אַוועק געשיקט געוואָרען נאָך נומעא, אָדער, צו דער צייט וואָס ער האָט זיך פון דאָרט געראַטעט, און דאָס איז געווען מיט 8 יאָהר צוריק. אָבער ניעמאַנד האָט געוואוסט איהר געגענוווערטיגע אַדרעסע.

מאַנכע האָבען בעהויפּטעט, אַז זיא וואָהנט אין גראָ־קעיו, אַנדערע אין בערסי, אָבער מען האָט אויף אַזעלכע בעריכטע גאָר ניט געקענט שטעלען, דען דיעזע פערזאָנען, האָבען זיך אפילו ניט ערינערט אַן דער קליינע לואיז.

ראַמור האָט איינגעזעהן, אַז ער קען גאָר ניט ערפאַהרען.

אין איין אָבענד, זיטצענדיג אויף א באַנק אין בולעוואַרד, האָט ראַמור אויס־געבראָכען אין א געוויין, און בעשלאָסען מעהר ניט צו זוכען זיין פרוי און קינד.

וואָס האָט געקענט פון איהם ווערען? פּאַריז האָט איהם אויסגעזעהן פּוסט און לעער.

די עטליכע פראַנקס וואָס ער האָט נאָך געהאַט, ווען ער האָט צוריק גע־קעהרט נאָך פראַנקרייך, האָבען אויסגעזעהען שנעל צו פערשווינדען.

אין איין צייט האָט ער שוין בעשלאָסען ווידער צוריק צו קעהרען נאָך בעלגיען, אין דער קאָלעק־מיענע, וואו אַלעס איז דונקעל און פינסטער, וואו יעדער ערינערונג שטאַרבט אָב, און וואו מען קען לעבען אָן גליקליכער פערגאַנגענהייט, ווייא אירגענד א ווילדע חיה.

אָבער ער איז נים געפּאָתרען; ער איז געבליעבען.

מיט דער צייט האט ער אָנגעהויבען צו הונגערן, און ווען ער האט געזוכט ארביים, האט מען איהם נעענטפּערט, אז ער איז צו אַלט דאפיר.

דאמור איז אלט געווען בלויז 55 יאָהר, אָבער מען האט איהם גערעכענט פאר א מענש פון זיעבציג. און עס אויף קיין וואונדער, דיא לעטצטע צעהן יאָהר, האבען געקענט עלטערן נאך א שטארקערן מענשען וויא זשאק דאמור.

ער האט אָנגעפאנגען ארום צו וואנדערן פון גאס צו גאס, געגאנגען זעהן דיא חורבות, וועלכע זיינען איבערגעבליעבען פון דער קאָמונע, און געזוכט בעשעפטיגונג, וועלכע מען גיבט וויא געוועהנליך צו קינדער און קאליקעס.

איינער פון דיא שטיין־האקערס וואס האט געארביים בייא דעם האָמעל־דע־ווילל, האט איהם פערשפּראָכען, אז ער וועט איהם צונעהמען ער זאָל אכטונג געבען אויף זיין געציינג. אָבער דיעזע בעשעפטיגונג האט ער נים געקענט קריעגען אזוי שנעל, און ער האט אָנגעפאנגען אויסצוגעהען לאנגזאם פון הונגער.

אין א טאָג, שטעהענדיג און קוקענדיג צום וואסער־פּלוס אין דעם שפּרינג־ברונען פון נאָטער־דאם, און זייענדיג פערקלעמט פון הונגער, האט ער זיך וויא אָבגעריסען פון דעם פּלאַטץ וואו ער איז געשטאנען און שיער אומגעוואָרפען א פארביינעהער, וועלכער איז געווען א גרויסער און שטארקער מאַן, מיט א ווייסען ארבייטער־העמד. דער מאַן האט אָנגעפאנגען צו שימפּפען.

„דוא פערדאמטע בעסטיע!“ האט ער געשריען.

דאמור איז אונטערדעסען געבליעבען שטעהען ערשטוינט, און געבליקט מיט אויפגערעגטע אויגען אויף דעם מאַן.

„בעררו!“ האט ער אויסגעשריען.

עס איז ווירקליך געווען בעררו.

בעררו איז געווען פיעל געוועקסעקס, אָבער נים צו שלעכטען, זאָגדען, ער האט אויסגעזעהען רויטער און געזונטער אויף זיין געזיכט, און בעדייטענד איננער.

דאמור האט פיעלע מאל געדענקט איבער איהם, זייט ער האט צוריק גע־קעהרט, אָבער וואו האט ער געקענט געפינען זיין אלטען קאמעראד, וועלכער האט אימער ליעב געהאט צו וועקסלען זיין לאָזשיע צווייא מאל אין מאָנאט?

בעררו איז איבערראשט געוואָרען פון דער סצענע, און ווען דאמור האט איהם שוין געזאגט ווער ער איז, האט בעררו א ציטער געטהאָן, און איהם אָנגע־קוקט מיט ערשטוינען.

„עס איז אתמענליך! אתמענליך! עס איז א שפאס!“ האט ער גער מורמעלט.

עס האט אתטערדעסען נים פיעל געדויערט און ער האט איהם פאלקאמען דערקענט. ער האט אנגעפאנגען אזוי צו שרייען, אז מעהרערע פארביינעהער האבען זיך אבגעשטעלט קוקען.

„אבער דוא ביסט דאך געשטארבען?“ האט ער אויסגעשריען פרענענדיג, דוא ביסט דאך דערטרונקען געווארען? וויא קומסטו אהער? וויא אזוי איז דאס מעגליך? מענש! אום גאטעס ווילען, איך פערשטעה דיך נים! קום נאר אהער, לאמיך דיך בעטראכטען, ביסטו ווירקליך לעבעדיג?“

דאמור האט דארויף נאר נים געענטפערט, ער האט בלויז געבעטען זיין אנ־געפרעסענעם פריינד, ער זאל זיין שטיל און נים מאכען קיין רעש. בעררו, וועלכער האט בעטראכטעט דיא גאנצע געשיכטע, אלס א הערדליכען שפאס, האט ענדליך אנגענומען דאמור'ן אונטער דעם ארעם און איהם אוועק געשלעפט אין א וויינשענק אין דער סענט־מארטין גאס.

איבער'ן וועג, האט ער איהם געשטעלט טויזענדער פראגען און האט אויס־געזעהען זעהר נייגיעריג אלעס צו ערפאהרען אויף איינמאל.

„יעמצט,“ האט דאמור געזאגט נאכדעם וויא זייא האבען זיך אוועק געזעטצט בייא א טישעל, „וויל איך דיך עפעס פרעגען: וואס הערט זיך מיט מיין פרוי?“

בעררו האט איהם בעטראכט מיט א שטומער ערשטוינונג.

„אויף וועמען פרעגסטו?“

„אויף מיין פרוי, אויף וועמען דען?“

„אויף דיין פרוי?“

„יא, יא, בעררו, וואו איז זיא? ווייסטו פיעללייכט איהר אדרעסע?“

בעררו'ס ערשטוינונג האט געשטייגען. דאן האט ער געענטפערט לאנגזאם:

„איהר אדרעסע? געוויס וויים איך איהר אדרעסע... אבער דוא, יא, עס שיינט — דוא ווייסט נאר נים פון דער גאנצער געשיכטע?“

„וואס פאר א געשיכטע? איך פערשטעה נים וואס דוא מיינסט?“

דאן האט בעררו ארויס געלאזען א געלעכטער.

„דוא ביסט געבליבען נאר עובר־בטל!“ האט ער אויסגעשריען.

„איך פערשטעה דיך נים.“

„דוא ביסט איין אלטער נאר!“

„ווארום ?“

„ווייל דוא האסט קיין שכל ניט.“

„מיט וואס ?“

„אך ! הא, הא, הא ! דאס איז שעהן, דאס איז גוט !“ האט בעררו גע־לאכט, זיך האלטענדיג ביי דיא זייטען. „אלטער נאר ! דוא ווייסט גאר ניט ?“

„אום גאטעס ווילען, בעררו, שפאן מיך ניט אויף דער פאלטער, וואס איז געשעהען ?“

„און דוא ווייסט גאר ניט ?“

„וואס זאל איך וויסען ?“

„דאן גיב מיר דיין האנד !“

דאמור האט איהם מעכאניש געגעבען דיא האנד.

„מזל־טוב דיר !“ האט בעררו אויסגעשריען.

„וואס איז דאס פאר א מזל־טוב ?“

„א מזל־טוב דיר, דיין ווייב האט חתונה געהאט !“

„חתונה געהאט ?“

דאמור, וועלכער האט דאמאלס געהאלטען א גלאז מיט וויין אין דער האנד, האט דאס באלד ארויס געשמעלט אויפ'ן טיש. ער האט געציטערט אין זיין גאנצע קערפער. דאן האט ער שטיל געמורמעלט :

„חתונה געהאט ? וואס הייסט חתונה געהאט ? מענש ! איך פערשטעה דיך ניט ; ביסטו זיכער ?“

„איך בין פערדאמט זיכער ! און וואס איז דא פאר א וואונדער ? ביסטו ניט געוועזען טויט ? און וואס זאל טהון א שעהנע און יונגע אלמנה ווען ניט חתונה האבען ? ווער וואלט דאס בעסער געוועז ? אבער דיא גאנצע געשיכטע איז זעהר שפאסהאפט : אט ביסטו געוועזען טויט, אלעס האט מען פערגעסען, עס איז געווארען א נייע וועלט, און פלוצלינג, ביסטו ווידערער דא ! זעהר קאמיש, ביי מייןווארט, קאמיש !“

און וויא דער אלטער איז דארט געזעסען, ציטערענד און מיט שטאמלענדע ליפען, האט איהם בעררו דערצעהלט דיט גאנצע געשיכטע.

„פעליסי'ן געהט יעטצט וויא א גרעפין,“ האט בעררו געזאגט. „זיא האט חתונה געהאט מיט א פליישער, און וואהנט אין דער גאס דע־מאאן נעבען דיא באטינאלס. ער, איהר מאן, איז אויך געוועזען אין אלמן, און פעליסי היט יעטצט אב זעהר גוט זיינע געשעפטען. דער פליישער, הייסט סאניארד, און איז א ריקער,

גרויסער און שטאַרקער מאַן פֿון אַ יאָהר זיעבציג, אָבער ער זעהט אויס איננער. ביי'א מייז וואָרט, ניט קיין שלעכטער שידוך. פּעליסי האט זיך גאַנץ גוט פערקויפט. גראַדע אין עק פֿון דער שטראַסע נאָלעט געפינט זיך זייער פּלייש־געשעפט יעדער איינער ווייס וואו דאס איז. פֿוןביידע זייטען שטעהען גרויסע און אָבגעצילטעטע אָקסענקעפּ. פֿון עטליכע גאַסען אַרום קומט מען אַהין קויפען."

בעררו האט נאך ווייטער געפֿלוידערט און דערצעהלט. ראַמור איז געזעסען ווי'א פערשטיינערט און ניט געוואוסט וואס ער זאָל זאָגען.

„וואס רעכענסטו יעטצט צו טהון?" האט ענדליך בעררו געפֿרעגט זיין קאָמפּאַניאָן.

דער אונגליקליכער מאַן, פערווירדט און ניעדערגעשלאָגען פֿון דער גאַנצער שילדערונג, האט בלויז אויפגעהויבען זיינע אַלטע און פערוויינטע אויגען און גע־שוויגען.

בלוצלינג האט ער זיך אין עפּעס דערמאָהנט און אַ פֿרעג געגעבען:

„און וואס איז געוואָרען פֿון לואיזין?"

„אָך, דאס קליינע מיידעל? איך ווייס ניט... מען האט זיא געשוחט געווים אוועק געבען ערגיץ אין איין אַנשטאַלט אום פּטור צו ווערען פֿון איהר, ווייל, ווי'א מיר שיינט, האב איך זיא דאָרט ניט געזעהען. איך צווייפעל ניט, אַז זייא וועלען דיר געווים מחזן צוריק געבען דאס קינד, נאָכדעם ווי'א זייא האבען מיט איהר ניט וואס צו טהון. אָבער וואס קען פֿון דיר ווערען מיט אַ 20־יעהריגער טאָכטער נעבען דיר? דוא זעהסט איבערהויפּט ניט אויס שטאַרק רייך, הא, וואס זאָגסטו? ענטשולדיג מיר, איך מיין ניט דיך צו בעליידיגען; איך מיין, אַז דוא ביסט אַ גאַנץ קליינער עושר און דיר פעהלט פּשוט קלייך־געלד."

ראַמור האט אַרונטער געלאָזען דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט. די'א טרעהרען זיינען איהם געלאָפען פֿון די'א אויגען ווי'א ביי'א אַ קינד.

בעררו האט איהם ניט געקענט קוקען אין געזיכט, און זיך אומווענדענדיג, האט ער געשאַפט נאך אַ ליטער וויין.

„צום טייפעל!" האט ער אויסגעשריען, „האסטו געזעהען, זיך פערזאָרגט! הער אויף, איך בעט דיך, איך קען דאס ניט ליידען. זייא מונטער. אַ ווייב! נו, און אַז מען פערלירט איין ווייב? שרעק זיך ניט, עס זיינען נאך דאָ גענוג אַנדערע, נאָר קיין טומה פערלירען. איבעריגענס, איז נאך דאָ האָפנונג... ווירקליך, וואס רעכענסטו אָנפאַנגען?"

דיא צווייא מענער האבען ערשט אָנגעפאַנגען איין אונענדליכעס געשפּרעך. וועהרענד דעם, האבען זייא אונצעהליגע מאל ווידערהאָלט דיזעלבע אנגעלעגענ־הייטען און עס איז שווער געווען צו קומען צו א בעשלוס.

בעררו האט אפילו אלעס דערצעהלט זיין פריינד, נאָר איין זאַך האט ער פערפעהלט, און דאס איז געווען, אז גלייך נאכדעם וויא דאַמור איז פערשיקט געוואָרען, איז ער שטארק בעגייסטערט געוואָרען פון פעליסי'ס שעהנע געזיכט, ברייטע שולטער און ענטוויקעלטע ברוסטען. אָבער, וויא עס שיינט, האט פעליסי פון איהם ניט געוואָלט וויסען, און אונגעאַכטעט דאַרויף וואס ער איז געווען א בעדייטענד שעהנערער מאן וויא דאַמור, און זיא האט דאמאלס קיין מאן ניט געהאט, האט זיא איהם עטליכע מאל געהייסען געהען צום טייפעל.

מילא דאס האט איהר בעררו געקענט ענטשולדיגען, ווייל ער האט איהר געשטעלט גלאט אונעהרליכע אנטראגע, אָבער נאכדעם, האט ער בעשלאָסען, אז עס קען איהם נאר ניט שאדען מיט איהר אפילו חתונה צו האבען. נאָר פעליסי האט דאס אויך ניט געוואָלט, און אנשטאט דעם, האט זיא נאר חתונה געהאט מיט דעם פליישער סאַניאַרד.

ניין, דאס האט בעררו איהר ניט געקענט פערצייהען. ער האט זיך געשפּירט שטארק בעליידיגט, און ער האט איהר נאכגעטראגען א האס מיט נקמה.

ווען מען האט ארויף געבראכט אויף'ן טיש דעם דריטען ליטער וויין, האט ער אויסגעשריען:

„ווען איך וואָלט זיין אויף דיין פּלאַטץ, וואָלט איך אריין אהין אין הויז, מיך ערקלערט בייא מיין ווייב אין דער היים, און ווען סאַניאַרד וואָלט מיך בעאונרוהיגט, וואָלט איך איהם גלאט ארויס געוואָרפען... דוא ביסט דער בעל־הבית, זיא איז דיין ווייב, און אלעס געהערט צו דיר. דאס געזעטץ וועט דיר אלעס צו פסק'ענען און דוא האסט פאר קיינעם קיין מורא נים."

אויב דאַמור'ן איז איינגעגאנגען בעררו'ס ווערטער אָדער נים, האט ער אליין ניט געקענט אורטהיילען; ער איז געווען צו אויסגערעגט, און דאן האט דער וויין, אויף דעם לעדיגען מאָגען, אָנגעפאַנגען צו ווירקען איבער זיין געהירן.

ער האט אָנגעפאַנגען לאנגזאם גוט בעזויפען צו ווערען. דער וויין האט אויפ־געפלאמט זיינע בלאסע און איינגעשרומפּענע באַקען.

דאן האט ער צייטענווייז געמורמעלט:

„מיר וועלען זעהען, געוויס, נאַטירליך, אונבעדינגט..."

בערז האט איהם דערוייל נים אבגעלאזען און געזעהן אין איהם אריין רעדען, אז ער מוז און דארף ערשיינען בייא זיין פרוי, און אלעס אוועק נעהמען.

„ביסטו א מאן אדער א לעמעשקע?“ האט איהם בעררו געפרעגט. „האסטו געזעהען א מאן? מענסט דיך שעהמען אין דיין ווייטען האלז אריין! האסטו געהערט? דיא גאנצע וועלט וועלען זאגען, אז דוא האסט רעכט! דיא שטיינער פון דער גאס וועלען זיך פאר דיר אננעהמען! געה שוין געה, דוא ביסט אין אלטע עובר־בטל׳דינע שוויגער!“

בייא יעדען ארגומענט, האט איהם בעררו העפטיג אנגעקלאפט אן דיא פלייצעס, גלייך וויא ער האט איהם געוואלט אריין קלאפען דיא ווערטער אין לייב.

„ביסטו א מאן? הייסט דאס א מאן?“ האט בעררו ווייטער געפרעגט אום איהם אלץ צו דערמאהנען.

„וואס פרעגסטו אויב איך בין א מאן?“ האט דאמור געמורמעלט, „געוויס בין איך א מאן, און אז איך האב מוטה, האסטו דיך איבערצייגט בייא דער קאַטונע. דאן...“

ער האט ווייטער נים געקענט רעדען, און ער האט זיך עראינערט, וויא ער האט אמאל אזוי געליעבט פעליסי׳ן, און צום סוף, וואס זיא האט איהם געקענט טהון.

„אלזא,“ האט בעררו ווייטער געזאגט, „ווען דוא ביסט א מאן, דאן איז א שאדע צו פערלירען זאגאר איין אויגענבליק. קום, זוימ׳ נים, פערליר קיין צייט. זיא איז דיינע, דיין פרוי, און דוא אליין האסט א רעכט צו איהר! קום און נעהם זיא דיר אב!“

ביידע זיינען שוין געווען גוט שיכור און זייערע שטימען האבען געקלונגען ווילד און אונרעגעלמעסיג.

„איך געה!“ האט דאמור אויסגעשריען, און מים שווערער מיה האט ער זיך קוים אויפגעהויבען פון דעם שטוהל.

„א וואונדער,“ האט בעררו געענטפערט, „געוויס דארפסטו געהען. אבער דוא זאלסט נים געהען אליין, זאנדערן איך, דיין פריינד, דיין אלטער גוטער־ברודער, זאל דיך בעגלייטען, קום!“

און ביידע מענער זיינען אוועק צו דיא באטיגאלס.

3.

ביים עק פון צווייא גאסען מאַן און נאַללעט, האט דיא פלייש־העקערייא געהאט א רייכעס אויסזעהען. פאַרענט זיינען געווען רויטע אייזערנע גראַטעס און איבער זייא אָבגעגאָלדעטע אָקסען־קעפּ.

זייטען פלייש און שטיקער פלייש פון אָקסען און קעלבלעך, זיינען געהאנגען איבער ווייסע ליילעכער, און א גאנצע רייהע שאָפענע פיסלעך זיינען געווען אויסגע־האנגען הינטער זייא. אינוועניג זיינען געלעגען גרויסע הויפענס פלייש אויף מראַ־מאָרנע טישען.

קופערנע שיסלען, וועלכע האבען געדיענט אלס שאָלען, זיינען געשטאנען אין מיטען און געגלאנצט פאר זויבערקייט. דיא גאנצע פלייש־העקערייא האט אויס־געזעהען צו זיין דיא רייניליכקייט זעלבסט און דער גערוך פון דעם פרישען פלייש, האט געקענט אין איינעם אויפוועקען א פערשלאָפענעם אפעטיט.

דאס גאנצע געשעפט איז געווען העלל בעלייכטעט פון א שטראָם זונענ־שטראהלען, און פעליסי איז געזעסען אויף א שטוהל, וויא א ברייטע בעל־הבית׳טע נעבען טיש־קעסטעל.

אויב פון אלט איז מעגליך יונג צו ווערען, דאן האט דאס פעליסי דאמאלס אויסגעזעהען. אויף איהרע באקען האט זיך אָבגעשפּיגעלט א רויטע פרישקייט און איהר געזיכט האט פאַרגעשטעלט דיא געזונדהייט זעלבסט. איבער איהר ווייסען שטערען האבען אריבער געהאנגען שווארצע געקרייזעלטע האאר, און אויף איהרע ליפען איז געלעגען דער ערנסטער אָדער גוטמיטהיגער שמייכעל פון א געשעפטס־פרוי, וואס וויים וויא צו עמפפאנגען יעדען קונה מען זאָל אויף איהר קיין פאראיבעל ניט האבען.

איינינע אינגלעך, מיט קלאָר־ווייסע פארטוכער, זיינען געווען בעשעפטינט אין צושניידען פלייש, אויסרופען דיא געוויכטען וואס זייא האבען אָבגעטהיילט; איינ־בעשטענדיג פאָרציאָנען פלייש, און אויסרעכענענדיג וויעפיעל יעדעס בעטרעפט.

גראדע דאמאלס איז אריין געקומען א פרוי, אויף וועלכער׳ס געזיכט מען האט געקענט לעזען דיא צייכענס פון קראנקהייט, און בעצאָהלט פאר צווייא קאטלעטען. זיא האט זיך אויף ארום געקוקט און איהר בליק איז געווען זעהר טרויעריג.

„עס בעטרעפט פופצעהן סו, ניט וואהר?“ האט פעליסי געפרעגט. „איך קען ווירקליך ניט ארונטער לאָזען פון דעם פרייז.“

ריא פרוי תאט געזיפצט.

„און וויא נעהט עס אייך, מאדאם?“ האט פעליסי ווייטער געפרעגט.

„גיט בעסער; נאך אימער וויא פריהער. מיין מאָגען קען אין זיך ניט האלטען קיין שפייז. דער דאָקטאָר זאָגט מיר, אז איך מוז עסען נאָר פלייש, און דאס איז אזוי טהייער!... איהר ווייסט שוין פיעללייכט, אז דער מאן פון דיא האָלץ־קוילען איז טויט?“

„וואס רעדט איהר!“

„יא, יא, אזוי איז עס; ער איז טויט. מיט איהם איז ניט געווען דער מאָגען דיא אורזאכע. דער דאָקטאָר האט געזאגט, אז דיא קישקעס זיינען איהם פער־דרעהט געוואָרען אין בויך... פופצעהן סו זאגט איהר? מיין גאָט, וויא טהייער דאס איז! עופות זיינען שוין ביליגער.“

„עס טהוט מיר לייד, מאדאם,“ האט פעליסי געזאגט מיטליידיג. „עס איז ווירקליך ניט אונזער שולד. מיר קויפען דאָך אויך דאס פלייש. עס איז שלעכטע צייטען, און מיר זיינען צופריעדען ארויס צו נעהמען דיא געטהיינסטע הוצאות... וואס איז דאָרט, שארל?“

פעליסי האט שוין ניט געוואַרט אויף קיין ענטפער. זיא האט נאָר געהערט א הויכעס געשפרעך, און זיך אומווענדענדיג, האט זיא דערזעהען צוויא מענער. איינעם פון זייא, וועלכער איז געגאנגען פאָראויס, האט זיא באַלד דער־קענט.

„אה, איהר זייט דאס, מאָנסיע בערנו?“ האט פעליסי פלוצלינג א פרעג געטהאָן.

ניין, פעליסי האט ניט ארויסגעזעהען שטארק צופריעדען פון בערנו'ס בעזוך; איהר געזיכט האט ארויסגעדריקט אונצופריעדענהייט און אויך אביסעל פער־אכטונג.

עס שיינט אז ראָמור און בערנו זיינען ניט געגאנגען גלייך צו זייער ציעל; זייא האבען נאך איבער'ן וועג בעזוכט א פּאאר נייע ווייגשענקען און געטרונקען. זייא האבען געשפראָכען הויך און רוישענדיג און האבען זיך אויך געקריגט, וויא דער פאַל איז מיט שיכורים.

זייער צושטאנד האט יעדער געזעהן זעהען, און פעליסי האט באַלד דער־קענט, אז זייא זיינען בעזויפען.

איידער זייא זיינען אריין אין דער פליישׁ־העקעריי, האט זיך אבער ראָמור אביסעל אויסגעניכטערט. זייא זיינען געבליעבען שטעהען אויף'ן טראָטואר און זיך

פריהער אויסגעקוקט. בעררו, וועלכער האט פריהער ערבליקט פעליסי׳ן, האט צו איהם געזאגט ווייזענדיג מיט זיין פינגער:

„אט, זעהסטו, דאָרט זיטצט דיין פרינצעסין.“

דאַמור האט זיך אומגעקוקט און געבליקט אין יענער ריכטונג.

ער איז געבליעבען שטעהען פערטראַכט אויף איינינע אוינגענבליקען, און דאַ־מאלס האבען זיך אין איהם ערוואכט געדאנקען פון דער פערגאנגענהייט. ער האט געדענקט פעליסי׳ן, וויא זיא האט אויסגעזעהען באלד נאך זיין חתונה, און עס האט זיך איהם געדאַכט, אז דאס איז דיא זעלבע פעליסי פון 20 אָדער 25 יאָהר צוריק.

„יא, דאס איז זיא!“ האט ער אויסגעשריען.

דאן האט ער זיך ווייטער איינגעקוקט אין איהר שעהנעס און יונגענדליכעס געזיכט און געמורמעלט:

„אונמעגליך! דאס קען ניט זיין! עס איז לואיז! געוויס איז עס לואיז, מיין טאָכטער?“ לואיז איז אימער זעהר עהנליך געוועזען צו איהר מוטער!“

„נעה שוין גנוג, דוא אַלטער דומקאָפּ,“ האט זיך בעררו אריינגעמישט אין זיינע געדאנקען, „עס איז דיין פעליסי, דיין פרינצעסין, דיין פרוי!“

דאן זיינען דאמור׳ס אויגען געפאלען אויף אלעמען וואס האט זיך געפונען אין דעם פלייש־געשעפט; ער האט געזעהען דיא בלוטענדע שטיקער פלייש, דיא גלענצענדע קופערנע שאָלען, און דאן נאך אמאל בעטראכט פעליסי׳ן, וויא גוט געקליידעט זיא איז געוועזען און אויסגעזעהען וויא א רייכע דאמע; ער האט שטודירט וויא אזוי זיא איז אומגעגאנגען מיט הויפענס געלד, און זיין הארץ האט זיך צוזאַ־מענגעדריקט פאר צאָרן און אויפרעגונג. דאן האט ער זיך דערשראָקען; ווארום, האט ער אליין ניט געוואוסט.

ער האט געשפירט א לוסט און א ווילען צו ענטלויפען, דאָרט מעהר ניט שטעהן, און אויסמיידען א בעגעגנונג מיט דיעזער רייכע דאמע, וועלכע האט אמאל געהאט דאס אונגליק צו זיין, זיין פרוי. שאנדע האט אָנגעפילט זיין ברוסט און זיינע באקען זיינען בלאס געוואָרען.

„וואס דארף איך אריין געהן?“ האט ער זיך געטראכט, „צו וועלכען צוועק? ריעזע רייכע דאמע, ווען זיא וועט מיך ערבליקען, וויא איך זעה אוים, וועט זיא מיך העכסטענס קענען פעראכטען.“

בייא דיעזע געדאנקען האט ער זיך אומגעווענדעט, און געוואָלט ענטלויפען ארונטער אין דער טאָן שטראסע. בעררו, וויא שיכור ער איז געווען, האט ער בע־מערקט דוא בעוועגונג, און איהם אָנגעכאפּט בייא זיין ראָק.

„ביסטו משונע אָדער שיכור!“ האט ער אויסגעשריען. „ואו איז דער גייסט וואס האט דיך אמאל בעהערשט? אך, דוא אַלטער נאר, אין דיר איז נאָר צוריק געבליעבען א גענזענע נשמה. ווען איך וואָלט זיין אויף דיין פּלאַטץ, מעגסטו זיכער זיין, אז איך וואָלט געמאכט יענע פיינע פּריצה פון דאָרט, זיא זאָל ענטלויפען. און איך אליין, וואָלט אַרך ניט אוועק געגאנגען מיט לעדיגע הענד. שטעה, דוא אַלטע גאנז! קום אריין, און מאך דיך ניט פאר קיין אלטען דומקאָפּ.“

דאמור האט זיך צוריק אומגעווענדעט. בעררו האט איהם שוין ניט אָב־געלאָזען.

„קום, אַלטע בהמה,“ האט ער איהם איינגעראַמט אין אויער.

„וואַרט אויס אביסעל,“ האט דאמור געזאגט, און וועהרענד דעם, האט ער זיך געווענדעט צו א פליישער אינגעל, וועלכער איז ארויס געקומען פאַרענט, און איהם געפרעגט:

„איז מאַנסיע סאַניאַרד אין געשעפטט?“

„ניין!“ האט ער געענטפערט.

„חאַ, חאַ, חאַ!“ האט זיך בעררו צולאכט. „זעה נאָר דעם קאָמוניסט! זעה נאָר, וויא ער האט יעמצט מורא געקריגען פאר האָזען!“

דאַמור, אָהנע מעהר צו רעדען א וואָרט, איז נאַכגעגאנגען בעררו'ן מיט איין ארונטער געלאָזענעם קאָפּ.

ווען זייא זיינען אריין אין געשעפט, האט זייא פעליסי ערבליקט.

„וואס קען איך טהון פאר אייך, מאָנסיע בעררו?“ האט זיא איהם ענדליך געפרעגט אין איין אונפריינדליכען טאָן.

„פאר מיר? נאר ניט,“ האט בעררו געענטפערט שטייכלענדיג, „אויב איהר קענט עפּעס טהון, איז עס פיר מיין קאמעראַד, וועלכער האט אייך געבראַכט זעהר א וויכטיגען גרוס.“

דאמור איז נאָך אלץ געשטאנען הינטער איהם, כדי זיא זאָל איהם ניט זעהען. בעררו האט אָבגעטרעטען אויף א זייט, און דאמור איז געבליעבען שטעהן געגענאיבער פעליסי'ן.

וועהרענד זיא האט איהם אָנגעקוקט, האט ער ארונטער געלאָזען זיינע אויגען און געשפירט, אז ער קען ניט ערטראגען איהר בליק.

אנפאנגס האט זיך אָבגעשפּיגעלט אויף איהר שעהנעם און געזונדעס געזיכט, א מינע פון פעראַכטונג, בליקענדיג אויף דעם אַלטען און אָבגעריסענעם שיכור, נאָר עפּעס האט זיא דאך ניט געקענט ארונטער געהמען דיא אויגען פון איהם,

אָבער פּלוצלינג האט זיך נעוועקסעלט דיא פארב אויף איהר געזיכט. זיא איז געוואָרען וויים און איין אונטערדריקטער געשרייא האט זיך ארוים געריסען פון איהר ברוסט, וועהרענד זיא האט ארויס געלאָזען אויף׳ן פוס־באָדען דאס געלד וואס זיא האט געהאלטען אין איהר האנד.

יעדער האט געקענט הערען דעם קלונג פון געלד, אָבער מען האט זיך נאך בעסער געקענט מערקען דיא שרעק אויף איהר געזיכט.

„וואס איז געשעהען? וואס האט פּאסירט? איז אייך שלעכט געוואָרען?“ האט מאדאם ווערניער געפרעגט, וועלכע איז נאך צוריק געבליעבען אויס נייגיערינקייט.

א פּאאר פּליישער־אינגלעך זיינען אויך צוגעקומען, אָבער פעליסי האט זייא אלעמען געוויזען מיט דער האנד, זייא זאָלען אוועק געהען; רעדען האט זיא ניט געקענט.

זיא האט זיך קוים אויפגעהויבען און זיך צוגעוועגדעט צום שפּייזע־צימער, וועלכעס איז געווען נעבען דער פליישהעקערייא.

אָהנע זיא זאָל זייא ערוואַכען איהר נאכצוגעהען, זיינען ביידע מענער נאכגע־קומען. בעררו האט געשמייכעלט. בעררו האט געהאלטען זיינע אויגען צום פוס־באָדען בעדעקט מיט האָלץ־זיינעבץ און עס האט אויסגעזעהען, גלייך וויא ער וואָלט שטודירט יעדען שריט וואס ער מאכט, דאמיט ער זאָל ניט פאלען.

„דאס איז עפּעס א מערקווירדיגע געשיכטע,“ האט מאדאם ווערניער בע־מערקט, ווען זיא איז געבליעבען אליין מיט דיא אינגלעך.

דיא לעטצטע האבען אויפגעהערט צו האקען און ווענען דאס פלייש, און זייא האבען זיך צוגעוואָרפען בליקען איינער דעם צווייטען.

אָבער, וויא דער שטענער איז פון דיענער, האט קיין איינציגער ניט געוואגט ארויסצושפּרעכען א בעמערקונג אָדער געבען א מיינונג; זייא האבען דאן פאָרט־געזעטצט זייער ארבייט, און טראָטץ דעם וואס מאדאם ווערניער האט פּראָבירט פון זייא עפּעס ארויס צו קריעגען, האט איהר דאך קיינער ניט געענטפערט.

מאדאם ווערניער, ברומענדיג, האט צוריק געוואָרפען א פּאאר קרומע בליקען, און איז ארויס שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ.

ווען פעליסי איז אריין אין שפּייזע־צימער, האט עס אויסגעזעהען, אז אויך דאָרט איז ניט דער פּאסענדער פּלאַטץ עפּעס צו בעשפּרעכען; אָהנע יעמאנד זאָל הערען, דען זיא האט געעפענט נאך א טהיר און אָנגעצייגט דיא מענער זאָלען אריין געהען אין א גרויסעס שלאָף־צימער

דאס איז געווען זעהר א שעהנעס צימער, וויבער אין יעדען ווינקעלע, גוט פערמאכט ארום־און־ארום, רוהיג, און מיט לאנגע ווייסע פארהעננע ביים בעט און ביים פענסטער. א נעגאָלדעטער ווינער האט זיך רעגעלמעסיג נעקלאפט פון א ניעדריגען שראנק, און דאס מעבעל, פון דעמבענעס־האָלץ און פיין געפאָלירט, האט נעגלענצט פון רייכקייט; קיין שטויבעלע איז דאָרט ניט געווען צום בעמערקען.

פעליסי, וועלכע איז נאך קוים געשטאנען אויף דיא פיס, איז אריין געפאלען אין א שטוהל געבעט מיט בלויען געוואנט, און געהאלטען אין איין מורמלען:

„דוא ביסט עס, דוא... מיין נאָט! דוא ביסט עס...“

דאמור האט ניט געוואוסט וואס ער זאָל זאגען. ער האט זיך אויסגעקוקט אין צימער און ניט געוואגט זיך צו זעטצען אויף אזעלכע ריינע שטוהלען. בעררו האט נעזעהען, אז דאָ וועט קיין סוף ניט נעהמען, און ער האט אָנגעפאנגען:

„יא, דאס איז ער, אייער מאן, זשאק דאמור; איך האב געוואוסט, אז איהר וועט איהם באלד דערקענען. ער זוכט אייך שוין ארום א שעהנע פאאר וואָכען... דאן האט ער מיך בענעגענט, דורך א מערקווירדיגען צופאל, און איך האב איהם אהער נעבראכט.“

דאן, גלייך וויא ער וואָלט געשפירט, אז ער דארף זיך ענטשולדיגען, האט ער נעזאגט:

„איהר זעהט, איך האב אנדערש ניט געקענט האנדלען. איהר ווייסט דאָך, ער איז מיינער איין אלטער קאמעראד, א פריינד, און איהם זעהענדיג אין אזא טרויעריגען צושטאנד, האט עס מיך זעהר גערערט.“

פעליסי האט אונטערדעסען אביסעל צוריק נעקריעגען איהר מוטה און פאַסונג. זיא האט אין איין אויגענבליק בעגריפען וואס דאס אלעס בעדייטעט, וואס פאר א שטערונג עס האט איינגעטרעטען אין איהר רוהיגעס לעבען, און זיא האט אָנגעפאנגען צו קלערען מיטלען, וויא אזוי זיא קען זיך רעטען.

ווען עס איז ווידער אמאל שטיל געוואָרען, האט זיא זיך אָנגערופען:

„גוט, זשאק, דוא ביסט דאָ; אלזאָ, לאָמיר נאָר זעהען, וואס קענסטו פערלאנגען פון מיר? וואס קען איך טהון פיר דיר?“

ער האט ניט געענטפערט. ער האט בלויז אויפגעהויבען זיינע אויגען, צו איהר א קוק געטהאָן, און דאן געשוויעגען.

„עס איז וואהר,“ האט זיא פארטגעזעטצט, „איך האב נאך אמאל נעד־הייראטהעט. אבער, ווען דוא נערענקסט מיך נאך און אויב דוא האסט מיך

געקענט, דאַן וועסטו זעלבסט צוגעבען, אז דאס איז ניט מיין שולד. ווען איך וואָלט געוואוסט, אז דו לעבסט, מעגסטו זיכער זיין, אז איך וואָלט מיך געקוועלט ביז אין מיין טויט אריין און אויף דיר געוואַרט. נאָר איך האב דיך גערעכענט פאר טויט, געשטאָרבען, און דו האסט קיין זאַך געטהאָן מיך צו איבערציינגען, אז דאס איז ניט אזוי. האב איך ניט רעכט?"

דאַמור האט ענדליך געשטאַמעלט:

„יא, איך האב דיר געשריעבען."

„מיר געשריעבען? דו? איך שווער דיר, זשאַק, אז איך האב קיין בריעף פון דיר ערהאַלטען, זייט דער צייט וואס דיא נאַכריכט איבער דיין טויט איז פּובּ־ליצירט געוואָרען. יא, זשאַק, דו קענסט מיך בעסער וויא יעדער איינער; דו ווייסט גאַנץ גוט, אז איך האב דיר קיינמאָל קיין ליגען ניט געזאַגט."

דאַמור האט געזיפצט."

„עס איז ניט מיין שולד, זשאַק," האט זיא ווייטער געזאגט זייענדיג געריהרט. „איך האב זאָגאָר א סערטיפיקייט, בעשטעטיגט פון דער רעגיערונג, אז דו ביסט טויט."

אום זיך פאר איהם צו גערעכטפערטיגען, האט זיא אויסגעשטרעקט איהר האנד צום שראַנק, געעפענט א שופלאַדען, און מיט ציטערענדע הענד, האט זיא ארויס גענומען א פּאַפּיר, וועלכעס זיא האט איבערגערייכט דאַמור'ן. ער האט דאס געלעזען.

יא, עס איז געווען א טויטענשיין. דאַן האט זיא געזאגט:

„נאַכדעם וויא איך האב ערהאַלטען דיא נאַכריכט, אז דו ביסט טויט, האב איך מיך געזעהען אליין, אונגליקליך און זעהר עלענד. א מאַן איז ערשיענען און מיר אָנגעבאָטען מיך ארויס צונעהמען פון מיין ארמוטה, פון מיינע צרות און מיר העלפען... אין דעם בעשטעהט מיין שולד. כל־זמן איך האב געלעבט און דיך גערעכנ:ט פאר טויט, האב איך געוואָלט פערגעסען מיין לאַגע. האב איך דאס ניט בעדאַרפט טהון? איז דאס א פערברעכען?"

ער האט זיך צוגעהערט צו איהרע ווערטער, און ניט געוואגט צו קוקען אין איהר געזיכט. ער איז געווען מעהר איבערראשט אלס זיא.

פּלוצלינג איז צו איהם געקומען א געדאַנק, וועלכער האט איהם ערוועקט וויא פון א לאַנגען שלאָף. ער האט געפרעגט:

„און וואו איז מיין טאָכטער?"

ביא דיעזע ווערטער, האט זיא נאך אמאל אנגעפאנגען צו ציטערן.

דאמור האט געבליקט צו איהר מיט איין אונגעדולדיגער מיענע, און זיא האט ארויס געשטאמעלט:

„דיין טאָכטער?"

„יא, מיין טאָכטער."

„איך וויים נים."

„איז זיא טויט?"

„ניין."

„וואס דען?"

„איך וויים נים."

„ווער דען וויים?"

„איך האב זיא נים."

„אָבער וואס איז פון איהר געוואָרען?"

„זיא איז אוועק."

„אוועק? וואוהין?"

„איך האב זיא געשיקט וואָהנען מיט מיין טאנטע."

דאמור איז געוואָרען אונרוהיג.

„מיט דיין טאנטע?" האט ער געפרעגט.

זיא האט געשוויגען.

„ענטפער מיר!" האט ער אויסגעשריען.

„זיא איז אוועק, אנטלאָפען; זיא איז אויסגעלאָסען..."

דאמור איז געבליעבען שטיל, און זיך אויך בערוהיגט. עס האט אויסגעזעהן, גלייך וויא ער האט זיא נים פערשטאנען.

זיין געזיכט האט אָבער פלוצלינג זיך שטארק פערענדערט, און אויפהויבענדיג זיין פויסט, האט ער איהם ארונטער געבראכט מיט א גרויסען קראך אויף דעם שראנק, ווע'לכעס האט פערראורזאכט וואס דאס גלאָדוואַרג, וואס איז דאָרט געשטאנען, האט געקלונגען.

ער האט געוואָלט עפעס זאגען, נאָר ער האט קיין ציים געהאט. גראדע דאמאלס האט זיך געעפענט דיא טהיר, און צווייא קינדער, א איינגעלע פון א אָהר זעקס, און א מיידעלע פון א יאָהר פיער, זיינען אריין געלאָפען. ביידע קינדער האָבען דך געוואָרפען אויף פעליס'ים האלז און אויסגעשריען זעהר טונטער;

„גוט מאָרגען דיר, מוטערל, מיר זיינען געווען אין גאָרטען בייא רעם עק פון דער שטראסע... פראַנסאַאַז זאגט, אז מיר מוזען אהיים קומען... אך, מוטער׳ל, ווען דוא זאָלסט וויסען וויפיעל זאמד דאָרט איז דאָ, און היהנדעלעך אין וואסער...“

„גענוג, גענוג, נעהם אוועק,“ האט דיא מוטער געענטפערט אונ־העפליך.

דאן האט זיא גערופען דיא דיענסט:

„פראַנסאַאַז, נעהם זייא אוועק... וויא דום דוא ביסט זייא צו לאָזען יעטצט אהיים קומען.“

דיא דיענסט האט עפעס געמורמעלט אונפערשטענדליך.

דיא קינדער זיינען אוועק טרויעריג און פערשטהמט, וועהרענד דיא דיענסט, זיך געפינענדיג בעליידיגט פון איהר בעל־הבית׳טע, האט זייא צאָרענדיג געשטופט פאָראויס.

אין פעליסי׳ן האט זיך דאמאלס אָבגעשפיעלט א דאָפעלעס שרעקליכעס געפיהל: ערשטענס האט זיא געשפירט א מין שאנדע וואס זשאס זאָל וויסען, אז זיא האט שוין קינדער מיט דעם צווייטען מאן, און צווייטענס האט זיא מורא גע־האט, אז זשאק דאמור, אום זיך נוקם צו זיין אן איהר, וועט ער אוועק גנב׳ענען איהרע קינדער. עס איז איהר פאָרגעקומען, גראדע וויא זיא זעהט איהם אוועק נעהמענדיג דיא קינדער אויף זיינע שולטער און ענטלויפענדיג מיט זייא.

בערדו. וועלכער האט ניט ערהאלטען דיא איינלאַדונג זיך צו זעטצען, האט מעהר ניט געוואָלט ווארטען שטעהענדיג, און זיך אליין געזעטצט אויף א ברייטען לעהן־שטוהל.

ער איז אויסגעקומען נעבען דאמור׳ן, און ער האט געמורמעלט אין זיין אויער:

„דאס זיינען סאַניאַרד׳ס קינדער... ממזרים׳לעך... און וויא שנעל זייא האבען דאס אויסגעוואַקסען, וויא קראָפּאָווע...“

ווען דיא מהיר האט זיך ווידער צוגעמאכט, האט דאמור געגעבען א צווייטען זאק מיט זיין פויסט אין שראנק, און אויסגעשריען:

„איך וויל פון גאר ניט וויסען! איך וויל האבען מיין טאָכטער, און איך בין אויך געקומען דיך צו געהמען!“

פעליסי איז ווידער בלאַס געוואָרען און זיא האט געשפירט וויא שטיקער אייז ארום רינגלענדיג איהר קערפער.

„זעטצט דיך, זשאק,“ האט זיא געמורמעלט, „און לאָמיר אַלעס רוהיג בער־שפרעכען. וואס טויג דיר ווען דוא שרייסט אזוי! גלויבען דאס וועט דיר גאר ניט העלפען. און דוא ביסט געקומען מיך געהמען?“

„יאָ! יאָ!“ האט ער געדונערט.

זיא האט ווייטער געוואָלט פאַסען מוטה און עפּעס זאגען, אָבער זיא האט ניט געקענט.

„דיך געהמען, פערשטעהסטו? און מאַסי באַלד וועסטו מיט מיר מיט־געהען... איך בין דיין מאַן, דער איינציגער ריכטיגער און געזעטצליכער מאַן... איך אַליין האָב א רעכט דערצו. וויא זאָגסטו, בעררו?“

בעררו האט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, יאָ.

„נו, זוימט ניט,“ האט ער ווייטער געשריען, „נעהם און ציה דיך אָן, און זייא רוהיג, ווען דוא ווילסט ניט דיא גאַנצע וועלט זאָל דערפון וויסען, קום!“

פעליסי האט אויפגעהויבען דיא אויגען צו דאַמור׳ן און איהם געקוקט גלייך אין געזיכט. אין איהר בליק איז געלעגען א שטודיום; זיא האט זיך בעטראַכט דעם מאַן, וועלכער איז פאַר איהר געשטאַנען, וועלכען זיא האט אמאל זעהר גע־ליעבט, און וועלכען זיא האט אמאל געשוואוירען צו בלייבען טרייא ביז אין טויט אריין.

„איז דאס געוועזען דערזעלבער?“ האט זיא זיך געפרעגט.

ניין, ניין. יענער זשאק דאַמור, וועלכען זיא האט אמאל געליעבט — יאָ, יענער, איז געוועזען בעליעבט פאַר זיינע מעלות, וועלכע האבען פערדעקט אַלע זיינע חסרונות. דיעזער זשאק דאַמור וויעדער, וועלכער איז געשטאַנען פאַר איהר, האט בייא איהר אַרויס גערופען מיטלייד, ערבאַרמען און סימפּאַטהיע, אָבער קיין ליעבע.

אין דערזעלבער צייט האט זיין אויסזעהען, זיין האַלטונג און זיין בענעהמען, בייא איהר אַרויס גערופען איין עקעל.

„וואס!“ האט אין איהר געקלונגען א שטימע, „דוא, אזוי ווייס, אזוי שעהן, אזוי פעט און צאַרט, שוין געוואָהנט אין לוקסוס און גוטעס לעבען, וועסטו קענען עקזיסטירען מיט איהם? וועסטו איהם קענען ערטראַגען? ער איז דאָך אַלט, אָב־געלעבט און שמוטציג?“

פעליסי האט זיך פאָרגעשטעלט דיא פעראייניגונג צווישען מאַן און פרוי, און זיא האט זיך געפרעגט וויא עס וואָלט מעגליך געוועזען איהר קערפּער זאָל זיך נאָך בעריהרען אין זיינעם.

א געפיהל פון אבשייא און פעראכטונג האט זיא בעהערשט, וואס האט ארויס געריפען אויף איהר געזיכט א פעראכטענדע מיענע.

דאמור האט שוין געקענט ריכטיגער דענקען וויא פריהער; ער איז געוועזען פאלקאמען ניכטער, און זעהענדיג איהר געזיכט, האט ער דארט געלעזען איין ענטפער אויף זיין אויפפאָרדערונג.

„דוא ענטזאגסט אלזא,“ האט ער ווייטער געמורמעלט רויט ווערענדיג. „אך! איך פערשטעה. דוא האסט זיך שוין געוועהנט צו שפיעלען דיא ראלע פון א רייכער דאמע, פון א ברייטער בעל־הבית׳טע מיט שליסלען פון שופלאָדען מיט געלד, ווערענד איך בין איין ארעמער טייפעל; איך האב ניט קיין פליישׁ־העקערייא, קיין שופלאדען געלד צו טהון דערמיט וואס דוא ווילסט... דאן, יא, האסטו דאך שוין א פאאר ממזרים׳לעך, וועלכע זיינען דא פריהער געוועזען; דוא זעהסט אויס זייא ליעבער צו האבען וויא לואיזן. יא, יא, אזוי איז דאס, ווען א פראוויגציעמער איז ניעדריג גענוג צו לאָזען איהר טאָכטער געהען צום טייפעל, דאן קען זיא אויך לאָזען דעם פאטער פון דער טאָכטער, זיך אויפהיינגען... אָבער בייא מיר בלייבט עס גלייך. מיך קימערט קיין זאך; אלעס וואס איך וויל איז, דוא זאָלסט מיט מיר יעטצט געהען. האב קיין מורא נים, דוא וועסט געהען, ווייל אזוי וויל איך. און ווען דוא האסט קיין חשק נים דערצו, דאן ווייסטו דאך, וועל איך אוועק צו דער פאָליצייא, נעהמען א קאָמיסאר און מיט דער הילף פון א פאאר זשאנדארען, וועסטו שוין געהען... איך האב א רעכט דערצו, דוא פערשטעהסט! איך האב א רעכט! וויא זאגסטו בעררו?“

בעררו האט געמאכט איין ערנסטע מיענע און געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, אז זיין פריינד האט רעכט. אונטערדעסען, האט איהם דיא גאנצע סצענע פערבטיג אמוזירט.

דאן האט אָנגעפאנגען א וואָרט־שטרייט צווישען דאמור׳ן מיט זיין ווייב. דאמור איז געוואָרען ווימהענד, און פעליסי, שוין ניט וויסענדיג וואס צו זאגען, איז זיא געבליעבען פערצווייפעלט. בעררו האט איבערגעדענקט וואס דא געהט פאָר, און בעשלאָסען צו שפיעלען דיא ראלע פון איין עהרענמאן, וועלכער וויל ביידע פארטייען צופריעדען שטעלען.

„עס איז אמת, זשאק,“ האט ער אונטערברעכען זיין פריינד, „אז דוא האסט רעכט. דאס געזעטץ איז אויף דיין זייט. אָבער, דיא וואהרהייט איז, איך קען קיין אונרעכט נים זעהען און איך מוז אימער האנדלען לויט נאך דיא צושטענדען, וויא עס פאסט פאָר א געוויסענהאפטען מענשען. מיין מיינונג איז, דאס איידער מיר

פאסען דאָ א בעשלוס. איז עס א יושר, מיר זאָלען זיך אויך צוהאַמענרייען מיט מאָנסיע סאניאַרד. וויא דער אמת איז, האט ער דאָך קיין שולד אין דער גאנצער געשיכטע. יא, מען מוז מיט איהם איבעררייִדען, אָבער, ער איז גראדע יעטצט ניטאָ..."

ער האט זיך דאן זעלבסט אונטערבראָכען, און זיך ארום קוקענדיג צו דאַר מור'ן און פעליסי'ן, האט ער ווידער אָנגעפאנגען מיט א נאכגעקרימטער געריהרטע שטימע:

„איהר קענט זיך קוים פאָרשטעלען וויא אונאנגענעהם מיר איז דיא גאנצע געשיכטע. איך בעדויער אייך ביידע; איהר זייט ביידע צום בעמיטליידען... און מיין פריינד זשאק קען ניט פיעל ווארטען... אך, מאדאם! ווען איהר זאָלט וויסען וויא ער האט געליטען! און יעטצט, צו דער געגענווערטיגער צייט, שוין נאך אלע צרות, נעהט ער אויס פאר הונגער... פון איבעראל האט מען איהם פערשטויסען... ער האט קיין מקום מנוחה... ווען איך האב איהם בעגעגענט, האט ער שוין ניט געהאט געגעסען דרייא טעג..."

פעליסי, וועלכע איז ביז יעטצט געווען ערשראָקען און אויפגערעגט, איז איבערגעגאנגען אין א צושטאנד פון צערטליכקייט. זיא האט אויפגעציטערט, און איהרע אויגען האבען זיך אָנגעפיללט מיט טרערען, דאן האט זיא אויס־געשריען:

„פערצייהע מיר, פערצייהע מיר!"

זיא האט ווייטער געוואָלט רעדען, נאָר דיא טרערען האבען דערשטיקט איהר שטימע. ווען זיא האט זיך ווידער עטוואס בערוהיגט, האט זיא געזאגט:

„זשאק, מיין אונגליקליכער זשאק! דוא זעהסט אליין און פערשטעהסט, אז איך בין אונשולדיג. גאָט האט אזוי געוואָלט, און מיר מענשען קענען ניט פער־הינדערן זיין ווילען. אָבער יעטצט קענען מיר שוין מעהר ניט ענדערן וואס דאס שיקזאל האט בעשטימט. וואס איז געשעהען, איז געשעהען. עס איז פערפאלען. אנדערש קען עס שוין מעהר ניט ווערען. אָבער איך וויל ניט דוא זאָלסט זיין אונ־גליקליך... איך קען דיר העלפען און מוז דיר העלפען... איך בעט דיך, דוא זאָלסט מיר ערלויבען איך זאָל דיר העלפען..."

דאמור האט אויפגעהויבען זיין האנד אום אָנצוציינען, אז ער וויל ניט איהר הילפע.

בעררו האט פערשטאנען זיין מיינונג און זיך אריין געמישט:

„גענוג, גענוג," האט ער שנעל געזאגט, „אין דיעזען הויז איז דאָ אַלץ־דאס נימס, און עס אויך דיין פרוי'ס פליכט זיא זאָל דיך פון דאנען נים אוועק לאָזען מים לערינע הענד... דוא קענסט ענטזאגען איהר געלד, אָבער א פרעזענט טאָרסטו אקצעפטירען."

דאן, זיך ווענדענדיג צו פעליסי'ן, האט ער געזאגט:

„ווען איהר זאָלט איהם געבען וועניגסטענס עפּעס א שטיקעל פלייש, וואָלט ער זיך געקענט אָבקאָכען דערפון אביסעל זופּ און זיך דערקוויקען זיין הארץ."

„אָך, מאָנסיע בעררו! וואס ער וויל, וואס ער ווינשט וועל איך איהם געבען," האט פעליסי געענטפערט געריהרט.

דאמור האט זיך אומגעקוקט אויף ביידע געזיכטער, פון זיין זאָ־געזאגטען פריינד און פון זיין געוועזענער פרוי. ער האט אנפאנגען אזוי וויא נים בעגריפען וואס דאָרט געהט פאָר. דאן, פלוצלינג אויסברעכענדיג אין א וויטהעהנדען צאָרן, האט ער אויסגעשריען:

„איך דאנק דיר! איך דאנק דיר! ניין, ניין! איך וועל נים פערזוכען און נים געניעסען קיין זאך פון דיעזען הויז!"

דאן, בלייבענדיג שטיל אויף איינינע אויגענבליקען, גראדע וויא ער האט זיך איבערגעדענקט זיין נעכסטען שריט, איז ער צוגעגאנגען צו זיין פרוי, און איהר בליקענדיג שארף אין דיא אויגען, האט ער געזאגט:

„דיך אליין וויל איך, קיין אנדערע זאך; דיך אליין, דוא ביסט מיינע, און קיין אנדערער מאן האט א רעכט איבער דיר. אָך, פעליסי, פעליסי..."

ער האט דערבייא אויסגעבראָכען אין א העפטיגעס געוויין.

פעליסי האט צו איהם געקוקט מיט טרערען אין איהרע אויגען, און זייענדיג וויעדער געריהרט פון זיינע ווערטער, האט זיא אויפגעהויבען איהר האנד און געלעגט אויף זיינע שולטער.

„הער מיר אויס, זשאק," האט זיא אָנגעפאנגען. „נאָט האט געוואָלט אונזער פעראייניגונג און ער האט אונז צוזאמענגעפיהרט אין אונזער יוגענד. דוא ווייסט, זשאק, אז איך האב דיך געליעבט, וויא נאָר א פרויען־הארץ קען ליעבען. איך שווער דיר אויף יעטצט, זשאק, אז כל־זמן מיר זיינען געווען צוזאמען, האב איך ניעמאלס געדענקט אן איין אנדערן מאן, און אויס ליעבע צו דיר, האב איך מיר אימער געוואונשען איך זאָל שטארבען פאר דיר, און קיין אנדערער מאן זאָל מיך מעהר בעזיטצען.

„איך האב מיט דיר צוזאמען געגעסען דעם בעכער פון פאסיליעדגליק און מיט דיר צוזאמען געטרונקען דעם גיפט פון שמערץ, נויט, אונגליק און פערצווייפלונג. האב איך מיך אמאל בעקלאגט? ווען איך האב דיר אפילו אמאל געמאכט א פארוואורף, איז ער געוועזען מילד און געלאסען, און איך האב דאס מעהר געטהאן אויס ליעבע צו דיר, וויא אויס מיטלייד אויף מיר.

דאן איז געקומען דאס אונגליק און אונז ביידע געשיידען. א שיף האט דיך אוועק געפיהרט מעבר־לים און מיך צוריק געלאזען א לעבעדיגע־אלמנה מיט פערצווייפעלטע האפנונגען. אונטערדעסען האב איך בעשלאכען צו ווארטען אזוי לאנג, ביז דוא וועסט ענטוועדער צוריק קעהרען, אדער דער טויט וועט מיך בעפרייען פון מיין קוואלפאלעס לעבען.

„פלוצלינג איז געקומען דיא נאכריכט, אז דוא ביסט טויט. דיעזע נאכריכט האט מיך געטראפען וויא א בליטץ. טעג און וואכען בין איך געזעסען אין א פערווירונג, ביז מיין עלענד און מיין נויט, האבען מיך אויסגעניכטערט צו דיא ווירקליכקייטען פון לעבען. איך האב געוויינט נאך דיר און געקלאגט, אבער איך האב ניט געקענט זעטען מיין הונגריגען מאגען און דעם הונגריגען מאגען פון אונזער קינד, מיט טרערען.״

דאמור האט דאבייא ארויס געשטויסען א טיעפען זיפץ און ארתמער נעדלאזען זיינע אויגען צום פוס־באדען, אהנע ער זאל וואגען צו קוקען אויף זיין פרוי. בעררו האט זיך אומגעוועגדעט צו דער וואנט, און פעליסי האט פארטגעזעטצט:

„לואיז האט געוואקסען און אנגעפאנגען צו ווערען איין ענטוויקעלטעס פרויענצימער. זיא פלעגט ארויס געהען אויף דער גאס, נאכדעם וויא זיא האט פערגאסען טרערען צו הויז. זיא איז ארויס געגאנגען זוכען עסען. אלס מוטער, וועלכע דענקט, אז איהר קינד איז דיא אונשולד זעלבסט, האב איך מיר גאר ניט געקענט פארשטעלען, אז מיין קינד, וועט זיך פערקויפען צוליעב א שטיקעל ברויט...״

פעליסי האט דאבייא אנגעפאנגען צו וויינען, און מיט דיא טרערען לויפענדיג פון איהרע אויגען, האט זיא ווייטער געזאגט:

„מיט דער גאנצער ליעבע צו דיר און מיט דער שמערצהאפטער ערינערונג אן אונזער לעבען, האב איך אנגעפאנגען צו דענקען וואס איך קען טהון אום צו רעטען דיין קינד פון אונטערגאנג. א מאן, איין עהרענהאפטער מאן, איז פאר מיר ערשיענען און מיר אנגעבאטען זיין האנד. ער האט מיר פערשפראכען צו לינדערן מיין שמערץ און אונטערברעכען מיין הונגער. אבער, גלויב מיר, זשאק, אז ווען איך

אליין וואָלט געלעבט, וואָלט איך פיעללייכט מיר נאך איבערגערעכט דיעזען פאַר שלאג, אָבער איך האב געדעבענט צו רעטען דיין קינד׳ דיין טאָכטער, און איך האב שטעל איינגעשטימט...״

„נאָר דוא האסט זיא דאך ניט גערעטעט!" האט וושאק אויסגעשריען אין צאָרן.

„ניין, ניין, איך האב זיא ניט גערעטעט," האט פעליסי געענטפערט, „ווייל עס איז שוין געוועזען צו שפעט, עס איז שוין געוועזען נאך אלעמען. דאס אונבאַרמ־הערציגע שיקזאל האט שוין ביז דאמאלס רואינירט אונזער קינד, און דיא האָכציים האט איהר שוין ניט געקענט העלפען. איך האב אלעס מעגליכע אָנגעווענדעט זיא וועגינסטענס נאכהער צוריק צו ציהען פון איהר שלעכטען וועג, אָבער איך האב מעהר ניט געקענט. זיא איז אוועק אויף א וועג, פון וואנען מען קעהרט זעלטען צוריק...״

„און דוא אליין ביסט געבליעבען דיא גליקליכע!" האט דאטור ווידער אויסגעשריען ווימהענד.

„יא, אויב דוא קענסט עס רופען גליקליך," האט זיא געזאגט, „דאן בין איך איין געבליעבען דיא גליקליכע. סאניארד האט מיך געשעטצט און געאכטעט, און אונזער פעראיינינונג האט אָנגעפאנגען צו טראָגען פריכטע, און יעטצט...״

„יעטצט וויל איך דוא זאָלסט איהם שיקען צום טייפעל!" האט דאטור אויס־געשריען געבענדיג א קלאַפּ מיט זיין פויסט אויף׳ן טיש.

פעליסי איז צוריק געשפרונגען פון נעבען איהם. איין עקעלהאפטע פעראכ־טונג האט זיך אין איהר ערוועקט, און זיא האט זיך אָבגעווענדעט מיט א שוידער.

דאטור׳ס צאָרן איז אונטערדעסען געשטיגען און האט אָנגעפאנגען צו שרייען, אז ער וועט צוברעכען אלעס אין הויז. און, צום שלוס, האט ער גערופען דיא ווייגענדע פעליסי מיט דיא שענדליכסטע נעמען.

„איך ווייס ווער דוא ביסט און וואס דוא ביסט," האט ער געזאגט. „דוא ביסט געוואָרען א שמוטציגע און אבשייליכע גאסען־פרוי, דאן האסטו דיך פער־קויפט צו איין אלטען וויסטלינג, און יעטצט ביסטו דיא ניעדרינגסטע אין דער וועלט!״

זיא האט עפעס געוואָלט זאגען; נאָר ער האט זיא אונטערבראָכען.

„זאָפאָרט זאָלסטו מיר געבען מיין טאָכטער׳ס אדרעסע! דוא הערסט, זאָ־פאָרט! איך ווייס, דוא האסט זיא פערקויפט אין דער שענדליכקייט,

געלעבט פון איהר שאנדע, און דאן, ווען זיא איז קלינער געוואָרען, האסטו פון איהר מעהר ניט געוואָלט וויסען. דאס אַלעס וויס איך אליין, נאָר איך וויל יעצט האבען איהר אדרעסע, פון איהר אליין אלעס ערפאהרען, און דאן זאָלסטו וויסען ווער איך בין. דוא הערסט, איהר אדרעסע וויל איך!"

ער האט געכאפּט א שטוהל און איהם געגעבען א וואָרף צו דער ערד.

פעליסי האט געציטערט.

„איך וויס ניט איהר אדרעסע," האט זיא געמורמעלט.

„דוא וויסט יא!" האט ער געשריען.

„גלעבען איך וויס ניט!"

„שווייג, ארסנעלאסענע! דוא וויסט יא!"

„בייא מיין וואָרט איך וויס ניט!"

„אזא ניעדרינע וויא דוא ביסט, האט קיין וואָרט ניט!"

„דוא ווילסט מיר ניט גלויבען?"

„ניין!"

„אַלזאָ, קען איך דיר ניט העלפען."

„דוא מוזט מיר אָנצייגען א וועג וועניגסטענס, וויא אזוי איך קען זיא געפינען."

„געה אריין אין דער פּאָליציי־פּרעפעקטור און דאָרט וועסטו געוויס אַלעס ערפאהרען."

פעליסי האט יעשפּראָכען דיא לעצטע ווערטער אָבוועגדענדיג איהר געזיכט פאר שאנדע.

דאמור האט צו איהר געבליקט און געמורמעלט:

„און דאס הייסט פרויען־ליעבע! זיא האט מיך געליעבט, זאגט זיא: גער ליעבט, חא, חא, חא!"

ער האט נאך אמאל געגעבען א קלאפּ אין טיש, און אויסגעשריען:

„אַלזאָ, גוט! בייא אַלע טייפלען! איך געה... יא, יא, איך געה... אבער עס איז נאָר דערפאר, ווייל איך וויל... נאָר מיין ניט, אז מיט מיין געהען ביסטו שוין פּטור געוואָרען פון מיר. איך וועל נאך צוריק קומען ווען דיין בעל־הבית וועט דאָ זיין. איך וועל פון אייך אַלע מאכען איין ענדע: פון איהם, פון דיר, פון דיא ממזרים און פון דער גאנצער באנדע... ווארט, ווארט, איך וועל אייך וויזען ווער עלמער איז!"

מיט ריעזע ווערטער האט ער זיך אויסגעוועטערט, און אויפגעהויבענדיג די פיסט, איז ער ארויס פון דעם צימער, דאן אין דרויסען.

דאמור האט זיך געשפירט ערלייכטערט אויף'ן הערצען.

בעררו איז צוריק געבליעבען אביסעל, און זייענדיג זעהר צופריעדען וואס ער קען דא שפיעלען א ראָלע, האט ער געזאגט צו פעליסי'ן:

„איהר האט ניט וואס מורא צו האבען, איך וועל איהם ניט לאָזען ער זאָל אייך עפעס טהון... עס איז שוין מיין פליכט אום צו זעהען פערהינדערן עס זאָל ניט פאסירען עפעס אונאנגענעהמעס."

בעררו האט זאָגאר געפאסט מוטה און גענומען איהר האנד און זיא געקושט זיא האט איהם געלאָזען דאס טהון, ווייל זיא האט זיך געפיהלט מאכטלאָז.

אין יענעם אויגענבליק האט זיא געשפירט, אז זיא האט פאלקאָמען אונריכטיג געהאנדעלט, און אָבוואָהל זיא האט אין איהר הארצען געהאסט דאמור'ן, דענגאך האט זיא געדעכענט, אז ער האט רעכט, און איהר גאנצע וויללענס־קראפט איז צר זאמענגעבראָכען געוואָרען.

„איך בין זיינע," האט זיא זיך געטראכט, „זיין אייגענטהום, זיין פרוי, זיין שקלאפין, און ער האט א רעכט צו טהון מיט מיר וואס ער וויל. מיין ליעבע, מיינע געפיהלע, האב איך ניט געטאָרט ווערקסלען. נאָר איינמאל מוז א פרויענצימער הייראטהען און ניט מעהר..."

זיא האט זיך דאמאלס דערמאָהנט אן א געשיכטע וואס זיא האט אמאל געהערט איבער א פאָלק אין אזיען, דאס ווען דער מאן שטארבט, בעגראָבט מען זיין פרוי לעבעדיגערהייט מיט איהם.

„הלוואי וואָלט מיט מיר דאסזעלבע פאסירט," האט זיא זיך געטראכט, „וואָלט איך יעטצט פערשפארט דיעזע אלע צרות."

עס איז קיין צווייפעל, דאס ווען דאמור וואָלט זיא דאמאלס אָנגענומען בייא דער האנד, וואָלט זיא מיט איהם געווים מיטגעגאנגען.

זיא איז געבליעבען שטעהען ווא פערשטיינערט און זיך צוגעהערט צו דיא שרים פון דיאביידע מענער וויא זייא זיינען ארויס.

דיא טהיר איז געשטאנען אָפען און זיא האט אריין געקוקט אין דער פליישעסעריא. זיא האט געזעהען איינעם פון דיא איינגלעך האקענדיג א שטיק פלייש און קוקענדיג היגטען־ארום צו איהר מיט פערגנב'עטע בליק'ען, אום צו זעהען וואס זיא טהוט.

דאן האט זיא געהערט שטימען אויסרופענדיג דאס געוויכט פון פלייש פער־
שהילט צו דיא קונים.

אונטערדעסען האט זיא זיך דערמאָהנט, אז זיא האט געלאָזען דאס געשעפט
צו פיעל אויף פרעמדע הענד און דער האנדלונגס־גייסט האט זיך אין איהר ערוועקט
און לאנגזאם בערוהיגט איהר אויפרעגונג.

זיא איז ארויס פון צימער און איז צוגעגאנגען צום שופלאדען וואו זיא איז
פריהער געשטאנען. איהר געזיכט איז געווען בלאס און איהרע ליפען האבען
קראמפפהאפט געציטערט. אָבער זיא האט זיך שטופענוויז בערוהיגט און אָנגע־
פאנגען ווידער דיא אלטעגליכע בעשעפטיגונג.

איינער פון דיא איינגלעך האט איהר צוגעבראכט א 5־פראנק־שטיק און איהר
געזאגט זיא זאָל ארויס געבען רעסט.

זיא האט אָבער נים פערשטאנען אויף'ן פלאטץ וואס ער זאגט או איהם
איבערגעפרעגט :

„וויפיעל זאָל איך פערהאלטען ?"

„דרייא און א האלבען פראנק," האט ער געענטפערט.

זיא האט דאן געגעבען רעסט.

4.

אויף'ן צווייטען טאָג האט זשאק דאמור געהאט דאס גליק וואס דער שטיך־
תאקער האט איהם אויפגענומען צו וואכען איבער זיין געציינג בייא דער ארבייט אין
האָטעל־דע־וויללע. אויף דיעזער ארט, האט זשאק דאמור אָנגעפאנגען אויפצופאסען
אויף דעם האָטעל, וועלכען ער האט געהאָלפען פערברענגען מיט 10 יאָהר צוריק, צור
צייט פון דער קאָמונע.

אין אלגעמיינעם, איז דאס געווען א גאנץ לייכטע ארבייט, אָדער אזא מין
בעשעפטיגונג וואס מאכט שלעפעריג, פויל און העלפט צו מאכען אונפעהיג א
מענשען וואס איז געוואָהנט געווען צו זיין טהעטיג.

בייא נאכט פלעגט ער ארום געהען צווישען דער האלב־פערטיגער ארבייט,
ביז ער האט זיך אוועק געזעטצט אויף א זאק סעמענט און איז דאָרט איינגע־
שלאָפען.

וואס עס אנבעלאנגט זיין פרוי און זיין פערשפרעכען אהין נאך אמאל צו
קומען, האט ער אפילו דאריעבער נאך אמאל נישט געדענקט. אָבער ער האט מעהר דאר־
ריעבער נים געשפראָכען.

אין א גאנץ פריה איז בעררו בייא איהם ערשיענען און איהם איינגעלאדען ער זאָל געהען מיט איהם עסען פריהשטיק און עפּעס טרינקען.

דאמור האט אקצעפּטירט דיא איינלאדונג.

וועהרענד זייא האבען געטרונקען און מען האט שוין געהאלטען ביים דריטען ליטער וויין, האט דאמור אויסגעשריען:

„מאָרגען נעהמט פון אלעמען איין ענדע!“

„וואס מיינסטו?“ האט בעררו געפרעגט.

„איך מיין, אז פון איהר נעהמט איין ענדע.“

„וואס ווילסטו מהון?“

„איבערשניידען איהר האלז!“

„געה שוין געה.“

„איך שווער דיר, אז אזוי וועט עס זיין!“

„אָבער זיא איז דאָך ניט שולדיג?“

„איך ווייס, אָבער איך וועל זיא מיט איהם און מיט דיא ממזרים צוזאמען אויסקוילען, וויא מען קוילעט אָקסען!“

אויף'ן אנדערן טאָג איז דאמור געבליעבען בייא זיין ארביים.

פון יענעם טאָג אָן, האט דאמור געהאט א טבע נאָר אויפגערעגט צו ווערען, ווען ער האט זיך אָנגעשיכור'ט.

„איך האב רעכט!“ פלעגט ער שרייען אין זיין בעזויפענהייט. „קיין מענש קען מיר אָבלייקענען מיין רעכט! דיא גאנצע וועלט מוז זאגען, אז איך האב רעכט!“

אָבער אזוי שנעל וויא ער האט זיך אויסגעניכטערט, איז ער ווידער געוועזען שטיל. ער האט אָנגעהויבען צו ווערען טרויעריג און זיך געשעהמט פאר זיין אייגענער פערזאָן.

בעררו איז געוועזען זעהר אונצופריעדען דערפון, און ער האט איהם אין א טאָג געזאָגט:

„הערסטו זשאק, דוא ביסט א לעמעשקע, א געגזוגנע־לעבער, נאך ערגער פון א פרוי, דוא קענסט נאָר פּלוידערן, און ווען עס קומט צו עפּעס, פערלירסטו דיין מוטה. מענסט זיך שעהמען. קיין מאן וואָלט געקענט אזוי האנדלען וויא דוא. בייא גאָט, ווען איך וואָלט געוועזען אויף דיין שטעלע, וואָלט איך שוין געוואוסט וואס איך האב צו מהון.“

דאמור האט איהם אָנגעקוקט מיט איין ערנסטען בליק, און געמורמעלט:

„דאן איז דער איינציגער ווען זיא צו הרג'ענען. איך וויים עס, אז דאס מוז איך טהון. אָבער דיא וואהרהייט איז, איך מוז אָבוואַרטען דיא געלעגענהייט, ביז דער ריכטינער בעס וועט מיר אָנקומען.“

בעררו, ווען ער האט איהם בעגעגענט, האט ער ניט אויפגעהערט איהם צו מאכען פאָרווירפע פאר זיין ווייכהערציגקייט און דערפאר וואס ער איז „א לער־מעשקע“, וויא ער פלעגט דאס אָנרופען.

„איך וואָלט עס מיר קיינמאל ניט געגלויבט,“ האט ער אין א טאָג געזאגט, „אז א מענש, וועלכער האט געקענט אנטהייל נעהמען אין דער קאָמונע, אז א מענש, וועלכער האט געקענט שטעהן צוואנציג שטונדען דורכאנאנד אויף דיא באַ־ריקאדען, און פון דאָרט האלטען אין איין שיסען אויף דיא סאָלדאטען, זאָל פלוצלינג ווערען אזא דומקאָפּ און פערגעסען אן דיא פליכטען פון איין עהרענ־מאַן.“

אין איין אבענד, איז ענדליך דאמור אוועק ביז צו דער מאָנסיי שטראסע און האט זיך דאָרט אוועק געזעצט. ער איז אזוי אָבגעזעסען אויף א באנק איבער א שטונדע, נאָר עס האט איהם געפעהלט דער מוטה אריין צו געהען אין דער פלייש־העקערייא, און ער האט ווידער צוריק געקעהרט צו זיין ארבייט.

אויף'ן אנדערן טאָג האט ער געמיינט, אז ער האט געזעהען פאָרבייא פאָהרען זיין טאָכטער נעבען האָטעל־דע־וויללֿ, און זיא איז געזעסען אויף א פּראכטפאָלער דראָשקע צווישען זיידענע קישען.

ער האט דאס מיטגעטהיילט בעררו'ן.

„איך האב דערקענט איהרע געזיכטס־ציגע,“ האט ער געזאגט, „און איך וואָלט געקענט שווערען, אז זיא איז עס!“

בעררו האט פערשפּראָכען צו מאכען נאכפראגען; ער איז זיכער געווען, אז ער איז אימשטאנדע אויסצוגעפינען לואיז'עס אדרעסע אין 24 שטונדען צייט.

„אָבער ניין, ניין, איך וויל ניט!“ האט דאמור פלוצלינג אויסגערופען, „ניין, ניין, בעררו, פרעג זיך ניט נאך איבער איהר, איך וויל זיא ניט קענען. נאָט וויים דעם אמת, אז איך וועל איהר ניט קענען קוקען אין פנים אריין... אזא פּרויענצימער, אזא פּרויענצימער און מיין טאָכטער!“

„זיא איז ניט שולדיג,“ האט בעררו בעמערקט.

„ווער דען?“

„דיין פרוי!“

„דאס איז ריכטיג."

„דוא האסט יעטצט איין אנדערע פליכט," האט בעררו ווייטער געזאגט.

„וואס פאר א פליכט?"

„דוא זאלסט זיא אויפזוכען?"

„צו וועלכען צוועק?"

„אום דוא זאלסט זיך פאר איהר צייגען."

„און וואס וועט זיין?"

„זאל זיא וועניגסטענס קענען איהר פאטער."

דאמור האט נאכגעדענקט און זיך פארגעשטעלט דאס בילד, אז דיעזע שעהנע, עלעגאנטע און רייכע דאמע איז זיין טאכטער, און נאך אלעמען, וואלט עס דאך נים אזוי שלעכט געווען מיט איהר צו זיין בעקאנט ווען זיא איז אזוי רייך.

די אידעע, אז זיא איז אויסגעלאסען, און לעבט פון שאנדע, האט אויפגעקאכט זיין בלוט.

ער איז אוועק און זיך געקויפט א מעסער.

דאס מעסער האט ער זיך אבגעקליבען לויט דעם מאדעל וואס ער האט געזעהען איטאליענער טראגען אין זייערע גארטלען. עס איז געווען א צווייא־שארפיגעס מעסער, זעהר בלאנק און גלענצענד און מיט א שארפען שפיטץ.

ער האט דאס מעסער געצייגט בעררו'ן, וועלכער האט דאס בעטראכטעט שטילשווייגענד.

„וויא געפעלט דיר דאס?" האט ער געפרעגט.

„איך פערשטעה נים וואס דוא מיינסט," האט בעררו געענטפערט, טראטץ וואס ער האט גאנץ גוט פערשטאנען.

„איך וועל דעם פלייש־העקער לאזען בלוט דערמיט," האט דאמור געזאגט.

דאמור האט אין דער לעצטער צייט זיך שטארק פערליעבט אין דער פראזע, דאס ער מוז לאזען בלוט דעם פלייש־העקער, זיין פרוי'ס מאן.

„יא, יא," האט ער ווידערהאלט מיט א שפאטישען שמייכעל, „מיט דיעזען מעסער, וועל איך לאזען בלוט דעם פלייש־העקער, איהם אויפמאכען דיא אדערן, און דאן וועל איך דאסזעלבע טהון מיט פעליסי'ן און מיט דיא טמורים — הא, וויא זאגסטו, איז דאס ניט א גוטע אידעע?"

בערדז האם איהם זועק גענומען און א וויינשענק און אנגעפאנגען צו טרינקען. דארט האט ער מיט איהם געהאט פאלגענדע אונטערהאלטונג:

„גע שוין, גע, רעד ניט אזעלכע דומהייטען."

„דאס איז ניט קיין דומהייטען."

„יא, עס איז דומהייטען!"

„און מיין עהרע?"

„דוא האסט פאלקאמען רעכט."

„דאן מוז איך דורכפיהרען מיין ראכע."

„דוא דארפסט עס ניט טהון."

„און ווער וועט מיך הינדערן?"

„איך, דיין פריינד!"

„ווארום?"

„וויל דאס איז א געפעהרליכער שריט."

„עס איז גאר ניט געפעהרליך."

„עס איז יא געפעהרליך, וויל מען מאכט דערפאר קירצער מיט א קאפ, און דאן ווערט גאר ניט פון דער גאנצער ראכע. הער מיך אויס, זשאק, יעדער דומקאפ פערגעסט פריהער אויסצורעכענען וואס שפעטער וועט זיין, נאר דיא איבעראיילטע דומקעפ, האבען אימער נאכהער חרטה ווען זייא שטעהען שוין בייא דער גילאטינע. דיא גילאטינע! דאס איז איין אונאנגענעהמע מאדאם מיט איהר חתונה צו האבען. זיא שטרעקט אויס איהר שטאהלענעם ארעם און מאכט פליק! דאן איז מען קירצער מיט א קאפ."

דאמור פלעגט איהם אנקוקען מיט א דומער מינע אויף זיין געזיכט, און ווידערהאלט מיט א הארטנעקיגען שמייכעלע:

„ווייס איך וואס דוא זאגסט... איך מוז איהם אויפמאכען דיא ארען, דאן וועל איך דאסזעלבע טהון מיט פעליסי'ן און מיט דיא ממזרים."

„ווייסט וואס, זשאק? מיר דאכט, אז מיר מוזען ווערען אויס גוטע ברידער."

„ווער? דוא?"

„יא."

„ווארום?"

„וויל דוא ביסט א הארטנעקיגער דומקאפ."

„ניין, ניין, דוא בלייבסט מיין פריינד!"

„אבער דוא דארפסט זיך בעסערן.“

„וואס ווילסטו פון מיר?“

„איך וויל דוא זאָלסט אויפגעבען דיא מאָרד־אידעע. עס איז ניט וועגען זייא; דער פליישהעקער און פעליסי, האבען עס פיעללייכט עהרליך פערדיענט, אָבער אום דורכצופיהרען אזא שטראפע, קאָסט עס צו טהייער. נאך מיינער מיינונג, איז דאס געוועזען דיא פליכט פון געזעטץ זייא אלע הינצוריכטען, אָבער דאס געזעטץ, וויא דוא ווייסט, איז ניט אויף אונזער זייט. דערפאַר מוזען מיר שווייגען.“

דאמור האט איהם אָנגעקוקט.

„הער אויס, זשאק,“ האט בעררו פאָרשנעזעטצט, „איך וויל דוא זאָלסט מיר געבען דיין האנד, אז דוא וועסט קיין נארישקייט בעגעהען.“

דאמור האט איהם געגעבען דיא האנד, און שטיללערהייט האט ער גע־מורמעלט:

„ווארט, ווארט, איך וועל איהם נאך לאָזען בלוט...“

בעררו האט דאס אפילו גאנץ גוט געהערט, נאָר ער האט זיך געמאכט ניט הערענדיג.

איינע טעג זיינען פאָראיבער, דאמור האט געטראָגען דאס מעסער אין זיין קארטעל, געחלום'ט פון הרג'ענען, נאָר ווען ער איז געוועזען וואכענדיג, האט ער קיין זאך געקענט טהון.

אונטערדעסען אָבער, האט עפעס פאסירט, וואס האט אויסגעזעהן צו צווינגען דיא געשיכטע זאָל קומען צו א קריזיס דאמור איז ענטלאָסען געוואָרען פון זיין ארבייט, אונטער דער בעהויפטונג, אז ער איז גאנץ אונפעהיג צו ערפיללען זיינע פליכטען. דיא אורזאכע דערפון איז געוועזען, וואס אין א שטירמישער נאכט, וועהרענד ער איז פעסט איינגעשלאָפען אויף א זאק סעמענט, האט יעמאנד דאן צוגענגב'עט א שטיק געצייג. אזא וועבטער איז אלזאָ געוועזען אונגיטצליך און מען האט איהם געהייסען געהען.

דאן האט ער אָנגעפאנגען צו פיהרען א טרויעריגעס לעבען. ער האט גע־הונגערט, געלאָפען איבער דיא גאסען זוכענדיג א בעשעפטיגונג, און אזוי וויא ער איז נאך אימער געוועזען צו שטאָלץ צו בעטען, איז איהם אויסגעקומען צו שטארבען. ער פלעגט זיך אָבשטעלען בייא דיא רעסטאָראנען און מיט ליפען פון וואגען עס איז געלאָפען דאס שפייעכץ, האט ער געבליקט מיט ווילדע אויגען צו דיא פער־שיעדענע שפייזען וואס מען האט אויסגעטהיילט צו דיא געסט.

אנשטאט דאס זאָל איהם שטאַרקען, האט עס איהם נאָך מעהר אָבגע־שוואַכט און קוים וואס ער איז געשטאַנען אויף דיא פיס, האט ער זיך אוועק גע־שלעפט ווייטער.

וואוהין? האט ער אליין ניט געוואוסט.

וואס עס אנבעלאַנגט דיא געגענד וואו זיין פרוי האט געוואָהנט, האט ער זיך ניט געוואָגט צו ציינען. ער האט געטראָגען א שמוטציגעס העמד און צעררסענע קליידער, און זיא, קוים נאָך זיין אנזיכט, האט איהם ניט בעדאַרפט זעהען אין אזא צושטאַנד.

פעליסי ווידער, איז געווען זעהר אונרוהיג.

נאָך דער אונטערערדונג וואס זיא האט צום ערשטען מאל געהאט מיט דאַמור׳ן, האט זיא אליין ניט געוואוסט וואס זיא קען טהון. ווען דער אבענד איז געקומען און איהר מאַן איז ערש׳ענען, איז זיא געווען בעטריעבט און ניעדערגע־שלאָגען, אָבער זיא האט ניט געוואוסט וויא אזוי מען פאַנגט אָן איהם צו דערצעהלען וואס עס האט פּאַסירט.

אויף׳ן אנדערן טאָג ווידער, האט דיא אידעע, דאס זיא האט איהם ניט דערצעהלט, זעהר געפּלאָגט איהר געוויסען.

זיא איז אוועק אין א ווינקעל און זיך גוט אויסגעוויינט.

„מיין גאָט, מיין גאָט!“ האט זיא געקלאָגט, „ווארום האסטו מיך אזוי ביטער געשטראָפט?“

זיא האט איבערגעקלערט איהרע ווערטער און אויסגעפונען, אז זיא מיינט דאַרונטער, אז גאָט האט זיא געשטראָפט דערמיט וואס זשאַק דאַמור לעבט.

„האב איך א רעכט צו פערלאַנגען זיין טויט?“ האט זיא זיך געפרעגט. „האט ער דען נאָך ווייניג געליטען אויף דער וועלט? האב איך איהם דען ניט גע־ליעבט? און ער? ער ליעבט מיך נאָך עד־היום! אָך, דער אונגליקליכער! ער איז אהיים געקומען אין דער האָפנונג, מיך צו טרעפען ווארטענדיג אויף איהם, מיט זיין טאָכטער און ער זאָל ווידער פאָרטזעטצען דאס לעבען וואס איז אונטערבראָכען געוואָרען מיט טרויעריגע 10 יאָהר צוריק. און וויפיעל ער האט ערטראגען און גע־שמאַכטעט! צום סוף, איז ער אהיים געקומען און געטראָפען מיך, זיין פעליסי, אין דיא אָרעם פון איין אנדערן... יא, איך בין נאָך יונג, שעהן און געזונד, אָבער יעטצט בעלאַנג איך ניט צו דעם מאַן פון מיין יוגענד, איין אנדערער בעזיטצט מיך. דער מאַן פון מיין יוגענד, וועלכען דאס אונבאַרמהערציגע שיקזאַל האט

צערדריקט, איז יעטצט אלט, שוואך, צובראכען און אונגליקליך... און איך האב איהם, פערראכטע איהם, וייל איהם ניט קענען — מיין גאט! מיין גאט!"

פעליסי האט זיך אויך געזעטצט רענקען וואס זיא זאל טהון. א געפיהל פון אונגעהייערער צערטליכקייט, פון וואהרער פרויען־ליעבע, האט זיך צונאָסען איבער איהר הערץ, און זיא האט שוין געהאלטען נאָהענט פון א מערקווירדיגען בעשלוס.

„סאניארד איז רייך, ער איז נוט אָב. איך האב איהם געבוירען צוויא קינדער, איך פאָרדער זייא ניט צוריק; זייא בעלאנגען צו איהם, גוט, ער קען זייא האלטען און נוט ערציהען — אָבער איך, איך וואָלט בעדארפט צוריק קעהרען צו מיין אָרעמען זשאק, איהם ארום וואשען, געבען צו עסען געזונדע שפייזען און ערפרייען זיין ארמען און נעקוועלטעם הערץ... יא..."

זיא האט פלוצלינג אויפגעשוידערט בייא דיעזער אידעע.

צוריק קעהרען צו זשאק דאמור! וואס וועט אלזא זיין! זיא האט נוט נעד רענקט דיא פערגאנגענהייט, ווען זשאק איז נאך געוועזען געזונד, און זיך פאָרגע שטעלט דיא געגענוואַרט, ווען זשאק איז שוואך און אלט.

דינען רען ניט דיא לעטצטע עטליכע יאָהרען געוועזען דיא בעסטע פון איהר לעבען? האט זיא רען ניט גענאָסען דאס גליק אין דער פאָלער מאָס און זיך אונ־ צעהליגע מאל געוואונשען הכוואי וואָלט זיא געהאט אזא פערגאנגענהייט?

זיא האט זיך פאָרגעשטעלט א געגענוואַרט מיט זשאק דאמור און אויפ־ געציטערט

דיא צערטליכע געפיהלע פון וואהרער פרויען־ליעבע און אויפאָפפערונג האבען אָנגעפאנגען שנעל צו פערשווינדען, און דיא לוסט גוט צו לעבען, צו געניעסען דיא מאטעריעלע וועלט, דאס נעגענווערטיגע פערגניגען, האט געזיעגט איבער איהר ערעלער צערטליכקייט.

דאס האט אויך געווירקט, וואס זיא האט זיך געשפירט פאָלקאָמען שולדיג אין א פערברעכען נעגען איהר מאן, ווארום זיא האט איהם ניט זאָפאָרט מיטגע־ טהיילט איבער דעם וואס עס האט פאסירט.

איהר מאן, סאניארד — אך, זיא האט זיך אן איהם גוט ערינערט. ער איז געוועזען איין עלטערער מאן, אָבער א געזונדער און א שטארקער; זויבער, גוט־ הערציג און טרייא. דער האס צו דאמור'ן האט צוריק געקעהרט מיט א דאָפעלער קראפט.

דאן האט זיא אנגעפאנגען צו ציטערן און ווערען אונרוהיג פאר דער אירעגע, אז ושאק וועט צוריק קעהרען און מאכען א סקאנדאל.

דאס ערנסטע איז געווען, וואס דיא אינגלעך, דיא אנגעשטעלטע, האבען זיך עפעס געמערקט וואס דארט האט פאסירט, און ווען מאדאם ווערניער איז ווידער געקומען קריפען פלייש, האבען זייא מיט איהר געוועקסעלט בליקען קוקענדיג אויף פעליסי'ן.

פעליסי האט דאס אלעס געזעהען און איז געווארען זעהר אונרוהיג.

זיא איז ארום געגאנגען א גאנצען טאג שטארק פערווירט, און ווען קיינער האט ניט געזעהען, האט זיא פערגאסען טרערען. איהר פערצווייפלונג האט געוואקסען, ביז זיא האט קיין אנדערן אויסוועג געזעהען, וויא נאר זיך צו פערטרויען אין יעמאנדען און דערצעהלען וואס עס האט פאסירט.

„וועמען האב איך דען פאר א בעסערן פריינד וויא מיין אייגענעם מאן ?“ האט זיא זיך געפרעגט.

איהר „אייגענער מאן“ איז געווען סאניארד.

אהנע פיעל צו דענקען, איז זיא צוגעגאנגען צו סאניארד'ן, געפאלען אויף זיין האלז און כליפענדיג, האט זיא פאר איהם אלעס דערצעהלט.

זיא האט פאר איהם אבגעשילדערט וואס זיא האט געענטפערט דאמור'ן, אז ניט זיא איז שולדיג געווען אין דעם וואס דיא רעגיערונג האט איהם ערקלערט פאר טויט, און זיא האט נאך ווייניגער שולד אין דעם, וואס ער איז צוריק געקומען לעבעדיג.

צום שלוס האט זיא געמורמעלט :

„אך, מיין ליעבער מאן ! איך ווייס ניט וואס איך זאל טהון ; איך בין פערצווייפעלט ! איך בין אונגליקליך !“

סאניארד, אבוואהל ער איז שוין געווען א מענש פון א יאהר זעכציג, איז ער נאך געווען א פאלקאמענער געזונדער מאן און זעהר א גוטער אין כאראקטער. זיין פרוי'ס טרערען האבען איהם געריהרט ביז אין זיין טיעפער זעלע, אבער דיא גאנצע געשיכטע האט איהם שטארק בעאונרוהיגט.

אונטערדעסען האט ער פראבירט זיא צו טרייסטען.

„בלייב נאר רוהיג, פעליסי,“ האט ער געזאגט, „דוא ביסט גאנץ אונשולדיג ; קיין מענש וועט זאגען, אז דוא האסט בעגאנגען עפעס א פעהלער. איבריגענס, מיר לעבען דאך ניט אונטער בארבארען... האב קיין מורא ניט, איך וועל דיך בעשיצען !“

יעדענפאלס האט ער געשפירט, אז דאס איז ניט קיין קלייניגקייט.

„האסטו געהערט," האט ער זיך געטראכט, „מיין ווייב'ס מאן איז אויפגע־שטאנען פון דעם קבר!"

אבער, נאך אלעמען, האט ער גערעכענט, אז אלעס וועט ווידער גוט ווערען. ער האט שוין טאנכעס געהאט אין זיין לעבען, ווען ער האט זיך געשפירט פער־צווייפעלט, און צום סוף האט זיך אלעס אויסגעלאזען גאנץ גוט.

סאניארד, וועלכער איז געווען רייך, האט געשפירט, אז מיט דער מאכט פון זיין געלד און מיט זיין איינפלוס, וועט ער געווים אלעס בעזיעגען. נאך א גוטער איבערלעגונג, האט ער זיך פארגעשטעלט דיא גאנצע געשיכטע אלס א מערקווירדיגע פאסירונג, נאר ער האט זיך ניט געשראקען.

ער האט זיך פארגעשטעלט, גלייך וויא דער גייסט פון זיין פרוי'ס ערשטען מאן, וועט פאר איהם ערשיינען, און ער וועט מיט איהם רעדען.

ער האט קיין חשק ניט געהאט צו פערלירען דיא שעהנע און געזונדע פעליסי; דיא איז פאר איהם געווען איין אנגענעהמע, ליעבע און געטרייע פרוי. סאניארד האט געפאסט דעם בעשלוס, אז קיין זאך אין דער וועלט זאל איהם הינדערן צו בלייבען מיט פעליסי'ן צוזאמען. ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז לויט געזעטצען, קען דאמור צוריק נעהמען זיין פרוי, אבער ער איז אויך געווען בעקאנט מיט דער טהאט־זאכע, אז עס געפינען זיך אדוואקאטען, וועלכע קענען פיר געלד, פערדרעהען א קאפ דער גאנצער וועלט און דיא גערעכטיגקייט זאל בלייבען אויף זיין זייט.

אויף דיעזער ארט איז פאראיבער א וואך, און דאמור איז ניט ער־שיענען.

„הער מיך אויס, פעליסי," האט ער דאן געזאגט צו זיין פרוי שפאסענדיג, „מיר דאכט, אז דוא האסט דיך נאר אין גאנצען געשראקען פאר א פוסטען חלום. ביסטו זיכער, צו אלעס האט פאסירט ווען דוא ביסט געווען וואך? וואו איז ער?"

פעליסי האט ווידער, מיט טרערען אין דיא אויגען, איהם פערזיכערט, אז אלעס איז א ווירקליכקייט.

„אלזא, וואו איז ער?"

„איך ווייס ניט," האט זיא געענטפערט.

„זעהסטו, פעליסי, אויב דוא ווייסט זיין אדרעסע, וואלט איך דיך געראטהען דוא זאלסט מיר דאריעבער מיטטהיילען, און איך וועל אליין אוועק איהם זעהען."

נאכדעם ווי זי האט איהם געבעטען ער זאָל זיך בערוהיגען, האט ער געזאגט:

„דיא זאך דערפון איז אזוי. דוא, מיין ליעבע, ביסט זעהר בעטריעבט און אויפגערעגט; איך וויל דוא זאָלסט זיך בערוהיגען... איך זעה ארויס, אז דוא רואינירסט דיין געזונדהייט. דאס זאָל ניט זיין; ניין, ניין, דוא דארפסט זיך ניט ערגערן."

דיא וואהרהייט איז, אז פעליסי, איז פון טאָג צו טאָג מאָגערער און בלאסער געוואָרען.

דיא אונגעווייסהייט וואס מאָרגען וועט זיין, וואס דאמור קען טהון אין זיין פערצווייפלונג, האט פון איהר בערויבט דעם אפעטיט צום עסען און דעם ווילען צום שלאָפען.

פעליסי האט, אונטער סאניארד'ס שוטץ, געקריעגען זעהר א גוטען אפעטיט, און שלאָפען האט זי געקענט פון 10 ביז 12 שטונדען. דאס אלעס האט געלייטערט איהר געזיכט און געזונד געמאכט דעם קערפער. סאניארד איז דערמיט געווען פאָלקאָמען צופריעדען, נאָר יעטצט האט איהם שטארק בעאונרוהיגט איהר צושטאנד.

ער האט געוואוסט, אז עס מוז פריהער אָדער שפעטער איינטרעטען א קריזיס און ער האט מעהר ניט געוואָלט ווארטען.

אין א פאָרמיטאג, האט סאניארד געשימפפט איינעם פון זיינע אינגלעך, דערפאר וואס דער לעטצטער האט פערגעסען איבערצובייטען דאס וואסער אין א טעפעל וואו עס איז געלעגען א קאָפּ פון א קעלבעל און איז קאליע געוואָרען פון דעם אלטען וואסער. גראדע דאמאלס, איז ערשיענען פעליסי, בלאס און ציטערענד און איסגעשריען:

„ער איז דאָ!"

„ווער איז דאָ?" האט סאניארד געפרעגט אנפאנגס ניט בעגרייפענדיג דיא מיינונג פון איהרע ווערטער.

„ער... ער..."

סאניארד האט שוין פערשטאנען.

„אח! איך ווייס, איך ווייס," האט ער ענדליך געענטפערט און זיך בערוהיגט. „גוט, גוט, פיהר איהם אריין אין שפייזע־צימער."

אָהנע זיך צו איילען, האט זיך סאניארד אומגעוועגדעט צום אינגעל און געזאָגט:

„זעה נאר, דוא טרינקענבאם; נעהם דעם קאפ פון דעם קעלבעל און וואש איהם גוט אויס; עס שטינקט שוין אין יעדען ווינקעל. אבער טהו דיין ארבייט וויא עס דארף צו זיין."

ווען ער איז פערטיג געוואָרען מיט דיעזען אויפטראג, האט ער זיך אומגע־ווענדעט און איז אריין אין שפייזע־צימער. ראמור און בעררו זיינען ביידע דארט געזעסען.

ראמור האט יעטצט דורך א צופאל זיך בעגעגענט מיט בעררו'ן. וויא האבען זיך בעגעגענט אין דער דע פלישי שטראסע. בעררו האט לעטצטענס ניט זעהר אָפט געזעהען זיין פריינד ראמור, ווייל, וויא ער האט זיך זעלבסט גערעכטפערטיגט, האט ער איהם ניט געקענט אנקוקען פאר רחמנות."

בעררו האט אונטערדעסען זיך אבגעשטעלט און געפרעגט ראמור'ן וואס ער מאכט און וואוהין ער געהט.

„איך בין אויף צרות," האט ער געענטפערט, „און איך געה בעזוכען פאר ליסיין."

„דאן געה איך מיט," האט בעררו שנעל געענטפערט.

„וויא דוא ווילסט."

„פערשטעהסטו," האט בעררו ווייטער ערקלערט, „אין דיעזער אנגעלעגענ־הייט האב איך ניט נאר איין אינטערעסע, זאָגדערן אויך א רעכט צו נעהמען אנטהייל."

ראמור האט געשוויגען.

„און וואס ווילסטו דארט טהון?" האט בעררו ווייטער געפרעגט.

„דאס קימערט דיך ניט."

„יא, עס קימערט מיך זעהר פיעל."

„ווער זאגט עס?"

„איך! עס איז מיין פליכט צו זעהען, אז דוא זאָלסט ניט בעגעהען א דומ־הייט. איך וואָלט עס מיר אויף מיין גאנצעס לעבען ניט געקענט פערצייהען, ווען עס זאָל עפּעס פּאסירען."

ראמור האט איהם אנגעקוקט מיט א דומען בליק.

„איבעריגענס, ווייסטו וואס," האט בעררו פלוצלינג געזאגט בלייבענדיג שטעהן, „איך לאָז דיך גאר ניט געהען."

„ווער? דוא?"

„יא, איך!"

„והאורים ד'"

„ווייל דוא טראַגסט מיט דיר מאָרד־געדאַנקען. שווייג, דוא דאַרפסט דיך ניט פערענטפערן, איך ווייס אַלעס. און איך וועל דיך ניט לאָזען מאַכען קיין שריט ווייטער, ביז דוא זועסט מיר ניט דאָ אַרויס געבען דאס מעסער וואס דוא טראַגסט ביי דיר. א מעסער אין דיינע הענד, איז א געפעהרליכע זאַך."

דאַמור האט אויפגעצוינען מיט דיא אַקסלען און דאן האט ער פלוצלינג גע־זאגט ענטשלאָסען:

„קום מיט ווען דוא ווילסט, אָבער דוא זאָלסט מיר ניט פערקלאַפען א קאָפּ מיט דיינע דומהייטען."

אויף דיעזער אַרט איז בערדו מיט דאַמורן וויעדער צוזאַמען ערשיענען אין פעליסי'ס וואָהנונג.

ווען סאַניארד איז אריין אין שפייזע־צימער, האט ער בעמערקט דיא צוויא מענער שטעהענדיג. ער האט זייא ניט געהייסען זייא זאָלען זיך זעטצען. פעליסי האט געבאַפט ביידע קינדער און איז מיט זייא אַרויס געלאָפען. זיא איז אריין אין א זאַלאָן־צימער און נוט פערשלאָסען דיא טהיר. פעליסי האט נאך אימער מורא געהאט, אז דאַמור וועט אוועק כאַפען א קינד.

זיא האט זיך אוועק געזעטצט נעבען דער טהיר, גלייך וויא זיא האט געוואָלט בעסער בעוואַרענען פאַר איין איינברוך; דיא קינדער האט זיא צוגעטולעט צו איהר בוזים, ציטערענדיג פאַר שרעק, מאָמער וועט מיט זייא עפּעס פּאַסירען.

אין דערזעלבער צייט, איז זיא געווען זעהר נייגעריג צו הערען וואס עס געהט פאָר צווישען איהרע ביידע מענער. אנפאנגס האט זיא גאר ניט געהערט, ווייל אין איהרע אויערן האט עס גערוישט און געשטורעמט פון דער אויפרעגונג. נאָר זיא האט אַלעס מעגליכע אָנגעווענדעט זיך צו בערוהיגען אין הערען פיעל אָדער וועניג וואס עס געהט פאָר.

וועהרענד דעם, זיינען איהרע צוויא מענער, אין נעכסטען צימער, געשטאַנען איינער נעגען צווייטען, וויא צוויא העהנער, פאַר א שלאַכט, און זיך אָנגעקוקט א היבשע צייט שטילשוויינענד. ענדליך האט סאַניארד מעהר ניט געקענט ערטראַגען דאס שטילשוויינען, און ער האט געזאגט:

„אַלזאָ, איהר זייט דאס?"

דאַמור האט אנפאנגס געשוויעגען, נאר נאך א פויזע האט ער געענט־פערט:

„יאַ, יאַ, דאס בין איך."

ראַמור, וויא עס שיינט, האָט פערשטאַנען, אַז פעליסי האָט אַלעס מיטגע־טהיילט סאַניאַרד'ן איבער איהם.

קוקענדיג אויף סאַניאַרד'ן, האָט ראַמור געמוזט מודה זיין, אַז ער איז אַ שעהנער מאַן, פיעל שעהנער אַלס ער, און נאָכדענקענדיג, האָט ער זיך געזעהען ערניעדריגט ביִיא זיך זעלבסט.

„קיין וואונדער," האָט ער זיך געטראַכט, „וואָס פעליסי ליעבט איהם מעהר וויא מיך, און עס איז קיין צווייפעל, אַז זיא וועט איהם יעטצט ניט פערבייטען אויף מיר."

דער פלייש־העקער, אַבוואָהל אַ זעכציגער, האָט ער אויסגעזעהען אינגער אַלס פופציג. ער איז געווען אַ שעהנער מאַן, מיט אַ פרישעס געזיכט, גלאַט געראַזירט, און דיא האָאר פון קאָפּ זיינען געווען גאַנץ ניעדריג געשוירען. ער איז געשטאַנען אין זיין וועסט מיט זיינע העמד־אַרבעל, און ארום דעם ניעדריגען טהייל פון זיין קערפּער, האָט ער געטראָגען אַ פאַרטוך אַזוי וויים וויא שנעע. אין אַלגעמיינעם האָט ער אויסגעזעהן צו בעזיטצען אַ מונטערן און יוגענדליכען גייסט.

נאָכדעם וויא ראַמור האָט בעענטפערט דיא ערנסטע פראַגע, האָט זיך סאַניאַרד אומגעוועגדעט און אויסגעזעהען זיך צו נעהמען צייט. ראַמור איז אָבער געווען אונגעדולדיג, און צענערענד, האָט ער געמורמעלט:

„איך פערשטעה, איך בין אהער געקומען ניט צוליעב אייך; איך וויל עפּעס רעדען מיט פעליסי'ן."

סאַניאַרד האָט זיך ביִיא דיעזע ווערטער אומגעקוקט, און הערענדיג ראַמור'ס קלעגליכע און שוואַכע שטימע, האָט ער געענטפערט:

„הערט מיך אויס, קאַמעראַד, פריינד! לאָמיר זיך ביידע גוט איינפערשטעהן. צום טייפעל! מיר דאַכט, אַז ניט איך האָב איין אורזאַכע צו זיין אייער שונא, און ניט איהר דאַרפט זיין מיין שונא. קריעגען זיך איבער דומהייטען, איבער זאַכען וואָס זיינען שוין פערפאַלען, איז נאַר קיין שכל ניט. ווירקליך, איז דען דאָ יעמאַנד שולדיג?"

ראַמור האָט אַרונטער געלאָזען זיין קאָפּ, און געקוקט צו דיא פיס פון טיש. ער האָט אין אַלגעמיינעם אויסגעזעהען וויא אַ הונד, נאָכדעם וויא זיין בעל־הבית האָט איהם געגעבען אַ שטויס מיט'ן פוס און געהייסען שטעהען פון וויַיטען. ענדליך האָט ער געענטפערט:

„איך האָב צו אייך נאָר ניט. האָב איך אייך און עפּעס בעשולדיגט? לאָזט מיך צו רוה; איך וויל רעדען מיט פעליסי'ן."

„וואס עס אנבעלאנגט צו דעם,“ האט סאניארד נעזאגט, „מוז איך אייך זאגען, מיין פריינד, אז איהר קענט צו פעליסי'ן ניט רעדען. ניין, ניין, דאס וועל איך ניט ערלויבען. דא, לעטצטענס, ווען איהר האט זיא בעזוכט, האט איהר זיא קראנק געמאכט, אזוי האט איהר זיא אויפגערעגט. מעהר וויל איך עס ניט. איהר וועט מיר צוגעבען, אז איך האב א רעכט דערצו. מיר דאכט, אז אלעס וואס מען דארף רופען אין דיעזער אנגעלעגענהייט, קענען מירביידע גאנץ גוט בעשפרעכען. אויסער דעם, פערזיכער איך אייך, אז אלעס וועט זיך ענדיגען גוט, ווען איהר וועט נאר ניט מאכען קיין סקאנדאל. לויט וויא איך האב געהערט, בעהויפטעט איהר, אז איהר ליעבט נאך אימער פעליסי'ן. ווען דאס איז דער פאל, דאן זאלט איהר נאר אליין בערעכענען דעם צושטאנד, און עס איז אייער פליכט איהר זאלט זארגען פיר דעם גליק פון דער פרוי וואס איהר ליעבט.“

דאמור האט וועהרענד דיעזער רוהיגער אנשפראכע צוריק נעקריעגען זיין מוטה און אויפהויבענדיג זיינע אויגען צום רעדנער, איז ער זעהר אויפגערעגט געוואָרען.

„שטיל! שטיל!“ האט ער אויסגעשריען אין צאָרן. „מישט זיך נאר ניט אריין צווישען מאן און ווייב, ווייל אלעס וועט האבען א מיאוס'ן סוף!“

בעררו האט גערעכענט, אז זיין פריינד וועט דערבייא ארויס ציהען דאס מעסער פון זיין קעשענע, און ער האט זיך אריין געוואָרפען צווישען ביידע מענער. דאמור האט איהם אָבער העפטיג אָבגעשטויסען אויף א זייט:

„שמעה פון ווייטען!“ האט ער געשריען, „איך ווייס וואס איך האב צו טהון, און דוא זאָלסט ניט מיינען, אז איך בין איין אידיאָט!“

דאמור'ס נעזיכט, אויסגעמארטערט פון הונגער, עלענד און זאָרג, האט דאבייא געמאכט אזא שמערצהאפטע מיענע, דאס סאניארד, אנשטאט אויפגערעגט צו ווערען, האט ער מיט איהם געקריעגען מיטלייד.

„נאָר רוהיג, מיין פריינד, איך בעט אייך,“ האט סאניארד נעזאגט צערטליך. „איך מיין אייך ניט צו בעליידיגען און ניט צו ערגערן. ווען א מענש איז אָבער אויפגערעגט, וויטהענד אזוי וויא איהר יעטצט, דאן ווייס ער ניט וואס ער טהוט. הערט מיך אויס: ווען איך זאָל יעטצט אריין רופען פעליסי'ן, וויל איך איהר זאָלט מיר פערשפרעכען צו בלייבען רוהיג, ווייל זיא איז נערוועז. איהר ווייסט דאס גראדע אזוי גוט וויא איך. קיינער פון אונז וויל זיא הרג'ענען, ניט וואהר? אלזא, גוט, וועט איהר זיך בענעהמען אנשטענדיג?“

„אח, אנשטענדיג! יא, גערים אנשטענדיג!“ האט דאמור געשנאפערט ער ביטערט. „ווען איך וואלט וועלען זיך אנדערש בענעהמען, מענט איהר זיכער זיין, אז זיים איך בין דא, וואלט איך שוין בעדארפט איבערשניידען אייער גארגעל!“

ער האט שיער געהיינט ביי א דיעזע ווערטער, און סאניארד, אנשטאט אויפ־געגענט צו ווערען, האט ער מיט איהם נאך מעהר מיטלייד געהאט.

„גוט, גוט, מיין ארמער פריינד,“ האט סאניארד געזאגט, נים מיט א מאן פון שטייכלערייא, זאנדערן מיט ווארמען מיטגעפיהל, „איך וועל אריין רופען פעליסי׳ן. „יא, יא, איך וויל ניט זיין אונגערעכט; איך פערשטעה, יא, איהר ווילט מיט איהר האבען איין אונטערהאלטונג. אייער וואונש זאל ערפילט ווערען. איהר האט א רעכט דערצו!“

ביי א דיעזע ווערטער האט ער זיך אומגעווענדעט, און צוגעהענדיג צו דער צווייטער טהיר, האט ער אנגעקלאפט און גערופען:

„פעליסי! פעליסי!“

ער האט געווארט אייניגע אויגענבליקען אויף איין ענטפער, אבער ער איז נים געקומען. פעליסי, הערענדיג דערפון, אז זיא וועט דארפען האבען איין אונטערהאלטונג מיט דאמור׳ן, איז זיא געבליעבען זיטצען וויא צוגענאגעלט צום שטוהל, און דריקענדיג דיא קינדער צו איהר ברוסט, האט זיא זיך נים געקענט ריהרען.

„פעליסי! פעליסי!“ האט סאניארד ווידערהאלט, זעהענדיג אז ער קריעגט קיין ענטפער, „קום ארויס, דוא מענסט ארויס קומען. אך, קינד, דוא ביסט א נאר, קום ארויס. ער פערשפרעכט צו זיין גאנץ רוהיג און פערנינפטיג.“

ענדליך האט זיך געהערט דער שליסעל אומדרעהן אין שליסעל־לאך, און דאן האט זיך דיא טהיר געעפענט. פעליסי איז ערשיענען, און באלד ווידער צוריק צו־געשלאסען דיא טהיר, מיט דער אידעע, אז טאמער פאסירט עפעס, זאלען וועני־גסטענס דיא קינדער בלייבען לעבען.

דאן האט ווידער געפאכט א לאנגע און שטילע פויזע. יעדער איינער האט ערווארטעט דער צווייטער זאל אנפאנגען דאס געשפרעך.

ווען סאניארד האט בעמערקט דעם שמערצהאפטען אויסדרוק אויף דאמור׳ס געזיכט, האט ער זיך אבגעווענדעט און איז צוגעגאנגען צום פענסטער. ער האט אויפגעהויבען א זייט פון דעם ווייסען פארהאנג, און זיך געשטאכט ארויס קוקענדיג אין דרויסען. דאס איז געווען, אום צו צייגען וויא ליבעראל ער איז, און ער ערלויבט דאמור׳ן צו רעדען מיט פעליסי׳ן אלעס וואס ער וויל.

ראָמור האָט אָנגעפאַנגען שטיל און לאַנגזאַם אָבער אין א ריהרענדען טאָן.

„דוא ווייסט, פעליסי," האָט ער געזאָגט, „אַז איך בין אימער געווען טרייא און איבערגעגעבען צו דיר. וויא עס זאָל זיין, מוזטו צוגעבען, אַז דאָס איז א טהאַט־זאַכע. גוט, איך בעאַבזיכטיג ניט היינט אָנצופאַנגען דיר שלעכט צו בעהאַנדלען. איך וועל דיר זאָגען דיא וואהרהייט, אַז אין איין צייט, האָב איך מיך שוין געהאַט ענטשלאָסען, אייך אַלע איבערצושניידען דיא העלזער, דאַן האָב איך מיך אַליין גע־פרעגט, וואָס מיר קען דערפון אַרויס קומען. מיט דיין בלוט, וועל איך נאָך ניט האָבען געהיילט דיא וואונד פון מיין קראַנקען הערץ. דיא זאַך דערפון איז אַזוי: איך האָב בעשלאָסען פיר דיר זעלבסט איבערצולאָזען דיא וואַהל: דוא אַליין זאָלסט אורטהיילען, וועלכער מאַן עס איז פיר דיר פּאַסענד, איך ווייס, אַז סאַניאַרד האָט דיך לעטצטענס גוט בעהאַנדעלט. עס איז וואהר. אָבער דוא וועסט מיר מודה זיין, אַז איך האָב דיך אויך ניט שלעכט בעהאַנדעלט, און ווען איך וואָלט בעזעסען רייכטהום, וואָלסטו עס מיט מיר גענאָסען. דאַן בין איך דעריעניגער, וועמען דוא האָסט געשוואוירען צו ערסט טרייהייט און ליעבע, און דוא האָסט קיין אורזאַכע געהאַט, אָדער איך האָב דיר קיין אורזאַכע געגעבען צו ברעכען דיין שוואור. דיין טענה איז, אַז דוא האָסט מיך גערעכענט פאַר טויט. גוט, לאָמיר אָננעהמען, אַז דוא האָסט רעכט. יעטצט לעב איך אָבער. דאַפיר וואָס דוא האָסט מיך גערעכענט פאַר טויט, האָסטו ביז יעצט געלעבט מיט איין אַנדערן מאַן איך פערצייהע דיר, ווייל דוא ביסט ניט שולדיג. איך וויל מיך ניט ווענדען צו דיא געריכט־הייזער און דאָרט זוכען גערעכטיגקייט; איך אַפּעליר צו דיין אייגענעם געוויסען, און פרעג דיך: מיט וועלכען מאַן ווילסטו פאָרטזעטצען צו לעבען ווייטער? זאָג פעליסי, דוא דאַרפסט דיך ניט שעהמען, יעדער פון אונז וועט אַקצעפּטירען דיין אורטהייל."

א לאַנגע און שטילע פּויזע איז פאָראיבער, אָהנע יעמאַנד זאָל וואַגען עפּעס צו זאָגען. סאַניאַרד האָט שטילשווייגענד אומגעווענדעט זיין קאָפּ פון פענסטער און געבליקט אויף דער סצענע.

פעליסי, אויפגערעגט און גערירהרט, האָט אויסגעבראָכען אין א העפטיגעס געוויין. ראָמור האָט אָבגעווענדעט זיינע אויגען פון איהר, און קוקענדיג אויף א זייט, האָט ער ערוואַרטעט איהר ענטפער.

פון צווישען דיא טרערען האָט פעליסי געמורמעלט.

נאָט ווייס דעם אמת, אַז איך בין פערווירט און פערצווייפעלט, דוא זשאַק

ביסט געוועזן דער מאַן פון מיין יוגענד, פון מיינע ערסטע לעבענס-יאָהרען. דו ווייסט דאָך, ווי איך האָב דיך געליעבט. עס איז עפעס כמעט ווי אַ נס: איך האָב פערלוירען מיין מאַן און מיינע קינדער, און נאָך ניט איבערהויפּט... נאָר איך וויל אויך מודה זיין, אַז דו האָסט ניעמאַלס נעהאַט איין אורזאַכע צו צווייפלען אין מיין אויפריכטיגע ליעבע צו דיר. אויב אַ פּרויענצימער קען ליעבען מיט איהר גאַנצעס האַרץ, מיט איהר גאַנצע ברוסט און זעעלע, דאַן האָב איך דיך געליעבט אויף דיעזער אַרט. ווען דער שיקזאַל האָט דיך פון מיר ענטריסען, האָבען מיינע אויגען ניט אויפגעהערט צו וויינען. איך האָב ניעמאַלס געגלויבט, דאָס איך וועל נאָך אים שטאַנדע זיין צו ליעבען אירגענד איין אַנדערן מאַן. ווען איך האָב געהייראַטעט מיט סאַניאַרד'ן, איז דאָס נאָר געוועזן אויס נויט און עלענד, ניין, דיא עראינערונג אָן דיר, האָט מיך ניט געלאָזט ליעבען איין אַנדערן מאַן. נאָר ווען סאַניאַרד האָט מיך געמאַכט גליקליך, צופריעדען און איך האָב אים געבוירען אַ קינד, דאַן איז מיין ליעבע צו דיר געשטאָרבען און אַ נייער מאָנומענט פון ליעבע איז אויפגעבויט געוואָרען צו..."

א העפטיגעס געוויין האָט אונטערבראָכען איהרע ווערטער. זיא האָט מעהר נאָר ניט געקענט ריידען. דאַמור האָט געבליקט צו איהר טרויעריג און מיט איין אונהיימליכער אָבער רוהיגע שטימע, האָט ער געזאָגט:

„גוט, גוט, איך פערשטעה; דו בלייבסט מיט איהם; דאָס איז דיין וואָהל מיין מאַרץ האָט עס מיר פריער געזאָגט וואָס עס וועט זיין, נאָך איידער איך בין אַהער געקומען. איך טראָג דיר ניט נאָך קיין האָס דערפאַר. אין געגענ־טהייל, איך בעהויפּטע, אַז דו האָסט פאָלקאָמען רעכט. וואָס עס אַנבעלאַנגט מיר, קען מיך דער טייפעל נעהמען. אַלעס איז פאַריבער. דער טרוים פון מיין לעבען איז צו ענדע. איך האָב מעהר ניט אויף וואָס צו האָפען. דיא אונטערשטע שורה איז, אַז דו ליעבסט מיך מעהר ניט; יענע ליעבע צו מיר, איז טויט. יאָ, דו ליעבסט איהם, ווייל ער מאַכט דיך גליקליך, און דאַן, האָסטו מיט איהם קינדער, וועהרענד מיט מיר..."

בייא דיעזע ווערטער האָבען זיך זיינע אויגען אויף אָנגעפיללט מיט טהרערען אָבער ער האָט אונטערדריקט זיין אויפרעגונג. בליקענדיג צו פעליסי'ן און זעהענדיג וויא געריהרט זיא איז, האָט ער פאָרטגעזעטצט:

„דו ביסט אַ נאַר, דו דאַרפסט ניט וויינען; דו ביסט ניט שולדיג. עס האָט בלויז אַזוי פּאַסירט, און ווילענדיג אדער אונווילעניג, מוזען מיר אַקצעפּטירען דעם אורטהייל.. דיא זאַך דערפון איז איינענטליך אַזוי: איך האָב דיך בלויז גע־וואָלט זעהען נאָך איין מאָל און דיר זאָגען, אַז דו זאָלסט זיך ניט ערגערן און רוהיג שלאָפען. יעטצט, וויא אַלעס איז שוין פאַראיבער און דו האָסט אַליין געוועהלט,

װעל איך דיך מעהר ניט בעאונרוהינען. אלעס איז פאראיבער, פעליסי, יא, אלעס איז פאראיבער, דוא װעסט שוין מעהר פון מיר ניט בעאונרוהיגט װערען...

ער האט זיך שנעל אומגעװענדעט און איז צוגעגאנגען צו דער טהיר.

סאניארד, װעלכער האט דיא גאנצע צייט געשװיעגען און איז ניט געװען װעניגער געריהרט װיא פעליסי און ראמור, איז איהם שנעל ענטגעגען געלאפען, פערשטעלט זיין װעג, און אויסגעשריען:

„אך, מיין פריינד! איהר זייט א בראװער מענש! איך בעט אייך, טהוט מיר צוליעב, געהט ניט אזוי אװעק. ניט אזא אבשיעד זאלט איהר נעהמען פון אונז. בלייבט דא, עסט װעניגסטענס מיטאג מיט אונז... זאגט, װאס קען איך טהון פאר אייך?"

„גאר ניט, גאר ניט, איך דאנקע," האט ראמור געענטפערט.

בעררו, װעלכער האט גערעכענט, אז דיא געשיכטע װעט זיך גאנץ אנדערש ענדיגען, איז געװען איבעראשט און ערשטוינט איבער אזא שלום. ער האט געװאלט עפעס זאגען, נאר ער האט ניט געװאוסט װאס.

„ניין, מיין פריינד, געהט ניט!" האט זיך סאניארד געבעטען, „לאמיר װעניגסטענס עפעס טרינקען. איך בעט אייך, לאמיר טרינקען צוזאמען א גלאז װיין. װען איהר װעט אזוי אװעק געהען פון אונז, װעט עס הייסען, אז דער טייפעל האט זיך דא אריין געמישט."

„איך װעל קיין זאך דא געניעסען!" האט ראמור געענטפערט ענטשלאסען. בעררו האט איהם אבער פערשטעלט דעם װעג.

ראמור האט זיך אומגעקוקט אין דעם צימער און מונטערן שפייז־צימער און איז געבליעבען שטעהען פערטראכט.

סאניארד האט זיך שנעל אומגעװענדעט צו פעליסי'ן און איהר איינגערױמט:

„בעט דוא איהם, ער זאל מיט אונז עפעס געניעסען."

פעליסי האט געצעגערט, דאן האט זיא געזאגט:

„זשאק, טהו מיר צוליעב, און ענטזאג ניט מיין מאן'ס איינלאדונג."

ער האט געבליקט אייף איהר פערװיינטעס געזיכט, און געענטפערט:

„גוט, איך בלייב."

סאניארד איז געװען אויסער זיך פאר פרייד און אויסגעשריען:

„שנעל, שנעל! פעליסי! ברענג אריין גלעזער! רוף אריין דאס דיענסט־מיידכען. פיער גלעזער, נעם. דוא װעסט אויך מיט אונז מיט־טרינקען, פעליסי. יא,

דהא סחס. אך, פריינד, קאמעראַד, ראס איז ועהר שעהן פון אייך ואס איהר ענט־ זאגט מיר נים. איהר קענט זיך גאר ניט פאָרשטעלען וויא דאס פריים מיך! איך ליעב זעהר א גוט־הערציגען און בראוון מענשען. און איהר זיים דער בראוווסטער פון!״

דערווייל איז פעליסי, מיט ציטערענדע הענד, צוגעגאנגען צום שראנק אום ארויס צו נעהמען עטליכע גלעזער מיט א גרעסערער בלי אויף ווין. אָבער זיא איז געוועזען אזוי פערווירט, אז זיא האם גאר נים געוואוסט וואו דיא איז אין דער וועלט, און האט קיין זאך געקענט געפינען.

סאניארד האט דאס בעמערקט, און איז צוגעלאָפען איהר העלפען. עס האט שוין נים פיעל געדויערט און מען האט ארויף געבראכט דעם ווין.

דיא גלעזער זיינען אנגעגאָסען געוואָרען, און יעדער האט געטרונקען „לחיים״.

ראטור איז געשטאנען אויף דיא פיס מיט דער גלאָז אין דער האנד. ער איז ארויסגעקומען אקוראט געגענאיבער פעליסי׳ן. ער האט ארויסגעשטרעקט זיין האנד מיט זיין גלאָז אום צו גרייכען פעליסי׳ס גלאָז.

ביידע האבען זיך אנגעקוקט שטילשוויינענד; זייערע בליקען האבען זיך בע־ געגענט. און אין זייערע אויגען האט זיך אָבגעשפיעגעלט דיא געשיכטע פון זייער פערגאנגענהייט.

זיא האט אזוי געציטערט, אז מען האט געקענט הערען וויא איהר גלאָז האט געקלונגען בייא דער בעריהרונג מיט זיין גלאָז. דאן האבען זייא ארונטער געלאָזען זייערע אויגען און זייא האבען ארויסגעזעהען וויא צווייא טויטע פיגורען. יא, זייא זיינען ווירקליך דאמאלס געווען טויט, זייא האבען נאָר געלעבט אין דער גע־ שיכטע פון זייער פערגאנגענהיים.

„צום וואָהלזיין!״ האט זיך געהערט ראטור׳ס שטימע טורמלען.״

„צום וואָהלזיין,״ האט זיא געמורמעלט קוים וואס מען האט געהערט.

דאן האבען אלע פיער צוזאמען געטרונקען, און אין צימער האט געהערשט א טיעפע שטילקיים.

דיא שטילקיים איז אונטערבראָכען געוואָרען דורך דיא שטימען פון דיא קינדער, וועלכע האבען זיך געריהרט פון דעם צווייטען צימער.

דיא קינדער, וויא עס שיינט, זיינען פריהער געזעסען גאנץ שטיל, לויט וויא זייער מוטער האט זייא אָנגעזאָגט. דאן האבען זייא אנגעפאנגען זיך צו שפיעלען

אין זיינען נאכגעלאָפען איינער דעם צווייטען. זייער געלעכטער האט געקלונגען מונטער און פולל מיט לעבען.

פלוצלינג האבען זייא אָנגעהויבען צו קלאפען אין דער טהיר און שרייען:

„מאמא! מאמא!"

ניעמאנד האט געענטפערט.

„עפען אויף, מאמא!" האט איין קינד נאך אמאל געשריען.

דיא שטימע פון דעם קינד, האט אויסגעזעהען צו האבען א שטערצהאפטע ווירקונג אויף דאמור'ן.

ער איז פלוצלינג וויא אויפגעשפרונגען, און אויסגערופען:

„אדיע! אדיע, אייך אלע!"

ביי דיעזע ווערטער האט ער ארונטער געשטעלט זיין גלאז אויף'ן טיש און איז צוגעגאנגען צו דער טהיר.

ער איז ארויס. פעליסי, שטעהענדיג גראד, שטיל, בלאס און ציטערענד, האט איהם נאכגעקוקט, וועהרענד פאניארד האט נאך בעגלייטעט ביידע טענער ביז אויף'ן טראָטואר.

5.

ווען דייא זיינען ארויס געקומען אויף דער גאס, האט דאמור אָנגעפאנגען צו געהען אזוי שנעל, אז בעררו האט איהם גאר ניט געקענט נאכהאלטען. בעררו האט געסאָפעט און געשוויצט.

ווען זייא זיינען צוגעקומען צום באטיניאָל בולעווארד, האט זיך דאמור אריין געווארפען אין א באנק און ארויסגעלאָזען א טיעפען און לאנגען זיפץ. ער איז גע־בליעבען זיטצען וויא פאראליזירט; זיינע אויגען האבען זיך ניט בעוואויגען און זיינע באקען זיינען געוועזען ווייסער וויא דאס העמד וואס ער האט געטראגען.

עס זיינען פאראיבער עטליכע מינוטען אָהנע ער זאָל עפּעס זאגען. בעררו איז געוועזען צו ערמיעדעט פון דעם לויפען, אום ער זאָל קענען מאכען עפּעס א בע־מערקונג.

ענדליך האט דאמור אָנגעפאנגען צו ברומען.

„אזוי, אזוי," האט ער געמורמעלט, איהם האט זיא פאָרגעצויגען; איך בין איהר ניט געפעלען געוואָרען. דאס זיינען זייא אלע — זייא ליעבען נאָר דעם מאן, וועלכער קען זייא פערשאפען מעהר פערגניעגען. נאטירליך, ער, איז געזונד, שטארק, גלאט געראזירט, און ער האט אייך געלד. איך בין געעלטערט, פאל מיט

צרות, אָהן געלד, און דערפאַר דאַרף זיא מיך אויף כּפּרות. זיא האט מיך געליעבט! ליגען! ליגען! זיא האט מיך קיינמאל ניט געליעבט!“

בעררו האט זיך אונטערדעסען אביסעל אויסגערוהט און בעמערקט:

„וואס ברומסטו דאָרט?“

„וועניגסטענס,“ האט דאַמור פאַרטנעזעטצט אָהנע צו הערען וואס בעררו פרעגט איהם, „וואָלט איך דעם פיינעם הערר מיט דער פיינער דאַמע, אריין געוואָרפען א פּאאר פּעטש...“

„ריכטיג, ריכטיג,“ האט בעררו אונטערגעכאַפּט הערענדיג דאַמור'ס לעטצטע ווערטער. „איך האב אימער געזאגט, אַז דוא ביסט א לעמעשקע. נאר ניט! דוא געהסט מיר־ניט־דיר־ניט און ניבסט אוועק א פרעמדען מאַן דיין ווייב, גלייך וויא עס וואָלט זיך געהאַנדעלט אום טראַקטירען יענעם מיט א מיטאג. ענטוועדער דוא ביסט צו משוגע, און געהסט יענעם הרג'ענען, אָדער דיך קימערט גאר ניט דיא גאַנצע געשיכטע! פּע, שעהם דיך!“

דאַמור האט איהם אָנגעקוקט מיט פערגלאָצטע אויגען, אָהנע צו בעגרייפען גענוי וואס ער זאָגט איהם.

„א שאַנדע, א מיאוס'ע זאַך,“ האט בעררו פאָרטגעזעטצט. „א מאַן מוז זיין א מאַן, זאָגסט איז ער ערגער פון א ווייב. האסטו געהערט, אָבלאָזען א ווייב זיא זאָל טהון וואס זיא וויל, און מאַכען א שווייג! דאָ ניט לאַנג האט פּאַסירט איין עהנליכע געשיכטע אויף מיט א קאָמוניסט. ער איז געוועזען פערשיקט, און ווען ער איז צוריק געקומען, האט ער געטראָפען זיין פרוי וואָהנען מיט איין אנדערן מאַן. און וואס מיינסטו איז געוועזען? גאַנץ איינפאַך, דער קאָמוניסט איז ערשיענען און געפאָדערט זיין רעכט, זיין איינגענטהום. דיא פרוי איז געוועזען זיינע, און זיא האט געמוזט צוריק געהען וואָהנען מיט איהם. יעטצט זיינען זייא ווידער צוזאַמען. אַזוי דאַרף עס זיין.“

„וואס?“ האט דאַמור געפרעגט.

„איך מיין,“ האט בעררו געענטפערט, „אַז ביידע מענער מיט דער פרוי וואָהנען צוזאַמען. נאַטירליך האט דער קאָמוניסט געקענט אויספיהרען אָבצונעהמען זיין פרוי פיר זיך אליין, אָבער ער וואָלט דערמיט גאר ניט אויפגעטהאָן. פערשטעהסטו, דאס איז געוועזען דערזעלבער פאַל וויא מיט דיר: דיא פרוי האט געוואָהנט מיט א רייכען מאַן, און דער קאָמוניסט טהיילט יעטצט זייער רייכטהום. א מאַן מיט שׂכל דאַרף אַזוי טהון, און ניט זיין קיין דומער אייזעל. נאַטירליך, ניט

יערער איז אזוי נאריש וויא דוא ביסט. א מענש דארף פערשטעהן; א געשעפט
און אימער זעהען עס זאָל איהם ארויס קומען א טובה."

דאמור האט איהם אָנגעקוקט ערשטוינט און אויפמערקזאם. דאן האט ער
געזאגט:

„דוא פערשטעהסט מיך ניט. ווירקליך, עס איז שוין איבערהויפט צייט, דוא
זאָלסט מיך צורוה לאָזען. קענסט דיר געהען וואוהין דוא ווילסט. איך וויל דיך
מעהר ניט קענען, ווייל דוא ביסט מעהר ניט מיין פריינד."

„וואס! איך בין ניט דיין פריינד?" האט בעררו אויסגעשריען מיט א בע־
ליידיגטען טאָן, „איך בין ניט דיין פריינד? אזוי! אמת, דוא מעגסט עס זאגען,
נאכדעם וויא איך האב אלעס מעגליכע אָנגעווענדעט פיר דיר. זאָג מיר נאָר, וואס
דאמור, וואס וואָלט פון דיר געוואָרען, ווען איך וואָלט דיך אָבגעלאָזען דוא זאָלסט
נאכגעהען דיין איינענעם פערשטאנד? דוא ביסט דאָך עלענד און האסט קיין לע־
בעדיגען מענשען וואס זאָל זיך אום דיר בעקימערן. אָט ביסטו יעטצט אויף דער
גאס וויא א הונד, און דוא וועסט געווים שטארבען פון הונגער אויף דער גאס, ווען
איך זאָל דיר ניט זעהען ארויסהעלפען. האסט מאקי רעכט צו זאָגען, אז איך בין
ניט דיין פריינד! ווען איך זאָל דיך יעטצט אָבלאָזען, וועכסטו, אזוי וויא א הוהן,
וועלכע איז מיעד פון לעבען, ארונטער לייגען דיין קאָפ אונטער דעם פליגעל, צו־
מאכען דיא אויגען, און זאגען אדיע צו דער גאנצער וועלט."

דאמור האט איהם וויעדער בעטראכט מיט פערגלאָצטע אויגען, אָבער ער
האט מעהר קיין וואָרט געזאגט. דאס איז געווען אמת, אז ער האט מעהר ניט וואס
צו טהון, און נאָר ערווארטען דעם טויט פון הונגער און קעלט. עס איז איהם דאן
איינגעפאלען דיא אידעע, אז ער זאָל זיך ארייז ווארפען אין וואסער און זיך ער־
שפארען דיא מיה צו ליידען.

„גוט, אלזאָ," האט בעררו פאָרטגעזעטצט, „איך וועל דיר בעווייזען, אז איך
בין ווירקליך דיין איינציגער פריינד אויף דער וועלט. איך וועל דיך ניט לאָזען אויס־
געהען אויף דער גאס; ניין, דאס זאָל ניט געשעהען! איך וועל דיך ערגיץ אוועק
פיהרען אין א הויז וואו דוא זאָלסט האבען א פלאַטץ צו עסען און צו שלאָפען."

בייא דיעזע ווערטער האט ער זיך אויפגעהויבען פון דער באנק, גלייך וויא
ער וואָלט געפאסט א פלעטצליכען ענטשלוס. ער האט אָנגענומען דאמור'ן בייא זיין
ראָק און איהם געשלעפט.

„קום, שטעה אויף!" האט ער געשריען.

„וואס ווילסטו פון מיר האבען?"

„קום, זאג איך ז“

„אָבער וואוהין ? וואוהין ?“

„שטעה נאָר אויף און דוא וועסט שוין זעהען.“

ראַמור האט זיך אויפגעהויבען.

„דוא ביסט א שעהנער חברה־מאַן,“ האט בעררו געזאגט, „דוא טרינקסט ניט אפילו א קאַטץ איין עק צו פערבינדען. דיא וואַהרהייט איז, אז אַזעלכער וואס קען פאר זיך אליין נים זאָרגען, טעג ליידען פאר זיין דומהייט. אָבער איך קען דיך ניט זעהען ליידען, ניין, איך קען נים, ווייל איך בין דיין פריינד. דוא ביסט געווען דום גענוג ניט צו וועלען עסען בייא דיין פרוי'ס טיש; גוט, דאן זאָלסטו עסען ערגעץ אנדערש... דאָ האסטו אביסעל טאבאק, שטאָפּ אָן דיין לולקע און קום. איך וועל דיך מעהר ניט אָבלאָזען, אז דוא זאָלסט דיך נאך בענאַרישען היינט צום צווייטען מאָל.“

בעררו איז געגאנגען פאָראויס און ראַמור איז איהם נאכגעגאַנגען. ער האט זיך אומגעווענדעט אין דער רואַססטערדאַם שטראַסע און דיין ווייטער אין דער בערלין שטראַסע.

„וואוהין געהען מיר ?“ האט ראַמור געפרעגט.

„קום און שווייג,“ האט בעררו געענטפערט.

ראַמור האט שוין געשוויעגען.

זייא זיינען צוגעקומען אין פראָנט פון א פריוואַט הויז, און בעררו איז גע־בליעבען שטעהען.

„דאָ וועלען מיר ארויף געהען,“ האט ער געזאגט צו ראַמורן.

זייא האבען ביידע בעשטיעגען דיא טרעפּען, און בעררו האט אָנגע־קלונגען.

א דיענער איז ערשיענען און בעררו האט געפרעגט :

„איז מאדאם דע סאַוויני צו הויז ?“

דער דיענער האט געצענערט און ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

„גוט, האט בעררו ווייטער געזאגט, „געה ארויף און זאג איהר, אז בעררו איז דאָ.“

דער דיענער איז פערשוואונדען און דאן באלד צוריק געקעהרט.

„קומט ארויף,“ האט ער געזאגט, „דיא מאדאם ערוואַרטעט איידְ“.

זייא זיינען אריין אין קאָרידאָר, וועלכער איז געווען זעהר עלעגאנט אויסגע־שטאַטעט. ראַמור איז נאכגעגאנגען בעררו'ן ווייא אין א חלום. ער האט נאך נים

נעקענס בענרייפען וואו ער איז אין דער וועלט. אתטערדעסען האט ער זיך געשפירט רוהינער וויא פריהער.

דער פוס־באָדען אין קאָרידאָר און דיא טרעפּען זיינען געוועזען בעדעקט מיט סאַסטבארע קארפעטס. ווען ער איז ארויף דיא טרעפּען, האט ער ניט גענוג גע־קענט וויסען פאר איבערראשונג. דאן האט ער זיך געמערקט וויא בעררו האט גע־עפענט א טהיר און פאר זיינע אויגען איז ערשיענען א מיטעל־מעסיגע יונגע פרוי, זעהר שעהן, מיט צערוואָרפענע בלאָנדע האאר, און אזוי לייכט געקליידעט, אז א חיבשער טהייל פון איהר לייב האט זיך ארויס געזעהען.

„אך, פריינד בעררו!" האט זיא אויסגעשריען.

בעררו האט געגעבען א וואונק.

„ווער זאגט איהר איז עס?" האט זיא געפרעגט.

„ער איז עס!" האט בעררו געענטפערט.

אין נעכסטען אויגענבליק האט זיך דיא יונגע פרוי געוואָרפען אויף דאמור'ן, איהם אומארמט און געקושט.

„פאפא! דאס איז מיין פאפא?... אך, איך דאנק אייך, איך דאנק אייך, וואס איהר האט איהם בעוואוינען ער זאָל אהער קומען!"

זיא איז געוועזען אנגענעהם און גוט־הערציג, וויא פיעלע פון איהר קלאסע זיינען; זיא האט זיך אויך ניט בעקימערט אום דיא אלטע און שמוטציגע קליידער פון איהר פאטער. זיא האט געלאכט און געוויינט פאר פרייד, און דאן האט זיא געקלאפט מיט איהרע הענד וויא א קינד וואס מען ברענגט איהם א שפיעלערייא.

דאמור איז געוועזען ערשטוינט און איבערראשט, זאָ דאס ער האט זיא זאָגאר ניט דערקענט.

„וואס איז מיט דיר, זשאק," האט איהם בעררו דערמאָהנט, „דאס איז דאך לואיז, דיין לואיז, דערקענסטו ניט דיין טאכטער?"

דאמור האט ענדליך ארויס געשטאמעלט:

„אָה יא... ריכטיג... דאס איז לואיז..."

ווייטער האט ער ניט געשפראָכען.

„זיטץ, זיטץ, ליעבער פאטער," האט זיא געזאגט און איהם געזעצט אויף איין עלעגאנטער סאפא. דאן האט זיא אָנגעקלונגען און א דיענער איז ער־שיענען:

„וחער עס וועט קומען, זאָלסטו זאָגען, אז איך בין נישטאָ צו הויז. פער־שטעהסט?"

דער דיענער איז אוועק שאָקלענדיג מיט זיין קאָפּ, אז ער פערשטעהט.

דאַמור האט זיך דערווייל אויסגעקוקט אין צימער. די ווענט זיינען געווען בעהאנגען מיט א קאָסטבארען קאשמיר. צווישען וועלכען עס האבען זיך ארויס געזעהען גרויסארטיגע בילדער; דאס מעבעל איז געווען האלב פערגאָלדעט, און יעדע איינצעלהייט האט אָנגעציינט, אז דאָפיר איז בעצאָהלט געוואָרען פיעל געלד. דאַמור'ס הארץ האט אָנגעקוואָלען, און אין זיינע גלענצענדע אויגען, האט מען גע־קענט לעזען זיין פערגניגען און איבערראַשונג.

בעררו האט דאס בעמערקט און ער האט איהם אָנגעקלאַפּט אין די פלייצעס.

„אלזאָ, זשאק," האט ער געזאגט, „ווערסטו נאך אלץ זאגען, אז איך בין ניט דיין פריינד? איך האב גאנץ גוט געוואוסט, אז פון דיר קען גאר ניט ווערען אָהן דיין טאָכטער. דערפאר האב איך אויפגעזוכט איהר אדרעסע, דאן האב איך זיא בעזוכט און דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע איבער דיר. זיא האט מיר גלייך געזאגט: „ברענג איהם אהער. ער זאָל זיין מיין בעסטער גאסט!"

„געוויס, נאטירליך. ער איז מיין ארמער אָבער גוטער פאטער," האט לואיז געזאגט איהם גלעטענדיג צערטליך. „אך, פאפא, דוא מוזט וויסען, אז איך האב דיין רעפּובליק. דיא רעפּובליקאנער זיינען א שמוטציגעס און אבשייליכעס געזינדעל, וועלכע וואָלטען יעדען רואינירט, ווען מען זאָל זייא לאָזען טהון וואס זייא ווילען... אָבער דוא, יא, דוא ביסט מיין טהייערער און ליעבער פאפא, און דיר פערצייהע איך אלעס. איך געדענק נאך, פאטער, וויא גוט דוא ביסט געווען צו מיר, ווען איך בין געלעגען קראנק און איך בין נאך געווען א גאנץ קליינעס מעדכען. דוא וועסט זעהען, פאפא, אז מיר וועלעןביידע זיך זעהר גוט פערטראגען און מיר וועלען איבער אלעס איינשטימען, ווען דוא וועסט נאָר מיט מיר ניט רעדען איבער פּאָליטיק... פּאַרלעפּינג, ביז וואנען עס וועט עפּעס זיין, וועלען מיר אלע דרייא צוזאמען עסען מיטאג. אך! וויא שעהן, וויא הערליך, וויא פּרעכטיג דאס איז!"

זיא האט זיך אוועק געזעצט ביינאהע אויף דאַמור'ס קניען, שמייכלענדיג און לאַכענדיג. איהרע אויגען האבען געגלענצט מיט פערגניגען און איהרע שעהנע בלאָנדע האאר, זיינען אריבער געפאלען איבער איהרע אויערן.

דאַמור איז געווען אויסער זיך; ער האט געשפּירט א זיסעס פערגניגען זיך פערשפּרייטענדיג איבער זיין גאנצען קערפּער.

גראָדע דאמאלס, האט ער געוואָלט ציינען זיין אלמען שטאָלץ און ענטזאגען די איינלאדונג צו מיטאג, ווייל ער האט באלד איינגעזעהן, אז עס פּאסט ניט פאר איין עהרליכען מענשען און איבערהויפּט פאר א פאטער, צו עסען אין אזא הויז. די וואהרהייט איז, דאס ווען ער וואָלט אפילו פריהער ניט געהערט ווער זיין טאָכטער איז, וואָלט ער אויך דערקענט און איהרע בענעהמונגען וואס פאר א כאראקטער זיא טראָגט. יא, עס וואָלט געפּאסט צו ענטזאגען אָנצונעהמען די איינלאדונג, אָבער ער האט ניט געקענט, ער האט ניט געהאט דעם מוטה דערצו.

יענע ענערגיע, מיט וועלכע ער האט פערלאָזען פּעליסי'ס הויז און זיך אפילו ניט אומגעקוקט, האט איהם שוין געפעהלט.

איבריגענס, האט זיין טאָכטער אויסגעזעהען אזוי ליעבליך, אזוי צערטלוך און אזוי גאסט־פריינדליך, דאס ער האט זיך געשפּירט נענצליך אין איהר מאכט. דאן האט לואיז אריין געליינט איהר ווייסע האנד אין זיינער, און געזאגט:

„אלזאָ, פאטער, דוא אקצעפּטירסט מיין איינלאדונג?"

ער האט געשוויעגען.

„נו?" האט זיא ווידערהאָלט, „דוא וועסט דאָך דיין לואיז'ן ניט ענט־זאגען?"

„יא, איך אקצעפּטיר," האט ער ענדליך געענטפערט, וועהרענד צוויא גרויסע טראָפּענס טרערען האבען אָנגעפאנגען צו לויפען פון זיינע אויגען איבער זיינע איינ־געטריקענטע באקען.

ער האט דערבייא אויפגעשוידערט.

„דאס איז זעהר פערנינפטיג," האט בעררו בעמערקט. „ענדליך ביסטו גע־קומען צום שכל, אז א מענש דארף וויסען וויא צו לעבען אויף דער וועלט."

דאמאָר האט נאר ניט געענטפערט.

וועהרענד זייא זיינען געגאנגען איבער דעם קאָרידאָר אין שפּייז־צימער, איז דער דיענער ערשיענען און געזאגט צו לואיז'ן:

„הערר מאָנסיע וואַרט אויף אייך."

„וואס? יעטצט?" האט לואיז געענטפערט אביסעל ערשטרנט, „ניין, ניין, ניט יעטצט. געה זאג איהם, אז מיין פאטער איז דאָ און איך קען איהם ניט זעהען. מאָרגען, אום 6 אוהר, ווען ער וויל, קען ער קומען."

דער טיש אין שפּייז־צימער איז געווען געגרייט וויא פאר א קעניג. אפילו אין זיינע בעסטע צייטען, איז דאמאָר ניט געזעסען בייא אזא עלעגאנטען טיש.

דער טיטאג איז געווען פראכטפאל.

בעררו, וועלכער איז אימער אויפגעמונטערט געוואָרען בייא א גוטען ביסען און בייא א גלאָז וויין, האט נאך אונטערהאלטען דיא געזעלשאפט מיט וויטצען און שפאסען, און לואיז האט הערצליך געלאכט.

דיא האט זיך פארגעשטעלט, אז זיא איז ווידער אמאל אין דער צגוויערזש שטראסע, און דאס האט זיא זעהר שטארק אמוזירט.

ראמור, וועלכער האט שוין א פאאר טעג ניט געגעסען און זיין אפעטיט איז געווען זעהר גוט, האט געגעסען גוט און פיעל פון יעדער שפייז וואס מען האט אויפגעגעבען. לואיז האט איהם ערמונטערט נאך צו עסען, און ער האט ערפיללט איהר וואונש.

ווען איהרע אויגען האבען בעגעגענט זיינע, האט ער געשמייכעלט מיט פער־גניגען און אונגעהייערע צערטליכקייט.

נאך דעם עסען, האט לואיז געהייסען אריין ברענגען זיסען וויין, וועלכער האט געגלענצט אין דיא גלעזער וויא שאמפאניער און זיך געלאָזען זעהר לייכט טרינקען. ריעזער וויין האט זייא צלעמען שטארק אויפגעמונטערט און איז געקראָכען טיעף אין קאָפ.

ווען דיא דיענער זיינען ערשיענען אום ארונטער צו נעהמען פון דעם טיש, זיינען זייא אלע דרייא געזעסען און געשפראָכען פון דער פערגאנגענהייט. זייא האבען גערעדט וויא פון א חלום דורך דעם ווירקונג פון דעם זיסען וויין.

בעררו האט דאן איינגעדרעהט א ציגארעט, און לואיז, דאס זעהענדיג, האט איהם אויסגעכאפט און פעררויכערט, האלטענדיג דיא אויגען האלב פערמאכט און איהר שעהנעס געזיכט האט אויסגעזעהען טרוימעריש וויא פון א בער־צויבערונג.

זיא האט אונטערדרעסען אריין געגאָסען נאך א פאאר גלעזלעך וויין און איז פערווירט געוואָרען. זיא האט שוין מעהר ניט געוואוסט וואו זיא איז אין דער וועלט, און אנשטאט אויסצומיידען פאר איהר פאטער דיא שילדערונג פון איהר געגענווערטיגעס לעבען, האט זיא אָנגעפאנגען צו פלוידערן פון איהרע גע־ליעבטע.

דאס אלטע שפריכוואָרט, וואס בייא א ניכטערן אויף דער לונג, איז בייא א שיכור אויף דער צונג,“ האט זיך בעוויזען אלס איין אייביגע וואהרהייט.

„יעטצט,“ „אט זיא געפלוידערט, „ליעגען זייא אלע צו מיינע פיס. איך ליעבען? חא, חא, חא — איך האב זייא אלעמען אין דער ערד! ווייער נעקד, זייער

נשמה, זייער ליעבען, ראס בעדארף איך! דער ערשטער בחור, איז געווען א הריבער, א ברונעטער, שעהנער, און איך בין געווען דום גענוג איהם אויך ליעב צו האבען. ער האט מיך טאַקי באמת געליעבט, און איך האב איהם געליעבט... מיר האבען זיך ביידע געליעבט... אָך, איך האב קיין שכל נים געהאט, זאָנסט וואָלט איך בייא איהם גענומען א סך געלד... איך בין אָבער נאָר צופריעדען געווען מיט א קליינינ־קייט און מיט זיין ליעבע...

זיא האט זיך צולאכט, און דאמאר מים האלב־אָפענע אויגען און מיט א רוסער ־ייענע אויף זיין געזיכט, האט צו איהר געבליקט אתפערשטענדליך.

„אָבער עס האט מיר נים גענומען פיעל צו לערנען שכל,“ האט זיא פאָרט־געזעטצט, „ווען א פרויענצימער ליעבט א מאַן, בלויז דערפאר וואס ער איז א מאַן, איז זיא נאָר א נאר. חא, חא, חא, איך קען דיא פרויען פון מיינע געליעבטע, וועלכע ליעבען זייערע מענער; אָבער דיא מענער ליעבען מיך, נים זייערע פרויען... און איך האב אַלע מענער אין דער ערד! ווען איינער קומט צו מיר, גיב איך איהם פריהער א טאַפּ וויא שווער זיין געלד־בייטעל איז. איך ליעב איהם דאַן לויט דער שווערקייט פון זיין געלד. חא, חא, חא! דיא דומקעפּ! זייא מיינען, אז פרויען ליעבען מענער, אָדער זייא דארפען ליינבען מענער! עס הייבט זיך גאר נים אָן! פרויען־ליעבע, איז א זייפען־בלאָז. כל־זמן דיא זייפען־בלאָז האט גענוג לופט זיך צו האַלטען, האלט ער זיך, און ווען דיא לופט ווערט וועניגער, דאַן פּלאַטצט ער. דאס איז מיט דער פרויען־ליעבע: א פרוי דארף ליעבען א מאַן ווען ער האט געלד, ווען ער קען איהר פערשאפען פערגניגען, און ווען ער קען נים, זאָל ער געהען צום טייפעל!“

„ריכטיג! ריכטיג!“ האט בערו איינגעשטימט.

„אָט דעם מאָנסיע וואס מען האט מיר פריהער אָנגעמעלדעט,“ האט זיא ווייטער געזאגט, „ליעב איך! ווייסט איהר ווארום? וויל ער האט מיר געקויפט א נייעם עקיפאַזש מיט צווייא אראבישע פערד; געקויפט דיעזעס הויז פיר מיר און מיר געגעבען דרייסיג טויזענד פראנקס. איהם מוז איך ליעב האבען א היבשע צייט, וויל ער האט א סך געלד. דאַן וועל איך איהם אויפהערען ליעב צו האבען און ליעבען אנדערע — חא, חא, חא!“

דאמור האט אויסגעזעהען עפּעס צו פערשטעהען, דען ער האט זיך געריבען דעם שטערען, גלייך וויא ער האט זיך געוואָלט אָן עפּעס דערמאָנען וואס האט איהם זעהר געשטערט.

„אך יא, מיין מאמא!“ האט לואיז פלוצלינג געזאגט מיט ערביטערונג. „פון איהר וויל איך גאר ניט הערען! ניין, זיא זאָל מיר ניט קומען פאר די אויגען! פון מיין זייט, וויא זיא האט געגען מיר געהאנדעלט, בין איך איהר אלעס מוחל. אלעס, אלעס, אפילו פאר דעם וואס זיא האט מיך געשלאָגען און מיר געוואָלט חתונה מאכען מיט עפּעס איין אָרימען ארבייטער. נאָר פאר דיר, וועל איך איהר קיינמאל ניט פערצייהען!“

„פאר מיר?“ האט דאמור געפרעגט אין א שוואכען טאָן.

„פאר דיר, יא פאר דיר!“ האט לואיז געענטפערט. „זיא האט דאָך ניט אזוי פיעל שכל וויא איך, וויא קומט עס צו איהר זיא זאָל אזוי האנדלען געגען דיר? הער אויס, פאפא, ווען דו וועסט מיר ערלויבען, וועל איך געהען צו איהר און זיא גוט אויסזידלען דערפאר וואס זיא וויל מיט דיר מעהר ניט וואָהנען!“

דאמור האט אָנגעקוקט זיין טאָכטער און געשוויגען. דאן האט זיא אויסגע־שטרעקט איהרע ווייסע הענד, איהם אומארמט און געקושט.

„מיין ארמער פאפא! מיין ארמער פאפא!“ האט זיא געשריען און געוויינט.

דאמור האט זיא אויך געקושט.

„יא, יא,“ האט זיא ווידערהאָלט, „איך וועל איהר ווייזען וואס דאס הייסט דיך אזוי בעהאנדלען!“

„ניין, ניין, לואיז,“ האט ער ענדליך געענטפערט, „דו זאָלסט צו איהר מעהר ניט געהען צוליעב מיר. פיר מיר איז זיא טויט — טויט! דו הערסט? זיא לעבט מעהר ניט פיר מיר!“

„מיין ארמער, גוטער פאפא!“ האט זיא ווידער געמורמעלט איהם קושענדיג.

דאן איז זיא פלוצלינג אויפגעשפרונגען און אויסגעשריען:

„יא, יא, ווירקליך, איך וועל דיר עפּעס ווייזען, וואס עס וועט דיר גע־פעלען!“

זיך אָנהאלטענדיג אן מעבעל ניט צו פאלען, איז זיא ארויס פון דעם שפּייז־צימער.

„א גאָלדענעס קינד!“ האט בעררו אויסגעשריען פולל מיט בע־וואונדערונג.

דאמור האט אויפגעהויבען זיינע אויגען און איהם אָנגעקוקט.

„דאָ איז א בריליאַנט! א סאַפיר! א פּערל!“ האָט בעררז ווייטער געשריען שטאַרק בעגייסטערט. „דאָ דארפסט דאַנקען גאָטט פאַר אזא קינד!“

„יאָ, זיא איז א גוטעס קינד,“ האָט דאַמור געמורמעלט.

לואיז איז וועהרענד דעם צוריק אריין געקומען, האַלטענדיג א ציגאַרעט צווישען איהרע ליפּען. איהר פאַטער האָט זיא איבעררייכט איין אַלטע און האַלב צעררִיסענע פאָטאָגראַפיע.

„ווייסטו ווער דאָס איז, פּאַפּאַ?“ האָט זיא געפרעגט.

דאַמור האָט גענומען דיא פאָטאָגראַפיע אין זיינע הענד און אויף איהר געקוקט.

דיא מיענע אויף זיין געזיכט האָט זיך לאַנגזאַם געוועקסעלט צו א ניכטערנ־הייט. זיינע מידע אויגען האָבען זיך ניט געעפענט, און זיין גאַנצער קערפּער האָט אויפגעציטערט.

ער האָט ארויס געשטאַמעלט:

„עס איז אייזשען! מיין אַרמער אייזשען!“

בעררז האָט דאַן אויס געשטרעקט זיין האַנד און גענומען דיא פאָטאָגראַפיע ער האָט אויך אויסגעזעהען גערירט, און געמורמעלט:

„יאָ, דאָס איז ער!“

לואיז, בליקענדיג צו איהר פאַטער׳ס אויפרעגונג, האָט גענומען דיא פאָטאָ־גראַפיע אין איהרע הענד און איהרע שעהנע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרערען. דאַן האָט זיא אָנגעפאַנגען צו בליפען, און צוריק געבענדיג דיא פאָטאָ־גראַפיע צו איהר פאַטער, האָט זיא געמורמעלט:

„אַך! איך געדענק איהם גאַנץ גוט; מיין אַרמער ברודער... וויא שעהן ער איז געוועזען...“

אַלע דריי זיינען געוועזען גערירט און געוויינט צוזאַמען.

צוויא מאָל איז נאָך דיא פאָטאָגראַפיע געגאַנגען פון האַנד צו האַנד, און יעדער איינער האָט געהאַט צו דערצעהלען איבער איין אַנדערע ערינערונג וועגען דעם יונגען מענשען, וועלכער איז געפאַלען אין דער קאָמונע.

דיא פאָטאָגראַפיע, וויא עס שיינט, איז זעהר וועניג אָבגעהיט געוואָרען און איז וואַהרשיינליך דיא גאַנצע צייט, זייט אייזשען׳ס טויט, געלעגען אין דער פרייער לופט.

אָבער דאס בילד איז נאָך געווען נענוג דייטליך אום אַרויס צו רופען די פאָלקאָמענע עראינערונג אן דעם בראווען יונגען מענשען.

ארמער אייזשען; מען האט איהם געקענט זעהען גאַנץ נעַנוּ אויף'ן בילד, אָנגעצוינען אין דער אוניפאָרמע פון דער נאַציאָנאַל־גאַרדע, און ער האט אויסגעזעהן עפּעס וויא א שאטען פון א רעוואָלוציאָנער, פערלוירען אין דער דונקעלהייט פון א פערגאַנגענער לעגענדע.

אויף דער אנדערער זייט, האט מען נאָך אויך געקענט לעזען, וואס זיין פאטער האט אויפגעשריעבען מיט יאָהרען צוריק·

„איך וועל מיך נוקם זיין פיר דיר!"

דיעזע ווערטער האבען בייא דאמור'ן ארויס גערופען די פאָלקאָמענע ער־אינערונג אין דער פערגאַנגענהייט, און אויפהויבענדיג א פרוכט־מעסער, האט ער דערמיט געפאָכט איבער זיין קאָפּ און געשריען:

„יא, יא, איך וועל מיך נוקם זיין פיר דיר!"

לואיז האט לאַנגזאַם ארויס גענומען דאס מעסער פון זיינע הענד, און דאַן האט זיא געזאגט:

„ווען איך האב געזעהען, אַז פון מיין מאַמאַ ווערט קיין לייט ניט, האב איך בעשלאָסען, אַז מיין ברודער'ס פאָטאָגראַפיע, דאַרף בייא איהר ניט בלייבען; עס איז קיין פאַסענדער פּלאַטץ דאַפיר. אין איין אבענד, האב איך ארויס גענגב'עט די פאָטאָגראַפיע, און דאָ איז זיא. יעטצט, מיין ליעבער פּאַפּאַ, גיב איך דיר די פאָטאָגראַפיע! זיא בעלאַנגט צו דיר!"

דאמור האט אוועק געשטעלט די פאָטאָגראַפיע נעבען גלאָז און געהאַלטען אין איין קוקען אויף איהר.

דערווייל האט דער איינדרוק פון זיין אָנגעפאַנגען אַלץ מעהר צו פערשווינדען, ביז זייא האבען זיך געשפּירט באַלד פאָלקאָמען אויסגעניכטערט. דאַן האבען זייא אויך אָנגעהויבען צו רעדען פערגינגפּטינער.

„און יעטצט, פּאַפּאַ," האט לואיז אָנגעפאַנגען, „איז עס מיין פליכט פאַר דיר צו זאָרגען. דוא הערסט, דוא זאָלסט מיר ניט שטערען מיין פערגניגענען. איך מוז זעהען מיין גוטען און ליעבען פּאַפּאַ גליקליך און צופריעדען. דאס איז מיין ציעל און מיין שטרעבען!"

דאמור האט געשוויעגען.

„איך וואָלט געוואָלט," האט זיא פאָרטגעזעטצט, „אַז דוא זאָלסט פערבלייבען דאָ נעבען מיר. מיט מיר, אין מיין הויז — וויא זאָגסטו, פּאַפּאַ?"

„האט וויים איך/“ האט ער געענטפערט.

לואיז, וועלכע איז שוין געוועזן אויסגעניכטערט, האט דאן באלד איינגעזעהען, אז איהר פאטער קען דארט ניט פערבלייבען; אז זיין געזונדהייט, וועט שטערען די פיהרונג פון איהר לעבען.

„אבער וואס קען מען טהון?“ האט זיא דאן געפרעגט קוקענדיג צו בערדרין.

„עס איז נאך דא צייט, לואיז,“ האט בערדו געענטפערט, „פארלויפיג לאמיר זיך פרייען מיט דער געזעלשאפט פון אונז אלע דרייא.“

לואיז האט אויסגעזעהען נאכצודענקען, און דאן האט זיא פלוצלינג אויס־גערופען:

„הער אויס, פאפא! מיר איז איינגעפאלען א פרעכטיגע אידעע; די פראגע איז נאר, אויב דוא וועסט דארויף בעשטעהען. א הערר, מיינער א גוטער בעקאנטער און א ליעבענדער פריינד, האט מיך אונלענגסט איבערראשט מיט א פרעזענט. ער האט פאר מיר געקויפט א הויז נעבען מאנטע. מיין מיינונג איז, אז דוא זאלסט איבערנעהמען דיעזעס הויז און עס פיהרען וויא דוא פערשטעהסט. דאס הויז איז א קאסטבארעס איינענטהום; עס איז אין גאנצען פערדונגען צו פער־שיעדענע בעוואהנער. דוא קענסט דארט האבען א פרעכטיגע וואהנונג פון ריינעטווענען, און האבען פאלקאמענע 200 פראנקס א מאנאט איינקינפטע. עס וועט מיך זעהר פרייען, מיין גוטער פאפא, ווען דוא זאלסט דאס אקצעפ־טירען.“

דאמור האט וויעדער געשוויעגען.

„אלזא, וואס זאגסטו צו מיין פארשלאג?“ האט לואיז וויעדער געפרעגט אתגעדולדיג.

„וואס איז פאר א פראגע!“ האט בעררו אונטערגעכאפט, „ער וועט געוויס אקצעפטירען. דאס איז דאך א גן־עדן, און ווען ער וועט דארט ווערען אונגעדולדיג, וועל איך ארויס קומען איהם אונטערהאלטען. געווים, געוויס, ער אקצעפ־טירט!“

אויף דער אנדערער וואך, האט זיך דאמור בעזעטעט אויף זיין טאכטער'ס איינענטהום, אין בעל־אייר.

דאמור לעבט נאך דארט ביז צו דער געגענווערטיגער צייט, און ער געניעסט די זיסע רוהע וואס ער האט זיך פערדיענט נאך צוויי פיעלע יאהרען מארטערניסע, צרות, לייד, אומגליק און פיין.

ער איז געוואָרען פעט און דיק און קליידעט זיך וויא איינער פון דיא רייכע הערען. זיין געזיכט צייגט דיא אויפריכטיגע עהרליכקייט פון איין אלטען סאָלדאט.

דיא בויערן, ווען זייא זעהען איהם, נייגען זייא זיך, צום צייכען פון רעספעקט. ער פערברענגט זיין צייט אין געהען אויף דער יאגד אָדער באָדען פיש.

מען קען בענענענען דאמור'ן אויף'ן וועג ווען דיא זון שיינט, און ער בליקט מיט פערגניגען וואו דער ווייץ וואַקסט און בליהט. ער האט א רוהיגעס געוויסען, און ווען מען זאָל איהם פרעגען וואס ער דענקט, וואָלט ער בעדאַרפט ענטפערן:

„איך האב קיינעם ניט בעראַבעוועט, און איך לעב מיר נאך מיין שווער פערהאָרעוועטעס פערמעגען.“

ווען זיין טאָכטער קומט אמאל אהין אויף בעזוך מיט סאנבע הערען, דאן ווייס ער, אז ער דארף בלייבען פון וויטען, און אזוי טהוט ער עס אויך אימער.

זיין גרעסטעס פערגניגען איז, ווען זיין טאָכטער זאגט איהם, אז זיא וועט מיט איהם צוברענגען א טאָג צוזאמען. דאן עסען זייא ביידע אין איינעם פריהשטיק און מיטאג, און זייא רעדען פון דער אונשולדיגער פערגאנגענהייט.

ער רופט זיא מיט דיא צערטליכסטע קינדער־נעמען, און ער בעוואונדערט איהר שעהנע פיגור, איהרע הערליכע קליידער און איהר פרעכטיגעס געזיכט.

דאמור האט קיינמאל ניט פראָבירט נאך אמאל צו זעהן זיין פרוי; ער האט בלויז זיין טאָכטער אין דער גאנצער וועלט, און ער איז מיט איהר פאָלקאָמען צו־פריעדען.

נאָר איינמאל האט מיט איהם פאסירט א מערקווירדיגע געשיכטע:

ער האט בעשלאָסען צו פאָהרען נאך פאריז, דאָרט פערברענגען איין אבענד און בעזוכען דאס טהעאטער. עס איז געוועזען דאס דריטע יאָהר, זייט ער האט פער־לאָזען פאריז אום זיך צו בעזעטצען אין דעם הויז וואוהין זיין טאָכטער האט איהם געשיקט.

זיטצענדיג אין טהעאטער, האט ער ערבליקט א בעקאנטעס געזיכט מיט עטליכע ביינק ווייטער פון איהם.

ער האט באלד דערקענט דאס געזיכט; עס איז געוועזען פעליסי.

א מערקווירדיגעס שמערצהאפטעס געפיהל איז איהם פאָראיבער; ער האט נאך אכ'ץ ניט פערגעסען אן איהר. נעבען איהר איז געזעסען א מיידעלע — איהר

קינד פון סאניארד׳ן. ער האט פראבירט אבצררוועגדען זיין געדיכט פון איהר, אבער ער האט אונווילענדיג נעמוזט זיך אומקוקען עטליכע מאל.

עס האט זיך איהם געדאכט, אז פעליסי איז נאך איננער געווארען לוים ווי דיא איז געווען, ווען ער האט זיא געזעהען לעטצטעס מאל.

פלוצלינג האט זיא אומגעווענדעט איהרע אויגען צו איהם און זייערע בליק׳ן האבען זיך בעגעגענט.

ראמור האט אומגעווענדעט זיין קאפ און נים געוואלט קוקען אויף איהר. אבער ביז דער אקט איז געענדיגט געווארען, האט ער נאך געמוזט קוקען עטליכע מאל צו איהר, און ער האט בעמערקט, אז זיא געהמט נים ארונטער דיא אויגען פון איהם.

ווען דער אקט איז געווען צו ענדע, האט ער זיך אויפגעהויבען, מיט דער אבזיכט ארויס צו געהען, אדער געהמען איין אנדערן פלאטץ, כדי ער זאל זיא מעהר נים זעהען.

ווען ער איז געקומען צו דער טהיר, האט ער דערהערט א שטימע הינטער זיך:

„זשאק, דוא ביסט עס?“

עס איז געווען פעליסי׳ס שטימע, און ער האט זיך געמוזט אומ־ווענדען.

„וויא געהט עס דיר, פעליסי?“ האט ער געפרעגט פראבירענדיג צו זיין קאלטבלוטיג.

„איך וויל מיט דיר עפעס רעדען,“ האט פעליסי געזאגט.

דאן האט זיא זיך אומגעווענדעט צו א יונגעם מערכען, וועלכע האט אויס־געזעהען צו זיין איהר דיענסט:

„פלארא,“ האט זיא געזאגט, „דוא קענסט דא פערבלייבען מיט׳ן קינד ביז צו ענדע און דאן געהען אהיים; אין פאל איך וועל נים צוריק קעהרען אויף מיין פלאטץ.“

דיא דיענסט, פיהרענדיג דאס קינד בייא דער האנד, האט זיך אבגעווענדעט, און איז פערשוואונדען געווארען צווישען דער מעננע מענשען.

„זשאק,“ האט זיא נאך אמאל אנגעפאנגען, „איך האב דיך לעטצטענס געזוכט.“

„מיך?“

„יא.“

„וואס איז נייעס?“

„איך האב דיך געוואָלט זעהען.“

„אָה, זיך פערביינקט נאך מיר?“

„שפּאַסע ניט, זשאַק, איך האב דיר מיטצוטהיילען עפּעס זעהר וויכ־טיגעס.“

דאַמור איז געוואָרען ערנסט און אויך זעהר נייגעריג. ער איז שטילשווייגענד אַרוים אויף דער גאַס מיט פעליסי'ן.

„דאַ בין איך,“ האט ער געזאָגט, „און דוא קענסט מיר מיטטהיילען וואס דוא ווילסט.“

„פאר אַלעמען,“ האט זיא אָנגעפאַנגען, „וויל איך וויסען פיא דיר געהט?“

„מיר געהט אויסגעצייכענט, ביסטו צופריעדען?“

„אָה, זעהר צופריעדען; ווירקליך, עס פריים מיך.“

„און יעטצט פרעג ווייטער.“

„זאָג מיר נאָר, זשאַק, האסטו אויפגעזוכט לואיזין?“

„יא, וואס קימערט עס דיך?“

„ענטשולדיג מיר, זשאַק; איך בעט דיך, רעד מיט מיר ניט אַזוי בעז. איך פרעג דיך ניט בלויז אויס נייגעריגקייט.“

„וואס דען ווילסטו?“

„איך וועל דיר זאגען דיא וואַהרהייט,“ האט זיא געענטפערט, „איך האב מיך געזעהן מיט בערררן נאך פאַריגעס יאָהר, האט ער מיר דערצעהלט, אז דוא לעבסט פון לואיז'עס שאַנדע־געלד — ניין, זשאַק, דאס דאַרף ניט זיין.“

פעליסי האט מיט דיזע ווערטער בעריהרט אַ וואונד, וואס דאַמור האט אימער געזוכט צו פערדעקען. ער איז געבליעבען שטיל און ניט געקענט ענטפערן. ער האט זיך געשפירט געבראָכען פון איהרע ווערטער.

„אַך, זשאַק! דוא ביסט אַמאָל געוועזען דיא עהרליכקייט זעלבסט!“

„וואס אַלזאָ האב איך געקענט טהון מיט דער עהרליכקייט? אויסגעהן פאר הונגער?“

„אַלעס אין דער וועלט, נאָר ניט נעהמען בייא איהר.“

„דאס איז זעהר לייכט צו זאגען,“ האט ער געענטפערט, „ווייסטו, אז צו יענער צייט ווען איך בין פאַר דיר ערשיענען, בין איך אויסגעגאַנגען פון הונגער!“

„איך ווייס עס, זשאַק, אָבער איך האָב דיר ליידער גאר ניט געקענט העלפען. ערשטענס בין איך ניט אימשטאַנדע געווען צו בעריהרען סאַניאַרד'ס געלד, און צווייטענס וואָלסטו פון מיר גאר ניט אַקצעפּטירט."

„דאס איז וואהר."

„דאַן האסטו פון איהר אויך ניט בעדאַרפט אַקצעפּטירען קיין זאַך. ניין, ניין, זשאַק, דוא האסט עס ניט בעדאַרפט טהון!"

זשאַק האט געשוויעגען אייניגע אויגענבליקען, און דאַן האט ער פּלוצלינג געזאגט:

„און דאס איז אַלעס וואס דוא האסט מיר געוואָלט מיטטהיילען?"

„ניין, ניט דאס איז אַלעס. איך בין דיר געקומען זאָגען, אַז דוא זאָלסט בייא איהר מעהר קיין זאך נעהמען, ווייל איך בין בערייט פאר דיר צו זאָרגען."

„ווער? דוא?"

„יא, זשאַק."

„און וואס וועט סאַניאַרד זאגען?"

„סאַניאַרד איז טויט!"

„טויט?"

„יא, זייט 4 מאָנאַט."

„הם," האט זשאַק געברומט.

פעליסי איז געשטאַנען און ערוואַרטעט איין ענטפער, נאָר אַלס זיא האט געהערט, אַז ער שווייגט, האט זיא דאַן בעמערקט:

„זעהסט, זשאַק, אָבוואָהל איך האב שוין געהאט איין אַנדערן מאַן, קען איך נאָך אימער אַן דיר ניט פערגעסען. מיר האבען געלעבט אזוי פיעלע יאָהרען צוזאמען און געגאָסען צחאמען אזוי פיעל שמערץ און פערגניגענען. מיר האבען זיך געלעבט און געשעמט, און, צו דער געגענווערטיגער צייט, ביסטו מיין טהייערסטער פריינד."

„דיין טהייערסטער פריינד?" האט זשאַק געפרעגט שפּאָטיש. „און וואס האסטו דאמאלס געזאגט, ווען איך האב צוריק געקעהרט אָרעם, עלענד און אונגליקליך? ניין, ניין, נאר מיך ניט, ווייל איך וועל מיך ניט לאָזען נארען. איך ווייס ניט וואס דיין צבזיכט איז, אָבער אויף אזוי פיעל בין איך זיכער, אַז דוא ווענינ־סטענס, ביסט ניט מיין פריינד."

„האסט איין אירטהום, זשאַק. ווען מיר לעבען צוזאַמען מיט א פּאַטץ, מיט א הונד אזוי פיעלע יאָהרען, ווערען מיר אויך צוגעקניפּט צו דער חיה מיט

פריינדשאפט, שוין ניט רעדענדיג פון א מאן, וועלכען מען האט אמאל געליעבט און געשעטצט.״

„מיט א קאטץ, מיט א הונד! חא, חא, חא!״ האט זיך זשאק צולאכט, „איהר פרויען, זייט מערקווירדיגע ברואים, נאר איהר קענט זיך זעלבסט ניט. מיט א קאטץ און מיט א הונד, קענט איהר שוין גאנץ גוט שליסען פריינדשאפט. אבער וואו אייער פרויען־ליעבע צו א מאן שפיעלט דיא ראָלע, הערט אויף דיא פריינדשאפט. נעה, נעה, פעליסי, לאמיר בלייבען גוטע פריינד פון ווייטענס, און מיר זיינען שוין צו אלט אום נאך חוזק צו מאכען איינער פון דעם צווייטען.״

פעליסי איז ווידער געבליעבען שטעהען און געקוקט צו זשאק'ן. ווען דער לעטצטער האט א בליק געגעבען אין איהרע אויגען, האט ער דאָרט בעמערקט טרערען.

„דוא ווינסט?״ האט ער געפרעגט גערירט.

„איך וויין, זשאק,״ האט זיא געענטפערט, „ווייל דוא פערשטעהסט מיך ניט. דאס שיקזאל האט מיך געטריעבען צו הייראטהען מיט איין אנדערן מאן, געגען דעם וואונש פון מיין הארצען. דיך, זשאק, האב איך קיינמאל ניט פער־געסען...״

ביי דיעזע ווערטער האט זיא געוואָרפען א בליק אויף זיין דיקער פיגור און זיין זאטעס געזיכט מיט דיא ריינע קליידער, און פאָרטגעזעטצט:

„פיעל רייד זיינען איבריג. איך וועל דיר זאגען דיא וואהרהייט: פאר אלעמען, ווייל איך ניט דוא זאָלסט לעבען פון אונזער טאָכטער'ס שאנדע־געלד, און דאן, בין איך בערייט מיט דיר צו טהיילען סאניארד'ס פערמעגען.״

זשאק האט ארויס געלאָזען א טיעפען זיפץ און געזאגט:

„הער מיך צו, פעליסי, און פערשטעה מיך גוט. דוא ווייסט, פיעללייכט מעהר וויא יעדער, דאס מיינע עהרענגעפיהלע זיינען אמאל געווען אזוי שטארק, אז איך וואָלט פאָזיטיוו געשטאָרבען פאר הונגער איידער צו בעגעהען איין אונעהרענ־האפטע טהאט. יא, ווען דאס איז געווען, בין איך געווען יונג, שטארק, קרעפטיג און פול מיט לעבענס־גייסט. דיא צרות פון לעבען, האבען ביי מיר אַלעס בערויבט. יעטצט בין איך איין אלטער מאן און איך שטעה שוין מיט איין פוס אין קבר. ווי־פיעל איך האב נאך צו לעבען, וויל איך לעבען. איך וויל ניט וויסען אויף וועלכער ארט דיעזעס לעבען ווערט מיר פערשאפט. איך זעה אבער פאר מיר היינטיגע נאכט צוויא וועגען: ענט־ווערער צו לעבען פון דעם שאנדע־געלד פון מיין טאָכטער אָדער פון דעם שאנדע־געלד פון מיין פרוי.״

„פון דיין פרוי!“ האט פעליסי אויסגעשריען ערשטוינט.

„פון מיין פרוי, יא, וואס איז דא פאר א וואונדער?“ האט ושאק ווייטער געזאגט. „דאס געלד וואס מיין טאכטער בעזיטצט, קומט פון איהר פרויען־ליעבע, און דאס געלד וואס מיין פרוי בעזיטצט, שטאמט אויך פון דערזעלבער קוועלע. דער אונטערשיעד איז בלויז, וואס דעם פערקויף פון מיין פרוי'ס ליעבע האט בעשטעטיגט דיא קירכע אדער דיא רעגיערונג, און דיעזע פון מיין טאכטער, האט זיא אליין בעשטעטיגט. מיט מיר בלייבט עס גלייך, איך גלויב ניט אין קיין צערעמאניען. ווערענד מיין טאכטער אבער, פערזארגט מיך מיט אלעמען וואס איך בענעטהיג און פערלאנגט פון מיר קיין אויסטויש דאפיר, פאדערסטו יעמצט פון מיר, איך זאל צוריק ווערען דיין מאן. זעהסטו פעליסי, אין דיעזער בעציהונג, זיינען מיר מענער שוין שטארק פערשיעדען פון דיא פרויען. א פרוי קימערט זיך ניט אויב איהר מאן האט געהאט צוואנציג אנדערע ווייבער, און דאן זאל ער אויך צו איהר געהערען, ווערענד דיא מענער, וועניגסטענס איך, קען דיך שוין ניעמאלס בעטראכטען אלס מיין פרוי, נאכדעם וויא דוא האסט בעלאנגט צו איין אנדערן...“

א פויזע האט וויעדער איינגעטרעטען, און פעליסי, וויינענדיג, האט געמורמעלט:

„איז דאס דיין לעטצטעס ווארט?“

„יא,“ האט ער געענטפערט. „אונזערע וועגען שיידען זיך דא. איך נעה מיר מיין וועג און דוא דיינעם. שימפף ניט אויף דיין טאכטער, ווייל זיא האט ניט ערגער געהאנדעלט אלס דוא. זיא, אין איהר נויט, האט זיך פערקויפט צו מענער, דאסזעלבע האסטו אויך געטהאן. ניט בייא איהר און ניט בייא דיר איז געווען א פרייע וואהל פון ליעבע.“

ער האט דאן אויסגעשטרעקט זיין האנד און אנגענומען איהרע:

„פעליסי,“ האט ער געזאגט מיט א ציטערענדער שטימע, „מיך פרייט עס צו הערען, וואס דוא קענסט לעבען רוהיג אויף דער עלטער. קעהר צוריק אהיים, צו דיינע קינדער, און זארג פיר זייער ערציהונג. מאך פון דיא גוטע מענשען, כל־זמן דוא האסט דיא מעגליכקייט. פאלג מיך, און הייראטה ניט מעהר. דוא ביסט שוין איין עלטערע פרוי, און דיין הייראטה, כל־זמן זיא וועט ניט פערבעסערן דיין לאגע, האט קיין איינציגע ענטשולדיגונג. גוטע נאכט!“

אין נעכסטען אויגענבליק האט ער אבגעלאזען איהר האנד, זיך אומגעווענדעט און איז פערשוואונדען געווארען.

אויפ'ן שבועות טאָג, וואס דאַמור צוריק געקעהרט צו זיין היימאָטה. ער האט ווידער פאָרטגעזעצט זיין לעבען ווי אין דיא לעצטע דרייא יאָהר, און אויפ־ געזעהען צו לעבען פיר זיך אליין.

אין איין צייט איז אַרויס א פּראָקלאַמאַציאָן, אז אַלע קאָמוניסטען, וועלכע האבען צוריק געקעהרט נאך פראַנקרייך, קענען צוריק קריגען זייערע ציוויל און פּאָליטישע רעכטע, אָבער דאַמור האט זיך אום דעם זעהר ווייניג בעקימערט, און ער האט זיך אפילו ניט געוואָלט מעלדען צו דער פּאָליצייא אום אָנצוצייגען זיין גע־ גענוואַרט.

„וואס דאַרף איך נאך שטערען דיא בעאַמטע?“ האט ער זיך געטראַכט. „צו וואס דאַרף איך דאס? צו זיין א בירגער הייסט נאַר, זיך צו שטערען דיא פערזענליכע רוהע און פרייהייט, און דאס וויל איך ניט.“

יא, דאַמור לעבט יעטצט ווי א מויז אין א לאָך, אָבגעזונדערט פון דער וועלט, בעהאַלטען, פערגעסען; ער בעלאַנגט ניט צו קיינעם און קיינער בעלאַנגט ניט צו איהם. ער האט זאָגאַר אויפגעהערט רויט צו ווערען פאַר שאַנדע, ווען זיין טאָכטער בעשענקט איהם מיט א פּרעזענט.

„דאס איז דער אויסטריט פון פרויען־ליעבע,“ טראַכט ער זיך ווען ער דער־ מאָהנט זיך, „און דאסזעלבע איז מיט אַלע אונזערע פרויען, אויב זייא האבען צו איינציגע מענער אָדער מעהרערע.“

ער האט אפילו אמאל פּראָבירט אַרויס צו קריכען פון זיין בעהעלטעניש און וועקסלען צביסעל דיא אַרט פון זיין לעבען. דאן האט ער זיך דערמאָהנט, אז דיא וועלט האט א טבע צו מאכען בעמערקונגען, זאָגען מוסר און אַרויס רופען אונאַנגע־ נעהמע ערינערונגען.

„ניין, ניין,“ האט ער צו זיך אליין געזאָגט, „איך וויל דאס ניט! קיינער ווייס ניט וועמען דער שוך קוועטשט, און עס איז אימער לייכטער יענעם צו זאָגען מוסר ווי זיך אליין. אך, דיא מוסר־זאָגער! זייא האבען שאַרפע צונגען, אָבער זייא קענען ניט אַריין קוקען אין דיא פערוואונדעטע הערצער פון דיא מענשען, צו וויסען ווי זייא זאָגען דעם מוסר.“

טאַנכע מאָל אָבער, אונטערהאַלט ער זיך אויף גאַנץ גוט. דאס איז דאַ־ מאָלס, ווען בעררו, דער זאַרגנעגלאַזער, קומט צו איהם צו גאַסט, און דאן פאַנגט אן א לעבען פון עסען, טרינקען, געהען אויף דער יאַגד, כאַפּען פיש און פּוסטע פּלוידעריי וואס בצריהרען ניט דיא לעבענס־פראַגען.

בערזה, וויא עס שיינט, איז פאָלקאָמען צופריעדען צו האבען אזא פריינד אוּן ביידע זיינען גליקליך.

לעמצטענס, האט בעדרו אָנגעפאנגען צו ברענגען אנארכיסטישע צייטונגען אוים פאריז. דיא צוויא אלטע קאמעראדען לעזען דאס אוּן בעשפרעכען עס אין א מעכאנישען טאָן צום צוועק פון אונטערהאלטונג, אָהנע וויא זאָלען זיך שפירען אמ־מינדעסטען בעטהייליגט.

מאנכע מאָל ווערען וויא זאָגאר שטארק דערהיטצט אוּן זאָגען, אז מען דארף באָמבארדירען דיא גאנצע רעגיערונג, אויפהייגגען דיא רייכע, פערברענען פאריז, איבערבויען דיא שטאָדט אוּן עררייכטען א שטאָדט נאָר פיר דעם פאָלק.

אָבער זייא זיינען גאנץ אונשעדליך. דיא איינציגע אידעע וואס בעשעפטיגט אמאל דאמורן, אוּן פוּן וועלכען ער האט געמאכט א שטודיום, איז דיא פרויען־עהרע. אין דעם פערשטעהט ער זיך איין גאנץ גוט, אוּן ער האט אויך מאנכע אויסגעצייכענטע בעגריפע דאריבער.

ע נ ד ע



# א גלח'ס זינד.

1.

לא טעס איז אריין אין דער קליינער קירכע, מיט דעם בעזים אין האנד, און האט דיך גענומען שנעל אויסקעהרען. זיא האט געוואוסט, אז שפעטער וועט זיא קיין צייט נים האבען, ווייל זיא וועט אין דעם טאג אנפאנגען צו וואשען דיא וועש פון דיא פערגאנגענע זעקס מאנאט.

קעהרענדיג איז דער שטויב געפלויגען אין אלע זייטען, און לא טעס האט דיך פלוצלינג אבגעשטעלט, אויסגעקוקט פון אלע זייטען, און מיט בעדויערן בעטראכט דיא היילינע בילדער און היילינע פיגורען פון דער קליינער קירכע.

„בייא מיין ווארט," האט זיא געזאגט, „מען וואלט זייא בעדארפט גוט אויפוואשען און אבריינינגען. זעה נאר וויא דיק דער שטויב איז וואס ליעגט אויף זייא. אבער נים היינט, ניין, היינט האב איך קיין צייט נים."

נייסטליבער מודעט איז דאמאלס אריינגעקומען.

„גוט מארגען, אייערע עהרווירדען!" האט לא טעס געזאגט שרבליקענדיג דעם נייסטליכען און אוועק שטעלענדיג דעם בעזים.

„גוט מארגען, לא טעס!" האט ער געענטפערט מיט א שעהנער מוזיקאלישער שטימע.

„זעה נאר זעה," האט לא טעס ווייטער געזאגט, זיך אנועק שטעלענדיג מיט ביידע הענד פארבאקום. „וואס איז היינט אזוי שפעט? ווייסט איהר, אז עס איז שוין צוואנציג מינוטען נאך זעקס?"

אהנע צו ערלויבען דעם שמייכלענדען יונגען גייסטליכען עפעס צו זאגען, האט זיא פארטגעזעטצט:

„איך מוז אייך שוין ווידער אנזידלען. וואס איז דאס פאר א נייער ריס אין אייער קאפטען? איך פערשטעה נים וואס דאס הייסט! מען מוז נאר שטעהן און פערריכטען טאג אזוי נאכט. וויפיעלע נאך קאפטענס האט איהר? נאך

איינעם, און דער איז אויך צוריסען. עס וועט דאָך אויסקומען, אז איהר וועט ניט האבען מיט וואס ארויס צו געהען אויף דער גאס!“

אימער שטייכלענדיג, האט דער יונגער גייסטליכער געענטפערט:

„בייא נאַט מאכט עס ניט אויס וואס פאר א קאפטען מען טראָגט. א נייעם אָדער איין אלטען, קיין אונטערשייד.“

זיא האט איהם אָנגעקוקט בעדויערנד. דיא אלטע לא טעט, מורעט׳ס הויז־האלטערין, האט שוין ניט געוואוסט וויא אזוי נאך זיא זאָל לערנען דעם ארמען נאבלעסיגען גלח, ער זאָל אויסזעהען וויא א מענש.

„איז מיין שוועסטער שוין אויפגעשטאנען?“ האט דער גייסטליכער פלוצלינג געפרעגט. „איך האב זיא נאך היינט ניט געזעהען.“

„אזוי, ניט געזעהען? וואס זעהט איהר דען יא? מאַדמאָאזעל דעזירע איז שוין לאנג אויפגעשטאנען. זיא איז בעשעפטיגט בייא איהרע עופות און קרולעקעס. זיא ערווארטעט היהנדלעך זאָלען היינט ארויס קומען.“

לא טעט האט נאך עפעס דאָרט צורעכט געמאכט, דאן אימער שאָקלענדיג מיט איהר אלטען קאָפּ, אז זיא בעדויערט דעם יונגען און נאבלעסיגען גלח, איז זיא ארויס פון דער קירכע.

מורעט, ערנסט, אונטערגעבען און אויפריכטיג, איז צוגעגאנגען צום מזבח, ניעדערגעקניעט, און מיט א ווייכער און צארטער שטימע, האט ער אָנגעפאנגען צו זאגען זיינע געבעטע.

2.

ווען ער איז ארויס געקומען פון דער קירכע און איז אריין אין הויף, איז לא טעט געשטאנען און דאָרט אויף צוזאמען געקעהרט.

„הערט נאָר אויס, אייערע עהרווירדען,“ האט לא טעט געזאגט בעז און בעד־פעהלענדיג, „איהר מעגט בלעבען זאגען אייער שוועסטערל, זיא זאָל דאָ ניט אָנ־מאכען אזא מיסט מיט איהרע חיות און עופות.“

„ווירקליך, לא טעט,“ האט דער יונגער גייסטליכער ערווידערט גוטמיטהיג. „איהר האט נאָר א טבע זיך אויף אלעמען צו בייזערן. לאָזט דעזירע׳ן צופריעדען מיט איהרע אונשולדיגע פערגניגענס.“

„נו, וואס דען? איהר גיבט דאָך איהר אימער רעכט. איך וויים, איהר זייט א לעמעשקע, און אפילו ווען מען לערענט אייך עפעס איהר זאָלט וויסען וויא

צו לעבען אויף דער וועלט, ווילט איהר אויך ניט וויסען. ניט אומזיסט האט אייך דער בישאָף פערשיקט אהער נאך לא צרטאָר. ערגיץ אנדערש וואָלט איהר נאר ניט נעפאסט. אזא שלים־מזל פאסט אויף אין אזא פערשטופטען ווינקעל.“

„איהר האט א מעות, לא טעס. איך אליין האב נעוואָלט דאָ איבערנעהמען די קירכע. וואס פעהלט אונז דען? האבען מיר ניט אלעס וואס מיר ווילען? ויינען מיר ניט גליקליך?“

לא טעס האט אויפגעצויגען מיט די אקסלען, וויא א מענש וואס גיבט אויף יעדע האָפנונג.

„געוויס פעהלט אייך גאר ניט. איהר זייט א הייליגער מאַן, מאָנסיע,“ האט זיא געזאָגט אביסעל חוזק מאכטענדיג. „איהר האט גאר ניט און אייך פעהלט גאר ניט. ארויס געוואָרפענע ווערטער, נישטאָ מיט וועמען צו רעדען.“

גראָדע דאמאלס האט זיך געהערט א פרישע און יונגע שטימע:

„סערזש! סערזש!“

דעזירע איז אריינגעלאָפען. איהרע באַקען האבען געפלאַמט מיט מונטערקייט און געזונדהייט, און איהרע ווייסע הענד האבען זיך ארויס געזעהען פון די פער־קאמשעמטע ארבעל. זיא האט ארום געכאפט איהר ברודער, איהם געקושט אויף'ן מויל, און אויסגעשריען:

„אַך סערזש!“ דוא זאָלסט נאָר זעהען מיינע היהנדלעך! אלע זיינען אזוי שעהן... וואוהין געהסטו יעטצט?“

מורעט האט זיך צערטליך בעפרייעט פון זיין שעהנער שוועסטער'ס אומאַר־מונג און געענטפערט:

„איך געה ארונטער אין דאָרף. מיר דאַכט עס זיינען דאָרט דאָ א פאאר קראַנקע וואס בעדארפען א טרייסטענדעס וואָרט. אז מען וועט מיך זעהען, וועט מען מיך געווים ארייגרופען. שיקען ביז אהער נאך מיר, האט איינער זעלטען חשק.“

„גוט, גוט“, האט זיך לא טעס אריינגעמישט. „זעהט נאָר איהר זאָלט זיך בעגעגנען מיט ברודער ארשאנזשיאס. אָבער פערגעסט ניט אהיים צו קומען צו פריהשטיק. איך ווייס דאָך, בייא אייך קען עס נעהמען ביז 12 אוהר.“

מורעט איז אוועק.

לא טעס האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ בעדויערענד און אונטערגע־מורמעלט:

„וואס מיינט ער? ראכט זיך שוין א מענש פון 26 יאָהר אַלט. און ער איז נאָך ווי א קינד.״

דא איז ניט געווען נאָר א הויז־האַלטערין, זאָנדערן אויך ווי א מוטער. זיא האט אכטונג געגעבען אויף איהם און אויף זיין שוועסטער. דעזירע איז שוין אפילו געוועזן א מיידעל פון א יאָהר 17, שטאַרק געוואקסען און הויך, אָבער פאַר איהר האבען נאָר געלעבט דיא הינער, דיא גענז, קאַטשקעס, טויבען, קרוליקעס, און הינט.

3.

מיט מורעט איז אַרויס פון הויף, האט ער גענומען זיין וועל־דעבאטס איבער דיא גרינע פעלדער אום צו גרייכען דאס דאָרף פון דער אַנדערער זייט. איבער׳ן וועג, האט ער בעגעגענט ברודער אַרשאַנזשיאַס, וועלכער איז שוין געווען א מאַן אין דיא עלטערע יאָהרען און געדיענט אַלס דער לעהרער, קירכהויף־וועכטער און נאָך אַנדערע נעטהינקייט פון דאָרף.

אַרשאַנזשיאַס איז געווען זעהר פרום, אָבער ער האט געהאט א מיאוס׳ע טבע, זיך צו בעדיענען מיט זעהר שאַרפע און פראָסטע ווערטער.

„גוט מאָרגען, אייערע עהרווירדען!״ האט ער אויסגעשריען מונטער, וואס פאר א טייפעל ברענגט אייך אַהער אַזוי פריה?״

„ברודער,״ האט מורעט געענטפערט אין א צערטליכען טאָן, „וואָרום זאָלט איהר ניט מעסיגען אייער שפּראַכע?״

אַרשאַנזשיאַס האט געלאַכט, און דאַן, רעדענדיג עטליכע מינוטען, האט איהם מורעט מיטגעטהיילט, אז ער און לא טעס וועלען זעהר צופריעדען זיין, ווען ער וועט צו איהם קומען אבענד צום נאַכטמאָהל.

אַרשאַנזשיאַס האט אָנגענומען דיא איינלאַדונג און איז זיך געגאַנגען זיין וועג.

מורעט האט געוואַנדערט ווייטער, פערטראַכט איבער דער שעהנער געגענד און איינאטהעמענדיג דיא פרישע מאָרגען־לופט.

פּלוצלינג האט ער דערזעהן א דראָשקע פאָהרענדיג.

ער האט זיך אומגעקוקט און בעמערקט א מאַן אין א דראָשקע, מיט איין פערד, וועלכעס ער האט אַליין אָנגעטריבען.

„אה, מערוש זי" האט ארויסגעשריען א שטארקע מענטשטימע, „ווא ביסט עס, מיין יונגע?"

די דראשקע איז געבליעבען שטעהען און דער נייסטליכער האט דערקענט זיין אנקעל, דאקטאר פאסקאל רומא, אדער מאנסיע פאסקאל, ווי מען פלעגט איהם רופען אונטער די ארמע.

אבוואהל קוים עטוואס עלטער פון פופציג יאהר, איז שוין דר. פאסקאל'ס קאפ געווען שנעע־ווייס. זיין גרויסע בארד און לאנגע לאקען האבען ארום נע־רינגעלט זיין געזיכט, וועלכעס האט ארויסגעזעהען זעהר ערעל און רעליקאט.

„און דוא געהסט דיר אזוי ארום אין דער זונן און שטייב צו דיעזער צייט?" האט דר. פאסקאל געזאגט, אויסשטרעקענדיג זיין האנד צום יונגען גייסטליכען. „דוא האסט וואהרשיינליך קיין מורא ניט פאר זונען־שטיך?"

„ניין, אנקעל, איך האב גראדע אזוי קיין מורא ניט ווי איהר", האט מורעט געענטפערט לאכענדיג.

„זעהסט דאך, אז מיך בעשיטצט די רעק פון מיין דראשקע. דא, בין איך געצוואונגען ארויס צו פאהרען. קראנקע מענשען איבערהויפט, קענען ניט ווארטען."

דאן האט איהם דר. פאסקאל דערצעהלט, אז ער פאהרט צו דעם אלטען ושאנבערנאט, דער אויפזעהער פון פאראדו, וועלכער האט געהאט איין אפאפלעפ־טישען שלאג לעטצטע נאכט. ושאנבערנאט'ס א שכן, א בויער, וועלכער איז גע־קומען נאך פלאסאן, האט איהם דאריעבער מיטגעטהיילט.

„ער מוז שוין יעטצט זיין טויט," האט דער ארצט פארטגעזעטצט. „אבער דאך, מוז מען זיך פריהער איבערצייגען דאריעבער. דיעזע אלטע חברה־לייט זיינען אמאל געוואונג שטארק, אפילו די אפאפלעקסיע איבערצולעבען."

ער האט אויפגעהויבען זיין בייטש אום ווייטער צו פאהרען, אבער מורעט האט איהם אבגעשטעלט.

„ווארט, אנקעל, אום וויפיעל אוהר רענקט איהר וועט איהר דארט זיין?"

„אונגעפעהר אום עלף."

מורעט האט זיך אפילו דערמאהנט און לא טעסין, ווי זיא וועט שרייען און ליארמען, אבער זיך דערמאהנענדיג, אז דא קען ער טרייסטען א מענשען אויף זיין שטערבע־בעט, האט ער געזאגט:

„איך וועל מיט אייך פאָהרען, אָנקעל. דער אונגליקליכער בענערהינט אוהר׳ א גייסטליכען צו דיעזער שטונדע."

דר. פאסקאל האט זיך ניט געקענט בעהערשען און געמוזט לאכען.

„וואס, ושאנבערנאט!" האט ער געזאָגט. „געה שוין געה. דיין מיה איז אומזיסט. ווען דוא זאָלסט איהם נאך קענען מאכען צו גלויבען, דאן וואָלט איך געזאגט, אז דוא ביסט א קינסטלער! נאָר, איבריגענס, קום, פאָהר מיט. דיך אליין אָנצוקוקען, קען איהם שוין קורירען."

דער גייסטליכער איז אריין אין דער דראָשקע.

דאס פערד איז געלאָפען גאנץ שנעל פאָרוועטס און דיא ביידע מענער האבען אָנגעפאנגען א געשפרעך.

„דוא זעהסט אויס גאנץ בלאס?" האט דער דאָקטאָר בעמערקט.

„ווער, איך? מיר פעהלט נא־ ניט. איך בין געזונד וויא א ריעז."

„דאס פריים מיך," האט דר. פאסקאל בעמערקט ווירקליך צופריעדען. „אין פריהלינג מוז מען זעהר פאָרזיכטיג זיין. דאס בלוט איז דאמאלס טהעטיגער וויא אימער. יא, וואס האב איך דיר געוואָלט זאָגען, איך האב לעטצטענס גע־ עהען דיין ברודער אָקטאוו אין מארסייל. ער איז אוועק געפאָהרען קיין פאריז.... דוא אליין, סערזש, ביסט דער איינציגער הייליגע אין דער פאמיליע ... דיא איבריגע, בע...."

דאס געשפרעך האט זיך געצויגען ווייטער, נאָר מורעט האט אויסגעזעהען זעהר ניינירעריג איבער ושאנבערנאט. ער האט געוואָלט אלעס וויסען. וואס הייסט דאס? וויא קען עס איין אלטער מאן, ליעגענדיג אויף׳ן שטערבעבעט, זיין איין אפיקורוס?

„פערשטעהסטו מיך," האט דר. פאסקאל געזאָגט צערטליך צו זיין נעפע, וועלכען ער האט געליעבט פאר זיין קינדישער אונשולד. „עס זיינען דאָ א סך מענשען וואס עס איז זעהר שווער זייא צו פיהרען אין גן־עדן. אך, ווען זייא זאָלען אלעס דערצעהלען, וואָלסטו געהערט א וידוי, וואס וואָלט דיך מעהר וויא בעאונ־ רוהיגט. מיך בעקימערט נים זייער וידוי, ווייל איך זאָרג ניט אום זייערע נשמות. מיך אינטערעסירט זייערע קערפערס... יא, איך האב גאר פערגעסען, וואס טהוט עפעס מיין ניכטע, דאס הייסט, דיין שוועסטער רעזירע?"

מורעט האט איהם אלעס דערצעהלט איבער איהר, און פאסקאל האט גע־ שמייכעלט. דערווייל זיינען זייא אָנגעקומען ניט ווייט פון איין אלטמאָדישען פאלאסט מיט א הויכען פארקען.

„איז עס נאָך ווייט ביז אהין ?" האָט מורעט געפרעגט נייגיעריג.

„ניין, מיר זיינען שוין אין לע פּאראדו, ביסטו גאָר קיינמאָל דאָ ניט גע־וועזן ? עס איז גראדע דריי מיילען ווייט פון לע ארטאר. דאָס איז אמאָל געווען א פּראכטפּאָלעס גוט. דער פּארקען פון דיעזער זייט, איז א גאנצע מייל לאנג. אָבער, לויט ווי מען דערצעהלט, איז שוין פאראיבער באלד הונדערט יאָהר, זייט דער גארטען אינוועניג, איז פערלאָזען און פערווילדעט געוואָרען."

„איך מערק מיר זעהר שעהנע בויטער דאָרט," האט מורעט בע־מערקט.

„יא, דיעזע זייט, איז זעהר פרוכטבאר. דער גארטען, בעהויפּטעט מען, איז געוואָרען א גאנצער וואלד, און ליגענט ארום געריננעלט מיט הויכע פעלזען פון אלע זייטען. מען זאגט, אז אינוועניג זיינען דאָ אונגעפעהר פינף ברונענס."

דאן האט פּאסקאל ווייטער אָבגעשילדערט מיט אלע מעגליכע איינצעל־הייטען איבער לע פּאראדו. נאָך צור צייט פון לואיס דעם 15־טען, האט דאָרט זעהר א רייכער מאן עררכטעט א פּאלאסט, מיט א מעכטיגען גארטען, טייכען, סטאטוען און אנדערע מערקווירדיגע זאכען. אָבער ער האט דאָרט פערבראכט ניט מעהר וויא איין זומער, צוזאמען מיט א וואונדערבארער שעהנע פרוי. דיעזע פרוי איז וואהרשיינליך דאָרט געשטאָרבען, דען קיין מענש האט זיא מעהר געזעהען. אויף'ן אנדערן יאָהר, איז דער גרעסטער טהייל פון דעם פּאלאסט אָבגעברענט געוואָרען, דיא גארטען טהירען האט מען פערשלאָסען און אלעס איז בעוואקסען געוואָרען. זייט דאמאלס, ווערט בעהויפּטעט, איז קיינער ניט אריין אין גארטען צו זעהען וואס דאָרט טהוט זיך.

„און צו ווע מען בעלאנגט יעטצט לע פּאראדו ?" האט מורעט געפרעגט נאָך דיעזער ערקלערונג.

„ווירקליך, קיינער ווייס ניט," האט דער ארצט געענטפערט. „דער איינענ־טהימער איז דאָ איינמאל געווען מיט 20 יאָהר צוריק. אָבער ער האט זיך אזוי דערשראָקען פאר דער ווילדקייט פון דיעזען פּלאטץ, אז ער האט שוין מעהר ניט צוריק געקעהרט. דער הויפּט בעל־הבית, איז דער אויפזעהער, דער אלטער חברה־מאן, זשאנבערנאט, וועלכער האט זיך אויסגעזוכט א וואָהנונג צווישען דיא חורבות פון דעם פייער. אָבער, זעה נאָר, קוק זיך איין, מען קען יעטצט ניט בעמערקען, אויב א פייער איז דאָ אמאל געווען. אלעס ליגענט איינגעהיעלט אין קלעטערענדע פּלאנצען און בלומען."

דאָרט איז עס געווען. דיא ווינען געבליעבען שטעהען.

דער יונגער נייסטליכער איז ארויס געשפרונגען פון דער דראָשקע און בײַ דאָוּנדערענדיג, האט ער בעטראַכט דיא גאַנצע געגענד, מיט אַזוי פיעלע גע־היימניסע.

„און דער אַלטער ושאַנבערנאַט וואָהנט דאָ אַליין?“ האט ער ווייטער גע־פרעגט, ווען פאַסקאַל איז אויך אַרויס פון דער דראָשקע.

„יאָ, גאַנץ אַליין,“ האט דער אַרצט געזאָגט, נאָך נאַכדעם האט ער בײַ־טראַכט:

„דאָס הייסט, אפילו נים גאַנץ אַליין, ער האט מיט זיך א ניכטע, א יונגעס מעדכען. ער האט זייא גענומען אַריין נעהמען וואָהנען מיט איהם. זיא איז איינפאַך א ווילדע. זיא האט פיינד מענשען. נאָר, לאָמיר זיך אַביסעל צו אײַלען. דאָס גאַנצע האַוז זעהט אויס ווי טויט.“

4.

פאַסקאַל האט צוגעבונדען דאָס פערד נעבען אײַזערנעם טויער, און זייא זיינען דאַן בײַדע אַרײַן.

דאָרט, צווישען דיא פלאַנצען און בלעטער, הינטער דעם שאָטען פון דער גאָרטען־לאַגע, איז געשטאַנען דער אַלטער ושאַנבערנאַט, אַזוי גראָד ווי א בוים, און זיך רוהיג געראַכערט זײַן ליולקע, בליקענדיג ווי דיא גרינציינען וואַקסען.

„וואס איז דאָס, אַלטער? נאָך נים געשטאָרבען?“ האט דער אַרצט גע־פרעגט שפּאַסענדיג.

„אַזוי, אַזוי, איהר זיים דאָס געקומען מיך בעגראָבען?“ האט ושאַנבערנאַט געברומט מיט א גראָבער שטימע. „איך דאַנק אײַך פאַר דער טובה. איך דאַרף נים קיינעם. גאַנץ אַליין האָב איך מיר געלאָזען בלוט.“

ערבליקענדיג דעם נייסטליכען, האט ער אָנגענומען א דראָהענדע מינע. פאַסקאַל האט דאָס בעמערקט, און קוקענדיג דעם אַלטען, האט ער זיך אַרײַנ־געמישט און געזאָגט:

„דאָס איז מײַן נעפע, דער נייסטליכער פון לע אַרטאַד; אויך א גוטער ברודער. צום טײַפעל, אַלטער ושאַנבערנאַט, וואס איז מיט אײַך וואס איהר זיים אַזוי אין כעס? מיר זיינען דאָך אַהער נים געקומען אײַך אויפצועסען!“

דער אַלטער האָט זיך צוביסעל בערוהיגט.

„איך וויל דאָ קיינעם ניט פון דער פינסטערער באַנדע,“ האָט ער געזאָגט מיט זיין רוהיגער שטימע. „עס איז גענוג ווען זייא האָבען אַנדערע פּלעצער. מערקט זיך גוט, דאָקטאָר, איך וויל ניט האָבען קיין גלחים פאַר מיין טויט אָדער נאָך מיין טויט. געשטאָרבען, בעגראָבען און א סוף! נאָר אַזוי וויא ער איז אייער געפּט, מעג ער אריינקומען.“

מוריעט איז געווען איבעררַאַשט. ער האָט זיך ניט געקענט ריהרען פון דעם פּלאַטץ.

ווען דר. פּאַסקאַל האָט געוואָלט שפּירען דשאַנבערנאַמ'ס דופּק, האָט דעם אַלטען'ס צאָרן ווידער ערוואַכט:

„לאָזט מיך צורוה, איך בעט אייך, מיט אייערע רפואות. איהר ווייסט דאָך, איך גלויב אַזוי אין דאָקטוירים וויא איך גלויב אין גלחים. איך האָב דאָך אייך געזאָגט, איך האָב מיר געלאָזען בלוט מיט מיין מעסער'ל, און אַלעס איז פאַר־איבער. וואָס איז דאָס געווען דער שווייגישער בויער וואָס האָט אייך געשטערט? האָסטו געהערט א רעש! דער דאָקטאָר איז דאָ, דער גלח אויך, און ווער איז דער טייפעל? צום בעדויערן, מען קען זיך אַנדערש ניט העלפען, דיא מענשען מוזען זיין דומקעפּ. אָבער, נאָך אַלעמען, זאָל דאָס אַלעס אונז ניט שטערען עפּעס צו טרינקען.“

ער האָט אַרויס געבראַכט א פלעשעל מיט 3 גלעזלעך, אָנגעגאָסען, יעדען דערלאַנגט. זיין נאַנצער בעם האָט אויסגעזעהען מיט איינמאַל פערשוואונדען.

„טרינקט, טרינקט, מיין ליעבער גלח,“ האָט ער געזאָגט, „דאָס איז ניט קיין סם. א גלאָז גוטער וויין איז ניט קיין זינד. בייא מיין וואָרט, עס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב אָנגעשטויסען מיין גלאָז מיט דעם גלאָז פון א גלח. אייער פאָרגענגער, נייסטליבער קאַפּען, האָט ניט געוואָלט טרינקען, האָטש ניב איהם א קריינק. שטעלט זיך נאָר פאָר, ער האָט מיך געוואָלט איבערציינגען, אַז עס איז דאָ א גאָט. אָבער ער האָט שוין ניט געקענט לויז ווערען פון מיר. ווען איך האָב איהם בעגעגענט, האָב איך איהם אויפגעפאָדערט ער זאָל דאָס מיר בעווייזען. אָבער דער דומקאָפּ, האָט אימער געמאַכט א ויברת.“

„וואָס!“ האָט מוריעט אויסגעשריען ערשראָקען און פערוויסט, וואָס רעדט איהר? איז עס נאָר בייא אייך א פראַגע איב נאָט עקזיסטירט?“

דער אלטער האט הערצליך געלאכט.

„אדרבא," האט זשאנבערנאט געזאגט שפּאָטיש, „איך בין בערייט צו ווערען א חיילינער, ווען איהר וועט דאס מיר בעווייזען. אָבער מערקט זיך גוט, בייא מיר איז גישטאָ קיין פּוילע שטיק. אייערע פּסוקים זיינען בייא מיר נאר ניט ווערטה. פאקטען, לעבעדיגע פאקטען וויל איך זעהן. עס זיינען פערהאנדען עטליכע טויזענד ביכער אין איינעם פון מיינע צימערן דאָ בייא מיר. דאָרט קענט איהר געפינען דיא ווערקע פון אלע פילאָזאָפען אין 18־טען יאהרהונדערט, און דערצו אויך א גאנצען הויפען ביכער איבער רעליגיאָן. אין דיעזע צוואנציג יאָהר זייט איך בין דאָ, האב איך א מאסע געלעזען. איהר זאָלט דערפאר ניט מיינען, אז איך קען ניט אלע אייערע ראיות און איהר וועט מיך דאָ קענען פערדרייען מיט אייערע גלח'ישע נארישקייטען."

מורעט איז געווען פערווירדט און ניט געקענט רעדען א וואָרט. זשאנבערנאט האט געגעבען א מאך מיט דער האנד און פאָרטגעזעטצט:

„אלעס איז נאר ניט. דער מענש איז ניט מעהר יחסן וויא דער שוואלב דאָרט אונטער דעם דאך. ווען דיא זונן וועט זיך אויסלעשען, וועט אלעס זיין טויט וויא א קלאָטץ."

דר. פאסקאל האט געשמייכעלט און בעמערקט:

„אזוי נאר, איהר זייט א מאטעריאליסט?"

„איך בין בלויז איין ארמער מענש," האט זשאנבערנאט געענטפערט. „ווען דער גראף דע קאָרביער, מיין שטיף־ברודער, איז געשטאָרבען, האבען מיך זיינע קינדער אהער געשיקט אום פון מיר פטור צו ווערען. דאמאלס בין איך אלט געווען 60 יאָהר, און עס האט זיך מיר געדאכט, אז איך בין שוין נוטה למות. אָבער, וויא עס שיינט, האט דער מלאך המות אן מיר נאר פערגעסען. זעהט איהר, ווען א מענש לעבט גאנץ אליין, האט ער א געלעגענהייט בעסער צו בעטראכטען דיא וועלט און וויסען איהר בעדייטונג, וויא צור צייט ווען מען לעבט אין רויש און טומעל. אלסדינג איז נאר ניט; עס איז עפּעס א מין נארישער שפּיעל. מיין ברודער, דער גראף, האט מיר אמאל געזאגט: „זעה, זשאנבערנאט, איך ערווארטע דיך צו זעהען אין ניהנום." מיר האבען ביידע געלאכט דערבייא, און זיך געמאכט דערפון וועניגער ציטעס וויא איהר פון אייער גן־עדן. אָבער דומהייטען, ניהנום, גן־עדן, דאס איז אלעס א פּוסטע פאנטאזיע. ווען מען רעקט איינעם צו מיט עטליכע לאָפּעטעס ערד, האט גענומען א סוף פון אלעמען."

פאסקאל האט װידער געלאכט און געצױגן דעם ערשטױנטען יונגען גלח בײם ארבעל.

„אָבער דומהײטען!" האט דער אלטער אױסגעשריען געבענדיג א שטארקען קלאפ אין טיש מיט זײן פױסט. „קומט, לאָמיר טרינקען נאך צו גלעזלעך. האט קײן מורא נים, גײסטליכער, אױף'ן דנאָ פון גלאָז איז קײן טײפעל נישטאָ!"

פאסקאל און דער אלטער האבען געטרונקען, נאר מורעט האט אױפגעצױגען מיט די אַקסלען, צוגעװאָרפען זשאנבערנאָט'ן א טרױעריגען בליק, און זיך גע־טראכט:

„געביך, דער אלטער מאן; זײן נשמה איז פערלױרען. אונמעגליך זי צו רעטען פון גיהנום."

„און װיא געהט עס מיט אײער קלײנער?" האט פאסקאל פלוצליגג גע־פרעגט.

„גאנץ גוט," האט זשאנבערנאט געענטפערט. „זי איז קײנמאל נים אין הױז. דעם גאנצען טאָג זעה איך זי נים. איבריגענס, פיעללײכט איז זי אין די אױבערשטע צימערן."

ער האט זיך אומגעװענדעט און אױסגעשריען:

„אלבין! אלבין!"

קײן ענטפער.

„װאהרשײנליך נישטאָ," האט ער װײטער בעמערקט. „אלזאָ, מײן הערר גײסטליכער, פאר מיר, זעהט עס אױס, קענט איהר נים פרעדיגען. איך װײס, איהר טראכט זיך, אז איך בין דער אלטער טײפעל זעלבסט. גוט, װען איהר װעט האבען אמאל חשק צו זעהען דעם אלטען טײפעל, קומט אריבער."

מורעט האט קײן חשק נים געהאט אנצונעהמען די אײנלאַדונג. גראדע דאמאלס האט זיך געעפענט א טהיר און אלבין איז ערשינען.

„אָט איז זיא, דיא מציאה!" האט זשאנבערנאט אױסגעשריען. „שױן װידער געװען אין גארטען!"

אלבין איז געשטאנען לאבענדיג. זי איז געװען א מײדעל פון א יאָהר 17; פריש װיא א רױז און אזױ שעהן װיא א בליהענדע בלום. זי האט געטראגען אײן אַראנזשען קאַלירטעס קלײד, מיט א רױטער פאטשײלע צוגעבונדען ארום גארטעל. איהר קאָפּ און האלז, זײנען געװען בעדעקט מיט בלומען, און זי האט אזױ מונטער געלאכט, אז אין איהר טאָן האט מען געקענט הערען דעם אָבקלאנג פון גליק, יוגענד און אונענדליכע צופריעדענהײט.

„אבער אין גארטען ליעגט זיא איבער," האט ושאנבערנאם ווייטער גע־זאגט.

אלבין איז צוגעקומען צו דיא מענער, אימער לאכענדיג, און אזוי וויא דר. פאסקאל איז געוועזען איהר בעסטער פריינד, האט זיא איהם אומארמט און גע־קושט.

„אזוי, אזוי," האט פאסקאל געזאגט, „דוא האסט גאר קיין מורא ניט פאר דער איינזאמקייט פון לע פארעדו?"

„מורא? ווארום?" האט זיא געפרעגט עפענענדיג איהרע אויגען מיט ערשטוינען, „דיא ווענט אין גארטען זיינען אזוי הויך, אז קיינער קען ניט אריבער קריכען. איך בין דארט איינע אליין. איך בין דער איינציגער בעל־הבית'טע; דער גארטען איז מיינער. ער איז אזוי גרויס, אז איך האב נאך אין איהם קיין ענדע ניט געפונען."

„און דיא חיות?" האט דער דאָקטאָר געפרעגט.

„אָה, דיא חיות! זייא וועלען מיר גאר ניט טהון. „זייא קענען מיך אלע."

„אבער עס איז זעהר פינסטער אונטער דיא בוימער."

„געוויס, עס איז דאָ א שאטען. ווען עס זאָל קיין שאטען ניט זיין, וואָלט אבגעברענט געוואָרען מיין פנים פון דער זונן. אָבער דערפאר איז עס זעהר אנגע־נעהם צווישען דיא בלעטער און בלומען."

זיא האט דאן אָנגעפאנגען ארום צו שפאנען מיט דער גרעסטער מונטער־קייט, געשטייכעלט אונשולדיג צום נייסטליבען, און זיך פלוצלינג ווענדענדיג צו פאסקאלין, האט זיא געזאגט:

„הערט, איך האב א געסט מיט קליינע שווארצע פינגעלעך. ווילט איהר זייא האבען?"

„ניין, איך דאנקע," האט ער געענטפערט. „גיב זייא דעם נייסטליבען'ס שוועסטער. זיא האט דאס ליעב. אלזאָ אלטער ושאנבערנאם, אדיע!"

אלבין האט זיך דערוויל געווענדעט צו מורעט'ן און געפרעגט:

„איהר זייט דער נייסטליכער פון לע ארטאָד? איהר האט א שוועסטער? איך וועל זיא געהען זעהן. אָבער ווען איך וועל צו אייך קומען, זאָלט איהר צו מיר ניט רעדען איבער גאָט. מיין אָנקעל קען דאס ניט ליידען."

„הער אויף צו פלוידערן!" האט ושאנבערנאם אויסגעשריען. „[illegible] מיר ריין הענט!"

אלבין האט זיך ווידער צולאכט. און ווי א ציגעלע, אזוי איז זי אוועק געשפרונגען און; איז אריין אין גארטען.

„זי איז אזוי פערליעבט אין די בלומען," האט דער אלטער געזאגט גלייכ־גילטיג, „אז זי וועט נאך אמאל שטארבען מיט זיי דארט אין ווילדען גארטען."

ווען ער האט זיינע בעזוכער בעגלייטעט ארויס, האט ער בעמערקט:

„הערט מיך אויס, דאקטאר. ווען איהר וועט מיך דא אמאל געפינען טויט, זאלט איהר מיר טהון א טובה און מיך ארייננווארפען דארט אהין אין טהאל צווישען די ווילדע גראזען. אדיע !"

ווען מורעט איז צוריק געפאהרען מיט זיין אנקעל, האט דער לעטצטער בעמערקט:

„א מערקווירדיגער אלטער און נאך א מערקווירדיגערעס מעדכען. זי איז אלט געווען 9 יאהר ווען זי איז צו איהם געקומען. זיינער א ברודער איז געשטארבען און דאס קינד איז צוריק געבליעבען אין גרעסטען עלענד. עס איז אויף איהם אלזא געפאלען דער גורל ער זאל זי נעהמען. זי איז א גאנצע דאמע און איהר אייגענעס פריין. זי איז אויך א זעלטענע ווירטהין. און דאס האט זי קיינעם ניט געבען זיך זי צו לערנען."

„איך פערשטעה נים," האט זיך ענדליך מורעט אנגערופען. „וואס קען ווערען פון איהר ?"

„איך האב אמאל גערעדט מיט דעם אלטען דאריעבער, און ער האט מיר געזאגט, אז וואס ווייניגער מען ערציהט קינדער, אלץ בעסער איז עס פאר זיי. זיין מיינונג איז, דאס א בוים און א קינד דארף מען לאזען וואקסען ווי זיי אליין."

זיי זיינען צו יענער צייט אנגעקומען צום ענדע פון דעם גארטען־פארקען.

„אט איז אלבין !" האט פאסקאל אויסגעשריען.

„אויבען, אויף'ן פארקען, איז געשטאנען אלבין, זיס געשמייכעלט און גער מאכט מיט דער האנד צו די פארבייא פאהרער און ליעבליך געקוקט צו מורעט'ן. ווען פאסקאל האט זיך דאמאלס אומגעקוקט, האט ער בעמערקט, אז זיין געפע'ס געזיכט איז שטארק רויט געווארען.

מורעט האט איהם דעם גאנצען וועג געענטפערט איין ווארט פון צייט,

דאן האט ער געטרייבט צו דעם פלאטץ וואו ער האט איינגעשטיגען, און האט אום קיינעם פרייז ניט געוואָלט זיין אָנקעל זאָל איהם ווייטער פיהרען.

אָבער וואס איז מיט איהם געשעהען? ווארום איז דער יונגער גייסטליכער צוריק געגאנגען אזוי פערטראכט?

אָנקומענדיג אהיים? איז איהם לא טעם ענטקעגען געגאנגען און זיך שטע־לענדיג פאָרבאָקום, האט זיא איהם אָנגעקוקט מיט א ווילדער מיענע.

„איך ווייס, איך ווייס," האט ער ארויס געשטאמעלט, „יא, מיין נטע לא טעם, איך בין ווירקליך געקומען אביסעל שפעטלעך."

לא טעם האט איהם אנפאנגס בעטראכטעט מיט א פערראכטענדען בליק, און נאכהער האט זיא געזאגט:

„איך בין שוין זאט פון דיא ענטשולדיגונגען, פון אייך, פון אייער שוועסטער, פון לע ארמאָד און פון דער גאנצער געשיכטע. בעצאָהלט מיר פאר מיין מיה און איך געה."

מורעט האט זיא אָנגעקוקט פערוואונדערט, ווערענד לא טעם האט אויס־געטהאָן איהר פארטוך.

„אָבער, מיין נטע לא טעם," האט ער געזאגט בעטענדיג, „עס איז דאָך נאך דאָ צייט. טהוט אייך גאָר צוריק אָן דאס פארטוך און מיר וועלען נאך רעדען דאריעבער."

„ניין, ניין, אלעס איז פאָראיבער!" האט זיא געשריען. „איך האב געמיינט, אז אין אייער זכות, אלס עהרליכער און גוטער קריסט, וועל איך קענען לייטערן מיין נשמה. אָבער אזוי... איבריגענס, וואו זיינט איהר געווען?"

מורעט האט איהר אלעס דערצעהלט.

„געווים!" האט זיא אויסגעשריען, „א שעהנער קריסט זיינט איהר? וועלכער עהרליכער קריסט געהט דאס צו יענעם אפיקורוס? ווער קען ניט וואנבער־נעמען?... בעצאָהלט מיר און איך געה!"

נאך שווערער מיה איז איהם קוים געלונגען צו בערוהיגען דיא אלטע, און זיא פערזיכערן, אז זיין פרומקייט איז גראדע אזוי וויא געווען; און זיא האט ניט וואס מורא צו האבען, אז ער וועט זיך חליכה לאָזען אראָב פיהרען פון דרך הישר.

---

5.

אבענד איז ברודער ארשאנזשיאז ערשינענען צום עסען. דעזירעע האט אבער ניט געקענט זיצען רוהיג ביים טיש, און איז געלאָפען אריין און ארויס אכטונג צו געבען אויף איהרע חיות.

ארשאנזשיאז האט געהאט זעהר א גוטען אפעטיט, און ער איז אימער צושטאנדע געווען אויפצועסען א ברויט, איידער מען האט אויפגעגעבען דאס געקאָכטע עסען. לאַ טעס האט איהם דערצעהלט איבער מורעט'ס בעזוך צו ושאנבערנאט'ן, און צווישען זיינע גרויסע ביסען, האט ער דערווייל דעם גייסטליכען געמוסר'ט, און איהם ערקלערט, אז צו האפנונגסלאָזען זינדער, דארף מען מעהר ניט געהן.

דערווייל האט זיך דערהערט א קלינגענדער געלעכטער פון דעם הויף. עס זיינען געווען יונגע און גליקליבע שטימען.

מורעט איז אויפגעציטערט געוואָרען. ער האט עפּעס געשפירט, וואס האט געטריעבען א פערגניגענדע קיהלקייט אין זיין גאנצעס לייב.

„וואס איז דאָרט?" האט ער געפרעגט.

דאן האט ער געהערט דעזירעע'ס שטימע:

„האסטו געהערט א געשיכטע? זיא וויל אום קיינעם פריי ניט ארייני קומען. איך האב זיא אָנגעכאפּט ביים קלייד, אָבער זיא איז אונגעהייער שטארק, זיך אויסגעריסען און איז ענטלאָפען."

„פון וועמען רעדסטו דאָרט?" האט לאַ טעס געפרעגט אריינקומענדיג מיט איין טעלער קארטאָפעל און איין טעלער פלייש.

„איך האב זיא!" האט דעזירעע ווייטער געשריען און דאן איז זיא ערשינענען און זיך אומגעקוקט. „ווייטער ענטלאָפען!"

דעזירעע האט געהאלטען אין איהרע הענד א נעסט פון שווארצע פייגעלעך, וועלכע זיא האט ארויס געלייגט אויף א טעלער, און דרייא קליינינקע פייגעלעך, ערבליקענדיג דאס ליכט, האבען אויסגעשטרעקט זייערע העלזעלעך. דעזירעע האט געפּאטשט מיט איהרע הענד פאר גרויסעס פערגניגען.

„ווער איז דאָרט געווען?" האט מורעט געפרעגט, טראָמען דעם וואס ער האט געוואוסט.

„עס איז געווען דאס מיידעל פון פאראדט. א פשוט'ע ווילדע. וואו נאר, אט איז זיא דארט געבליעבען שטעהען אויף אונז צו קוקען."

אבער מורעט איז צוגעגאנגען צום פענסטער. עס האט זיך איהם נעדאכט, אז ער האט בעמערקט אלבין'ס אראנזשען־קאלירטעס קלייד. ער האט איהר געוואלט נאכלויפען, מיט איהר רעדען, אבער ער האט דערהערט ברודער ארשאנזשיאס שטימע און דאס האט איהם צוריק געהאלטען.

„דער טייפעל זאל זיא נעהמען, דעם רויבער'ס מאכטער!" האט ער געשריען. „חען איך וועל זיא אמאל כאפען, וועל איך איהר אויסרייסען דיא צעפ, דערפאר וואס זיא קוממ אהער מיט איהר בישוף."

אלבין האט איהם וואהרשיינליך געהערט, דען איהר פרישע שטימע האט דאמאלס אויסגעקלונגען אין א מונטערעס און שפאטישעס געלעכטער.

„שאנבערנאט זאל קראפירען וויא א הונד!" האט דער ברודער געשריען. און זעהענדיג וויא מורעט איז אונצופריעדען מיט דיעזער ארט שפראכע, האט ער צוגעלייגט: „ניין, ניין, פאר אזא זינדער איז קיין גאט נישטא, קיין חרטה און קיין רחמנות."

„אזוי, אזוי," האט זיך לא טעס אריינגעמישט, „דער היילינגער סערזש מורעט האט זיך געמאכט א וועג צום טייפעל'ס דיענער און איז בעקאנט געווארען מיט דער מכשפה. שא! איך וויל פון גאר ניט הערען! איהר זייט דארט געוועזן און דאס איז שוין גענוג! וואס ווילט איהר מיר דערצעהלען? אלעס איז פוסטע זאכען! איהר האט פריהער בעדארפט פרעגען עהרליכע מענשען, איידער איהר זייט אהין געגאנגען. זאגט מיר, אייער היילינקייט, פון וואנען ווייסט איהר נים, אז דער שטן האט זיך פערשטעלט אין דער געשטאלט פון דער קליינער מכשפה און זוכט אייך צו פערפיהרען? הע, הע, מיך נארט מען נים; איך דערקען גאנץ גוט, אז איהר ווייסט שוין נים אויף וואס פאר א וועלט איהר זייט."

ברודער ארשאנזשיאס האט זיך דערוויל גענומען גאנץ געשמאק בעפריעדיגען זיין אפעטיט, נאר צייטענווייז האט ער אריינגעווארפען א פאאר ווערטער בעשטעטיגענדיג אלעס וואס לא טעס זאגט.

אבער וואס איז געשעהען מיט מורעט'ן? וואס האט פאסירט מיט דעם יונגען און שעהנעם גייסטליכען? ער האט קיינע ווערטער געהאט און זיך נים געקענט פערטהיידיגען. ער האט זיך געשפירט וויא שולדיג.

איידער ברודער ארשאנזשיאס איז אוועק, האט ער געזאגט צו מורעט'ן:

„הערט מיך אויס, מיין פריינד! טרייסט קען מען געפינען אין נאַט און אין דער רעליגיאָן. ווען עס שמערצט אייך, דאַן זאָלט איהר אויסגיסען אייער הארץ פאַר דער הייליגער מוטער מאַריא."

6.

דיט מענשען האבען פערוואָרפען זייער נאַטירליכעס לעבען און אָנגעפאַנגען צו פיהרען א לעבען געגען זייער נאַטור און געגען זייער גייסט, איז ענטשטאַנדען א פירכטערליכער קאַמפף אין דער מענשליכער וועלט.

וואס האט ארויס געזופען א שאַנדע־געפיהל צו דיא געשלעכטס־אָרגאַנען? דער איינציגער ענטפער דאַרויף איז: דיא קליידער.

אין ווילדען אפריקאַ, וואו מענשען לעבען מעהר מיט דער נאַטור אלס מיט אונזער זאָגענאַנטער ציוויליזאציאָן, טראָגען דיא מענשען זעהר ווענינ קליידער. און דיא פרויען מיט דיא מענער בעדעקען ניט דיא פלעטצער וואס מיר רופען שאַנדע־ערטער.

אונגעאַכטעט דאַרויף וואס דער מענש איז דאָרט היטציגער און אויפגע־רעגטער, ווערט דער מאַן אָדער דיא פרוי אין יענער געגענד, פיעל וועניגער אויפ־געזעגט, ווען מען ערבליקט דיא נאַקעטע געשלעכטס־אָרגאַנען.

ווען דער מענש, וועלכער איז ענטשטאַנדען אין וואַרעמען קלימאַט און האט נאכהער געמוזט איבערגעהען אין קיהלערען קלימאַט, האט אָנגעפאַנגען אָנצוציהען קליידער, האט ער אויך אָנגעהויבען זיך צו בעדעקען מיט דיעזע קליידער, אפילו ווען עס איז ניט נעטהיג, און האט געמאַכט פון דיא קליידער א לוקסוס. עס האט אזוי וויים געגרייכט, אז ער טראָגט קליידער, ווען דיא נאַטור פאָדערט עס ניט, און ווען דיעזע קליידער פעהלען, דאַן זעהט ער אין דעם שאַנדע און שפירט אויפ־רעגונג.

יעדער בעדעקטער מענשליכער טהייל, איז געוואָרען א פערבאָרגענע פרוכט צו וועלכער מען האט מעהר לוסט צו דערגרייכען.

אָבער דאַרויף גיבט עס וועניגסטענס איין ענטשולדיגונג. דיא געוואָהנהייט איז געוואָרען א צווייטע נאַטור, ווייל קליידער טראָגט מען א חיבשען טהייל פון דיא יאהרעס־צייטען אויס נויטהווענדיגקייט. דערפאַר אָבער, האט דער מענש זיך איינגעבילדעט אנדערע דומהייטען, וועלכע האבען לחלוטין ניט וואס צו טהון מיט

דין נאטור און זיינען א גענצליכער ווידערשפרוך צו דער בעשאפענהייט פון זיין קערפער.

זאָ, צום ביישפּיעל, האט ער זיך אָנגעהויבען פאָרצושטעלען, אז דיזע ברואים וואס ער פערהערליכט, האבען ניט געקענט קומען אויף דער וועלט כדרך־הטבע, זייא האבען ניט געקענט געבוירען ווערען וויא ער אליין. ער האט זיך אלזאָ ער־קלערט, אז דערבייא ליעגט געטטליכקייט און ניט קיין מענשליכעס.

דיא געבורט פון דיזער פערזאָן, וואס ער רעכענט פאר א גאָט, האט גע־מוזט געבוירען ווערען ניט דורך געשלעכטליכען פערקעהר, דען דער געשלעכטליכער פערקעהר איז, לויט נאך זיין מיינונג, א שאנדע־מיטעל וויא אזוי פּראָסטע מענשען, איינפאכע בשר־ודם'ניקעס, ווערען געבוירען.

דער מענשליכער צוזאמענקונפט, איז געוואָרען א שאנדע, און אונגעאכטעט דארויף וואס ער האט געשפּירט דערצו אנציהונג, האט מען איהם געלערענט פון קינדהייט אויף דארויף צו קוקען מיט פעראכטונג.

זיין צווייטער שריט איז געווען, דאס ווען מען וויל זיין גוט, ריין און פרום, דאַן מוז מען פערציכטען אויף געשלעכטליכען פערקעהר, דאס אויפגעבען, און לעבען אין בחור'שאפט אָדער בתולה'שאפט.

דער מענש האט געדריקט דיא נאטור, זיא פערפאָלגט און געלערענט צו פעראכטען איהר ווילען. דיא נאטור האט געקעמפפט דאגעגען, און דער זיעג איז געווען אבוועקסלענד, אמאל האט דיא נאטור טריאומפירט און אמאל האט דער מענש געהאט ערפאָלג.

דער קאמפף האט אונטערדרעסען געהאט זיינע אָפּפער. דיא נאטור לאָזט זיך זעלטען בעטריגען, און דיזע וואס טרעטען איבער איהרע געזעטצע, ווערען מייסטענטהיילס הארט בעשטראָפט.

דער נארישער מענש! ער האט פערגעסען צו שטודירען נאטור'ס פאָר־ערונגען און איהרע אבזיכטען. דער בלינדער מענש האט ניט געזעהן, אז בייא דער בילדונג פון דעם מענשליכען קערפער אין דער מוטער'ס לייב, האט דיא נא־טור גלייך בעווארענט דיא מענשליכע אָרגאַנען, גראדע וויא זיא שאפט א מויל, א נאָז, אויערן א. ז. וו.

און ווער איז שטארקער? דיא נאטור אָדער דיא דומע מענשליכע איינ־בילדונג?

אמת, דיא דומע מענשליכע איינבילדונג האט א קראפט וואס מען קען ניט פערראכטען, אָבער דיא נאטור איז אויך ניט אזעלכע מיט וועלכער עס לאָזט זיך שפּיעלען און שפאסען. דיא נאטור האט איהרע אייגענע איינפעלע, און זיא וואוס אָב געדולדיג איהר פּאַסענדע געלעגענהייט.

7.

נייססליכער מורעט איז געוועזען א דיענער פון דער קאטאָלישער קירכע. זיין רעליגיאָן האט איהם פערבאָטען צו פערקעהרען מיט א פרויענצימער, און דיא דומע מענשליכע איינבילדונג איז געוועזען מעכטיג גענוג, אום אויסצררווירקען, ער זאָל ביי זיך פעסט ענטשליסען אזוי צו לעבען און אזוי אָבפיהרען זיין וועלט.

האט דיא נאטור געהאט דיזועלבע אבזיכט? ניין! דיא נאטור האט אין מורעט'ן אויסגעבילדעט א געזונדען, שטארקען און שעהנעם מאַן, מיט אלע איינגעשאַפטען צו ליעבען און געליעבט צו ווערען פון א פרויענצימער.

אָבער מורעט איז געוועזען פרום, אמת'דיג פרום און גאָטס־פּאַרכטיג און ער האט געהאט אין זיין קאריערע אויסגעארבייטעט דעם פּראָגראַם פון זיין לעבען, וויא קיין פרויענצימער האט איהם בעדארפט שטערען.

ווען דיא נאטור האט איהם געגעבען א קלאַפּ אין פּלייצע און געזאָגט:

„וונגערמאַן! מהון דיין פליכט אלס מאַן, דאס איז מיין וואונש."

דאמאלס האט מורעט געאיילט צו א הייליגעס בילד, ניעדערגעקניעט און אויפגעהויבען זיינע הענד, מורמלענדיג: „הייליגע מוטער מאריע, בעט פאר מיר!"

דיא מענשליכע נאטור איז א מערקווירדיגע. זיא ליענט פיעלע מאל איינגעשלאָפען אין א היהנער־פּלעט און ערוואכט ערשט ווען מען ערווארטעט דאס ניט. מורעט האט שוין אָבגעלעבט איבער 26 יאָהר, דורכגעמאכט דיא שולע, אויסגעשטודירט אלע הייליגע ביכער און אלע הייליגע פליכטען, געקריעגען א פּאָסטען, געשטיעגען אין זיין פרומקייט, בעגעגענט אונצעהליגע שעהנע פרויענצימער, און ער האט ניט געשפּירט וואס דיא נאטור פאָדערט פון איהם.

נאָר פּלוצלינג! וואס איז געשעהען?"

ער האט בעגעגענט דיא ווילדע אלבין. אמת, זיא איז געוועזען זעהר שעהן, אָבער דאָך, קען מען ניט זאָגען, אז זיא איז גראדע געוועזען דיא שעהנסטע אונטער

אַלע סיידלעך. אונטערדעסען האט איהר שלאַנקע פינגער פאר איהם איטער גע־
מאַנצט, איהר מוטטערער שמייכעל האט פאַר איהם געשוועבט און איהר ליעבליכעס
קינדישעס געזיכט האט איהם ניט פערלאָזען.

ניין, ער האט געשטרעבט דאַנגנען זיא ניט צו זעהען, אָבער דער יצר־הרע
איז מעכטיג, זיין קראַפט איז שווער צום בעזיעגען. עס האט איהם געצווינגען וויא א
מאַגנעט זיא צו געהען בעזוכען; ניט גראָדע זיא, זאָנדערן געהען גלאט איבער דיא
פעלדער, פיעללייכט וועט ער זיא בעגעגענען. און ער האט זיא אויך בע־
געגענט.

האט אַלבין אויך אויפגעפאַסט איהם צו בעגעגענען? פיעללייכט יא. האט
עס זיא אויך געצווינגען צו זיין יונגענדליכעס און שעהנעס געזיכט? פיעל־
לייכט יא.

יא, ער האט מיט איהר אויך עטליכע מאָל גערעדט. און איהר געגענוואַרט
איז ער געוועזען מאַכטלאָז, בערוישט, פערווירדט און בעזויפען מיט ליעבעס־געפיהלע.
נאָר ווען ער איז אוועק פון איהר, האט זיך פאַר איהם פאָרגעשטעלט דער גיהנום
מיט אַלע זיינע שוידערהאַפטע שרעקען און זיין הארץ האט אויפגעצ־טערט.

מורעט האט געליטען — פיעל געליטען! ער איז פון טאָג צו טאָג מאָגערער
געוואָרען און שוואַכער. ער האט וועלטען איבערגעשלאָפען א נאַכט רוהיג. עס
זיינען געוועזען שרעקליכע מאַרטערניסע, פון וועלכע ער האט ניט געקענט כוי־
זערען.

אַזוי זיינען פאַראיבער וואָכען, ביז ער האט זיך געשפירט, וויא ער האט דאַס
אָנגערופען, „אין דיא הענד פון דעם שטן."

אין א פאַרטאָג איז ער אויפגעשטאַנען, אַרוּם געגאַנגען אין הויף, וואו א
קיהלער ווינד האט אויסאַנאַנדער געבלאָזען דיא פאַרפומען פון דיא בלומען. מורעט
האט געשפירט א היטץ בעמעכטיגען זיך איבער זיין קערפער. זיין שטערן איז
געוועזען הייס וויא פייער.

ער איז אריין אין דער קירכע און צוגעגאַנגען צו דעם מוטער־גאָטעס ביל־
דאַס אומאַרמט און בעגעטצט מיט זיינע הייסע און זודיגע טרערען.

מורעט האט געזעהען וויא מיט פייערדיגע בוכשטאַבען פאַר זיך שוועבען דיא
ווערטער פון דער שבועה, וואס ער האט געשוואוירען צו בלייבען ריין, אונשולדיג
און אָפּגעבען זיין גאַנצעס לעבען צו גאָט אליין.

דאַן האט ער ניעדערגעקניעט און מיט א הערצרייסענדע שטימע האט ער
געבעטען:

„היילינע מוטער! דוא ריינסטע, זיבעטע און אייבינע בתולה! דוא ביסט מיין שוטץ, מיין שטיטצע און מיין לעבען. העלף דוא מיר, מוטער פון אלע ליידען! העלף מיר איך זאָל בעזיעגען דעם יצר־הרע, בעקעמפפען דעם שטן און האלטען מיין שבועה. ווען עס איז בעשטימט געוואָרען איך זאָל פאלען, דאן זאָל איך בעסער דאָ שטארבען און קיינמאל נים דערלעבען... העלף מיר, דוא גערעכטע מוטער, גיב מיר קראפט, דען איך בין שוואך, מיין הארץ איז זינדיג, מיינע אויגען זיינען פערבלענדעט און מיין נשמה איז פערשמירט. ווייז מיר דאן א וועג וויא אזוי איך זאָל ארויס פון דיעזען טיעפען זומפף, פון וואנען מען קעהרט שוין מעהר נים צוריק...“

ער האט זיך אונטערבראָכען, ארויפגעהויבען זיין קאָפּ און מיט זיינע פער־וויינטע אויגען האט ער שטודירט דאס בילד, פאר וועלכען ער האט גע־בעטען.

דאס בילד פון דער היילינער מוטער מאריע האט פאָרגעשטעלט א וואנדער־בארעס שעהנעם פרויענצימער, מיט רענעלמעסיגע געזיכטס־ציגע און אונטער דעם טרויער, איז עפּעס געלעגען וואס האט איינעם געקענט בעגייסטערן צום לעבען און געניסען.

דער מאלער וואס האט דאס בילד געמאכט, האט וואהרשיינליך געהאט אזא מאָדעל פאר זיינע אויגען און נאך דעם האט ער געארבייט.

האט דאס מורעט ביז דאמאלס נים בעטראכטעט? ניין! ער האט דיא פרויען־נאטור צום ערשטען מאל ערבליקט אין דעם היילינען בילד.

א פראָסט־קעלט איז געלאָפען איבער זיין לייב, א צאָהן אן א צאָהן האט געקלאפּט, אויף׳ן שטערן איז ארויס א קאָלטער שווייס, און מיט א קראך איז ער אומגעפאלען צו דער ערד אָהנמעכטיג.

## 8.

אלבין איז געזעסען נעבען דיא פאָרהענגע און אכטונג געגעבען עס זאָל נים אריין שיינען דיא מאָרגען־שטראהלען. דאן האט זיא זיך ארויפגעהויבען און איז רוהיג צוגעגאנגען צום בעט, וואו סערזש איז געלעגען און רוהיג געאטהעמט. זיין געזיכט איז געווען זעהר בלאס און זיינע האאר האבען שטארק ארויסגעוואקסען וועהרענד דער קראנקהייט.

זא, אלבין, איז געווען אנגעקליידעט אין א קלאר־ווייסעם קלייד און איהרע לאנגע האאר זיינען געווען צוזאמען געליינט אויף איהר קאפ און פערבונדען.

דאן האט ער געעפענט זיינע אויגען און געשמייכעלט.

„ניין, ניין, איך שלאף ניט," האט ער געמורמעלט מיט א גאנץ שוואכער שטימע.

„אך!" האט זיא ארויס געשטאמעלט דערפרייט.

„איך האב דיך געהערט דיא גאנצע צייט, מיין טהייערע", האט ער פארט־געזעטצט, „דוא ביסט ארום געגאנגען אויף דיא שפיטץ פינגער."

זיא האט זיך דערנעהנטערט און געפרעגט:

„און וויא געהט עס דיר, מיין ליעבער?"

אין דעם ווארט „מיין ליעבער" איז געלעגען א גאנצע וועלט מיט אויפ־ריכטיגער צערטליכקייט.

„זעהסטו," האט זיא ווייטער געזאגט, „ענדליך געהט דיר שוין בעסער. אך, ווען דוא וואלסט געוואוסט וויפיעל איך האב געליטען כל־זמן דוא ביסט גע־לעגען דארט געבען קלויסטער. אין יענער אומעטיגער שטוב! יעדעס מאל וואס איך בין געקומען ערפאהרען וואס דוא טהוסט, האט מען מיר געזאגט, אז דוא רעדסט פון היטץ און ביסט געפעהרליך קראנק. ענדליך האב איך מיך בעגעגענט מיט דיין אנקעל, און ער האט מיך געפרעגט אויב איך וויל זיין דיין קראנקען־וועכטערין, דא, וואו עס איז שטיל, רוהיג און לופטיג. איך האב איהם געהאלזט און געקושט דערפאר און דיך גענומען אהער."

זיא האט איהם צוגעדריקט מיט מוטערליכער צערטליכקייט.

„ניין, ניין," האט זיא פארטגעזעטצט, „דוא דארפסט שוין מעהר ניט קיין מעדיצינען. דיין אנקעל בעהויפטעט אויך דאסזעלבע. אלעס וואס דוא בענעטהיגסט איז, ליעבע! הא, וויא זאגסטו?"

ער האט אויסגעזעהען זיא ניט צו הערען און זיא האט ווייטער גע־פלוידערט:

„דאס איז מיין צימער. איך האב עס דיר געגעבען. איז דאס ניט ריין און שעהן? איך האב אהער אריינגעבראכט דיא שעהנסטע מעבעל. זעהסטו דוא שלעכטער מענש, דורך דיר וועל איך דא מעהר ניט קענען שלאפען. איך וועל מוזען שלאפען אויף'ן צווייטען שטאק. דארט זיינען דא צוויא אדער דרייא לערינע צימערן."

ער האט אויך אימער אויסגעזעהען זעהר בעטריבט.

„דוא ביסט אליין, מיין טהייערע?“ האט ער ענדליך געפרעגט.

„יא, ווארום פרעגסטו?“

נאך א פויזע האט ער געמורמעלט:

„איך האב געטרוימט א לאנגע צייט. איך טרוים אימער. איך הער גלאקען קלינגען, און דאס ערמיערעט מיך.“

נאך א פויזע האט ער בעמערקט:

„געה און פערמאך דיא טהיר; פערשליעס, פעררינגעל; איך וויל דוא זאלסט זיין אליין, גאנץ אליין.“

ווען זיא איז צוריק געקומען, האט זיא מיטגעבראכט א שטוהל און זיך גע־זעטצט. דאן האט ער געזאגט מיט קינדישער פרייד:

„יעטצט קען קיינער ניט אריינקומען. איך וועל מעהר ניט הערען יענע גלאקען. ווען דוא רעדסט צו מיר, דאן בין איך רוהיג.“

זיא האט אויסגעשטרעקט איהר האנד און געגלעט זיין באק. ער האט אנ־געכאפט איהר האנד און געזאגט לאבענדיג:

„אך, וויא גלאט דאס איז! אזוי וויא זייד. איך בעט דיך, נעהם ניט אוועק דיין שעהנע האנד, זיא ניט מיר לעבען.... אך, אלבין! דוא ווייסט נאר ניט וויא מיעף און וויא הייליג איך ליעב דיך! מיין אנקעל האט פערשטאנען מיין קראנק־הייט... נור האט ער געטהאן וואס ער האט מיך אהער געבראכט... דוא, דוא זיסע אלבין, ביסט לעבען און געזונט...“

„טהייערער און גוטער סערזש,“ האט זיא געזאגט צערטליך, „וויפיעל דוא האסט געמוזט ליידען!“

„ליידען? יא, יא, איך האב געליטען. אבער עס איז שוין א לאנגע צייט זייט דאמאלס. איך האב ניט געקענט שלאפען און איך האב געהאט שרעקליכע חלומות. ווען איך זאל קענען, וואלט איך דיר אלעס דערצעהלט.“

ער האט פערמאכט זיינע אויגען אויף א קורצער צייט, דאן האט ער זיך וויא דערמאהנט:

„אה יא, איך געדענק, איך געדענק,“ האט ער געשמאמעלט. „עס איז געוועזען א גאנץ לאנגע צייט צוריק. מיר האט זיך דאמאלס געדאכט, אז איך בין פלוצלינג אריינגעפאלען אין א העהל, און דארט איז געוועזען שטארק פינסטער. איך בין געקראכען, צוגעקומען צו א שמאלען פלאטץ, וואו איך האב מיך קוים דורכ־געשטופט. איך האב גערעכענט, אז דארט וועל איך ארויס אין דער פרייהייט, [illegible]

סוף איז נאך דאָרט געווען ענגער און צוריק קריכען האב איך שוין ניט געקענט. אך, וויא דאס האט מיך געשטיקט און געוואָרגען, און דאן — דאן ווייס איך מעהר ניט וואס עס האט פאסירט. נאכט, אייבּיגע, פינסטערע און שווארצע נאכט האט מיך ארום געריינגעלט פון אלע זייטען, ביז אלע געפיהלע האבען אויפגעהערט, און איך בין געבליעבען ליעגען טויט..."

אלבּין האט איהם בעטראכט מיט א שוועסטערליכען מיטליידענדען בליק.

"שטיל, שטיל, סערזש," האט זיא געזאגט, "איך וועה דאס רעדען שטרענגט דיך אן."

"ניין, דאס שטרענגט מיך ניט אָן," האט ער געענטפערט. "מיר דאכט זיך בכלל, אז איך דענק און דוא הערסט אויס מיינע געדאנקען."

ביידע זיינען געבליעבען שטיל, דאן האט ער וויעדער אָנגעפאנגען גלעטענדיג איהר ווייסע האנד:

"אך, דוא זיסע טויב! נאָר דיך האב איך געזוכט! דוא ביסט געווען דיא גאנצע וועלט פאר מיר. אָבער איך האב ניט געטאָרט, ניט בעדארפט וואגען, וויל... אי, אי, אי, דוא ווייסט ניט, ניין, דוא אונשולדיגע בלום, דוא ווייסט ניט דערפון..."

9.

מיר רופען יעטצט דעם נייסטליכען טורעם, בייא זיין ערשטען נאמען סערזש. סם איז דער נאמען וואס אלבּין האט אזוי שטארק ליעב אויסצושפּרעכען.

נאכדעם וויא ער איז געפאלען אָהנמעכטיג אין דער קירכע און לא טעס האט איהם דאָרט געפונען, האט מען איהם אריינגעבראכט אין דער וואָהנונג. ערשט ווען דר. פאסקאל איז געקומען, איז געלונגען איהם וויעדער צו ברענגען צום לעבען, אָבער זיין בעוואוסטזיין איז פערלוירען געגאנגען און א היטציגעס געדווען און געהיריג־ פיעבער וואס האט איהם ערגריפען.

אזוי איז פאָראיבּער דער זומער און דאן איז געקומען דער ווינטער. דר. פאסקאל האט זיך שטארק אינטערעסירט מיט דעם יונגען נייסטליכען, וועלכען ער האט זעהר געליעבט. ער האט אָנגעווענדעט זיין גאנצע קונסט אום איהם געזונד צו מאכען.

אָבער עס איז נים ליכם אריין צו ברענגען ווידער לעבען אין א קערפער וואו עס האם געברענט א העללישעס פייער. סערזש איז נאך אימער געווען שמארק קראנק, אָבוואָהל דאס פיעבער האט נאכגעלאָזען. ביז דאמאלס האט איהם לא מעס און דעזירעע געפּפלעגט, נאָר דר. פאסקאל האט איינגעזעהען, אז דיעזע צווייא פרויענצימער צוזאַמען, בעזיטצען נים גענוג פעהיגקייט אום דעם יונגען מענשען צו פערהעלפען צו זיין געזונדהיים.

סערזש האט בענעטהיגט רוהע, קיין שטערונג און א צערטליכע בעהאנדלונג. פאסקאל האט אין איין ציים גערעכענט איהם צו נעהמען אין שטאָדט אריין, אין א האָספּיטאל, אָבער אזא לאַנגען וועג, איז געווען א געפעהרליכע אונטער־נעהמונג.

האט ער זיך צוגעהערט צו סערזש'עס פלוידערייען און זיין היטציגען צו־שטאנד? עס שיינט אז יא. נאך מעהר, וואס ער האט געהערט, האט ער פער־שטאנען, נאָר לא מעס מיט דעזירעע'ן צוזאמען, זיינען געווען צו דום דאפיר.

דאַן האט ער שטודירט דיא דערשראָקענע מיענע אויף אלבין'ס געזיכט, ווען זיא איז געקומען ערפאהרען וויא עס געהט דעם יונגען נייסטליבען.

אין א טאָג האט ער דיא גאנצע געשיכטע איבערלייגט. ער האט זיך פאָר־געשטעלט לע פאראדו אלס דעם בעסטען און פאסענדסטען פלאַטץ פיר זיין געפע. דאָרט האט ער געוואוסט, אז עס הערשט גענוג רוה, און דאס נאטור־קינד, אלבין, דאס שעהנע מעדכען וואס האט אין זיך בעזעסען נאטירליכע גרוים־הערציגקייט און ליעבע, וועט זיין דיא בעסטע פפלעגערין.

דר. פאסקאל האט אוועק גענומען אלבינען אויף א זייט און איהר פער־טרויעט זיין פּלאַן.

זיא האט געוויינט פאר פרייד.

ווען דער אלמער זשאנבערנאַט האט דערפון געהערט, האט ער גע־זאָגט:

„מיך קימערט עס נים; ווען זיא איז איינפערשטאנען, בין איך אויך צו־פריעדען. איך האב אפילו פיינד דיא שווארצע דיענער פון דער קירכע. אָבער איך האב רחמנות אויף דעם יונגען מענשען.“

דר. פאסקאל האט נים געוואָלט מען זאָל וויסען וואו זיין געפע געפינט זיך, דעמיט מען זאָל איהם נים שטערען.

עס איז געווען אין א גאנץ פריה, ווען א גרייסער שנעע איז אויסגעפאלען.

דר. פאסקאל איז צונעפאָהרען מיט א פערמאכטען שליטען און נעזאָגט, אז ער מוז איבערפיהרען דעם נייסטליכען אין האָספיטאל.

דאן האט ער איהם געבראכט נאָך לע פּאראזו.

קיין מוטער, קיין שוועסטער און קיין קראנקען־וועכטערין האט געקענט אזוי פפלעגען דעם קראנקען וויא אלבין. זיא האט געוואכט נעבען איהם טאָג און נאכט, און ווען ער האט צום ערשטען מאל געעפענט זיינע אויגען וויא א פערנינפטינער מענש, האט זיך איהר געדאכט, אז זיא אליין איז גערעטעט געוואָרען פון דעם טויט.

סערוש איז נעוועזען ערשטוינט. אָבער אלבין'ס נעגענווארט, האט איהם צו־רי נענעבען נאך מעהר קראפט. אנפאנגס האט זיך איהם נעדאכט, אז דאס איז א זיסער טרוים, און עס האט איהם גענומען א היבשע צייט ביז ער האט זיך איבער־צייגט, אז דאס איז א ווירקליכקייט.

דאן האט איהם אלבין'ס אנוועזענהייט אלעס דערצעהלט.

„און איך בין ווירקליך דאָ מיט דיר אליין?" האט ער געפרעגט אונ־גלויבליך.

„יא, מיין סערוש."

„און קיינער שטערט אונז נים?"

„ניין."

„און איך קען האלטען דיין האנד אין מיינער?"

„יא."

„און דוא ביסט מיין שוועסטער?"

„יא, דיין שוועסטער, דיין מוטער און דיין פריינדין!" האט זיא געענטפערט אין א זיסער, ליעבענסווירדינער שטימע. עלע האט בעלייכטעט איהר גאנצעס שעהנעס געזיכט.

## 10.

אזוי זיינען פאריבער וואָכען, און אויסער וואס ער האט צוריק געוואונען זיין בעוואוסטזיין, האט ער זיך נים געקענט ריהרען פון דעם פלאטץ.

דער ווינטער האט שוין אָנגעהויבען נאכלאָזען, און ער האט אימער געבעטען אלבינען, זיא זאל נים עפענען דיא פענסטערן.

„אָבער ווארום, סערוש?"

„ווייל עס איז נאך ווינטער.“

„ווינטער? און וואס מאכט עס אויס?“

„ווינטער איז דער טויט פון דער נאטור. איך וויל ניט דעם טויט. איך וויל דאס לעבען, דעם זומער. זאָלאנג וויא עס וועט אָנהאַלטען ווינטער אין דרויסען, וועסטו זיין מיין זומער דאָ.“

זיא האט געלאכט און איהם געגלעט.

„אָבער ווען וועל איך מעגען עפענען דיא פאָרהענגע?“ האט זיא געפרעגט.

„ווען דער פריהלינג וועט זיך בעוויזען. ווען דיא ערשטע זומער־שטראהלען וועלען קומען; ווען דיא ערד וועט זיין בעדעקט מיט גרינעם גראָז, ווען דיא לופט וועט אטהמען מיט לעבען און דיא גאנצע נאטור וועט בלאָזען מיט גענוס.“

„וויא שעהן דוא רעדסט, מיין גוטער סערזש!“ האט זיא אויסגעשריען.

„איך קען ניט אזוי רעדען; איך ווייס ניט וואו מען נעהמט אזעלכע ווערטער.“

אזוי זיינען פאַראיבער נאך וואָכען, ביז סערזש האט זיך שוין געקענט אויפזעטצען.

אלבין איז געוועזען אויסעראָרדענטליך דערפרייט איבער זיין ערהאָלונג. דאן האט זיא פראָבירט צו זעהען אויב ער קען זיך אויפהייבען. דאס איז איהם געוועזען שווער. אָבער זיא איז געוועזען געדולדיג און געוואַרט, ביז ער איז שטארקער געוואָרען און וויא מען לערענט א קינד געהען, אזוי האט זיא איהם געלערענט.

אבענד איז זיא פערבליעבען אזוי לאַנג נעבען איהם, ביז ער איז איינגעשלאָפען, אנגעלעהנט אויף איהר האלז אָדער אין איהר שויס. דאן האט זיא איהם צערטליך אוועק געלייגט אויף׳ן בעט, געוואַרט נאך עטליכע מינוטען, און ווען זיא האט פערשטאנען, אז ער שלאָפט שוין, האט זיא לייכט בערי־הרט מיט איהרע ליפען זיין שטערען און איז געגאנגען שלאָפען אין דעם נייעם צימער וואס זיא האט פאַר זיך אויסגעוועהלט.

ענדליך איז געקומען דער פריהלינג. אלבין איז אָבער געוועזען געדולדיג. זיא האט געדענקט, וואס סערזש האט איהר אָנגעזאגט. ער האט געוואָלט זעהען וויא דיא נאטור לעבט.

אין א גאנץ פריה, ווען זיא איז צו איהם אריינגעקומען און ער האט נאָר וואס געעפענט זיינע אויגען, האט זיא אויסגעשריען מיט קינדישער פרייד:

„אך, טערעזש, היינט איז אלעס גרין און לעבעדיג! איך מוז אויפהייבן דעם פארהאנג!"

ער האט געשמייכעלט, אנגענומען איהרע הענד, צוגעפיהרט צו זיין מויל און זיא געקושט.

„עפענען דעם פארהאנג?" האט ער געפרעגט.

„יא! יא!"

„דאן עפען!"

זיא האט אויפגעהויבען דעם פארהאנג און א שטראם ליכט איז אריין פערטרינקענדיג דאס צימער מיט שטראהלען.

„איך וויל אויך עפענען דאס פענסטער!" האט זיא אויסגעשריען צום צווייטען מאל.

ער האט געשמייכעלט מיט פערגניגען.

זיא האט געעפענט דאס פענסטער און א לייכטער ווינטעלע האט אריין געבראכט א פארפום גערוך פון רויזען און גרינעם גראז.

„עס איז דאס לעבען. אלבין!" האט ער געמורמעלט זעהר גערירט, „עס איז דאס לעבען וואס אטהעמט און בלאזט אין מיר אריין נייע קרעפטען. אך, געליעבטע! העלף מיר ארונטער צו געהען פון דעם בעט."

זיא האט איהם געהאלפען זיך אנציהען זיינע קליידער. פון איהר זייט איז דאס געוועזען מוטערליכע ליעבע און צערטליכקייט.

ווען ער איז געווען אנגעצויגען, האט ער זיך אנגענומען ביי איהר ארעם.

„דוא ביסט אזוי שטארק," האט ער געזאגט.

„געוויס בין איך שטארק."

„און איך בין שוואך, א קינד נעגען דיר."

„שווייג, דוא שלעכטער," האט זיא געזאגט שפאסענד, „האב קיין מורא ניט, דוא וועסט אויך ווערען שטארק, נאך שטארקער פון מיר. דוא ווייסט נאר ניט וויא שוואך דוא ביסט אמאל געוועזען. קום נאר מיט מיר; האלט זיך פעסט. זעהר פעסט. איך בין אזוי שטארק, אז איך וואלט דיך געקענט טראגען אויף מיינע הענד..."

ער האט צוגעדריקט איהר ארעם און געציטערט.

זיא האט איהם געפיהרט און זייא זיינען ארויס אין גארטען.

לע פֿאַראַדיז מיט זיין גאַנצער הערליכקייט, איז ערשינען פֿאַר זיינע אויגען!

יאָ, דאָס איז געוועזען דאָס לעבען — דאָס לעבען און זיין פֿאָלשטענדיגער הערליכקייט!

אַלעס גרין, און פֿון צווישען די גרינע צווייגען האָבען אַרויס געקוקט פֿער־שיעדענע קאָלירטע בלומען. פֿון ווייטען האָט געמורמורמעלט אַ טייכעל און די פֿייגעלעך האָבען געפֿלאַטערט און זיך געפֿרייט.

סערוש האָט זיך געשפּירט, אַז ער איז נייע געבוירען געוואָרען.

די קרעפֿטען זיינען צו איהם געקומען פֿון סעקונדע צו סעקונדע.

„אַלבין!“ האָט ער אויסגעשריען ערפֿרייט, „דאָס איז דער גן־עדן! גישטאָ קיין אַנדערער! און דוא ביסט נאָט — מיין נאָט!“

דאָס אונשולדיגע נאַטור־קינד האָט אַזעלכע ווערטער נים פֿערשטאַנען, נאָר זיא האָט בעגריפֿען, אַז ער איז גליקליך און דאָס איז געוועזען גאַנץ גענוג פֿאַר איהר.

## 11.

סערוש האָט געוואָלט איינשלינגען די שעהנע נאַטור, און ער האָט יעדעס מאָל געעפֿענט זיין מויל און אַנגעפֿילט זיינע לונגען מיט פֿרישער און געזונטער לופֿט.

זיא איז געגאַנגען מיט איהם ווייטער און ווייטער, טיעף אין ווילדען גאָרטען, צווישען די בלומען, די טיעפֿע גראָזען און אונגעהייער הויכע בוימער.

„ניין, ער איז נים מעהר געוועזען שוואַך אָדער מיעד. אין געגענטהייל, ער איז געוואָרען שטאַרק און דאָס גליק האָט געדרונגען ווייט, טיעף אין זיין גאַנצען קערפּער.

זיא זיינען צוגעקומען צו אַ פּלאַטץ וואָס האָט אַרסגעזעהען האַלבער פּעמן.

„דאָ וועלען מיר זיך זעטצען אַביסעל,“ האָט אַלבין געזאָגט זיך אָב־שמעלענדיג.

ער האָט די אָנגעקוקט ערשטוינט און פֿערוואונדערט. דאַן האָט ער זיך געמאָטצט אָהנע צו רעדען אַ וואָרט.

פלוצלינג האט ער איהר געקוקט שארף אין געזיכט און אויסגעשריען:

„ווער ביסטו? פון וואנען קומסטו? וואס מהוסטו דא נעבען מיר?“

דא האט זים געשמייכעלט.

סערזש האט זיא אומארמט און געשטאמעלט בעזויפען מיט גליק:

„יא, יא, איך וויים, איך וויים ווער דוא ביסט. דוא ביסט מיין ליעבע, מיין בלוט און פליישׁ, דוא ווארטסט מיך צו נעהמען אין דיינע ארמען, אום מיר זאלען ווערען איינס. איך האב אזוי פיעל געחלום׳ט פון דיר! עס האט זיך מיר געדאכט, אז דוא ביסט אריין אין מיין ברוסט. איך האב נים געפיהלט קיין שמערצען; אין נטנענטהייל, עס איז מיר געווען גוט. דאן האסטו גענומען א העלפט פון מיין הארץ און דיעזע צוטהיילונג האט מיך אונגעהייער געפריים. איך האב מיך ארום געקוקט צו זעהען אויב איך האב עפעס בעסערעס נאך פאר דיר. אך, ווען דוא וואלסט מיך אפילו אין גאנצען צוגענומען, וואלט איך דיר געדאנקט. ווען איך האב ער־וואכט, ביסטו ארויס פון מיר. דוא ביסט ארוים דורך מיינע אויגען און דורך מיין מויל; יא, יא, איך האב דאס געפיהלט. דוא ביסט אין גאנצען געווען ווארעם און געשמעקט אזוי שעהן וויא דיא רויזען. דוא ביסט געווען זיסער וויא האניג און מיין גאנצער קערפער האט געציטערט פאר פרייד.“

אלבין האט זיך צוגעהערט צו זיינע ווערטער מיט פערגניגען. זיא האט זייא נים אין גאנצען פערשטאנען, נאר זיא האט געשפירט, אז דאס מאכט איהר פרייד.

„וויא אזוי האב איך נאר געקענט לעבען אהן דיר?“ האט ער וויימער גע־מורמעלט. „ניין, דאמאלס האב איך נים געלעבט. אהן דיר איז אימער געווען ווינטער, דער טוים. איך בין געווען וויא א חיה וואס שלאפט דעם גאנצען ווינטער. און יעטצט ביסטו מיינע! ניין, דוא ביסט איך אליין. הער מיך אויס, דוא דארפסט מיך קיינמאל נים פערלאזען; וויל דוא ביסט מיין גייסט, מיין אטהעם, מיין נשמה, און ווען דוא ביסט נישטא, לעב איך נים מעהר. מיר ועלען אויף אייביג זיין איינס. דוא וועסט זיין מיין בלוט און פלייש און איך וועל זיין דיינעס. אין דעם טאג ווען איך וועל דיך אמאל פערלאזען, זאל איך זיין פערפליכט, און מיין קערפער זאל פערוויאנעט ווערען וויא א בלאט אין קאלטען הערבסט...“

ער האט זיא פעסטער צוגעדריקט צו זיך און אויסגעשריען:

„וויא שעהן און וויא ליעבליך דוא ביסט!“

זיא האט געלאכט מיט קינדישער פרייד און זיך צוגעלאזט אלץ מעהר צו

„אַך, און וויא איך ליעב דיך!“ האט ער ווייטער געמורמעלט.

דאַן האט ער זיא פּלוצלינג אָבגעלאָזט.

„ענטשולדיגט מיר, האט ער געשטאַמעלט, „איך דריק דיך אזוי שטארק, און איך וועל דיך צודריקען וויא א בלום... דוא ביסט דאָך א שעהנע און צארטע בלום — שעהנער פון אלע בלומען...“

אלבין האט געלאַכט.

„ניין, ניין“, האט זיא געזאגט, „דוא קענסט מיך ניט צודריקען. דוא ביסט שוין געזונד און איך בין גליקליך...“

איהר געלעכטער איז געוועזען זיסער וויא דאס געזאנג פון דיא פייגעלעך און וויא דאס שטיפען פון דיא וועלכען אין טייכעל.

„אך!“ האט ער אויסגעשריען בעגייסטערט, „איז דאס דיין שטימע? זיא איז זיסער פון א־רגענד עפּעס וואס איך האב נאך ביז יעטצט געהערט. דוא ביסט ווירקליך מעהר וויא מיין נשמה!“

זיא האט ווייטער געלאַכט, נאך העכער וויא פריהער, זאָ דאס איהר שטימע האט אָבגעקלונגען איבער דעם גאנצען גארטען.

„דוא ביסט אזא נאר!“ האט זיא געפּלוידערט, „און דערצו ביסטו אזוי שעהן און אזוי ליעבליך...“

איהרע צוזאמענגעלייגטע האאר פון קאָפּ, האבען זיך אויפגעפּלאָכטען און זיינען אריעבער געפאַלען איבער איהרע האלב־נאקעטע שולטערן. א לייכטער ווינטעלע האט זייא געבלאָזען און עס האט אויסגעזעהען, אז זייא ווערע, וויא קליינע כוואליעס.

„אך, און וויא קראנק דוא ביסט געוועזען,“ האט זיא געזאגט פּלוצלינג ווער־רענדיג טרויעריג בייא דער עראינערונג.

„איך וויל ניט וויסען,“ האט ער געזאגט אוננעדולדיג, „איך וויל פון קיין זאך הערען, איך האב אלעס פערגעסען. איך ווייס בלויז, אז איך האב ערוואכט צום לעבען... צו, זעה נאר וואס פאר א שעהנע האאר דוא האסט, איך מוז זייא קושען...“

ער האט צוגעבויגען זיינע ליפּען און זייא געקושט.

„אזוי פיין וויא זייד, נאך פיינער,“ האט ער געמורמעלט. „יא, עס איז מעגליך, אז איך האב אמאל געלעבט. אָבער דאס איז שוין זעהר לאַנג. איך האב דיך דאמאלס געליעבט אין א שמערצהאפטען חלום... און דוא ביסט דאמאלס נאך געוועזען א קינד; יעטצט, זעה וויא גרויס און וויא שעהן דוא ביסט!

ביידע האבען זיך אומארמט, צונעפרעסט דיא ליפען איינע צו אנאנדער און זיך פערלוירען אין גליק דער ליעבע.

## 12.

יעדען טאג האבען זיא פערבראכט היבשע עטליכע שטונדען אין גארטען.

דיא מאכט פון ליעבע האט פערשיעדענע איינענטהימליכקייטען אין זיך. ווען סערזשעס הארץ האט צום ערשטען מאל דערשפירט דיא ליעבעס־פייל וואס איז אבגעשאסען געווארען פון אלבין׳ס שעהנהייט, האט זיין בלוט אויפגעקאכט ביז צו דעם העכסטען זידיגען גראד. דאמאלס האט ער זיא פערלאנגט, זיא געוואלט בעזיטצען און זיך פעראייניגען מיט איהר, לויט נאטור׳ס פארדערונגען צווישען מאן און ווייב. דאס בלוט האט אזוי לאנג געקאכט און געזאטען אהנע עס זאל בעפריעדיגט ווערען, ביז א העללישעס פייער האט איינגעטרעטען. דאן האט געפאקט דיא געפעהרליכע קראנקהייט.

ווען סערזש איז שוין געווען גערעטעט, און ווען ער האט אויף איינמאל ערבליקט נעבען זיך דעם געגענשטאנד, וועלכען ער האט קיינמאל ניט גערעכענט צו עררייכען, האט איהם א געפיהל פון אונבעגרענצטעס גליק איבערמעכטיג און ער האט דעם פריהערינען וואונש פערלוירען. ער האט מעהר ניט געוואלט האבען אלבינען אלס זיין פרוי, זאנדערן בלויז נעבען זיך און מיט איהר צוזאמען זאל ער בילדען איין קערפער, איין גייסט און דיזעלבע פערלאנגען. מיט דעם אליין איז ער געווען גליקליך און צופריעדען.

און זיא? אה, דיעזעס נאטור־קינד, דיעזע פרישע בלום וואס האט זיך אימער געבאדען אין טהוי פון דעם טרוימערישען הימעל, האט געליעבט! איהר הארץ האט קיין פלאטץ געהאט פיר עפעס אנדערש וויא ליעבע. זיא האט געזעהען אין סערזשען דיא שעהנהייט, ליעבליכקייט, גוטסקייט און טרייהייט. זיא האט אין איהם געזעהען זיך זעלבסט!

ווענען געשלעכטליכען פערקעהר? דערפון האט זיא ניט געוואוסט. עס איז איהר אויך קיינמאל ניט איינגעפאלען, אז דאס איז א טהייל פון ליעבע. אלבין האט בלויז געוואוסט, אז זיא דארף פאר סערזש׳ען אלעס טהון ווען עס מאכט איהם פערגניגען. און פון דעם וואס ער האט הנאה, דארף זיא אויך הנאה האבען.

אָבער ער האט מעהר נים פערלאַנגט וויא איהרע חענר, איהרע ליפען און איהרע באַקען. וואס ער האט נעוואָלט, האט זיא איהם נאכגעגעבען.

דיא אויסענוועלט אין פאַר איהר נעווען א רתקלעס נעהיימניס, נאך וועלכען זיא האט נים נעביינקט. פאַר איהר האט נעלעבט דיא פרייע נאַטור, איהר שטיל־קייט, מורמלען פון טייכעל, נעזאַנג פון דיא פיינעל און דאס סוד־ען זיך פון דיא בלעטער. זיא האט נעפונען מעהר הערליכקייט אין פליהען פון א זומער פיינעלע, וויא דיא ציוויליזירטע דאַמע אין א טהעאַטער־פאַרשטעללונג.

און לע פאראַדו האט זיא נעזעהען איהר גליק און צווישען דיא בלומען האט דא נעפונען א וועלטען־נענוס. זיא האט נים נעוואוסט פון קיין געטער, מלאכים, גן־עדן, ניהנום, פערדיענסט און שטראפע. זיא האט נעהאט דעם גן־עדן פאַר זיך, און האט הנאה נעהאט פון דער וועלט מיט אַזוי פיעל אונשולד, וויא דיא שוועלבעלעך וואס זיינען ערשיענען יעדען פריהלינג און נים אויפגעהערט צו שפּיעלען ביז אין ווייטען הערבסט.

פאלשקייט **!** בעטרוג **!** שווינדעל **!** דאס האט פאַר איהר נים עקזיסטירט. וואס זיא האט נעזאַגט, האט זיא נעמיינט, און וואס זיא האט נעפיהלט, האט דא אויסגעדריקט אין ווערטער.

פרייהייט איז נעווען איהר פאטערלאַנד און עהרליכקייט איהר וואהרער נענוס. נוט זיין איז נעווען איהר אונטערהאַלט, און צערטליכקייט איהר לעבען.

און סערזש **!** ער האט נע־שוידערט איבער דער פערגאַנגענהייט. דיא פער־גאַנגענהייט האט פאַר איהם ענטהאַלטען שרעק, ציטערן, שקלאַפעריי און ליידען. ער האט זיא נים נעוואָלט קענען. דיא נעגענוואַרט איז פאַר איהם נעווען דאס וואהרע לעבען און ער האט זיך נעוואָלט רעכענען פאַר נייא נעבוירען.

ער האט זיך איינגעליעבט אין אַלבינען, און איהר ארט לעבען און דענקען, און איז ווירקליך נעוואָרען א טהייל פון איהר. ער האט זיא בעטראַכטעט פאַר א הייליגטהום, וואס איז גאַנץ נענוג, ווען ער קען אויף איהר ליינען זיין האַנד און זיא בעטראַכטען פאַר זיין נאָמ.

13.

אין א פארנאכט, ווען זייא זיינען אריין אין צימער נאך א לאנגען שפאציר־גאנג אין גארטען, האט זיא צו איהם געזאגט:

„היינטיגע נאכט וועלען מיר זיך גוט אויסרוהען, און מארגען וועל איך דיך צוזעק פיהרען ערגיץ ווייט, וואו מיר זאלען זיך זעהר גוט אונטערהאלטען.

„ווען דענקסטו צו געהען?"

„ארום 10 א זייגער."

„אזוי שפעט?"

„יא."

„און וואס וועלען מיר טהון ביז דאמאלס?"

„עסען."

„און דערנאך?"

„וועל איך דיר דערצעהלען שעהנע געשיכטען."

גאנץ פריה איז זיא ארונטער געקומען, געבראכט עסען און ביידע האבען זיך אמוזירט.

נאך'ן עסען האט ער בעמערקט:

„מיר זיינען דא אזוי איינזאם; מיר הערען אפילו קיין שאָרך. דאס צימער מיט דעם מעבעל, שמעקען מיט אונגעהייערער אלטקייט. אונטערדעסען איז עס דאָ זעהר בעקוועם, אזוי וויא אין א נעסט. מיר דארפען דאָ זיין זעהר גליקליך."

דאס מעדכען האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און איז געוואָרען ערנסט. דאן האט זיא געמורמעלט:

„ווען איך וואָלט געווען א שרעקעדיגע, האב איך בעדארפט מורא האבען אין דער ערשטער צייט. דאס איז איינע פון דיא געשיכטען וואס איך האב דיר געוואָלט דערצעהלען. דיא איינוואָהנער פון דער נאכבארשאפט האבען דאס מיר דערצעהלט. עס איז מעגליכט ניט וואהר. ווייל זייא האבען ליעב צו פלוידערן, אָבער דאס וועט דיך געוויס אמוזירען."

זיא האט זיך אוועק געזעטצט נעבען איהם און אָנגעפאנגען:

„עס זיינען שוין פאָראיבער א סך יאָהרען זייט דאס האט פאסירט. לע פאראדו האט בעלאנגט צו זעהר א רייכען מאן, וועלכער איז אהער געקומען און זיך איינגעשלאָסען מיט א שעהנער דאמע. דיא טויערן פון פאלאסט זיינען געווען

אזוי שטארק פערמאכט, דאס קיין מענשען איז עס נעלונגען אמאל צו זעהען דיעזע דאמע.“

„אָה, איך ווייס,“ האט סערזש אונטערבראָכען, „און דיעזע דאמע האט מען שוין קיינמאל מעהר ניט געזעהען.“

זיא האט זיך ניט בעקימערט און פאָרטגעזעטצט:

„ווען דער רייבער הערר איז אוועק, זיינען זיינע האאר געווען ווייס וויא שנעע. ער האט געלאָזען פערשלאָסען אלע טויערן, זאָ דאס ניעמאנד זאָל אהער מעהר ניט קומען אום צו שטערען דיא דאמע — אָט אין דיעזען צימער איז דיא דאמע געשטאָרבען.“

„אין דיעזען צימער?“ האט סערזש געפרעגט מיט א לייכטען שוידער. „דוא האסט מיר קיינמאל ניט געזאגט — דאס הייסט, ביסטו זיכער, אז זיא איז אין דיעזען צימער געשטאָרבען?“

אלבין איז ערנסטער געוואָרען און דערצעהלט:

„דער רייבער הערר האט ספּעציעל געבויעט דעם גאנצען פּאלאסט פיר דיעזער דאמע. אָבער זיא איז געווען אומבעקאנט, קיינער האט ניט געוואוסט פון וואנען זיא איז געקומען. דיא דיענער פלעגען נאכהער דערצעהלען, אז ער האט נאך איהר טויט דאָ צוגעבראכט טעג מיט נעכט. ווען זיא האט נאך געלעבט, איז ער מיט איהר אָפט ארויס געגאנגען שפּאצירען אין גארטען. אָבער קיינער האט ניט געוואגט זייא נאכצושפּיאָנירען. זייא האבען ליעב געהאט צו פערברענגען זייער צייט אין דיא געדיכטעסטע טהיילען פון דעם גארטען.“

„און זיא איז דאס געשטאָרבען, זאָגסטו?“ האט סערזש געפרעגט אביסעל געריהרט. „און דוא האסט דיר גענומען איהר צימער; דוא האסט דיך בעדיענט מיט איהר מעבעל און געשלאָפען אין איהר בעט...“

אלבין'ס גליקליכער שמייכעל האט צוריק געקעהרט.

„אָך! דוא ווייסט דאָך,“ האט זיא געזאגט. „איך האב קיין מורא ניט. איבריגענס, איז עס שוין אזוי לאנג זייט עס האט פּאסירט.“

„האסט רעכט,“ האט ער שוין געזאגט, „מען האט דאָ ניט פאר וואס מורא צו האבען; אלעס איז אזוי שעהן, רוהיג און פריעדליך.“

אלבין האט זיך צוגערוקט נעהנטער צו איהם און וויטער דערצעהלט:

„אָבער דאס איז נאך ניט אלעס. פון דער הויפּטזאך ווייסען נאָר ווענינע מענשען. דער גארטען איז אזוי גרויס, אז אפילו איך האב נאך ניט געפונען קיין

ענדע. אלזאָ, אין ריעזען גרויסען גארטען פון לע פּאראדו, האבען זייא געפונען א פּלאַטץ פון פאָלקאָמענעם גליק; דאס הייסט, ווען מענשען קומען אהין, קענען זייא זיין פאָלקאָמען גליקליך. דאָרט האבען זייא צוגעבראכט דעם גרעסטען טהייל פון זייער צייט. מען האט מיר דערצעהלט, אז דאס איז א קיהלער שאטען־פּלאַטץ, בעהאַ־טען צווישען געביש און פערפּלאָנטערטע ביימער, און דאָרט איז אלעס אזוי שעהן, דאס ווען מען קומט אהין, פערגעסט מען אן אלעמען אין דער וועלט. איך גלויב, אז דיא ארעמע דאמע איז דאָרט בעגראָבען געוואָרען."

„אָבער אין וועלכער געגענד ליעגט דער פּלאַטץ?" האט סערוש גע־פרעגט.

„אך! איך ווייס נים, איך ווייס נים!" האט דאס מעדכען אויסגערופען פערצווייפעלט, „איך ווייס נאר נים דאריעבער. איך האב איבעראל געזוכט, אָבער עס איז מיר אונמעגליך געווען עפּעס צו ענטדעקען — עס איז נים צווישען ד"א ראָזען, ליליען אָדער וויאָלעטען."

„פיעללייכט ליעגט דאס ערגיץ צווישען דיא טרויער־בליקענדע בלומען? רוא האסט מיר שוין אמאל געוויעזען יענע געגענד".

„ניין, ניין, נים דאָרט."

אלבין האט געגעבען א זיפץ און ווייטער געזאגט בעזאָרגט:

אלעס מעגליכע האב איך שוין אָנגעווענדעט, און מיין ארבייט איז געווען אומזיסט."

סערוש האט אויפגעצויגען מיט דיא אקסלען און בעמערקט:

„וואס טויג דאס אונז? וואס דארפען מיר זיך נאר זאָרגען? זיינען מיר דען נים גענוג גליקליך ווייא עס איז? וויא דענקסטו, אלבין, איז עס נים בעסער מיר זאָלען זיך צופריעדען שטעלען מיט דיא בלומען וואס רינגלען אונז ארום, וויא מיר זאָלען זיך זאָרגען איבער זאכען וואס מיר קענען פיעללייכט נים ער־רייכען?"

„דאָרט ליעגט זיא, דיא שעהנע פרוי בעהאלטען," האט אלבין געזאגט מיט א מאָן וויא איינע וואס רעדט פון שלאָף. „איך גלויב, אז עס איז געווען דיא פרייד און דאס גליק וואס זיא האט דאָרט געפונען, וועלכעס האט זיא געטויטעט. אך! עס ליעגט א זיסער צויבער אין שאטען פון בוים וואס טויטעט — אָבער איך — יא, איך וואָלט וועלען דאָרט אזוי שטארבען. און מיט דיר, סערוש, מיט דיר צוזאמען... מיר וואָלטען זיך אומארמט, אזוי פעסט, צוזאמענגעדריקט ברוסט

צו ברוסט, און צוזאמען געשטאָרבען. קיינער וואָלט אפילו נים געוואוסט וואו מיר געפינען זיך."

„ניין, ניין, רעד נים אזוי!" האט זיך סערוש ארייינגעמישט. „דוא מאכסט מיך שפירען אונגליקליך. איך וויל בעסער מיר זאָלען אימער לעבען אין זונענשיין און צווישען בלומען, ווייט אוועק פון יענעם שאטען־פּלאַטץ. מען וואָלט בעדאַרפט פערביטען גאר אהין צו צוקומען."

„פערביטען?" האט אלבין געפרעגט וויא ערוואכענדיג, „יא, געוויס, עס איז מאקי פערבאָטען. יעדער האט מיר געזאגט, אז עס איז פערבאָטען..."

14.

ווענשיין, בלומען און דער פּארפומירטער הויך פון דיא רויזען, ווירקט וויא א צויבער אויפצומונטערן און ערפרייען.

ווען סערוש און אלבין זיינען ארויס אין גארטען, האבען זייא אויסגעזעהען צו פערגעסען אן אלעמען, און וויא צוויייא אונשולדיגע און זאָרגענלאָזע קינדער, האבען זייא געלאכט און געשטיפט.

„כאַפּיך זעהען," האט אלבין אויסגערופען, „ביסטו שטארק גענוג מיך צו כאפען? איך וועל לויפען פאָראויס און דוא יאָג מיר נאך!"

אזוי זאגענדיג, האט זיא וויא א האָז אָנגעפאנגען צו שוועבען אויפ'ן דיקען גראָז, און סערוש האט איהר נאכגעפאָלגט. זיא איז מעהרערע מאל געבליעבען שטעהען, און ווען סערוש איז שוין געווען גאנץ נאָהענט, האט זיא זיך אָבגעווענדעט מיט א מונטערן לאך און איז ווייטער געלאָפען, זיא איז אריין צווישען דיא בוימער, אריבער געשפרונגען בלומען־בייטען און סערוש וואָלט זיא ניעמאלס געכאפּט, ווען דא וואָלט נים פערטשעפּעט איהר פוס און געפאלען איבער א הויפען בלומען.

זיא איז געבליעבען ליעגען לאכענדיג און א היבשער טהייל פון איהר אונטער קלייד האט זיך פערקאטשעט און ארויס געצייגט איהר נאקעטעס לייב, אזוי וויים וויא אלבאסטער.

סערוש איז באלד געווען נעבען איהר, איז ער צוגעפאלען און געקושט איהר נאקעטעס לייב מיט א ווילדער בעגייסטערונג.

„האָס מהוסט, נאַרישער סערזש?“ האָט זיא געפרעגט מיט א מונטערן טאָן, „ווארום קושטו נאר מיינע נאַקעטע פיס? זעה, דאָ, מיינע באַקען און מיינע ליפען, קענסט קושען וויפיעל דוא ווילסט.“

אלבין האט געטיינט, אז קושען איהר נאַקעטעס לייב אויף דיא פיס, איז ווענינער אנגענעהם וויא צו קושען איהרע באַקען און ליפען.

אָבער סערזש האט זיך באלד דערמאָהנט וואו ער איז אין דער וועלט, און גלייך וויא ער וואָלט פעראונהיילינגט א היילינקייט, האט ער באַלד צוגעדעקט איהר לייב און איז געבליעבען זיטצען פערשעהמט.

„זעהסט,“ האט אלבין געזאגט זיך אויפזעטצענדיג, „איך האָב געוואוסט, אז דוא ווערסט מיך ניט קענען כאַפּען. איך קען בעסער לויפען פון דיר... וואס זיטצטו אזוי פערטראַכט? אָה, דוא נאַרישער סערזש, קום נאָר אהער...“

איהרע ווייסע ארעם האבען זיך אויסגעצויגען און זיא האט איהם ארום גע־נומען, צודריקענדיג פעסט צו איהר ברוסט, און דאן צופרעסענדיג איהרע בלוט־רויטע ליפען צו זיין מויל.

„נא, זעהסטו!“ האט זיא געשריען, „איך קען גראָדע אזוי קושען וויא דוא, און ניט אויפ'ן לייב, נאָר אויף דיא ליפען...“

זיא איז בייא דיעזע ווערטער שנעל אויפגעשטאנען און אויסגעשריען:

„קום, שטעה אויף, עס ווערט שפעט.“

ער האט זיך אויפגעהויבען און איז געבליעבען שטעהען פרעגענדיג:

„וואוהין וויכסטו מיך נעהמען?“

„קום, דוא וועסט שוין זעהען.“

ער האט זיא אָנגעכאפּט בייא דיא הענד, און איהר בליקענדיג ערנסט אין געזיכט, האט ער בעמערקט:

„זייא ניט קיין נאַר, אלבין. איך וויל ניט ארום געהען זוכען דעם שאטען אָדער דיא בוימער, וואו מען ליגט זיך אוועק און מען שטאַרבט. דוא דאַרפסט עס ניט טהון. דוא אליין האסט דאָך געזאגט, אז עס איז פערבאָטען.“

איהר געזיכט איז עטוואס רויט געוואָרען און זיא האט געענטפערט:

„אָבער ווען מיר זאָלען אהין קומען דורך א צופאל, און מיר זאָלען דאס יא זעהען, ווערסטו אויף מיר ברוגז זיין? אָך, סערזש, ווען דיא זאָלסט אויף מיר ברוגז זיין, וועל איך זעהען, אז דוא האסט מיך ניט אזוי ליעב וויא דוא בע־הויפטעסט.“

ער האט שוין נים נערעדט. זיא איז נעגאנגען פאראוים און ער האט איהר נאכגעפאלגט. איבער א שטונדע זיינען זייא נעגאנגען אלץ טיעפער און טיעפער, צווישען פערוווירדטע וועגען, און זייא האבען גאנץ וועניג נעשפראכען.

דיא בוימער זיינען נעוואָרען נעדיכטער, דער שאטען פון דיא צווייגען גרעסער און דיא נאטור אלץ וויא בערוהיגטער.

ער איז נעבליעבען שטעהען צענערענד און נעזאנט:

„וואוהין פיהרסטו מיך?"

אלבין האט ווידער נעלאכט און איהם נעוואונקען מיט דער האנד ער זאל איהר נאכגעהען.

פלוצלינג זיינען זייא ערשיענען פאר א געהענדעס וואסער, וואס איז נעלעגען שטארק בעהאלטען צווישען לאנג־צווייגיגע בוימער.

„איך האב מורא," האט זיא נעזאגט, „אז מיר וועלען גאר נים קענען אריבער נעהען. דיא רעגענס האבען טיעפער געמאכט דאס וואסער. איך האב דא נעקענט וויא געוועהנליך אריבער נעהען, ווען איך האב מיר אויסגעצויגען דיא שיך, און אביסעל אויפגעהויבען מיין קליידעל. אבער היינט, זעהסטו, ווען דאס וואסער נרייכען ביז צו מיינע ברוסטען און אפשר נאך אריבער."

„און דוא ווילסט אונבעדינגט אריבער נעהען?"

„יא."

„ווען?"

„טאקי יעטצט."

„ועסטו הנאה האבען דערפון?"

„יא, זעהר."

„דאן קריך ארויף אויף מיינע פלייצעס."

„ניין, איך וועל עס נים טהון, ווען דוא זאלסט זיך אויסגלימשען, וועלען מיר ביידע אריינפאלען אין וואסער. דוא ווייסט גאר נים וואס פאר א שטיינער דא איז אינוועניג."

„נו, הער שוין אויף," האט סערזש ווידערהאלט. „נעהם און קריך ארויף אויף מיינע פלייצעס און מאך א סוף."

זיא האט נעלאכט.

דאן איז זיא צוגעגאנגען נעהנטער צו איהם, געלייגט ביידע הענד אויף זיינע אקסלען, און מיט דער לייכטינקייט פון א אינגעל, איז זיא ארויף געשפרונגען און זיך געזעצט רייטענדיג אויף זיין האלז.

ער האט זיך אביסעל געשאקעלט.

„אוי ווער, סערזש!“ האט זיא אויסגעשריען, „דוא קענסט מיך ניט טראגען!“

זיא האט געוואלט ארונטער געהען.

„זיטץ!“ האט ער געשריען.

„אבער וואס איז מיט דיר?“

„מיך קוועטשט עפעס אין האלז.“

„אה, איך פערשטעה,“ האט זיא געזאגט, „עס איז מיינע קלידער. ווארט, אבער איך בין דיר ניט צו שווער.“

„ניין.“

„דאן וועל איך ארויס שלעפען מיין קלייד, איך זייס, דאס קוועטשט דיך.“

זיא האט אנגעפאנגען ארויס צו שלעפען דאס קלייד.

„ווען דוא ועסט פארטיג ווערען, זאלסטו מיר אנזייגען,“ האט ער גע־זאגט.

„יא, זעהסט, איצט קוועטשט דיך שוין ניט. אך, ווי גלאט דיין האלז איז!“

און זיא האט געלאכט.

„ביסטו שוין פארטיג?“ האט ער געפרעגט.

„יא.“

„דאן האלט דיך פעסט!“

ער איז אריין אין וואסער און מיט עטליכע שפאן איז ער געווען פון דער אנדערער זייט, זיך בלויז אביסעל איינגעטצעגדיג זיינע שיך און הויזען.

אבער ער האט זיא נאך ניט ארונטער געלאזט. ער איז געגאנגען ווייטער.

„דוא בראווער סערזש!“ האט זיא געזאגט, „ווי מיך פרייט וואס דוא ביזט שוין אזוי געזונד!“

ער האט אויסגעזעהען ניט צו שפירען דיא לאסט. דאן האט זיא געמאכט צו דער צונג ווי צו א פערד, איהם לייכט געצויגען ביי'ן איין אויער, וואוהין ער זאל געהען, און ער איז כמעט געלאפען פאָרווערטס.

„אט דא איז עס!“ האט זיא ענדליך געזאגט איהם אנקלאפענדיג אויף דיא באקען ער זאל בלייבען שטעהען.

צלבין איז מיט איין שפרונג געווען אויף דער ערד. סערזש ווידער, דער היטצט און סאָפּענדיג, האט זיך אָנגעשפּאַרט אן א בוים אום צו כאַפּען דעם אטהעם.

דאַן האט איהם צלבין בעליידיגט און געזידעלט, איהם אבשרעקענדיג, דאס אין פאַל ער וועט נאך אמאל קראַנק ווערען, וועט זיא שוין מעהר ניט וואכען נעבען איהם.

„רומהייטען!“ האט ער אויסגעשריען, און נעגענטהייל, דאס האט מיר זעהר גוט געטהאָן. ווען איך וועל ווערען נאך שטארקער, וועל איך דיך ארום טראָגען א גאנצען טאָג. וואוהין פיהרסטו מיך?“

„דאָ!“ האט זיא געענטפערט זיך אוועק זעטצענדיג אונטער א מעכטיגען בירנען־בוים

15.

עס איז געוועזען דער פּרוכט־גארטען געפלאנצט אין מיטען פון דעם מעכטיגען גארטען אין לע פּאראדו.

אלבין האט דאַן איינגעלאדען סערזשן ער זאָל זיך אויף זעטצען און זיך אויס־רוהען. ווי ער האט זיך געזעטצט, האט זיא געזאגט:

„ווייסטו צו וואס איך האב דיך אהער געבראכט?“

„ניין, איך ווייס ניט.“

„דאַן וועסטו באלד וויסען.“

זיא האט געלאכט, און אויפשפּרינגענדיג, האט זיא אויסגעשריען:

„היינט וועלען מיר עסען דאָ מיטאג!“

זיא האט בעשטיגען דעם בוים און אָנגעפאנגען ארונטער צו רייסען בירנען, וועלכע זיא האט געוואָרפען אויף'ן גראָז.

דיא פריכטע זיינען געווען זיס און זאפטיג, און סערזש האט זייא געגעסען מיט א גרויסען אפּעטיט.

דאַן איז אלבין ארונטער געקראָכען, און אויך געגעסען.

„וואָרט, וואָרט,“ האט זיא געזאגט, „דאס איז נאך ניט אלעס. זעהסטו דאָרט יענע קליינע בוימלעך? דאס איז מאַלינעס יעדע מאַלינע איז אזוי גרויס ווי א נוס און אזוי זיס ווי האָניג. און דאָרט, זעהסטו יענע בוימער? עס

אין צפעל. ווייטער צהין, זעהסטו יענע ברייטע גרינע צווייגען? דארט וואקסען אפריקאזען, פערעשקעס און פלוימען. מיר וועלען אלעם היינט עסען."

זייא האבען ביידע געטאנצט פאר פרייד.

זיא איז געלאפען פאראויס. סערוש איז שוין מעהר ניט געוועזען מיעד און ער איז איהר נאכגעגאנגען.

ווען ער איז צוגעקומען דארט וואו זיא איז געשטאנען, האט זיא אויסגע־שריען:

„קום אהער, שטעל זיך!"

„צו וואס?"

„איך וועל ארויף קריכען אויף דיינע אקסלען און דאן וועל איך לייכטער קענען דערלאנגען צו דיא בוימער."

ער איז צוגעגאנגען נעהנטער, און זיא האט ארויף געקלעטערט אויף זיינע אקסלען. דארט איז זיא געבליעבען שטעהען און אנגעפאנגען צו רייסען פרוכטען און ארונטער ווארפען.

דאן האט געפאלגט א סעודה.

„וייסטו," האט זיא געזאגט ווען זיא האט זיך שוין גוט אנגעגעסען, „איך ליעב מעהר דיעזע פרוכטען וויא דיא בראטענס און ברוים. זייא געבען מיר מעהר קראפט, מעהר מונטערקייט און מעהר פערגניגען. מענסט עסען וויפיעל דוא ווילסט. דארפסט קיין מורא ניט האבען. אלע זיינען פערטיג."

דיעזעס נאטור־קינד האט געפונען א בעסערן געשמאק אין דיא נאטירליכע פראדוקטען וויא אין דיא געקינסטעלטע שפייזען וואס מענשען האבען איינגעפיהרט. אונגעאכטעט דארויף וואס זיא האט סערוש'ן אזוי געליעבט, האט זיא איהם אויף געהייסען עסען וויפיעל ער וויל, אהנע זיא זאל מורא האבען, אז עס וועט איהם שאטען. זיא האט געוואוסט, אז דיא פרייע און רויע נאטור, איז דיא איינציגע גוטע און געטרייע מוטער פיר איהרע קינדער דיא ברואים.

„יעטצט קום מיט מיר," האט זיא ווייטער געזאגט. „איך בין דארשטיג. זעהסטו יענעם בלויען שטיין דארטען? פון איהם פליעסט א קוואל מיט קריסטאל־קלארעס וואסער. איך האב איטער געטרונקען דארט וואסער נאך דעם וויא איך האב געגעסען דיא פרוכטען. דאס וואסער איז ריין, זויבער און צוגעהט זיך אין יעדען אבר. עס וועט דיר בעסער מהון וויא וויין. פע וויין! דאס איז ניט גוט, עס פער־שלאגט דעם קאפ און פערווירט דיא געדאנקען. קוואל־וואסער גיבט לעבען און לייכטערט אים דעם מוח צו דענקען איבער גליק און צופריעדענהייט."

פערזש האט בעטראכט מיט ערשטוינונג דיעזעס שעהנע נאטור־קינד וויא זיא האט געשפראָכען. איהרע ווערטער האבען פון איהם פערטריעבען יעדע שרעק פון טרינקען וואסער נאך פריכטע עסען. ער האט שוין קיין מורא ניט געהאט, אז ער וועט קראנק ווערען, דען אלבין׳ס ארגומענטען האבען איהם איבערצייגט, אז עס איז אזוי וויא זיא זאגט.

זיא איז אימער געווען פאראויס, און צולייענענדיג איהרע רויטע און פרישע ליפען צום שטראָם וואס האט געפלאָסען פון דעם שטיין־שפאלט, האט זיא גע־שמאק געטרונקען, און דאן, ארויס נעהמענדיג א טאשען־טוך, האט זיא זיך אָב־געווישט איהר מויל.

„נו, דוא אלטער פערזש !“ האט זיא געשריען, ווענדענד איהרע בלויע אויגען האבען געגלאנצט מיט מונטערקייט, „געה און טרינק !“

ער האט אויך געטרונקען וויא זיא.

נאכדעם האט אלבין ערקלערט, אז זייא וועלען אומקעהרען אהיים דורך איין אנדערן וועג, ניט מיט דעם וואס זייא זיינען געקומען.

ער איז איהר נאכגעגאנגען.

דייא האבען געמוזט פאראיבער געהען עטליכע קליינע טייכלעך, אָבער עס איז שוין מעהר ניט נעטהיג געווען ער זאָל זיא טראָגען.

דאן זיינען זייא אריין צווישען זעהר געדיכטע בוימער און דער גערוך פון דיא בלומען האט זיך זעהר שטארק געשפירט.

פערזש האט בעמערקט, אז אלבין געהט פאראויס און בליקט פאָרשענדיג פון אלע זייטען.

„וואס זוכסטו ?“ האט ער געפרעגט.

קיין ענטפער.

„אלבין !“ האט ער געשריען, „וואס זוכסטו ?“

„ווארט, ווארט,“ האט זיא געענטפערט, „דוא וועסט שוין זעהן.“

דייא זיינען גראדע דאמאלס צוגעקומען אויף א שמיק פרייעס פעלד, וואס האט אויסגעזעהען וויא א פערוואקסענער וועג ארום עטליכע זעהר הויכע בוימער מיט צווייגען וואס האבען געגרייכט ביז צו דער ערד. ארום און ארום דיעזע בוימער, האבען געוואקסען בלומען פון אלע קאָלירען אין רעגענבויגען.

אלבין איז געבליבען שטעהען און געבליקט אויפמערקזאם.

פערזש איז צוגעגאנגען נעהנטער און אָנגעפאנגען אויפמערקזאם צו בע־טראכטען דיעזען גרינעם בוימער־צירקעל.

מערסווידיג, דיא ברידער זיינען ערשטענס געווען זעהר נעדיכט געזעסען, און צווישען זייא, האט נאך אויך געוואקסען קליינע ברומלעך וואס האבען געבילדעט וויא א נעדיכטען און פעסטען פארקען. עס איז אונמעגליך געווען אהין אריין צו קומען זאגאר.

„וואס קען דא זיין ?" האט סערוש געפרעגט.

קיין ענטפער.

„ביסטו שוין דא אמאל געווען ?" האט ער ווייטער געפרעגט.

„איך ווייס ניט".

„וואס הייסט, זיינען דיר ניט בעקאנט דיא וועגען אין גארטען ?"

„ניין."

„ווארום ?"

„ווייל דער גארטען איז צו גרויס."

סערוש איז געבליעבען שטעהן נאכדענקענד. דאן האט ער זיך אנגעהויבען אן עפעס צו דערמאהנען.

„אלבין !" האט ער אויסגעשריען.

„וואס ווילסטו ?"

„קום אוועק פון דאנען !"

„ווארום ?"

„ווייל מיר דאכט, אז דאס איז דער פלאטץ."

„וועלכער פלאטץ ?"

„פון דעם גליק און טויט וואס דוא האסט געשפראכען."

סערוש האט בייא זיינע איינענע ווערטער געשפירט א שוידער.

„דאן לאמיר זוכען איין איינגאנג," האט זיא געזאגט.

„ניין, ניין !"

„ווארום ?"

„ווייל איך בין צופריעדען מיט מיין יעטצטיגעס גליק."

זיא איז נאך אימער געשטאנען.

ער האט אויסגעשטרעקט זיין האנד און זיא אנגענומען.

„קום, איך בעט דיך," האט ער געזאגט, „עס איז פערבאטען, אלבין, מען טאר אהער ניט קומען. קום אוועק פון דאנען."

„יא, יא, איך נעה,“ האט זיא געזאגט ציטערענד, אוןביידע זיינען שנעל אוועק פון דעם פּלאַטץ.

צעהן טעג זיינען פאַראיבער און זייא זיינען מעהר אהין נים געקומען.

16.

דיא גאנצע צייט האבען זייא פערבראכט מהיילווייז אין צימער און טהיילווייז אין גארטען זעהר נאהענט פון דעם אַלטען פאלאסט.

ווארום זיינען זייא נים ווייטער געגאנגען?

אויב זייא האבען זיך אליין געשטעלט דיעזע פראגע, דאן איז עס נאָר געווען אין געדאנק, אָבער אויסגעשפּראָכען האבען זייא דאס נים.

ביידע זיינען געוועזן אבערגלויביש, אָבער עס איז אויך געווען א גרויסער אונ־טערשיעד אין זייערע געפיהלע. סערזש'עס אבערגלויבען איז געווען דער רעליגיעזער, דער פאנאטישער וואס ווערט אזוי אָפט געפּרעדיגט אין דיא רעליגיאָנען. ער האט זיך פאַרגעשטעלט, אז דער פּלאַטץ, בעצייכענט פון אלבינען, מוז ענטהאלטען שדים, רוחות, און ווען אפילו מלאכים, דאַרף מען אויך מורא האבען פאר זייא.

מי יודע? פיעללייכט איז עס נאר דער גן־עדן און דאָרט שטעהט דער מלאך מיט א צוויא־שאַרפיגעם שווערט און — וויא שרעקליך און שוידערהאפט דאס דאַרף זיין!

אַלבין ווידער, אלס נאַטור־קינד, האט וויא אלע ווילדע, מורא געהאט פאר דאס אונבעוואוסטע און אונבעקאנטע. זיא האט זיך פאַרגעשטעלט עפּעס העסליכעס־שרעקליכעס אין דעם אונבעקאנטען פּלאַטץ, וואו מען קען געניעסען דאס וואהרע און פאָלקאָמענע גליק.

אָבער טראָטץ דעם אַלעמען, האט עפּעס איין אונבעקאנטע קראפט גע־ארבייטעט אין איהר און זיא געצווינגען אהין — דאָרט וואו מען קען אזוי וויט גליק־ליך זיין, ביז עס זאָל אויסגעהען דיא נשמה פאר גליק.

אך! ארמעס נאַטור־קינד! זיא האט זיך געטראכט, אז דער טויט איז ווירקליך שרעקליך, און שעהנער וויא דאס לעבען איז, קען נים זיין. אָבער דאס לעבען? דיא צוקונפט? וואס ליעגט דאָרט בעהאלטען? ווער ווייס?

איז עס דען נים בעסער צו געניעסען אויף איינמאל דאס גאנצע און פאָל־קאָמענע גליק, און דאן, אין דיעזען גליק איינשלאָפען דעם שלאָף וואס מען טרוימט נים?

פון יענער זייט קבר ! אַח, איהר אַנקעל זשאַנבערנאַם האָט איהר עטליכע מאָל געזאָגט, אַז דאָרט איז אייביגע פינסטערניס, וואו מען פיהלט ניט אפילו ווען דיא ווערים פרעסען. דאָרט, פון יענער זייט קבר, איז תוהרובוהו, גאָר ניט, אבסאָ־לוט גאָר ניט !

אַט דיעזע וועלט איז אַלעס, און וויפיעל שטיקעס גליק מען קען גענייסען, זאָל מען גענייסען, און דאַן, ווען דער סוף פון דעם מענשען קומט, זאָל מען זיך צוועק לייגען און איינשלאָפען אויף אימער און אייביג.

און וואס האָט זיך דיעזעס אונשולדיגע גאָטור־קינד געקענט פאָרשטעלען אונטער פאָלקאָמענעס גליק ?

זיא האָט געליעבט סערזשין — געליעבט מיט איהר גאַנצע אונשולדיגע ברוסט. ווען ער וואָלט געזאָגט, אַז פיר זיין בעקוועמליכקייט איז נויטהווענדיג איהר הערצענס־בלוט, וואָלט זיא עס געווים געגעבען. אָבער איין אונהיימליכע מורא האָט זיא אימער בעהערשט, אַז עס קען פאַסירען וואָס יעמאַנד זאָל קומען און איהם ענטרייסען פון איהרע אָרעמס, און דאַן — יאָ, דאַן וועט זיא זיין דיא אונגליקליכסטע אין דער וועלט, און דיא זונן, איהרע שטראַהלען, דער בלויער הימעל, דיא טרויעריגע לבנה, דער גאַנצער הערליכער גאָרטען, דיא בלומען, רויזען און גראָזען — אַלעס וועט זיין מויט און אָבגעשטאָרבען פאַר איהר.

וואָרום אַלזאָ זאָל זיא וואַרטען ? וואָרום זאָל זיא ניט אויפזוכען דעם פּלאַטץ פון פאָלגענדעס גליק, און דאַן דאָרט שטאַרבען און שליעסען איהרע אויגען אין אייביגער צופריעדענהייט ?

דאָס גליק ? וויא זעהט אויס פּאָלקאָמענעס גליק ? דאָס האָט זיא זיך ניט געקענט ערקלערען. זיא האָט בעגריפען, אַז דאָס מוז זיין עטוואָס אונענדליך גוטעס, עטוואָס אונענדליך שעהנעס און ערהאבענעס.

זיא האָט לאַנג געדענקט, און דער וואונש צו ערגרייכען איהר ציעל, האָט ענדליך בעזיעגט דיא מורא פאַר דעם אונבעקאַנטען און אונבעוואוסטען.

## 17.

עס איז געווען אין אַ גאַנץ פריה, ווען זיא האָט ערוואַכט מיט דעם בעשלוס צו געהען זוכען יענעם געהיימניספאָלען פּלאַטץ, ווען דאָס זאָל אפילו קאָסטען איהר לעבען.

דיא זונן איז נאך נים געווען אויפגעגאנגען און דיא פיינעלעך האבען נאר וואס ערוואכט.

אלבין איז ארויס פון איהר צימער און האט בעאבזיכטיגט אויפצרוועקען סערוזש׳ן.

ווארום זיא האט געוואלט גרעדע מיט איהם צוזאמען אויסגעפינען דעם פלאטץ פון פאלקאמענעם גליק, האט זיא זיך נים געקענט ערקלערען. אבער זיא האט געוואוסט, אז איהר גליק קען זיא נאר מיט איהם צוזאמען טהיילען.

אבער סערזש איז שוין מעהר נים געשלאפען. ער איז געשטאנען ביים פענסטער און ארויס געקוקט.

„אך, אלבין!" האט ער אויסגעשריען.

„גוט מארגען דיר, סערזש!" האט זיא געענטפערט דערפרייט.

„אזוי פריה אויפגעשטאנען?"

„יא. און דוא?"

„איך בין אויך אויפגעשטאנען פריה, ווייל יעטצט איז קיהל און אנגענעהם, דיא לופט איז פארפומירט."

„יא, עס שמעקט טאקי זעהר שעהן."

„ווילסטו אריין קומען?" האט סערזש געפרעגט.

„ניין, קום דוא ארונטער."

„באלד, אלבין, איך גיה באלד."

אין א פאאר סעקונדען איז ער געווען נעבען איהר, און מיט עהרפורכט און צערטליכקייט, האט ער געקושט איהר האנד.

„קום," האט זיא געזאגט, „לאמיר געהען שפאצירען."

ער איז נאכגעגאנגען אהנע צו פרעגען וואוהין.

זיא האט גענומען א נייע ריכטונג, נים דיא געוועהנליכע וואוהין זיא איז מיט איהם געגאנגען אין דער לעצטער צייט.

אלס זייא זיינען אוועק א היבשע שטרעקע פלוידערענדיג איבער זייער ליעבע און צערטליכקייט, האט אנגעפאנגען דיא זונן אויפצוגעהען.

„ווייסטו, וואס, אלבין," האט ער געזאגט, „מיר וועלען זיך אומקעהרען אהיים, ווייל מיך הונגערט שוין אביסעל."

„שוין הונגעריג?" האט זיא געפרעגט לאכענדיג.

„יא, וואס דען מיינסטו?" יעטצט בין איך שוין פאלקאמען געזונד און איך וויל עסען."

זיא האט ווידער געלאכט.

„היינט וועלען מיר עסען," האט זיא געזאגט, „פרוכטען."

„פרוכטען? וויא האסטו דא פרוכטען?"

דיא בוימער ארום, זייא זיינען געווען מיט לאנגע צווייגען, אהנע אירגענד וועלכע פרוכטען.

„ווארט נאר", האט זיא געענטפערט, „באלד וועסטו זעהען. מיר וועלען היינט עסען דעם בעסטען פריהשטיק."

זייא זיינען ווייטער געגאנגען. עס איז פאראיבער נאך א האלבע שטונדע, און זייא האבען קיין פרוכטען נאך אלץ ניט געזעהען.

„לאמיר זיך זעטצען אביסעל," האט ער פארגעשלאגען. „ווירקליך, איך בין שוין זייער געהונגעריג נאך דיא פרוכטען."

„ניין, ניין," האט זיא אנגעווענדעט, „קום נאך אביסעל, וועסטו זעהען וואס פאר א שעהנע פרוכטען מיר וועלען געפינען."

ער האט איהר נאכגעפאלגט.

סערוש איז נאך ווירקליך אין יענעם טהייל גארטען ניט געווען, און דיא חערדליכקייט פון דער ערשיינונג האט איהם בעגייסטערט.

ענדליך האבען זייא געגרייכט א פלאטץ נעבען א קליין וואסער'ל וואס האט געהאט א היבשען זאמדיגען ברעג, און אין דער גאנצער לייגג, זיינען געשטאנען דורכאויס פרוכט־ביימער.

עפעל, בירנען, פערעשקעס און אפריקאזען, האבען געבילדעט דיא פרוכטען, וועלכע האבען אריעבער געהאנגען אין גרויסע מאסען פון דיא צווייגען. סערוש און אלבין האבען זיך צוזעכאפט דערצו און געגעסען שטעהענדיג וויפיעל זייא האבען געקענט.

ווען זייא זיינען פערטיג געווארען מיט דעם פריהשטיק, האבען זייא זיך גע־זעטצט.

אלבין איז געווען פערטראכט.

„וואס טראכטסטו, אלבין?" האט ער געפרעגט.

זיא האט זיך פלוצלינג אומגעקוקט, גלייך וויא דיא וואלט ערוואכט פון שלאף.

„גאר נים," האט זיא געענטפערט אין איין אונטערדריקטען טאן.

„ויא כיסם טרויעריג," האט ער ווייטער געזאגט.

„סודיעריג? איך? וואָרום?"

„דאָס ווייס איך נים."

„ניין, מיין פריינד," האָט זיא געמורמעלט איהם אומאַרמענדיג. „איך בין גליקליך."

ער האָט זיא צוגעדריקט צו זיין ברוסט און געקושט איהר שטערן.

18.

נאָך א שטונדע רוהען, האָבען זייא זיך אויפגעהויבען.

„וואוהין געהען מיר יעטצט?" האָט ער געפרעגט.

„אין גאָרטען."

„נים אהיים?"

„וואָס איילסטו זיך? דו ביסט דאָך נים מעהר קראַנק."

זייא זיינען אריבער דאָס שמאָלע וועגעל און דאן ווידער אריין צווישען געדיכטע ביימער.

אַלבין איז געווען אומגעהייער רעדעוודיג און זיא האָט אַזוי פיעל געשפּראָכען, דאָס ער האָט בוכשטעבליך פערגעסען וואו ער איז אין דער וועלט.

ווען זייא זיינען צוגעקומען צו איין אומגעהייער געדיכטע אבטהיילונג, איז סערזש פּלוצלינג געבליעבען שטעהען. ערשט דאַמאַלס איז איהם איינגעפאַלען, אַז אַלבין האָט איהם פערנאַרט.

„וואו זיינען מיר?" האָט ער געפרעגט.

„אין לע פּאַראַדו."

„דאָס ווייס איך, אָבער..."

זיא האָט געשוויגען און איז צוגעגאַנגען צו די ביימער וואָס זיינען גע־שטאַנען אַזוי געדיכט איינער נעבען אַנאַנדער.

זיא האָט אויסגעזעהען צו זוכען איין אָרט וואו אריין צו געהען.

„וואָס ווילסטו טהון, אַלבין?" האָט ער געפרעגט מיט א שוידער.

קיין ענטפער.

„אַלבין!" האָט ער אויסגעשריען פערצווייפעלט.

זיא איז געבליעבען שטעהען און זיך אומגעקוקט

„אַלבין," האָט ער ווייטער געזאָגט.

„וואס ווילסטו ?"

„מיר דאכט, אז דאס איז דער פלאטץ."

„וואס פאר א פלאטץ ?"

„וואס דוא האסט מיר געזאגט."

„איך האב דיר געזאגט פון א סך פלעטצער, וועלכען מיינסטו ?"

„דעם פון—פאל-קא—מע—נעס גליק..."

א שוואכער שמייכעל האט זיך בעוויעזען אויף אלבין'ס געזיכט.

„נו, אלזא," האט זיא געזאגט, „ווען דאס איז דער פלאטץ, וואס ווערט דערפון ? דארפען מיר זיך שרעקען פאר פאלקאמענעם גליק ?"

זיא איז צו איהם צוגענאנגען, געלייגט דיא האנד אויף זיין שולטער, און געמורמעלט :

„קום, מיין זיסער געליעבטער ; קום, קאמיר צוזאמען זוכען דעם פלאטץ פון פאלקאמענעם גליק."

איהרע בלויע אויגען האבען געבליקט מיט אזוי פיעל ליעבע און צערטליכקייט, דאס ער איז אין יענעם אויגענבליק אימשטאנדע געווען זאגאר אין א לייבען-גרוב אריין צו קריכען, ווען זיא וואלט איהם הייסען.

„מיין בראווער סערזש," האט זיא פארטגעזעטצט, „פעהלט דיר דער מוטה ?"

ער האט זיא צוגעדריקט צו זיין ברוסט און געמורמעלט :

„ניין, אלבין, ווען דוא ביסט נעבען מיר, פעהלט מיר קיין מוטה. בעפעהל און איך בין בערייט צו טהון דיין וואונש."

זיא האט זיך פון איהם לאנגזאם בעפרייעט און מיט א וואונק, האט זיא איהם גערופען, ער זאל איהר נאכפאלגען.

זייא זיינעןביידע צוגעגאנגען צו דער נעדריכטער געבישוואנט און אלבין האט אנגעפאנגען אוועק צו בייגען דיא צווייגען. זיא האט דאס זעהר לייכט געטהאן און אין א מינוט שפעטער האט זיא געמאכט א לאך און איז אריין געקראכען.

סערזש איז איהר באלד נאכגעגאנגען. ער האט געטראפען אלבינען שטעהען אין בעוואונדערונג. דיא כצענע האט בייא איהם ארויס גערופען ערשטוינען.

## 19.

דיא בוימער וויא עס האט זיך שפעטער ארויס געוויזען, זיינען געווען אבזיכטליך געפלאנצט אזוי געדיכט, אום קיינע אויסויערטיגע צושויער צו געבען דיא געלעגענהייט אריין צו קוקען. אינוועניג האבען דיא בוימער געבילדעט א גרויסען קרייז און איינגעהיעלט איינע פון דיא שעהנסטע נאטור־סצענען וואס מע'גשען האבען נאך אמאל געזעהען.

דער פלאטץ איז געווען בעזעטצט מיט בוימער, איינער פון דעם אנדערן גאנץ דערווייטערט. צווישען דיא בוימער זיינען געווען סאמע בלומען־בייטע, פאר־שטעלענדיג אלע מעגליכע קאלירען.

גאנץ ווייט, אין מיטען, איז געווען וויא א גרויסער שטיינערנער קעסעל מיט וואסער וואס האט געפלאסען פון מעהרערע קוואלען. דער קעסעל זעלבסט איז גע־ווען בעדעקט מיט קליינע בוימלעך און צווייגען. פון ביידע זייטען האבען זיך אויפ־געהויבען צוויא שווארץ־מארמארענע זיילען איבער דעם קעסעל, און אויבען איז געשטאנען א וויים־מארמארענע פיגור פון א פרויענצימער.

עס האט זיך געקענט דערקענען, אז דיא נאטור מיט ווינט, רעגען, שנעע און שטורם, האט ערטערווייז פערדארבען דיא אריגינאלע שעהנהייט. פון דער אנדערער זייט אבער, האט דיא נאטור זעלבסט, וועלכע איז ניט געשטערט גע־ווארען, אויסגעארבייטעט איהר איינענע הערליכקייט.

איבעראל האט געהערשט א צויבער־שטילקייט, און עס האט אויסגעזעהען, גלייך וויא דער פלאטץ זעלבסט האט געפאדערט דיא הייליגסטע רוה.

איינינע שטיינערנע ביינק, זיינען שוין געווען שטארק בעוואקסען, זא דאס מען האט זייא ניט געקענט מעהר ארויס זעהען פון דעם גרינעם גראז.

פלוצלינג האבען זייא דערהערט א פליוסק. ביידע האבען זיך דערשראקען. דאן האבען זייא דערזעהען א פאאר קאטשקעס זיך טומלער שפיעלענדיג אין דעם שטיינערנעם קעסעל.

זייא זיינען אזוי געשטאנען א חיבשע צייט אהנע צו רעדען אווארט, דאן האט אלבין ערבליקט עפעס זיך בעוועגענדיג פון ווייטען צווישען דיא בוימער.

זיא האט זיך מעהר ניט דערשראקען. עס איז געווען א יונגער הירש, און דיא האט שוין געזעהען מעהרערע הירשען אין לע פאראדי.

סערזש האט דך אָבער יא דערשראָקען, ווייל ער האט דאס גערעכענט פאר א „שלעכטע זאך.“

אלבין האט איהם אין א ניעדריגען טאָן ערקלערט, אז אין לע פאראדו זיינען נאך דאָ הירשען, וויט דער צייט וואס דער רייכער איינענטהימער האט דארט פערוויילט מיט יענער שעהנער און געהיימניספאָלער דאמע.

דער הירש איז געגאנגען לאנגזאם, אָבער ערבליקענדיג די מענשען, איז ער באלד פערשוואונדען געוואָרען.

סערזש און אלבין האבען זיך אָנגעהויבען לאנגזאם צו צוגעוועהנען צו דעם פלאטץ, און זייא האבען אויך אָנגעפאנגען אלעס נעהנטער צו בעטראכטען.

זייא זיינען געגאנגען פאָרווערטס און געבליקט אויף די בויטער, וועלכע זיינען געווען שעהנער ווי זייא האבען נאך געזעהען אין גאנץ לע פאראדו.

„קום, לאָמיר זיטצען,“ האט אלבין געזאגט, זייענדיג די ערשטע וואס האט געוואגט צו רעדען.

זייא האבען זיך ביידע געזעטצט אין קיהלען שאטען פון א בוים, אויף א גראז אזוי ווייך ווי זייד.

„איז עס ניט הערליך ?“ האט זיא געפרעגט.

„יא.“

„פיהלסטו ניט גליקליך ?“

„אָך ! יא !“

א פויזע האט איינגעטרעטען, און אין סערזש'עס אויגען האבען זיך בעוויזען טרערען.

„דוא וויינסט, סערזש ?“ האט זיא געפרעגט.

„יא, איך וויין, ווייל מיין הארץ איז איבערפיללט מיט גליק.“

„מיר אויך,“ האט זיא געזאגט שמייכלענדיג, וועהרענד איהרע אויגען זיינען נאס געוואָרען.

זייא האבען געשוויעגען און זיך געקוקט שמייכלענדיג אין די גע־זיכטער.

סערזש האט אויסגעשטרעקט זיינע צווייא גרויסע ארעמס און ארום גענומען אלבינען. ער האט זיא פעסט צוגעדריקט צו זיין ברוסט און זיא האט ניט גע־שטרעבט דאגעגען.

„אָך !“ האט ער געמורמעלט. „אלבין ! מיין אלבין ! ווערסטו מיך אימער ליעבען ?“

איהרע שעהנע אויגען האבען געפינקעלט מיט פערגניגען; איהרע ליפען האבען זיך געעפענט אין א זיסען שמייכעל און פון צווישען איהרע ווייסע צייהן האט זיא געמורמעלט:

„אימער, אימער, סערוש!“

„ביז וויא לאנג?“

„ביז וויא לאנג דוא וועסט וועלען.“

„ביז אין טויט?“

„יא, ביז אין טויט!“

ער האט זיא אָנגענומען און ארויף געצויגען צו זיך אויף זיין שויס. ער האט אויסגעזעהען זיא צו וועלען אריין דריקען אין זיין הארץ און אין זיין ברוסט.

אלבין האט געשמייכעלט.

„ליעבסטו מיך ווירקליך אזוי שטארק, סערוש?“ האט זיא געפרעגט.

„מיין ליעבע, אלבין, איז שטארקער פון דעם טויט און מעכטינער וויא גראנאט־שטיין. איך ליעב דיך, וויא קיין מאן האט נאך אמאל געליעבט א פרויענצימער.“

„און דוא וועסט זיין מיינער?“

„יא.“

„אויף דאס גאנצע לעבען?“

„יא.“

„מיין ליעבער סערוש, וואלט עס נים גוט געווען מיר זאלען יעטצט ביידע דא שטארבען אין פאלקאמענעם גליק?“

„ניין, ניין, אלבין! וועד נים דערפון,“ האט ער אויסגערופען ציטערענדיג, „מיר מוזען לעבען און געניעסען פון דעם לעבען. אך, אלבין! וויא שעהן דאס לעבען איז און וויא גליקליך בין איך וואס דוא ליעבסט מיך! אך, אלבין, וואס קען איך טהון פאר דיר דיך גליקליך צו מאכען?“

„בלויז איין זאך.“

„און דאס איז?“

„מיך צו ליעבען!“

ער האט זיא געקושט מיט זיינע ברענענדע און פערטריקענטע ליפען אויף איהר האלז און געזיכט. זיא האט איהם געגלעט אויף זיין באק.

ביידע האבען שוין געשוויעגען.

פלוצלינג האט אלבין געגעבען א לייכטען ציטער.

עס איז געוועזען דאס ערשטע מאל וואס זיא האט עמפפונדען אזא געפיהל. איהר יאקע האט זיך געעפענט און איהר פולע יוגענדליכע און פעסטע ברוסט האט זיך ארויס געוויזען. סערזש האט געלייגט זיין האנד דארויף.

ווען ער האט בעמערקט איהר ציטער, האט ער געפרעגט;

„האב איך דיר וואס געטהאן?“

„ניין, ניין,“ האט זיא ארויס געשטאמעלט, בעהאלטענדיג איהר געזיכט אויף זיין ברוסט.

ער האט ווידער צוגעלייגט זיין האנד אויף איהר נאקעטעס לייב און זיא האט שווער געאטהעמט.

„אך!“ האט זיא געמורמעלט מיט דעם געזיכט צו זיין ברוסט. „איך בין אזוי גליקליך, אזוי גליקליך!“

ער האט ניט געענטפערט.

„און דאן?“ האט זיא געפרעגט.

„מיין גליק בערויבט פון מיר דיא שפראכע.“

20.

סערזש האט געקענט אלבינען פאר א רוהיגע און צערטליכע געליעבטע. ער האט זיא קיינמאל ניט געזעהען ווילד און אויפגערעגט. זיא איז אימער געוועזען דיא שעהנע צערטליכקייט.

פלוצלינג אבער האט זיא איהם ארום געכאפט מיט ביידע ארעמס און אזוי שטארק צוגעדריקט צו זיך, אז ער האט זיך געוואונדערט איבער איהר אונערווארטעטע קראפט.

איהרע ברענענדע ליפען און ווארעמער הויך האט געוואנדערט נעבען זיין מויל, און נאך צייטענווייז האט זיא געמורמעלט:

„סערזש, סערזש! לאמיר שטארבען, דא, ביידע צוזאמען, ווייל אונזער גליק איז דאס פאלקאמענסטע.“

דאן האט דיא נאטור גענומען איהר אייגענעם וועג.

אנפאנגס איז אלבין געוועזען בערוישט, דאן איבערראשט און צום שלוס האט זיא אבגעווענדעט איהר געזיכט פון איהם.

„אך, מיין טטע אלבין!“ האט ער געמורמעלט, „ביסטו בייז אויף מיר?“

קיין ענטפער.

„ביסטו אונגליקליך?“

ביי דיזער פראגע האט זי זיך אומגעווענדעט צו איהם און געענטפערט מיט טרערען אין איהרע אויגען:

„אונגליקליך! אַך ניין, איך בין גליקליך — אַזוי גליקליך, אז איך וויל שטארבען...“

ער האט זי ווידער גענומען אויף זיין שויס און זי געהאלזט און גע־קושט.

זי האט ניט געשטרעבט, ניט געקעמפפט, זאָנדערן זיך נאכגעגעבען צו זיין ווילען אין ליעבע, טרייהייט און פערטרויען.

עס איז שוין געווען שפעט נאכמיטאג, ווען זייא זיינען ארויס פון דעם בער־צויבערטען פלאטץ.

„און וואו געהען מיר יעטצט?“ האט ער געפרעגט.

„איך וויים ניט,“ האט זי געזאגט לאַבענדיג.

„ניט אהיים.“

„אויב מיר וועלען טרעפען.

„ווייסטו גאר ניט דעם וועג אהיים?“

„פיעללייכט ניט.“

„דאן, וואס וועלען מיר טהון?“

„דאַ בלייבען.“

זי האט געלאכט און ווייטער בעמערקט:

„ביסטו ניט צופריעדען דאַ צו בלייבען מיט מיר? דאַ, אויף אימער און אייביג?“

ער האט זי ארום געכאפט, געקושט און געענטפערט.

„יא, יא, אלבין, איך בין צופריעדען דאַ צו בלייבען מיט דיר אויף אימער און אייביג!“

„אויב אזוי,“ האט זי געזאָגט לאַבענדיג, „דאן געהען מיר אהיים, איך ווייס דעם וועג.“

נאָך מעהר זייא האבען זיך דערוויטערט פון יענעם אָרט, אלץ שפיל־

שווינגענדער זיינען זייא געוואָרען, ביז זייא זיינען געגאַנגען איינער נעבען אַנאַנדער, אָהנע צו רעדען א וואָרט.

ווען זייא האבען געגרייכט דעם פּלאַטץ פון דיא פרוכטען, האבען זייא זיך דערמאָהנט, אַז זייא זיינען ווידער הונגריג, און זייא האבען געגעסען.

נאכדעם האבען זייא פאָרטגעזעטצט זייער שפּאַציר, און בייא זונענ־אונטער־גאַנג, האבען זייא געגרייכט צום אַלטען פּאַלאַסט.

„וואוהין געהסטו יעטצט?" האט סערוש געפרעגט אונטערברעכענדיג דיא שטילקייט.

„אין מיין צימער."

„שוין?"

„וואס דען זאָל איך וואַרטען?"

„ביסטו מיעד?"

„יא."

„דאַן געה רוהען," האט ער געזאגט.

דיא האבען זיך ביידע אומאַרמט און אָבגעפּרעסט א לאַנגען ליעבענדען קוש אויף זייערע ליפּען.

21.

אויפ'ן אנדערן מאָרגען איז סערוש ווידער געשטאַנען ביים פענסטער און ערוואַרטעט אַלבינען. זיא איז שוין אָבער ניט געקומען אַזוי פריה.

ער איז געוואָרען אונגעדולדיג און איז אריין אין איהר צימער. זיא איז דאָרט ניט געוועזען.

דאס האט איהם זעהר בעזאָרגט. זיינע געדאנקען זיינען אָבער אונטערבראָכען געוואָרען, ווען ער האט פּלוצלינג דערהערט איהר מונטערן און גליקליכען געלעכטער.

ער האט זיך אומגעווענדעט און ערבליקט אַלבינען מיט צווייא בינטלעך אין דיא הענד.

„וואס האסטו דאָרט?" האט ער געפרעגט.

„עסען."

„ווירקליך?"

„וואס דען מיינסטו. מען קען עפּעס יעדען טאָג נאר עסען פרוכטען?"

ער האט זיא ווערער געקושט.

אלבין האט אוועק געשטעלט דיא בינטלעך. זיא איז געוואָרען ערנסט און געפרעגט:

„ליעבסטו מיך נאך אימער, סערזש?“

„יא, מיין אלבין.“

„איך ליעב דיך אויך,“ האט זיא געמורמעלט גאנץ אונשולדיג.

וויא שעהן און וויא הערליך דיעזעס נאטור־קינד איז געוועזן אין דעם מאנמעל פון זונען־שטראהלען! אויף איהר געזיכט האט געשוועבט מונטערקייט און גליק און אויף איהרע ליפען האט זיך אָבגעשפיעגעלט אזוי פיעל ליעבע. דאס סערזש האט געשפירט דאס בלוט לויפענדיג אין זיין געזיכט.

„לאָמיר געהען!“ האט זיא געזאגט וויעדער אויפהייבענדיג דיא בינטלעך, „דאָ האב איך געטריקענטעס הירשען־פלייש, בראטען פון האָזען־פלייש, געקאָכטע זויער עפעל און צווייא פלאַשען וויין. מיין אָנקעל האט מיך אָנגעזידעלט און געזאגט, אז פאר אזוי פיעל עסען וועלען מיר ביידע פלאַטצען....“

זיא האט וויעדער געלאכט.

סערזש האט זיא ניט געוואָלט לאָזען טראָגען דיא בינטלעך און ער האט איבערגענומען דיא ארבייט.

זיא איז געלאָפען פאָראויס און געטאנצט וויא א יונג ציגעלע. דאן האט זיא אָנגעפאנגען צו זינגען.

וויא שעהן מעלאָדיש איהר שטימע האט געקלונגען.

סערזש האט געהערט פאָלגענדע ווערטער:

„שטיל ליעבט דיא טויב
„איהר גאָלד־האלזינען מאן;
„זיא מורמעלט ליעבע און געניס,
„צו איהר גאָלד־האלזינען מאן.
„דיא בלומען אטהמען פארפום,
„דיא פייגעלעך זינגען שעהן;
„דיא וואכטעל רופט דעם געליעבטע
„און דיא נאכטיגאל איהר מאן.
„פון וואלד און טייבעל צוזאמען,
„קלינגט דיא שטימע פון ליעבע;

„אלעס לעבט און לאכט,
„ליעבע, ליעבע, נאָר ליעבע!
„און פון צוויינעלע דאָרט,
„ווינט דער גאָלדענער פוינעל;
„ער ווינט און קלאָגט יעמערליך,
„ווייל זיין געליעבטע האט איהם פערלאָזט.
„נאָר דיא טויב בלייבט טרייא,
„צו איהר גאָלד־האָלזינען מאן;
„דיא ברומט און טורטעלט אימער,
„ליעבע, ליעבע, נאָר ליעבע!
„אהן ליעבע איז אלעס פינסטער,
„אהן ליעבע איז אלעס טרויעריג.
„דיא וועלט אָהן ליעבע איז א קבר,
„דאס הארץ אָהן ליעבע איז טויט.“

איהר שטימע האט זיך צונאָסען זיסער און טיעפער וויא דיא קלענגע פון א שוואלב וואס האט אָבגעגעבען קאָנצערט אויף א גרינער צווייג. און איהר שטימע א געלענען אזוי פיעל געפיהל און לעבען, אז סערזש׳עס אויגען האבען זיך אָנגע־פילט מיט טרערען.

זיך אומקוקענדיג האט זיא איהם געזעהען וויינען.

„וואס איז דאס, סערזש?“ האט זיא געפרענט.

„אך, אלבין!“ האט ער געענטפערט, „איך וויין פאר פרייד און גליק.“

דיא האט ליעבליך געשמייכעלט.

אלבין האט מעהר נים געזונגען און דייא זיינען געגאַנגען ווייטער.

ווען זייא האבען געגרייכט דעם פלאַטץ פון דיא פרוכטען, האבען זייא בלויז אָבגעריסען עטליכע, אָבער זייא האבען נים געגעסען. זייא האבען בלויז מיטגענומען דיא פרוכטען.

אָנקומענדיג צו דעם אומרינגטען פלאַטץ פון דיא געדיכטע בוימער, האבען זייא ענטדעקט דיעזעלבע עפנונג וואס זייא האבען געמאַכט מיט א טאָג צוריק און זייא זיינען ביידע אריין געקראָכען.

דערזעלבער ערנסט האט זיא בעפאַלען וויא צום ערשטען מאָל, און בליקענדיג אויף דער הייליגער שמילקיים, האבען דיא ביידע אָנגעהויבען צו וויינען.

ייא זיינען געזעסען שטילשוויינענד היבשע עטליכע מינוט, און אלבין האט זיך אויפגעהויבען און ערקלערט, אז זיא איז הונגריג.

„דאן וועלען מיר עסען,“ האט סערזש געענטפערט עפענענדיג דיא בינטלעך.

ביידע האבען געגעסען און אויסגעטרונקען דעם גאנצען וויין.

דאס עסען, דער וויין און דיא שטילקייט, האט געווירקט וויא א זיסער טרוים אויף סערזש'ן און ליעגענדיג אויסגעשטרעקט אויף'ן גראז, איז ער איינגעשלאפען.

## 22.

אלבין האט געבליקט אויף זיין געזיכט מיט דיא גרעסטע ליעבעס־געפיהלע, און ווען זיא האט פערשטאנען, אז ער שלאפט שוין, האט זיא אבגעפרעסט א קוש אויף זיין שטערן, זיך אויפגעהויבען און איז אוועק בעטראכטען דיא געגענד.

מעהר פון אלעס האט צוגעצויגען איהר אויפמערקזאמקייט דיא מארטארענע פיגור. עס איז געווען דיא אבבילדונג פון א וואונדער־שעהנער פרוי.

דאן האט זיא ערבליקט דיא שעהנסטע בלומען וואס זיא האט נאך געזעהען אין איהר לעבען. זיא האט אנגעפאנגען אויסצורייסען דיא שעהנסטע פון זייא און אויסגעפלאכטען מעהרערע קראנצען. זיא האט זיך געציערט דעם קאפ, דעם האלז, דיא ברוסט און דיא הענד. דאן איז זיא אויפגעשטאנען און איז צוגעגאנגען צום וואסער, וואו זיא האט זיך אנגעשפיעגעלט.

איהר שעהנעס געזיכט האט זיך ארויס געזעהען פון צווישען דיא אלערלייא קאלירטע בלומען און זיא האט געשמייכעלט צו זיך אליין.

זיא האט דאן צוזאמענגענומען מעהרערע אנדערע בלומען אין איהר שירצע און איז צוגעגאנגען צו סערזש'ן. ער איז נאך אימער געשלאפען. זיא האט זיך גע־מערקט וויא ער שמייכעלט פון שלאף. זיא איז דאן צוגעגאנגען נעהנטער און ארויף געווארפען אלע בלומען פון דער שירצע אויף זיין געזיכט.

ער האט ערוואכט.

זיך אומקוקענדיג, האט ער בעמערקט אלבינען.

איהר ערשיינען האט אויסגעזעהען, האט בייא איהם ארויס געריפען וויא דיא פערווירקליכונג פון א זיסען טרוים.

„אך! מיין שעהנע אלבין!" האט ער אויסגערופען זיא אנבאמענדיג ביידע פיס און ארויף ווארפענדיג אויף זיין קערפער.

„דוא שעהנער און פוילער כערזש!" האט זיא געשריען איהם קושענדיג. „דוא קוםסט נאר אהער שלאפען? דא, וואו דאס גליק איז אין דער פאלקאר מענהייט!"

זיא האט געציטערט פאר צערטליכקייט אין זיינער אומארמונג.

אויב דיא מעשה אין דער ביבעל, פון אדם מיט חוה'ן, איז וואהר, דאן האבען דיעזע צווייא ערשטע מענשען־קינדער, אין יענעם שעהנעם גן־עדן, ניט געקענט געניעסען מעהר גליק און זעגען פון זייער ליעבע, וויא סערזש און אלבין.

זיא האט זיך צו איהם איבערגעגעבען מיט לייב און זעעלע, זיך צוגעטולעט צו איהם וויא א שוטצלאזעס קינד צו דער ברוסט פון זיין שטארקען פאטער.

זיא האט איהם ניט ווידערשפראכען, ווייל זיין פערגניגען און זיין גליק, איז אויך געווען איהרעס.

וויא פון א נוטען און געזונדען וויין, וואס מען טרינקט צום פאלשטענדיגען גענוס, אזוי זיינען זייא אויך געבליעבען ליעגען אין א זיסער פערמאטערונג, און ארעם אין ארעם, ברוסט צו ברוסט, און ליפען צו ליפען, זיינען זייא איינגע־שלאפען.

ווען זייא האבען ערוואכט, איז שוין געווען פינסטער.

„שלאפסט נאך, סערזש?" האט זיא געמורמעלט.

„ניין."

„ווילסטו געהען אהיים?"

„איך ווייס נים."

„ווילסטו דא בלייבען?"

„יא, דא, וואו מיר זיינען דערוויטערט פון דער שטירמישער וועלט און פער־ברענגען אין שטילען גליק."

זייא האבען זיך ווייטער געליעבט.

ענדליך, ווען דיא לבנה איז אויפגעגאנגען און צוגאסען איהרע זילבערנע שטראהלען איבער דער שטילער געגענד, זיינען זייא אויפגעשטאנען און ארויס קריכענדיג פון צווישען דיא בוימער, זיינען זייא געגאנגען ארעם־אין־ארעם, ווייטער, און טראדע וויא זייא וואלטען מורא געהאט זיך אבצוטהיילען פון אנאנדער, האבען זייא שפאצירט אין א זיסעם שטילשווייגען.

ווען די וויינען אָבגעגאַנגען א היבשע שטרעקע, האבען זייא פלוצלינג ביידע אויפגעציטערט.

קיינער פון זייא האט געוואָגט צו פרעגען וואס דאס בעדייטעט. ביידע האבען אָבער געוואוסט, אז יעמאַנד אָדער עפּעס האט זיך בעוואויגען ניט ווייט פון זייא.

זייא האבען אויפגעהויבען די אויגען און געקוקט.

דער פּארקען, וועלכער האט אַרום גערינגעלט דעם גאָרטען, איז געוועזען טהייל־ווייז איינגעבראָכען.

„יעמאַנד האט זיך ארייננענבב'עט אהער,“ האט זיא געזאָגט.

ער האט געציטערט.

„יעמאַנד וואס וויל שטערען אונזער שטילעס גליק,“ האט זיא פאַרטגעזעטצט זיך צושטידענדיג פעסטער צו זיין קערפּער.

דאן האבען זיך געהערט די גלאָקען פון א קירכע קלינגען. סערזש האט ביי יעדען קלאַנג שטאַרקער אויפגעציטערט.

„אַך, געליעבטער,“ האט זיא געמורמעלט, „דו ציטערסט, יא, דו ציטערסט!“

ער האט ניט געענטפערט.

פלוצלינג איז די שטילע לופט איבערגעריסען געוואָרען פון א דיקער און אונפריינדליכער שטימע:

„פאטער מורעט! נאָמ'ס אויג איז איבעראל! ער קוקט און זעהט אומעטום! אפילו אונטער דער ערד געפינט ער דעם זינדער! אפילו אין תהום פון דעם ים ענטדעקט ער דעם וואס האט געשוואוירען פאַלש!“

עס איז געוועזען ברודער ארשאַנזשיאַס'עס שטימע.

א קאַלטער שווייס איז אַרויס אויף סערזש'עס קערפּער און ער האט זיך אביסעל אונהעפליך בעפרייעט פון אַלבין'ס אומאַרמונג.

„ביסטו בייז, סערזש?“ האט זיא געפרעגט שטאַמלענדיג.

„ניין, ניין,“ האט ער שנעל געענטפערט, און זיך אָבווענדענדיג איז ער אוועק פאַראויס.

אַלבין איז איהם נאָכגעגאַנגען. צוקומענדיג צום אַלטען פּאַלאַסט, האט ער געוואונשען אַלבינען א שנעלע „גוטע נאַכט“, און איז אריין אין זיין צימער.

23.

עס זיינען פערהאנדען מענשען וואס זיינען נעבוירען רעליגיעז. מיר וועלען זיך בעססער אויסדריקען אום מען זאל אונז פערשטעהען. יעדער מענש האט א געוויסע אנציהונג צו עפעס; דיא אנציהונג דריקט זיך אפט אויס צו דיא אומגעבונגען מיט וועלכע ער איז נעוואהנט. איינער בעהויפטעט, אז ער האט ליעב דיעזע אדער יענע זאך אדער מנהג, ווייל דאס מאכט איהם פערגניגען.

פיעלע מענשען, זאגאר גרויסע און ריינע דענקער, וועלען אייך זאגען: „איך ליעב דיא רעליגיאן אין וועלכער איך בין ערצויגען געווארען; איך ליעב איהרע מנהגים, צערעמאניען און איינפיהרונגען, ניט דערפאר ווייל דאס איז א נוטצע און ניטצליכע זאך, זאנדערן, ווייל דאס מאכט מיר פערגניגען.“

דיעזע זיינען דענקענדע מענשען מיט רעליגיעזע נייגונגען. אנדערע וויעדער זיינען אזוי בעגייסטערט מיט זייער רעליגיאן, אזוי איבערגעגעבען צו אלעס אין דעם גלויבען, דאס זייא בעטראכטען יעדע איינצעלהייט פאר א וואהרהייט, פיר וועלכע מען מוז און מען דארף זיך אפפערן. דיעזע זיינען רעליגיעזע מענשען אהן דענקענדע אנזיכטען.

אונטער דיעזעלבע מענשען וועט איהר טרעפען פיעלע, וואס ערגיבען זיך צו בענעהען דיא גרעסטע פערברעכענס נעגען זייער רעליגיאן, בלויז דערפאר ווייל זייא זיינען ניט שטארק גענוג גובר צו זיין זייער נאטור. אבער וועה איז דיעזען ניט־דענקענדען רעליגיעזען, ווען ער ערוואכט פלוצלינג צום בעוואוסטזיין פון זיינע פליכטען. ער ווערט דאמאלס וויטהענד אויף זיך זעלבסט און איז אימשטאנדע זיך צו בעשטראפען מיט דיא גרעסטע ענוים קשים פאר זיין זאגענאנטעס פערברעכען. מוטער, פאטער, שוועסטער, ברודער, פרוי און קינד — אלעס, אלעס פערשווינדעט פון זיין הארצען און ער לעבט נאר אין קוואל און שמערץ פון זיין פערברעכען.

דאסזעלבע איז געווען מיט דעם נייסטליכען מורעס.

ווען ער האט זיך צוריק נעצויגען אין זיין צימער, האט זיך איהם גערוכט אז ער הערט דיא גלאקען קלינגען. דיא גלאקען פון דער קירכע וואס וועקען אויף דאס קריסטליכע הארץ צו דענקען איבער דיא פליכטען צו גאט און צו דער קירכע.

דאַן האבען זיך דייטליך ווידערהאָלט אין זיין קאָפּ ברודער ארשאנזשיאס ווערטער.

מורעט איז צוריק געזונקען אין זיין שטוהל ענטקרעפטעט.

ער האט פאר זיך ערבליקט דיא גאנצע פערגאנגענהייט אויפשטייגען מיט א שרעקליכער דייטליכקייט. ער האט זיך געזעהען יונג, אונשולדיג און פרום, וויא אזוי זיין מוטער אָפּפערט איהם צו גאָט, און שיקט איהם אוועק שטודירען דיא רעליגיאָן, אום ער זאָל קענען פערבלייבען אין געטליכען דיענסט זיין גאנצעס לעבען.

דאַן האט ער זיך עראינערט אן דיא ביאָגראפיען פון מעהרערע הייליגע, וויא אזוי דער שטן האט זייא געשטעלט אויף דער פראָבע, און וויא, סוף־כל־סוף, האבען זייא דיא פראָבע איבערגעשטאנען און בעזיעגט זייערע זינדיגע תאוות.

א לאנגע צייט האט ער איבער אלעמען נאכגעדענקט און איבערגעטראכט, און עס האט איהם אויסגעזעהען, וויא איין ערוואכונג פון א זיסען טרוים צו א טרויעריגער ווירקליכקייט.

אָבער דער טרוים, דער זיסער טרוים, איז ער געווען זיכער, איז געווען פול זינד און פערברעכען, און זיין הארץ האט איהם שווער געקלאפט.

„אך!“ האט ער אויסגעשריען וויא א שטערבענדער, „איך האב קיין כח ניט געהאט צו ווידערשטעהען דעם שטן — ער האט מיך בעזיעגט און גע־פאנגען....“

יעדעס גאטירליכע מענשליכע געפיהל האט אָנגעפאנגען צו פערשווינדען, און אנשטאט דעם האט דיא רעליגיאָן, מיט איהר קאלטע אונבארמהערציגקייט, אויס־געשפרייט איהרע שווארצע פליגלען און איהם צוגעדריקט אלס פעסטער צו איהר אייזינע ברוסט.

מורעט האט געשפירט גראדע וויא ער האט אמאל געפיהלט, דאָרט אין דער קירכע, אז ער ווערט שיער דערשטיקט. פערצווייפלונג און פינסטערע געדאנקען האבען איהם ארום געריינגעלט פון אלע זייטען, און ער האט זיך פאָרגעשטעלט וויא א שד מיט א לאנגען עק, צווייא גרויסע הערנער אויף'ן קאָפּ, מיט איין אייזערנע גרעבלע, קומט און פאקט זיין אָרימע נשמה. דיא נשמה ווערט געטראָגען וויים, ווייט, און פון איבעראל הערט זיך דאס שפּאָטישע געלעכטער פון דיא שדים.

דאַן בלייבט שטעהען דער שד פאר דעם שטוהל פון זיין סאטייאנישער מאַ־יעסטעט. דער שטן, איינגעהיעלט אין א רויטען מאנטעל, שטייבעלט פערגניגענט

צו זיין אַריטער נשמה, גראדע וויא איין אפריקאַנישער מענשען־פרעסעריישער פעטיג, שמייכעלט ווען ער זעהט פאַר זיך א מענשען, וואס מען האט געבראכט איהם צו קוילען אויף א סעודה.

דער שמן האט געגעבען א מאך מיט דער האנד און א גאַנצע באַנדע שדים זיינען ארויס און איהם געפּאַקט.

פון ווייטען האט זיך דערזעהן א שרעקליכעס פייער און פון אַלע זייטען, האט זיך איהם געדאכט, אז ער זעהט טאַנצען אלבין׳ס געזיכט. דאַן האט מען איהם אריינגעשליידערט אין פייער, און ...

מורעט האט א העלפּט פון זיין בעזינונג פערלוירען. ווען ער איז צו זיך געקומען, האט ער געפיהלט וויא ער שווימט אין א קאַלטען שוויים. אבער ער האט אונטערדעסען לייכטער אויפגעאַטהעמט.

ניין, ניין, אין גאַנצען פערלוירען איז ער נים; דיא רעליגיאָן איז א באַלזאַם און גאָט איז בארמהערציג. דער זינדער, כל־זמן ער לעבט, קען ער פעררריכטען זיינע פעהלער, בעסערן זיינע וועגען, און... דער זינדער וואס איז איין אמת׳ער בעל־תשובה, איז נאך חשוב׳ער בייא גאָט וויא דער פרומער וואס האט קיינמאל נים געזינדיגט.

יא, ער האט געבראָכען דיא שבועה! ער האט געשוואוירען צו אָפּפערן זיין בחור׳שאפט צו גאָט, און ער האט סיין וואָרט געהאַלטען. פאַר אזא פערברעכען קען מען אמאל פערפאַלען ווערען אין גיהנום.

אָבער גאָט איז גוט און בארמהערציג. דיא טויערן פון תשובה, שטעהן אימער אָפען, און מען דארף זיך גאר אהין ווענדען, און יעדען׳ס בקשה ווערט דערהערט.

שוין לאנג זייט מורעט האט נים דערמאָהנט גאָט׳ס נאמען.

ער האט ניעדערגעקניעט, אויפגעהויבען זיינע הענד צום הימעל, און געמורמעלט:

„גאָט, אין נאמען פון דיין זוהן יעזוס קריסטוס, וועלכער האט געליטען אויפ'ן קרייץ פאַר אַלע זינדיגע מענשען, בעט איך אום פערצייהונג. און דוא, מאַריא, מוטער פון שמערצען, מוטער פון אַלע ליידען; דוא הייליגסטע, ריינסטע, פרומסטע און געטליכע — זייא דוא מיין מליץ יושר און בעט פאַר מיר... איך בין בערייט, פון היינט אָן און ווייטער, ארויס צו רייסען מיין הארץ פון מיין ברוסט, מקריב זיין מיין בלוט צו גאָט, און אויסווירקען מיין פערצייהונג..."

## 24.

ווען אלבין איז ארונטער נאכ׳ן פריה אין סערזש׳עס צימער, האט זיא איהר געליעבטען מעהר דארט ניט געפונען; זיין בעט איז געוועזען אונבעריהרט.

איינינע אוינענבליקען איז זיא געשטאנען אין טיעפען נאכדענקען, אבער ענדליך האט זיא זיך אליין אויסגעלאכט פון איהר נארישער מורא, און זיא איז ארויס אין גארטען.

„ער מוז ערגיץ־וואו זיין דא צווישען דיא בוימער. דיא נאכט איז געוועזען שטיקענד, און ער האט געוויס געשלאפען אויף׳ן קיהלען גראז,“ האט זיא גע־טראכט.

דאן האט זיא געזוכט און געשריען:

„סערזש! סערזש! וואו ביסטו?“

דיא שטימע האט איבערהיכלט אין גרויסען גארטען; און פון וויטען האט צוריק געקלינגען א ווידער־קול, אבער סערזש האט ניט געענטפערט. דאן האט אלבין געזוכט, איבעראל, וואו זיא האט נאר געקענט דענקען, אז סערזש קען זיין, אבער זיא האט איהם אויף קיין פלאטץ ענטדעקט.

מיט צוויא שטונדען פריהער, איידער אלבין איז ארויס זוכען איהר גע־ליעבטען, איז דער נייסטליכער מורעט אויפגעשטאנען פון דער ערד. זיינע קניען האבען איהם זעהר געשמערצט דערפון וואס ער האט לאנג געקניעט. דאן האט ער ארויס געבליקט אין דרויסען, אבער אלעס איז געוועזען דונקעל און שטיל.

דאך, ווארום האט ער פריהער געהערט א שטימע? האט דאס איהם גע־נארט זיין איינבילדונג, זיין פאנטאזיע, אדער האט איהם גערופען גאט׳ס שליח וואס האט פערלאנגט פון איהם רעכענשאפט?

יעדענפאלס האט ער געציטערט.

דאן האט ער אנגעשטרענגט זיינע אויערן אום בעסער צו הערען. עס זיינען פאראיבער עטליכע מינוטען, און ענדליך האט ער דייטליך געהערט רופען זיין נאמען.

א פויזע האט נאך אמאל איינגעטרעטען. שפעטער האט ער געהערט:

„פאטער מורעט! פאטער מורעט! איך רוף אייך!“

וועמעס איז געוועזען דיא שטימע? אבער יא, ער האט זיא גענוי דער־קענט.

עס איז געווען ברודער ארשאַנזשיאַס שטימע.

„פאַטער מורעט!“ האָט די שטימע ווידערהאָלט, „אויב איהר הערט מיך, ענטפערט מיר!“

„יאַ, יאַ,“ האָט ער אַרויס געשטאַמעלט מיט אַ הייזעריגער שטימע, „איך הער און איך גערה!“

וויאַ אַ בעזויפענער, אַזוי האָט ער אָנגעטאַפּט זיין וועג אין דער פינסטער, ביז ער האָט געגרייכט די טהיר. דאַן האָט ער געעפענט און אָנגעפאַנגען אַרונטער צו שטייגען די טרעפּען.

„זייט איהר דאָס פאַטער מורעט?“ האָט ארשאַנזשיאַס געפרעגט.

„יאַ, יאַ,“ האָט מורעט געבראָמט.

„דאַנקען גאָט! דאַנקען גאָט!“ האָט דער אַלטער פאַנאַטיקער אויסגע־רופען.

ווען מורעט איז אַרונטער געקומען, איז ער געפאַלען ארשאַנזשיאַס'ן אויפ'ן האַלז און בימער געוויינט.

„אַך, מיין ברודער,“ האָט ער געיאָמערט, „איך האָב מעהר ניט ווערטה איהר זאָלט מיך האַלטען געבען זיך. איך בין זינדיג, זינדיג...“

ארשאַנזשיאַס האָט איהם געגלעט אויף דער פּלייצע בערוהיגענד און גע־מורמעלט:

„שאַ, שאַ, מיין ליעבער פאַטער מורעט! איך פערשטעה אַלעס — איך פער־שטעה. די מכשפה דאָרט האָט אייך פערצויבערט און איהר... ווען איז מיר... אָבער נאָר רוהיג, גאָט איז בּאַרמהערציג, גנעדיג, גוט, פערצייהענד און ער וועט אייך מוחל זיין אויף אייערע זינד... נו, הערט שוין אויף צו וויינען... אָדער, ווען איהר ווילט יאָ וויינען, דאַן קומט אַוועק פון דאַנען; דאָ איז סדום ועמורה, — קומט אַהין, אין דער הייליגער קירכע, פאַר די הייליגע בילדער, דאָרט איז אייער פּלאַץ, ניט דאָ אין זינד...“

מיט דיעזע רייד האָט ער איהם אָנגעפאַנגען צו פיהרען און מורעט איז נאָכ־געגאַנגען, אָהנע ער זאָל וויסען וואוהין ער געהט.

„זעהט איהר, פאַטער מורעט,“ האָט ער געמורמעלט אַלס ערקלערונג, „וואָ־כענלאַנג האָב איך אייך שוין געזוכט, ביז גאָט האָט מיר געוויזען אַ וועג דורך אַ פערוואָקסענעם לאָך אין פּאַרקען. דרייא טעג האָב איך דערבייאַ געאַרבייט, און ענדליך האָב איך דורכגעבראָכען אַ וועג. קלאָגט ניט, גאָט איז גוט און באַרמ־הערציג, ער האָט געפונען אין מיר אייער טלאַך־טושיע, און יעטצט איז אייער

זינדיגע נשמה נעראטעוועט. מיט אייערע תפילות און תענתים, ווען איהר אָב־וואשען דיא שרעקליכע עבירות, און... זעהט איהר, א גאנצע נאכט האב איך דאָ געוואכט, און נאָט האט מיר געגעבען כח דורכצופיהרען דיא הייליגע שליחות...“

זייא האבען דערווייל געגרייכט ביז צו דער עפנונג אין פארקען, און מורעט איז געבליעבען שטעהען.

עפּעס האט זיך איהם געדאכט, אז ער הערט אַלבין׳ס מעלאַדישע שטימע רופען: סערזש! סערזש!“ דיא געדאנקען האבען זיך געוועקסעלט און ער האט זיך געוואָלט אויסרייסען.

אָבער ברודער ארשאנזשיאס איז געווען א שטארקער מענש און ער האט איהם פעסט געהאלטען.

„עס איז דיא קליפּה,“ האט דער ברודער געברומט, „דיא קליפּה וואס שלעפּט דיך צוריק. אָבער דוא ביסט שוין ארויס פון דער טומאה, יעטצט מוז קומען דיא קדושה.“

א קיהלער מאָרגען־ווינטעלע האט געבלאָזען און מיט זיך געטראגען דעם פארפום פון דיא רויזען. נאָר פאטער מורעט האט שוין מעהר נים געפיהלט און געהערט.

## 25.

ווען עס איז טאָג געוואָרען, איז ער אריין אין הויף פון דער קירכע. לאַ מעט און דעזירעע זיינען איהם ענטקעגען געלאָפען און געקושט.

ער האט בלויז געזיפצט. דאַן האט ער געזאגט:

„יעטצט, מיינע ליעבע, לאָזט מיך פריהער ארייננעהען אין קירכע און נאָכ־בעטען און דאנקען פאר זיינע חסדים וואס ער האט מיט מיר געטהאָן.“

מיט עטליכע סעקונדען שפּעטער, איז ער געלעגען פאר דעם בילד פון דער הייליגער מוטער מאריא, גראדע אויף דעמזעלבען פּלאטץ וואו מיט עטליכע מאָנאט פריהער, און געבעטען נאָט זאָל איהם פערצייהען פאר דעם פערברעכען וואס ער האט בעגאנגען.

זיינע אויגען האבען געגאָסען מיט טרערען, זיינע ליפּען האבען זיך בעוואויגען, זיין הארץ האט שווער געקלאפּט, ביז ער איז ענדליך אוטגעפאלען אויף דיא קאלטע ברעטער ענטקרעפטעט.

ווען לא מעס און רעזירעע זיינען איהם נעסומען ארויס נעהמען, האבען זייא נעמיינט, אז ער האט ווידער דיעזעלבע קראנקהייט וויא אמאל און זייא האבען זיך זעהר דערשראָקען.

אָבער פאטער מורעס האט נעשמייכעלט און נעמורמעלט:

„מיר איז נאר ניט, מיינע ליעבע, העלפט מיר נאָר אריינגעהען אין מיין צימער, וואו איך זאָל קענען אביסעל רוהען.“

זייא האבען איהם אריינגעבראכט אין צימער. און לא מעס האט זיך אוועק נעשטעלט נעבען איהם, שאָקלענדיג מיט איהר קאָפּ, און מורמלענדיג:

„אזוי איז עס ווען נאָט וויל חוזק מאכען פון א מענשען. נאָט איז נוט און בארמהערציג, אָבער נאָר צו זיינע אמת'ע דיענער. וועה צו דיעזע, וואס טרעטען אריבער זיינע הייליגע געבאָטע!“

„טהוט דיר עפּעס וועה, סערזש?“ האט רעזירעע געפרעגט צערטליך.

„וועה, מיר? אָה ניין!“

„יא, יא, סערזש,“ האט רעזירעע נעדרונגען, „איך וועל לאָזען רופען דעם אָנקל פאסקאל, און ער וועט דיר העלפען.“

„ניין, מיין קינד, אָנקעל פאסקאל איז ניט קיין מומחה צו מיין קראנקהייט. דערצו איז נאָט אליין דער רופא און דער שליח צוזאמען. מיינע איינענע טרערען, מיין ביטערע חרטה און מיינע זעעלען־שמערצען, וועלען זיין דער באַלזאַם צו מיין קראנקער נשמה...“

מורעס האט ביטער געוויינט און נעבעטען לא מעס'ן, זייא זאָלען איהם לאָזען אליין.

וועהרענד מורעס איז נעלעגען אויף זיין בעט און ניט אויפגעהערט צו בעטען נאָט זאָל איהם פערצייהען אויף זיינע זינד, האט ברודער ארשאַנזשיאַס נעפיהרט פאָלגענדעס נעשפּרעך מיט לא מעס'ן.

„אזוי, אזוי,“ איהר האט איהם ענדליך נעפונען?“ האט דיא נעפרעגט.

„נעפונען! און נאך וויא נעפונען!“

„מאָקי אין לע פאראדו?“

„אַקוראט דאָרט!“

„און וויא קומט ער אהין?“

„דאס וייס נאָט,“ האט דער אלטער נעזאגט ווערענדיג ערנסט. „זעהט איהר לא מעס, איך וועל אייך דערצעהלען מיין עהרליכע מיינונג.“

„אדרבא, לאָמיך הערען.“

„וואנבערנאט איז ניט קיין מענש!“

„ניט קיין מענש? וואס דען?“

„ער איז דער שמן אליין, וועלכער האלט א באנדע טייפלען דאָרט אין לע פאַראַדו. ער האט נעזעהען אונזער פאטער מורעט, און וויא אויף איוב'ן, אזוי האט ער נעוויס נעמאכט מיט גאָט א וועטע, און...“

„און וואס?“ האט לא טעס נעפרעגט נייגיעריג.

„וואס זאָל זיין? פאטער מורעט איז נאך געווען יונג, און דאס האט דעם שטן נעהאָלפען. שרעקט זיך ניט אזוי לא טעס, עס איז גאָט'ס ווילען — יא, יא, ער איז נעפאלען.“

„נעפאלען? גאָט איז מיט אייך ברודער! וואס הייסט נעפאלען? מיט וועמען? וויא אזוי?“

„מיט דער טייפעליכע אלבין.“ האט ארשאנזשיאס געענטפערט גאנץ נעד לאסען. „איהר וועט דאך מודה זיין, אז אזא שטהנעס מיידעל, האבען מיר גאר ניט אין אונזער גאנצער נעגענד; זיא איז דעם שטן'ס פרינצעסין, און איז, גלויב איך, ספעציעל נעשאפען נעוואָרען, אום פאטער מורעט צו פערפיהרען. אָבער, דאנקען גאָט, איך האב איהם נעראטעוועט!“

לא טעס האט נעוויינט, עס איז אָבער אונמעגליך געווען צו ענטשיידען אויב פאר פרייד אָדער פאר לייד.

„און זאגט מיר נאָר, הייליגער ברודער,“ האט זיא קוים ארויס נעשטאמעלט, „וויא האט איהר דאס ניט מורא נעהאט זיך איינצושטעלען און געהען צווישען אזעלכע נעפעהרליכע רוחות און שדים?“

ארשאנזשיאס האט אויסנעצוינען זיין קערפער שטאָלץ און מוטהיג, און נעד ענטפערט:

„ווען מען נעהט אין מלחמה און מען בעוואפענט זיך נוט, האט מען ניט וואס מורא צו האבען. אזוי וויא איך האב פערדעכטינט, אז אונזער פאטער מורעט געפינט זיך דאָרט און איז נעוויס אין איהרע לאפעס, האב איך אָנגעהויבען צו מאכען פאָרבערייטונגען אהין איינצודרינגען. ווען איך האב נעוואוסט, אז דער וועג איז שוין פאר מיר פרייא, האב איך צום ערשטען מאל געזאגט עטליכע קאפיטלעך תהילים; מיר אָנגעטהאן דיא קאפאָטע פון דעם הייליגען סעבאסטיאן, וועלכע איז בייא מיר בירושה פון מיין עלטער־אָנקעל; נעזאגט דיא תפילות פון דעם

הײליגען אנטאָניוס, און דאַן, דאס װיכטיגסטע, האב איך מיר אָנגעטהאָן 12 קרײצען, כוים דעם צאָהל פון דיא הײליגע אפּאָסטאָלען, מיך נוט אויסגערױכערט מיט װײהרױך, און בין אװעק אין דער מלחמה געגען דעם שטן מיט אלע זײנע שדים. אך, לא מעס! דיא שמירה איז געװען נאך מעהר װיא איך האב ערװארטעט; זײא זײנען זיך פון מיר צולאָפען, װיא פּאלאָװע פּאַר'ן װינט, און אפילו זיא אליין, דיא קליפּה, װאס האט איהם פערפיהרט, איז אויך פערשװאונדען געװאָרען...."

לא מעס האט געבליקט מיט עהרפורכט צו ברודער ארשאנזשיאס, און זיא האט איהם אין יענעם אוינענבליק בעטראכט װיא דעם גרעסטען העלד, װאס האט אײנגענומען דיא גאנצע װעלט.

26.

עס זײנען פאַראיבער עטליכע װאָכען, און דיא פרוסקײט פון פאטער מורעט איז אזוי װײט געשטיגען, דאס יעדער פון דער אומגעגענד, האט איהם אָנגעפאנגען צו בעטראכטען פאר א הײליגען, זײנע תענתים און תפיכות, האבען טאקי נאָר געפּאסט פאר א הײליגען מארטירער.

אונטערדעסען האט עס אײנינע מאל פּאסירט, בײא נאכט, װען ער האט זיך ארױס געגנב'עט פון הױז און איז אװעק איבער דיא פעלדער, לױפענדיג דירעקט נאך לע פּאראדו. אָבער ברודער ארשאנזשיאס האט אויף איהם גוט אויפגעפּאסט און ער האט איהם אימער אומגעקעהרט. אײנמאל איז ער שוין זאָגאר געװען נעבען זשאנבערנאט'ן, און ארשאנזשיאס האט איהם געפּאקט און געראטעװעט פון דער קליפּה.

דאן איז דיא פרומקײט נאך מעהר געשטיגען, ביז פאטער מורעט האט פערזיכערט ברודער ארשאנזשיאס, אז ער איז שױן שטארק גענוג צו בעזיגען דעם יצר־הרע, און ער דארף איהם מעהר ניט היטען.

װעהרענד דיעזער צײט, האט זיך געהערט, אז אלבין, דיא שעהנע רויז פון לע פּאראדו איז שטארק קראנק געװאָרען און דר. פּאסקאל איז צו איהר געקומען יעדען טאָג. אין א פארנאכט האט דר. פּאסקאל אָבגעשטאטעט מורעט'ן א בעזוך און מיט איהם געהאט א העפטיגע פריװאט־אונטערערדונג.

דיעזע װאס האבען זיך אונטערגעהערט, האבען צו לעטצט געהערט פּאָלגענדעס געשפּרעך:

„ניין, סערזש, האט דר. פאסקאל געשריען, „זיא איז געוועזן דיא אונשולד זעלבסט, און דוא האסט קיין רעכט געהאט מיט איהר אזוי וויסט צו טרייבען."

מורעט האט געשוויעגען.

„און יעטצט", האט דר. פאסקאל פארטגעזעטצט, „וועהרענד זיא ליעגט אויף'ן שטערבע־בעט, אלץ דורך דיר, ווינשט זיא בלויז דיך צו זעהען. דוא קענסט עס איהר ניט ענטזאגען, דוא טארסט עס ניט ענטזאגען. דוא וועסט פערלייכטערן איהר לעטצטע שטונדע אין לעבען."

פאטער מורעט'ס שטימע האט געציטערט ענטפערענדיג:

„איך קען צו איהר ניט געהען, ניין, איך קען ניט. איהר לעטצטע שטונדע וועט פערלייכטערט ווערען אין געבעט און חרטה."

„צום קוקוק מיט דיין געבעט און חרטה!" האט דער אלטער ארצט גע־ וויטהעט, „זיא ווייס ניט פון דיינע רעליגיעזע פאנטאזיען! זיא איז א נאטור־ קינד, און איהר הארץ קען דיא ריינע ליעבע. געה צו איהר, זאג איך דיר!"

פאטער מורעט האט געגעבען א שווערען און לאנגען זיפץ, און פערלאזען דאס צימער אהנע מעהר צו ענטפערן.

מיט א פאאר וואכען שפעטער, איז פאטער מורעט, נאכמיטאג געשטאנען נעבען דעם קריסטוס־בילד און געהאלטען זיין האנד אויף דעם געקרייציגטען, בע־ טענדיג, אז אין דעם פערנאסעגעם בלוט פון גאט'ס זוהן, זאלען אויך אריין גע־ רעבענט ווערען זיינע זינד.

דיא טהיר פון דער קירכע איז געשטאנען אפען און אלבין איז אריינגעקומען. איהר געזיכט איז געוועזן אין גאנצען געענדערט; זיא האט אויסגעזעהען צו טראגען א בלייכע מאסקע.

פאטער מורעט האט געהערט שריט און ער האט גערעכענט, אז דאס איז לא מעס אריינגעקומען מאכען ארדנונג.

אלבין איז אנפאנגס געבליעבען שטעהען, געגעבען א ציטער מיט איהר שוואכען קערפער, דאן איז זיא צוגעקומען, געלייגט איהר האנד אויף זיין שולטער, און געטורמעלט ערפרייט:

„ענדליך! ענדליך! איך האב דיך געפינען!"

מיט א שוידער האט זיך מורעט אומגעקוקט, אבער ער איז געבליעבען שטעהען אויף זיינע קניען, פארטזעטצענדיג זיין געבעט.

„איך האב אויף דיר אזוי לאנג געווארט," האט אלבין געזאגט, „לאנג, זעהר

לאנג. פריהמאָרגנען און אבענד, ביז איך בין שוין מיעד געוואָרען צעהלענדיג. דאן... אך, אוי, ווען איך האב געזעהען, אז דוא קוממסט ניט, האב איך בע-שלאָסען צו קומען צו דיר. גיב מיר דיין האנד און לאָמיר געהען..."

זיא האט אויסגעשטרעקט איהר בלאסע און אויסגעמאָגערטע האנד, אָבער ער האט ווייטער געבעטען, און דאן, נאך א פויזע, האט ער געזאגט שטאמ-לענדיג:

„עס איז ניט רעכט פון דיין זייט דאָ צו זיין, געה דיר דיין וועג. דוא רעגסט דיך נאך מעהר אויף."

„מיך אויפרעגען?" האט זיא געזאגט מיט א געצוואונגענעם שמייכעל, „איך קען מיך ניט אויפרעגען, ווייל איך לייד מעהר ניט; איך בין פאָלקאָמען געזונד. ווען איך זעה דיך, פעהלט מיר קיין זאך. יא, יא, סערזש, קום שנעל..."

ער האט איהר ניט געענטפערט.

זיא איז געוואָרען גאנץ מונטער, און פאָרטגעזעטצט:

„אך, סערזש! ווען דוא זאָלסט נאָר זעהען וויא שעהן עס איז יעטצט אין לע פאראדו! נאך שעהנער וויא עס איז געווען!"

זיא האט געשפראָכען, געפלוידערט און געשילדערט, נאָר ער איז געבליעבען שטעהן פעסטער צודריקענדיג דאס קריסטוס־בילד, מיט דער אבזיכט, דאס זאָל איהם בעשיטצען.

„וואס איז מיט דיר?" האט זיא אויסגערופען ערשטוינט. „דוא קענסט דאך מיר ניט ענטזאגען מיטצוגעהען? ניט וואהר, דוא ווערסט עס ניט טהון? עס איז דאך אונמעגליך! מיר זיינען דאך פעראייניגט, איין קערפער, און קיינער קען אונז ניט שאדען. דוא ביסט דאך אין גאנצען מיינער! הא, אָט דאָ זעה איך א טרויער-קנייטש אויף דיין שטערן. ווארט, ווארט, איך וועל איהם אויסגלייכען מיט א קוש... אלעס בעלאנגט דאך צו מיר, דיינע הענד, דיין געזיכט, דיין האלז, וועלכעס איך האב געהאלטען אזוי לאנג אומארמט. דיינע ליפען, דיינע אויגען, דיין שטערן, אלעס איז מיינס! און איך האב דיר אוועק געגעבען מיין גאנצע ליעבע, מיין הארץ, אָדער וויא דוא רופסט עס, מיין נשמה... הערסטו סערזש וויא איך רייד צו דיר?"

זיא איז געבליעבען שטעהן אויסגעשטרעקט נעגען איהם, שמאָלץ וויא א נעמטין פון ראבע און ליעבע.

„הערסטו מיך סערזש?" האט זיא ווידערהאָלט.

דאן האט ער זיך אומגעווענדעט און געמורמעלט:

„ניין, ניין, אלבין, עס איז ניט וואהר, איך בין ניט דיינער, זאנדערן איך בעלאנג צו גאט.“

זיא האט איהם בעטראכט עטליכע אויגענבליקען, און דאן, מיט א הייזעריגע שטימע האט זיא געמורמעלט:

„סערזש, מיין סערזש! איך קען דיך ניט הערען דא. דיעזעס הויז איז אב־שייליך, קום ארויס פון דאנען...“

ער האט א ציטער געטהאן און געענטפערט:

„דוא ווייסט ניט וואס דוא רעדסט, אלבין, מיין פליכט האלט מיך דא...“

„דיין פליכט?“ האט זיא געפרעגט ערשטוינט און שפאטיש. „פליכט? וואס איז דאס? איך ווייס ניט וואס דאס הייסט פליכט! ווען דאס איז א זאך וואס האט דיך פון מיר אוועק גענומען, דאן וויל איך עס ניט קענען. עס מוז זיין א שלעכטע זאך. סערזש, ווייל דאס מאכט דיר און מיר שמערצען, וועהרענד איך האב דיר קיינמאל קיין לייד געטהאן. מיין אנקעל זשאנבערנאט איז א קלוגער מאן, ווען ער האט געזאגט, אז דיין פליכט איז איין אויסגעטראכטע פון דומקעפ און שווינדלער אום אונגליקליך צו מאכען מענשען. זעה, סערזש, מיר דאכט, אז דוא זאגסט א ליגען; דוא ליעבסט מיך מעהר ניט, און דערפאר רעדסטו פון פליכט.“

„אלבין, אלבין!“ האט ער געזאגט שטרענג, „דוא לעסטערסט אין גאטעס הויז!“

„אין גאטעס הויז? וואס איז דאס פאר א מין? ווער איז גאט?“

„גאט איז דער וואס האט אונז ביידע און אלעם געשאפען, און ער ווייס וואס ער טהוט.“

„אויב דאס איז אמת וואס דוא זאגסט, דאן איז דיין גאט א באנדיט, א רויבער און א שלעכטע בריאה. וואס וויל ער האבען פון אונז? וואס פאר א שלעכטעס האבען מיר איהם געטהאן ווען מיר האבען זיך געליעבט? האט ער הנאה דערפון צו זעהן אונז ביידע אין שמערצען? ווען עס איז דא אזא גאט, דאן האס איך איהם!“

מורעט איז געווען אויסער זיך פאר צארן, נאר אויפהייבענדיג זיינע אויגען צו אלבין'ס ליידענדעס געזיכט, האט איהם פערקלעמט בייא זיין הארצען, און ער האט אויסגעשריען:

„איך קען נים! איך קען נים! מיין גאָם, איך קען נים!"

זיינע אויגען תאבען זיך אָנגעפיללט מיט טרערען.

„דוא ווייננסט?" האט זיא געפרעגט מיטליידיג, „יא, יא, אויך דוא ליידעסט, אָבער וואס וועט ווערען פון מיר?"

א בליק אויף דעם קריסטוס־בילד האט איהם געשטאַרקט.

„דיינע ליידען", האט ער געזאגט גאנץ רוהיג, „זאָלען פאַלען אויף מיין קאָפּ! איך זאָל אייביג פערדאמט זיין! דאס וועט זיין א גערעכטע שטראפע, ווייל איך האב דאס מיר פערדיענט. וויא זינדיג איך בין, וואָס איך נאך אימער אויך פאר דיר, בעטראַגענע, צו בעטען יערע נאכט."

זיא האט אויפגעצויגען מיט דיא אַקסלען און געענטפערט:

„דוא ביסט משוגע, סערזש. איך בין דיר מוחל דיינע געבעטע. דיך וויל איך און נים קיין געבעטע. דיין גאָט האט דיך פאַר מיר געטויטעט. ער מוז זיין א טיראַנישער גאָט."

„ניין, ניין," האט ער זיא אונטערבראָכען, „דוא האסט אונרעכט, אונזער גאָט, יעזוס, האט געליטען שרעקליכע שמערצען פאַר אונז. מען האט איהם גע־שמיסען געפייניגט, אָנגעטהאָן דערנער אויף'ן קאָפּ און געקרייציגט... זעה נאָר דאָ, זיינע שולטערן זיינען נאקעט; זיין פלייש צעררימען, זיין בלוט פליעסט ארוים אין א שוואַרצען שטראָם.... בלוטיגע טראָפּען שוויים רינגען איבער זיין געטליכעס געזיכט — זעה וויא ער בלוטעט... יעזוס איז בעליידיגט געוואָרען פון דיא רוימישע סאָלדאטען.... זיינע מערדער האבען איהם ארום געהיעלט אין שפּאָט, מיט א פורפור ליילעך; זייא שפּייען אין זיין געזיכט, שלאָגען איהם און דריקען ארויף דיא דאָרנען קרוין אויף זיין קאָפּ..."

אלבין האט בעטראַכט דאס קריסטוס־בילד און זיא האט געשווידערט.

„צו וואס איז דאס?" האט זיא פּלוצלינג געפרעגט, „וויא איך פערשטעה, האט דיעזער גאָט דאָרט, געקענט אויספיהרען צו לעבען און דאָך האט ער געוואָלט ליידען און שטאַרבען. דאס איז לעבערליך. שטאַרבען אין פּאָלקאָמענעם גליק, האט א זינן. אָך, סערזש! ווארום זאָלען מיר ליידען ווען מיר קענען זיין גליקליך? געדענקסטו סערזש, ווען מיר האבען געטרונקען דעם זאַפט פון אונזער ליעבע, וויא מיר האבען זיך פון איהם אָנגעשיכור'ט און איינגעשלאָפען אין אונזער אומארמונג... וויא זיס, וויא הערדליך און וויא שעהן אונזער ליעבע איז געוועזען ... זעה, סערזש, ציא נים קיין נאַר! וואַרף אַרונטער דעם שוואַרצען קאַפּטען פון דיר — ער איז

אבשייליך! פערלאָז דיזע טרויעריגע געביידע, און קום מיט מיר אהין, דאָרט וואו די נאַטור אטהעמט מיט לעבען און געניס... קום, סערזשו, איך בעט דיך..."

ער האט זיך בעפרייעט פון איהר אומארמונג.

„אך! יעזוס!" האט ער אויסגעשריען, „דוא, וועלכער ביסט פאר אונז געשטאָרבען, איבערצייג זיא וויא נאַריש און פוסט אונזער גאַנצעס לעבען איז... ווייז איהר אַ וועג צו עררייכען יענע וועלט..."

„שווייג, דוא דומקאָפּ!" האט זיא אויסגעשריען ערביטערט, „איך וויל מעהר ניט הערען דיינע נאַרישקייטען! איך האַס דיין גאָט, דיין יעזוס, וועלכער איז אַ טיראַן און לאָזט אונז ניט גליקליך זיין! פוי, דוא שלעכטער מענש! דיין גלויבען, דיין גאָט, דיין קירכע, אַלעס, אַלעס, איז איינגעטראַכט, שווינדעל, ליגען און בע־טרוג!"

מעהר האט ער שוין ניט געקענט ערטראַגען, און זיא אבשטויסענדיג העפטיג, האט ער אויסגעשריען:

„געה פון דאַנען! און דיר רוהט דער טייפעל!"

אלבין איז געבליעבען שטעהען בייא דער טהיר, זיך אויסגעווישט די אויגען, און געמורמעלט:

„עס איז אלזאָ אַלעס פאַראיבער? דוא טרייבסט מיך אוועק, טראָטץ דעם וואס איך בין דיין ווייב. דיין גאָט הייסט דיר דאס טהון. גוט, איך געה, אָבער געדענק, יעדען אבענד וועל איך אויף דיר וואַרטען דאָרט אין לע פּאַראַדו, וואו דער פאַרקען איז איינגעבראָכען. און אויב אַ גאָט קען ווערען באַרמהערציג, וויל איך האָפען, אַז דוא וועסט צו מיר צוריק קומען."

דאַן איז זיא פערשוואונדען געוואָרען.

## 27.

אלבין'ס וועהמיטהיגע שטימע האט געקלונגען אַ היבשע צייט אין מורעט'ס אויערן: ער האט איהר אין איין צייט געוואָלט נאַכלויפען, נאָר אַ בליק אויף דעם קריסטוס־בילד, האט איהם צוריק געהאַלטען. דאַן האט אָנגעפאַנגען צו קומען די רעליגיעזע רוה און צופריעדענהייט, און דערמיט אויף אַ דאַנקבאַרקייט צו גאָט פאַר דעם נסיון וואס ער איז איבערגעשטאַנען.

ער האט נאַכגעדענקט און געמורמעלט:

„מיין גאָט, איך דאַנק דיר פאַר דעם חסד וואָס דו האָסט מיט מיר געטהאָן. עס איז געווען דיין גנאַד וואָס האָט אָנגעגורט מיינע לענדען; עס איז געווען דיין גנאַד וואָס איז געוואָרען מיין פּאַנציר, מיין מוטה, דער שוטץ פון מיין נשמה, כדי איך זאָל מיך נים אויסגלימשען און צוריק פאַלען אין דער טיעפער בלאָטע, פון וואַנען איך בין קרום אויפגעשטאַנען. אַך, מיין גאָט! עס איז געווען דיין כח וואָס האָט מיך נים איבערגעגעבען צו דער שוואַכקייט פון דעם קערפּער. איך בין אמאל אימשטאַנדע געווען ארויס צו רייסען מיין הארץ פאַר איהר, נאָר יעמצט, זעה, גאָטוניו, וויא מיין הארץ בלוטעט פאַר דיר מיט חרטה. איך האָב עס ארויס געריסען פון דיינעטוועגען, א קרבן צו דיר, מיין גערעכטער בעשיטצער...“

נאָך דיעזע ווערטער האָט ער צוזאַמענגעבראָכען און איז געבליעבען ליעגען חצלב אָהנמעכטיג. זיין געהירן איז געווען וויא אין א העלישעס פייער און גערוישט מים געדאַנקען.

„מיין גאָט!“ האָט ער פּלוצלינג אויסגעשריען, „איך ליעב זיא! איך ליעב זיא!“

ער האָט געשטרעבט אויפצושטעהען און ווייטער געמורמעלט:

„אַך, יעזוס! האָט מיטלייד מיט מיר, און גיב זיא מיר צוריק!“

אָבער זיין גאָט האָט קיינע אויערן געהאַט פיר אזא געבעט, און אנשטאָט האָפנונג, האָט ער זיך געשפּירט אונגליקליך און פערצווייפעלט.

אַלבין'ם געזיכט איז ערשיענען אין זיין פאַנטאַזיע. פריהער האָט ער זיא געזעהען יונג, שעהן, אונשולדיג און בליהענדיג וויא א רויז, דאַן האָט ער זיא געזעהען מיט גרויסע דערשראָקענע אויגען, בלאַסעס געזיכט, ציטערענדע ליפען און שטירמיש־קלאַפענדע ברוסט.

א הערצרייסענדעס מיטלייד האָט זיך ביי איהם ערוועקט, און ער האָט געציטערט.

„איז דאָס אמת?“ האָט ער זיך געפרעגט, „אז גאָט וויל זיינע ברואים זאָלען אזוי ליידען? איז דאָס אמת, אז גאָט האָט הנאה ווען צוויי ליעבענדע הערצער ווערען צעריסען? קען עס מעגליך זיין, אז גאָט האָט פערגניגען, ווען ער זעהט אַלבינען אזוי פערצווייפעלט און מיך אזוי אונגליקליך?“

דיעזע פראַגען האָבען איהם בעשעפטיגט א היבשע צייט, און ער האָט זיך אָנגעפאַנגען צו דערמאָהנען אן זשאַנבערנאַט'ן, וועלכער לייקנט אָב דיא עקזיסטענץ פון אזא גאָט.

ער האט זיך עראינערט, וויא זשאנבערנאט האט געזאגט, אז דיא גאנצע רעליגיאָן איז אויסגעטראכט געוואָרען פון שווינדלערס, היפאָקריטען און גלאַט דוטקעפּ, און דער גאנצער גלויבען איז נאָר א מיטעל אויסצוהאלטען פינסטערע גלחים, או.מערשטיטצען ניעדערטרעכטיגקייט און בעשיטצען א לעדיג־געהערישע לומפען־באַנדע.

„פיעללייכט האט ער רעכט?“ האט ער זיך ווייטער געפרעגט. „פיעללייכט גיבט עס טאקי קיין גאָט אויף דער וועלט, און איך לעב אין טעות גלייך מיט פיעלע אנדערע. ווען דאס איז אמת, דאן מארטער איך זיא און מיך גאנץ אומזיסט; ווען דאס איז אמת, דאן שטעהט מיר קיין הינדערניס אין וועג אום...“

מורעט האט אויפגעהויבען זיינע אויגען און א בליק געגעבען אויף דעם גע־קרייציגטען און בלוטענדען קריסטוס.

ער האט זיך דערשראָקען פאר זיינע אייגענע געדאנקען און א שוידער איז געלאָפען איבער זיין לייב.

„מיין גאָט! מיין גאָט!“ האט ער אויסגעשריען פערצווייפעלט. „איך בין נים שולדיג, איך בין נים שולדיג! דוא ווייסט, אז דיעזע געדאנקען זיינען נים מיינע; אז איך דענק נים אזוי, נאָר דער שטן דריגגט זיך אין מיר און וויל מיך ארונטער פיהרען פון דעם דרך־הישר. האב מיטלייד אויף מיין זנדיגער נשמה; זייא דוא מיין בעשיטצער, מיין הילף און מיין אָב־הרחמן...“

ער האט אויסגעבראָכען אין א העפטיגעס געוויין, און ארום באַפענדיג דאס קריסטוס־בילד, האט ער געזאגט:

„דוא ליידענדער גאָט, דוא העלפער פון אלע אונגליקליכע, אויב דוא ביסט געפרופט געוואָרען פון דעם שטן. אָבער איך בין נים מעהר וויא א שוואכער מענש און איך האב זיינע נסיונות נים געקענט ווידערשטעהען. העלף מיר צו קעמפפען נעגען דעם שטן׳ס מאכט; גיב מיר כח איהם צו בעזיעגען, און איך וועל זינגען דיין לויב טאָג און נאכט...“

מיט א וועהמוטהיגען אויסגעשרייא איז ער אומגעפאלען אָהנמעכטיג.

ווען ברודער ארשאנזשיאס איז אריינגעקומען אין קירכע, האט ער איהם גע־טראָפען ערוואכענדיג פון זיין אָהנמאכט.

ער האט איהם געהאָלפען אויפשטעהען און איהם איינגערעדט טרייסט־ווערטער.

„זייט מוטהיג, פאטער,“ האט ארשאנזשיאס געזאָגט, „דער שטן האט טריזנדער אויסגעזוכט. אָבער וואס מעהר הינדערניס איהר וועט בעזיעגען, אלץ

חשוב׳ער ווערט איהר זיין בייא נאָם. שמארקט זיך, ווייל איהר מוזט זאמלען אלע אייערע כחות אום צו בעקעמפפען דעם פרינץ פון פינסטערניס...״

28.

עס זיינען פאָראיבער 6 טעג פון דער לעצטער עראייגניס, און אין א נאכט איז מורעט ארויס געגאנגען אין דרויסען אום צו שעפּן אביסעל פרישע לופט.

דער אנבליק פון דעם טרויםערישען הימעל מיט דיא גלענצענדע שטערען, האט איהם שטארק אויפגערעגט. א ביינקעניש איז אריין אין זיין הארצען, און אָהנע צו וויסען וואס ער טהוט, האט ער אָנגעפאנגען צו לויפען ווייטער, אוועק, אין דער ריכטונג פון לע פאראדו.

וויא פיעל דאס האט געדויערט, האט ער זיך נים געקענט עראינערן, נאָר ער האט געדענקט, אז ער איז אָנגעקומען אקוראט אהין וואו דער פארקען איז געװען איינגעבראָכען.

אלבין איז געזעסען אויף א וואָרצעל פון א בוים.

ווען זיא האט איהם ערבליקט, איז זיא אויפגעשפרונגען.

„אך!״ האט זיא אויסגעשריען מיט א שוואכער און געבראָכענער שטימע. „ענדליך ביסטו געקומען!״

זיא האט געציטערט פאר אויפרעגונג.

„יא,״ האט ער געענטפערט, „איך בין געקומען.״

זיא האט ארויף געוואָרפען איהרע הענד אויף זיין האלז, אָבער זיא האט איהם נים געקושט. זיא האט געבליקט אין זיין געזיכט מיט איין אונרוהיגער מיענע.

„וואס איז מיט דיר?״ האט זיא פלוצלינג געפרעגט. „ווארום קושטו נים מיינע באקען, וויא דוא פלעגסט אמאל טהון? גוט, גוט, ווען דוא ביסט קראנק, וועל איך דיך ווידער געזונד מאכען. אבי דוא ביסט דאָ, וועט שוין אונזער גליק צוריק קעהרען. ניין, ניין, מעהר וועט שוין נים זיין טרויער און שמערץ — זעה! איך שמייכעל, איך לאך, איך בין גליקליך! אך, מיין סערזש, דוא מוזט אויך לאכען און שמייכלען!״

זיין געזיכט איז געבליבען ערנסט און טרויעריג.

„איך האב אויך געליטען, וויא דוא," האט אלבין פארטגעזעטצט. „זעהסטו, איך בין נאך בלאס. אך, ווען דוא זאלסט וויסען וויא לאנג איך האב דא אויף דיר געווארט! גאנצע נעכט, סערוש, האב איך דיך ערווארטעט, אט דא, אויף דעם־זעלבען פלאטץ. אבער אלעס וועט פאראיבער, אלעס, אלעס, און דאן וועל איי־ וויעדער בליהען, זיין שעהן וויא פריהער... יא, יא, איך וואלט דא געווארט יאהרע־לאנג."

ער האט געזויפצט.

„ליעבסטו מיך נאך איטער?" האט זיא געפרעגט.

„יא."

„אזוי וויא אמאל?"

„יא."

„און דוא וועסט אלעס טהון פאר מיר?"

ער האט ניט געענטפערט.

אלבין האט געשפירט וויא זיין גאנצער קערפער האט געציטערט.

„דיר איז קאלט?" האט זיא געפרעגט.

„קאלט?"

„יא, יא, מיר איז אויך קאלט. קום, לאמיר דא מעהר ניט שטעהען."

ער איז געשטאנען אונענטשלאסען.

„קום, געליעבטער, לאמיר צוריק געהען אין אונזער גליקליכער היימאטה. גיב מיר דיין האנד."

זיא האט איהם אנגענומען און אריינגעפיהרט צווישען דיא בוימער. סערוש האט וויעדער געציטערט.

„אך!" האט ער געזאגט מיט א שוידער, „וויא קאלט דא איז!"

„יא, דיר איז קאלט," האט זיא געענטפערט. „מיין האנד ווארעמט זיך שוין מעהר ניט אן אין דיינער. זאל איך דיך צרום הילען מיט מיין אויבער־קלייד?"

זיא האט איהם געמאכט ער זאל זיך זעטצען, און מיט איהרע ארעמס, מיט איהר קלאפענדע ברוסט און מיט איהר גאנצען קערפער, האט זיא איהם ארום גע־נומען און געזוכט איהם צו דערווארעמען.

אבער מורעט איז ניט געוועזען צופריעדען. ער איז געווען אונגליקליך. איין אונהיימליכע שרעק האט געוויטהעט אין זיין ברוסט, און ער האט אויסגעמיעדען אלבין'ס בליק.

„סערזש !“ האט זיא אויסגעשריען מיט א פערצווייפעלטער שטימע, „דוא האסט געזאגט א ליגען! דוא ליעבסט מיך מעהר ניט!“

דאן האט זיא אויסגעבראכען אין א העפטיגעס געוויין.

אלבין איז שוין מעהר ניט געווען אין כעס, זאנדערן זיא האט זיך געשפירט מאכטלאז איהם צוריק צו געווינען. זיא האט געוויינט איבער איהר טויטע ליעבע.

סערזש איז געלעגען אויף'ן גראז פערווירדט און מאכטלאז.

זיינע אויגען האבען בלויז געוואנדערט איבער דעם גארטען וואו דער הערבסט האט שוין אנגעהויבען צו פארדערן זיינע אפפער צווישען די בלעטער.

„דער גארטען איז טויט,“ האט ער געקלאגט, „און מיר איז אזוי קאלט, גלייך וויא דער אייזיגער טויט קריכט אין מיינע גליעדער.“

זיא האט אנגענומען זיינע הענד און געזאגט:

„רעד ניט אזוי! דער גארטען איז ניט טויט! עס איז דיין ליעבע צו מיר וואס איז טויט.“

זיא איז צו איהם צוגעפאלען, און גלייך וויא מען קושט א טויטען פריינד, אזוי האט זיא בעדעקט זיין געזיכט מיט איהרע ברענענדע ליפען.

„איך ליעב דיך; יא, איך ליעב דיך,“ האט סערזש געמורמעלט אהן אויפ־רעגונג. „ווען איך זאל דיך ניט ליעבען, וואלט איך יעטצט דא ניט געווען. אבער איך בין מיעד, פערמאטערט און אונגליקליך. איך ווייס ניט ווארום, נאר מיר איז קאלט... ענטשולדיג מיר, עס איז ניט מיין פעהלער, איך טהו אלעס מעגליכע דיר צו געפעלען.“

„אבער דוא ליעבסט מיך מעהר ניט!“ האט אלבין געשריען.

ער האט ארויס געשטויסען א שמערצהאפטען זיפץ.

„אבער וואס איז מיט דיר?“ האט זיא געפרעגט מיטליידיג. „ווארום פיהלסטו אזוי שלעכט?“

„איך ווייס ניט; ניין, איך ווייס ניט. איך האב שוין עטליכע מאל אזוי גע־ליטען. עס דאכט זיך מיר איינמאל, אז מיין גאנצער קערפער וויטהעט אין פייער צוליעב דיר, און דאן ווער איך פלוצלינג וויא א קאלטער שטיין.“

זיא האט איהם אונטערבראכען מיט א שוואכען געלעכטער.

„זעהסטו,“ האט זיא געזאגט, „ווען דוא זאלסט מיך נאר פאלגען, וואלט שוין אלעס געווען גוט: ווארף אוועק דיין דומען און נארישען גאט! שטייס

איהם אױפֿ, ער איז באַרבאָריש און װילד; איך װעל דין דײן נאָם, און איך װעל צו דיר אימער זײן מילד און גוט...."

„שאַ! שאַ!" האָט ער אױסגעשריען װילד אױפֿשפּרינגענדיג פֿון דער ערד. „שטיל! שװײג!"

זיא האָט צוריק געטרעטען אַ פּאָאַר שריט און איהם בעטראַכט מיט ער־שטױנען. זײנע אױגען האָבען װיא געשאָסען מיט פֿײער פֿאַר צאָרן.

„װאָס האָסטו געזאָגט?" האָט זיא געפֿרעגט ציטערענד.

„גאָר ניט, גאָר ניט," האָט ער געענטפֿערט, „איך מוז געהן."

ער האָט זיך אומגעװענדעט צו געהן, אָבער זיא איז צו איהם צוגעלאָפֿען, איהם אומאַרמט, געקושט, געװײנט און געבעטען:

„בלײב דאָ, סערזש," האָט זיא געמורמעלט, „געבען מיר, נעבען דײן אַלבין! פֿערגעסטו ניט װיא מיר האָבען זיך געליעבט? עס איז אומעגליך, סערזש!... װאַרט, װאַרט, װעסט זעהען, איך װעל דיר פֿערשאַפֿען אַלע פֿערגניגענס... אַך, איך װײס, דו ביסט ברוגז אױף מיר, װײל איך האָב בעלײדיגט דײן גאָט. איך שװער דיר, אַז איך װעל עס מעהר ניט טהון. בלײב דאָ מיט מיר, און דו װעסט מיך לערנען איהם צו עהרען, און איך װעל עס טהון צוליעב דיר... אַלעס, אַלעס װעל איך טהון..."

ער האָט זיך פֿון איהר בעפֿרײט און געמורמעלט:

„נײן, איך קען ניט."

דאַן האָט ער אױך געװײנט.

אַלבין איז פֿלוצלינג געבליעבען שטעהן גראָד און ענטשלאָסען. זיא האָט שױן מעהר ניט געװײנט.

זיא האָט געבליקט אױף טורעמין מיט שטאָלץ און פֿעראַכטונג.

„דו װילסט געהן?" האָט זיא געפֿרעגט.

„יאָ."

„װאָרום?"

„װײל איך מוז."

„און דיא ליעבע װאָס דו האָסט מיר געשװאױרען?"

„גאָט װײס דעם אמת..."

„הם, הם," האָט זיא געבריזשעט מיט פֿעראַכטונג. „װײטער דײן גאָט! געה דיר צו איהם, געה!"

סערזש האט זיך אומגעקוקט אלע מאל און אנגעפאנגען צו געהען.

„שנעל! שנעל!" האט זיא געשריען, „אוועק פון דאנען!"

זיא האט איהם געטריעבען פון בוים צו בוים, ביז ער איז צוגעקומען צו דער עפנונג פון דעם פארקען.

„געה!" האט זיא צום לעצטען מאל אויסגעשריען, זיך אבגעווענדעט און איז פערשוואונדען געווארען.

גראדע בייא דער עפנונג פון דעם פארקען, האט מורעט בעמערקט ברודער ארשאנזשיאס; ער איז איהם געפאלען אויף'ן האלז און געמורמעלט:

„גערעטעט! גערעטעט!"

„דאנקען גאט!" האט ברודער ארשאנזשיאס געענטפערט.

## 29.

אויף אנדערען מארגען, נאך אידער דיא זונן איז אויפגעגאנגען, איז אלבין ארויס אין גארטען. זיא האט אויסגעזעהען ענטשלאסען צו א געוויסען פלאן.

געהענדיג, האט זיא געמורמעלט צו זיך אליין:

„א בארבארישער גאט! א מערדערישער גאט!"

דאן איז זיא צוגעגאנגען צו דיא בלומען־בייטען, און מיט איהרע געשיקטע פינגער, האט זיא אנגעפאנגען צוזאמען צו קלייבען פערשיעדענע בלומען.

זיא האט מעהרערע מאל געמורמעלט צו זיך אליין און געשאקעלט מיט איהר קאפ.

ווען דיא זונן איז אויפגעגאנגען, האבען דיא שטראהלען בעלייכטעט דאס טרויערינסטע שעהנע געזיכט פון דער ארמער אלבין. זיא האט אויפגעהויבען איהרע שעהנע אויגען און געבליקט צו דער זונן, וועלכע זיא האט זעהר געליעבט.

„אך! דוא שעהנע פריינדין!" האט זיא אויסגעשריען בעגייסטערט, „עס איז דאס לעצטע מאל וואס דוא בעגריסט מיך. איך האב מיר קיינמאל ניט פאר־געשטעלט, אז דוא קענסט אויף ווארעמען און שמייכלען אזוי פיעל שלעכט־קייט..."

דאן האט זיא פארטגעזעטצט צו פליקען דיא בלומען.

דיא עדעלע און צערטליכע אלבין, האט היינט אויסגעזעהען בארבאריש אין איהר בענעהמונג געגענאיבער דיא בלומען. זיא האט געריסען, געבראכען, צערשטערט און אוועק געווארפען וואס עס האט איהר ניט געפאסט.

איהר נערוואָזיטעט האט אויסגעזעהען אזוי גרויס, דאס מיט איהר פעסטען ענטשלוס, איז זיא ניט אימשטאנדע געווען צוריק צו האלטען דעם פליסענדען שטראָם טרעהרען פון איהרע אויגען.

זיא האט וועהרענד דעם געהאט אָנגעפליקט א גאנצען הויפען וויאָלעטען, דאן איז זיא איבערגעגאנגען צו דיא רוזען און דאן צו אונצעהליגע אנדערע בלומען, וועלכע האבען פון זיך ארויס געשטויסען א שטאַרקען פארפום גערוך, גראדע וויא דאס וואָלט געווען א פראָטעסט געגען אלבינען. ווארום זיא האט זייא אָבגעריסען פון לעבען.

דיא בלומען האט זיא צוזאמענגעלייגט אויף איין פלאטץ און איז אריבער דאס וואסער, וואו זיא האט אָנגעפאנגען צו זאמלען ווייסע ליליען אין גרויסע מאסען. דיעזע ליליען זיינען געווען אזוי ווייס וויא געפאלענער שנעע און האבען אזוי שעהן געשמעקט, דאס א קיהלער מאָרגען־ווינט האט אויסאנאנדער געטראָגען זייער גערוך איבער א היבשען טהייל פון דעם גארטען.

ווען זיא איז פערטיג געוואָרען מיט דיעזער ארבייט, איז זיא ארייגגעקראָכען אהין, וואו זיא האט אמאל גענאָסען דאס פאָלקאָמענע גליק.

יעדער ווינקעל, יעדער פלאטץ, איז איהר געווען בעקאנט. זיא איז געבליעבען שטעהען און זיך אויסגעקוקט איבעראל, און איהרע אויגען האבען זיך ווידער אָנגעפילט מיט טרערען.

דאן האט זיא אָנגעפאנגען ארונטער צו רייסען בלעטער פון פערשיעדענע בוימער, וועלכע האבען אויך ארויס געגעבען א שטארקען גערוך. זיא האט דיא בלעטער צוזאמען גענומען, זיך נאך אמאל אויסגעקוקט איבעראל, און גע־מורמעלט:

„אדיע! אדיע דוא זיסער און שטילער פלאטץ, וואו איך האב אמאל גע־נאָסען פיעל גליק! אדיע איהר פריינדע! אלבין וויס א בעסערן פלאטץ וואו צו געניעסען דאס פאָלקאָמענסטע גליק!"

זיא איז ארויס מיט דיא בלעטער, און געהענדיג האט זיא אויפגעהויבען דיא הויפענס בלומען וואס זיא האט פריהער אויסגעריסען.

דיא מאסע בלומען איז געווען אזוי גרויס, אז זיא האט זייא קוים געקענט טראָגען; נאָר זיא האט זיך אָנגעשטרענגט, און ענדליך מיט זייא געברייכט דאס צימער, וואו מורעט איז אמאל געלעגען קראנק, און דאן דאָרט געווען גע־וואָרען.

זיא האט דעם הויפען בלומען אוועק געלייגט אין מיטען צימער, און דאן האט זיא נוט פערמאכט יעדעס פענסטער, און וואו זיא האט ערבליקט א שפארינג, האט זיא דאס פערשטעקט מיט א בלום.

אלבין איז געבליעבען שטעהען, זיך אויסגעקוקט אין צימער און געבליקט אויף דיא בלומען. זיא האט אויסגעזעהען ניט צופריעדען.

דא איז ארויס און פערמאכט דיא טהיר.

אלבין איז אוועק ווייטער קלייבען בלומען.

אין א שטונדע ארום, איז זיא צוריק געקומען מיט איין עהנליכען הויפען וויא פריהער.

ווען זיא האט געעפענט דיא טהיר, האט דער שטארקער פארפום־גערוך פון דיא בלומען, איהר געגעבען אזוי וויא א קלאפ אין פנים.

זיא האט אונטערדעסען באלד ווידער פערמאכט דיא טהיר און איז גע־בליעבען שטעהען. אויף איהר געזיכט האט זיך בעוויזען א צופריעדענער שמייכעל.

„עס וועט זיין גוט,“ האט זיא געמורמעלט.

דאן האט זיא אנגעפאנגען צו פערשפרייטען דיא בלומען איבער דעם צימער, אין אלע זייטען און אין אלע ווינקלען.

ווען איבעראל איז שוין געווען בעדעקט מיט בלומען, איז נאך אימער גע־בליעבען א היבשער הויפען אויף דער ערד.

אלבין האט אויפגעהויבען דיא ווייסע דעק פון דעם בעט און אנגעפאנגען דארט אויך אנצרווארפען בלומען.

זיענדיג אין צימער פערשלאסען, האט זיא זיך דערווייל צוגעוואהנט צו דעם שטארקען פארפום גערוך, און עס האט זיך איהר געדאכט, אז זיא פיהלט דאס ניט מעהר.

„איז דאס מעגליך?“ האט זיא זיך געפרעגט, „אז דער גערוך איז ניט שטארק גענוג?“

איהר מיעדקייט אין קערפער און אהנמעכטיגקייט אין געהירן, האט זיא אבער באלד איבערצייגט, אז דיא בלומען מאכען יא זייער ווירקונג.

דאן האט זיא זיך אריינגעלייגט אין בעט, און איהרע געדאנקען האבען אנ־געפאנגען שנעל צו ארבייטען.

אך! וויא גליקליך דא איז דא, אין דיעזען צימער, אמאל געווען!

זיא האט ביטער געשמייכעלט.

צלבין האט ארויף געלייגט ביידע הענד אויף איהר ברוסט און גע־
זיפצט.

פלוצלינג האט זיך איהר געדאכט, אז זיא הערט א מוזיק שפּיעלען, פון גאנץ
ווייט, אָבער דאָך זיינען דיא טענער געווען זעהר דייטליך.

דיא בלומען האבען וואס ווייטער, אלץ מעהר ארום געשטויסען פון זיך
זייערע פּארפומען און אלץ שטארקער אָנגעפילט דאס צימער.

„הא! וואס איז דאס? אלע בלומען האבען אָנגעהויבען צו שפּיעלען און
זינגען, אזוי שעהן, אזוי הערליך, אזוי זיס! דיא שטימען האבען זיך געדרעהט,
געקייקעלט, און זיך געפלאָכטען וויא דיעזע פון דער נאכטיגאל ...

איהר אטהמען איז געוואָרען יעדעס מאל שוואכער, איהרע אויגען האבען זיך
געשלאָסען, אָבער דיא מעלאָדיען האבען זיך נאך שטארקער און מעכטינער גע־
הערט און געקלונגען, און אזוי איז צלבין געבליעבען ליעגען אָהנמעכטיג פון גליק
און זעליגקייט.

וויא אין א טיעפען טרוים האט זיך איהר געדאכט, אז זיא האלט צונעדריקט
פערזשין צו איהר ברוסט, און זיא האט געוואָלט עפענען דיא ליפּען איהם א קוש
צו געבען.

דיא מוזיק האט אָנגעפאנגען שטילער צו ווערען, גלייך וויא זיא האט געוואָלט
איינשלעפערן אלבינען, דאן איז געוואָרען שטילער, ביז אלעס איז אויף איינמאל
אָבגעשטאָרבען.

און צווישען דעם שטראָם פון פּארפום, איז אלבין געבליעבען ליעגען
טויט.

30.

אויף'ן אנדערן טאָג, שפּעט נאכמיטאג, איז דר. פּאסקאל אָנגעקומען מיט
זיין דראָשקע אין א ווילדער שנעלליגקייט צו דער קירכע.

ער איז ארונטער געשפּרונגען און אויסגעשריען:

„וואו איז סערזש?“

לא טעט איז איהם ענטקעגען געלאָפען, אָבער זיא האט זיך דערשראָקען
פאר זיין צאָרן.

„איהר זוכט פאטער מוריעט?“ האט זיא געפרעגט.

„יא, איך זוך דעם שטיפט!“ האט ער געשריען.

„גאָט אין מיט אייך, דאָקטאָר,“ האט זיא געזאָגט, „וואס רעדט איהר אזעלכע ווערטער? ווען איהר ווילט איהם זעהען, וועל איך איהם ארויס רופען פון דער קירכע, וואו ער קניעט יעטצט אין געבעט.“

„אזוי, ער בעט, דער שופט! גוט, זאָל ער דאָרט זיין! רוף איהם ניט ארויס, ווייל איך וועל איהם דערווערגען! איך האב איהם נאָר געוואָלט זאָגען, אז אלבין איז טויט. טויט! דוא הערסט? זאָג איהם אין מיין נאמען, אז זיא איז טויט!“

ער איז באלד נאכדעם אוועק געפאָהרען.

לאַ טעס האט איהם נאכגעקוקט מיט א שמייכעל, און געמורמעלט:

„קיין גרעסערעס אונגליק זאָל ניט זיין. קיין אינגערע זאָלען ניט שטארבען.“

דר. פאסקאל האט ערפאהרען איבער אלבין׳ס טויט, דורך א בויער וואס איז געקומען פערקויפען גרינצייג אין שטאָדט.

ווען דר. פאסקאל האט גענרייכט ביז לע פאראדו, האט ער צוגעבונדען זיין פערד און אָבגעשטיגען.

„ושאנבערנאט!“ האט ער אויסגעשריען אריינקוקענדיג אין דער אָפענער טהיר.

דער אלטער איז דאָרט ניט געווען.

דר. פאסקאל איז אריינגעגאנגען ווייטער, דורך דעם פארקען.

„אך! איהר זייט דאס, דאָקטאָר?“ האט זיך דערהערט ושאנבערנאט׳ס שטימע.

דער אלטער איז געשטאנען און געגראָבען א קבר ביים פוס פון א גרויסען און דיקען בוים. ער האט זיך אומגעווענדעט ווען ער האט געהערט יעמאנדען קומען. נאכדעם וויא ער האט בעגריסט דעם דאָקטאָר, האט ער פאָרטגעזעטצט זיין ארביים.

„וואס מאכט איהר דאָרט?“ האט פאסקאל געפרעגט.

ושאנבערנאט האט זיך ווידער אומגעווענדעט, אָבגעווישט דעם שוויים פון זיין געזיכט מיט זיין ארבעל.

„איך גראָב א קבר,“ האט ער געענטפערט גאנץ רוהיג. „זיא האט אימער ליעב געהאט דעם גארטען, און לעבענדיג וואָלט זיא פאַרגעצווינגען דאָ צו רוהען איין אייביגען שלאָף.“

דער דאָקטאָר האט געשפירט וויא די טרערען קומען איהם אין די אויגען,

איינינע אוינענבליקען איז ער געשטאנען נעבען קבר, אָהנע צו קענען רעדען א וואָרט. ער האט נאָר צוגעקוקט וויא זשאנבערגאט גראָבט.

ענדליך האט ער געפרעגט:

„און וואו איז זיא?"

„אַלבינען מיינט איהר?"

„יא."

„זיא איז דארט, אין איהר צימער איך האב זיא געלאָזט ליעגענדיג אויף'ן בעט. אויב איהר ווילט, קענט איהר זיך געהען צוהערען צו איהר הארץ, איידער איך לייג זיא אריין דאָ אין קבר. איך האב עס שוין געטהאָן און גאר ניט גע־הע־ט."

דער דאָקטאָר איז ארויף אויבען.

דאס צימער איז געווען אין דערזעלבער אָרדנונג, וויא אַלבין האט דאס גע־לאָזט, מיט דער אויסנאהמע וואס זשאנבערגאט האט געעפענט דאס פענסטער. די בלומען זיינען שוין געווען פערוויאנעט און מען קען זאגען, דערשטיקט פון זייער אי געגעם פארפום.

אלבין, מיט א געזיכט שנעע־וויים און מיטביידע הענד אויף איהר הארצען, איז געלעגען אויף'ן בעט, און אויף איהרע טויטע ליפען האט מען נאך גאנץ דייטליך דערקענט א שמייכעל.

זיא האט אויסגעזעהען גאנץ גליקליך, וואהרשיינליך פון דעם געדאנק אליין, צו זיא שטארבט.

שטעהענדיג אזוי ביים בעט, האט דר. פאסקאל זיך פערטראכט און אָנגע־פאנגען צו וויינען.

ער האט זיא ניט געשטערט, ניט געריהרט פון דעם פלאטץ, אפילו ניט ארונטער גענומען איהרע הענד. צו וועלכען צוועק? זיא איז געווען טויט.

ער האט געבליקט א היבשע צייט אויף איהר קערפער, און דאן געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, מורמלענדיג:

„יא, איהר אונגליקליכע ליעבע האט שוין אויף פריכטע געטראָגען."

ער האט זיך צוגעבויגען און אָבגעפּרעסט א קוש אויף איהר קאלטען שטערן.

אונטען אין גארטען, האט זשאנבערגאט פלייסיג געארביים ביים קבר גראָבען.

מיט א פערטעל שטונדע שפעטער, איז דער אלטער אויך געקומען אין צימער. ער איז שוין פערטיג געווען מיט זיין ארבייט.

ער האט געטראָפען דעם ארצט זיטצענדיג נעבען בעט, פערטיעפט אין גע־דאנקען, און פון זיינע אלטע אויגען האבען געפלאָסען דיא טרערען.

„נו, אלזאָ דאָקטאָר? ווער האט רעכט? דיא גאנצע וועלט איז א נאר מיט מיט נאר נים. קוקט אויף איהר און נעהמט אייך ארונטער דעם בעסטען ביישפיעל.“

דער אלטער האט זיך אנגעבויגען און אנגעפאנגען אויסצוקלייבען איינינע בלומען פון דער ערד.

„נעהמט איהר, דאָקטאָר,“ האט זשאנבערנאַט פארטגעזעטצט, „דיא בלומען לעבען נאר איין טאָג, און איך, צוזא אלטער און אונניטצליכער ברים, לעב און לעב און עס נעהמט נאר קיין סוף נים. דיא, צלבין, א בלום, א רויז, איז טויט. איהר קענט זיך דאס פאָרשטעלען, דאָקטאָר? טויט! דערצו נאָך, האבען דא דיא בלומען געטויטעט. איך האב דיא געפונען דערשטיקט דאָ פון דעם פארפום גערוך־יעטצט, נוטע נאכט! איך וועל געהען. וואס נאָך האב איך דאָ צו טהון? זיא איז געוועזען מיין לעטצטער זונענשיין.“

דער פעסטער אלטער מאַן, האט זיך שוין טעהר נים געקענט איינהאלטען. זיין שטימע האט געציטערט.

ער האט זיך אניעדער געזעטצט אויף א שטוהל און געזאָגט:

„זעהט איהר, דאָקטאָר, זיא האט מיך מעהר געליעבט וויא אירגענד א זאך אין דער וועלט, ווייל איך האב זיא ערצויגען וויא מענשען דארפען זיין: אוטשולדיג, גערעכט, עדעל, גוט און נים געוואוסט פון דער פערפוילטקייט און דומהייט פון רעליגיאָן. זיא איז געווען א הערדליכע בלום, אָבער.... איך האב געוואָלט זאגען, אז איהר זייט שולדיג, וואס איהר האט מיר אהער געבראכט א נלח, א פינסטערלינג. נים איהר זייט שולדיג, ער איז אויך נים שולדיג, עס איז דיא פינסטערניס.“

ביידע מענער האבען געשוויעגען א היבשע צייט. דאן האט זשאנבערנאַט געזאָגט:

„ווען איהר ווילט, דאָקטאָר, וועט איהר מיר העלפען זיא ארונטער טראָגען, און דאַ וועל איך זיא בעערדיגען מיט אלע איהרע בלומען.“

באסקאל האט געשווידערט.

דאן האט ער דערצעהלט דעם אלטען, אז עס איז נים ערלויבט געווען צו בע־
ערדיגען.

„נים ערלויבט?“ האט ושאנבערנאם געשרעגט. „וואס הייסט נים ערלויבט!
דאן וועל איך עס מיר אליין ערלויבען. בעלאנגט זיא נים צו מיר? איז זיא נים
מיינע? דענקט איהר, אז איך וועל צולאזען דיא פינסטערע גלחים צו האבען צו
טהאן מים איהר? איבריגענס, זאלען זיא פרובירען קומען אהער, און זייא וועלען
דאן אויסגעפינען וויא גום מיין ביקס קען שיסען.“

ער איז אויפגעשפרונגען און אנגעפאנגען צו ווייזען און פליכען.

פאסקאל האט איהם אנגעכאפט און געבעטען עס זאל זיין שטיל.

„הערט, מענש!“ האט דר. פאסקאל געזאגט צום שלום. „עס ניטצט נים
דיך ענטקעגען צו שטעלען אירגענד יעמאנדען, איבערהויפט יעמצט. דיא איז נים
מעהר אייערע, און איהר מוזט זיא אויפגעבען.“

ושאנבערנאם האט זיך ענדליך בערוהיגט און געענטפערט:

„איהר האט רעכט. כל־זמן דאס פייער פון שכל האט אין איהר געברענט,
איז זיא געווען מיינע, איין עפעס. יעמצט איז זיא גאר נים. זאלען דיא גלחים
ברענגען דיא קעפ זיא נעהמענדיג... און איך האב שוין דא מעהר נים וואס צו
טהון. מארגען געה איך. אדיע, דאקטאר. דער קבר וועט פאר מיר אויך
פאסען.“

ושאנבערנאם איז ארויס אין גארטען, וואו ער האט זיך ערלויבט צו פער־
ציסען א פאאר טרערען.

21.

אלעס האט שוין געמהאן דר. פאסקאל. ער האט געוואוסט, אז מען וועט
נים ערלויבען ושאנבערנאמ׳ן צו בעערדיגען אלבינען אין זיין גארטען, און ער האט
דערפאר מיטגעטהיילט אין דער געמיינדע, אז אלבין איז טויט און מען מוז איהר
געבען א פלאטץ אויף דעם פריעדהויף.

ברודער ארשאנזיאס האט זיך הויפטזעכליך בעשעפטיגט מיט דיעזער
ארבייט. ער האט פאר איהר אויסגעקליעבען א פלאטץ וואו זיא זאל ליעגען.

דיעזער פלאטץ איז בעשטימט געווארען גאנץ ווייט, נעבען טויער
פירכטהויף. 2

„רעם שבק׳ס אייניקעל מעג דארט ליגען און פוילען," האט ארשאנזשיאס בעמערקט מיט א טריאומפירענדען שמייכעלע.

„נעווים, נעוויס," האט לא טעם צוגעשטימט, „דאס איז פאר איהר נאך צופיעל. ווען עס זאל זיין אויף מיין דעה, וואלט איך זיא געלאזען ווארפען פאר די הינט."

„א גרויסער יושר כלעבען, אבער מען האט עס נים געקענט מתּן."

„ווארום?"

„ווייל פאסקאל האט זיך אריינגעמישט."

„ווער הערט דאס איהם?"

„דאן האט דער אלטער שמן המשחית, וושאנבערנאט, געגעבען 300 פראנקס."

„איך פערשטעה."

„און פאר אזא מטבע מעג מען זיך שוין ערלויבען."

לא טעם האט געשמייכעלט.

ארשאנזשיאס איז אריין אין קירכהויף און איז צוגעגאנגען צו די גרעבער פון דעם קבר.

„גראבט טיעפער," האט ער געזאגט, „ווייל עס איז געווען דעם טייפעל׳ס אייניקעל. מען דארף זיא וואס טיעפער בעגראבען."

איין ארבייטער האט פראטעסטירט געגען דיעזע ווערטער, און געענט־פערט:

„שימפפט נים איבער די טויטע!"

אבער ארשאנזשיאס האט ווייטער געלאכט און איז אוועק געגאנגען.

פון ווייטען האט זיך שוין געזעהען דער לייכענצוג.

איינינע בעקאנטע בויערן פון וושאנבערנאט׳ן, האבען זיך אליין אנגעבאטען צו טראגען אלבינען. פרויען און קינדער זיינען נאכגעגאנגען.

ווען מען איז צוגעקומען צום קירכהויף, איז די לייכען־פראצעסיאן געבליבען שטעהען.

„רעזירעע! רעזירעע!" האט לא טעם געשריען. „לויף אריין און רוף ארויס דיין ברודער. די לייבע איז שוין דא."

רעזירעע איז פערשוואונדען געווארען אין הויז, און מיט עטליכע מינוטען שפעטער, איז ערשיענען דער גייסטליכער טורעט. ער איז געווען געקליידעט אין א נייעם שווארצען קאפטען מיט א ווייסען קראגען.

ער האט זיך דערנעהנטערט עהרווירדיג צום טויער, און די טרעגער האבען אויפגעהויבען די לייכע.

„קומט אריין אין אייביגען רוה־פלאַטץ,“ האט מורעט אויסגעזונגען מיט א האלב־ציטערענדע שטימע, „און גיבט אָב עהרע נאָט, וועלכער איז ליעבענסווירדיג און גערעכט.“

די פּראָצעסיאָן איז ווייטער געגאַנגען.

דר. פּאסקאל און זשאַנבערנאַט זיינען נאכגעגאַנגען פון הינטען.

„איך קען נים ארייננעהען,“ האט זשאַנבערנאַט געזאָגט צום דאָקטאָר בלייבענדיג שטעהען.

„ווארום?“

„ווייל איך קען נים הערען די שטימע פון פינסטערניש.“

פּאסקאל איז געגאַנגען פאָרווערטס און זשאַנבערנאַט איז געבליבען שטעהען פון דרויסען.

ברודער ארשאַנזשיאס איז צוגעגאַנגען צו פּאטער מורעט, און ביידע האבען געפיהרט דעם לייכענצוג.

„צום אייביגען ליכט וואס שיינט אָהן אויפהער,“ האבען ביידע געזונגען אין לאַטייניש.

„צו דער רוהע אין גאָט'ס שויס,“ האט ברודער ארשאַנזשיאס אליין פאָרט־געזעטצט.

זינגענדיג און בעטענדיג, האבען זייא זיך דערנעהנטערט צום קבר, וואו מען האט אוועק געשטעלט די טרוגע.

א האלבע דעק איז געוועזען אָפען, און פון צווישען א הויפען בלומען, האט זיך ארויס געזעהען דאס ווייסע געזיכט פון אלבינען. דער שמייכעל איז נאך א מאָל געוועזען אויף איהרע טויטע ליפּען.

די גרעבער האבען זיך פאָרבערייטעט ארונטער צו לאָזען די טרוגע.

פּאטער מורעט האט נאָר וואס בעענדיגט זיין געבעט, ווען ער איז צוגע־קומען גאַנץ נאָהענט.

ער האט דערזעהן אלבין'ס טויטע מאסקע. אָבער ער איז געבליעבען שטעהן גראד און פעסט, און אויף זיין געזיכט האט זיך אָבגעשפּיגעלט א רוהיגע און צופריעדענע מיענע.

עס איז געוועזען זיין זיעג איבער דעם שטן!

דאן האט ער זיך אנגעבוירנע, אויפגעהויבען א הויפען שרד מיט זיין האנד און דערמיט געמאכט א קרייץ אויף דער מרונע.

„און דער גייסט,“ האט ער אויסגעזונגען, „קעהרט צוריק צו גאט, און דער קערפער צו דער מוטער ערד, פון וואנען ער איז געקומען.“

„אמן !“ האט ברודער ארשאנזשיאס צוגעשטימט.

דאן האט ברודער ארשאנזשיאס דערלאנגט מורעט'ן דעם שפריטצער, און וועהרענד פאטער מורעט האט בעשפרינקעלט דעם קערפער, האט ער געמור־מעלט :

„רוהע און פריעדען !“

„אמן !“ האבען מעהרערע געענטפערט.

די מרונע איז ארונטער געלאזען געווארען און מען האט אנגעפאנגען ארויף צו ווארפען די פרישע ערד.

זשאנבערנאט איז ערשיענען. יעדער האט זיך אומגעקוקט. ער איז צוגעקומען נעהנטער און זיך אוועק געשטעלט נעבען ברודער ארשאנזשיאס, בליקענדיג אויפ־מערקזאם אויף זיין האלזנאקען.

דאן האט זשאנבערנאט ארויס געצויגען זיין מעסער, דאס געעפענט און אב־געשניטען ברודער ארשאנזשיאס רעכטען אויער.

אלעס איז אבגעארבייט געווארען אזוי שנעל, דאס ניעמאנד האט צייט געהאט זיך אריין צו מישען.

זשאנבערנאט האט געהאלטען דאס אבגעשניטענע גליעד אין זיין האנד און געמורמעלט :

„בייא א צווייטער געלעגענהייט, וועל איך אבשניידען דעם צווייטען אויער.“

ברודער ארשאנזשיאס האט שרעקליך געשריען און געליארעמט.

זשאנבערנאט'ס בליק האט בעגעגענט פאטער מורעט'ס בליק. מורעט האט אויפגעציטערט. ער האט געלעזען אין אלטען'ס אויגען, אז ער ווייס אלעס. עס איז איהם אונמעגליך געווען ער זאל דארט נאך פערבלייבען, און געשיטצט אויף דער־ווייטען'ס ארעם, איז ער אריין אין הויז.

ע נ ד ע.

# גראף לעאָ טאָלסטאָי'ם ווערקע

בעאַרבייטעט אין אידיש, פון ד. מ. הערמאַלין.

---

איוואַן איליטש'עס טויט, אַ שילדערונג איבער דעם איבער־גאַנג פון לעבען צום טויט, וואָס מען דענקט און פיהלט אין די לעצטע מינוטען פון לעבען, 10

איוואַן דער נאַר, דיעזער בוך שילדערט פאַר אונז אַ בילד, וועל־כעס עפענט אויף אונזערע אויגען צו זעהן אַ נייע וועלט מיט נייע מענשען, 3

איך און מיין מאַן, אַ שילדערונג איבער דער אונגלייכהייט אין פערהייראַטהעטען לעבען, און וועלכע הייראַטה עס פיהרט צו גליק, און וועלכע צו אונגליק, 10

אננאַ קאַרענינאַ, אַ שילדערונג איבער די ליידענשאַפט פון אַ יונגע שעהנע פרוי, ווען זי פאַלט אריין צו אַן עלטערן אָבגע־לעבטען מאַן אונד פערליעבט זיך ענדליך אין אַ פרעמדען יונגען און שעהנעם מאַן, ווי אַזוי זי ליעבט, ליידעט, געניסט פון איהר רייץ און פאַלט ענדליך אַלס אָפּפער פון דער ביטע־רער שלאַנג — אייפערזוכט, 25

טאָלסטאָי'ס ביאָגראַפיע, אַ בעשרייבונג איבער זיין לעבען, ווירקען און איינפלוס איבער זיינע מיטמענשען, מיט אַ ביי־לאַגע פון זיין בילד. 3

מיין וידוי, אַ שילדערונג, צו וועלכען צוועק מענשען זיינען בע־שאַפען געוואָרען, לעבען אויף דער וועלט און ליידען צרות, 10

מיין פריינד'ס פרוי, אַ שילדערונג איבער די געמיינהייט און פערדאָרבענהייט וואָס פאַלשע ליעבע קען אַרויסבריינגען, 10

דער נסיון, אַ שילדערונג איבער דעם קאַמפף פון אַנשטאַנד מיט אויסגעלאַסענהייט, פון מאָראַל מיט פערדאָרבענהייט, און פון עדעלען מענער־מוטה מיט ערניעדריגטער פרויען־שוואַכ־קייט, 10

פּאָליקושקאַ, אַ בילד פון דעם בויערשען לעבען אין רוסלאַנד, 10

די פערפיהרונג, א שילדערונג איבער אזא סארט לעבען, וואס איז פול מיט מענשליכער אויסגעלאסענהייט און פערדארבענהייט, 10

די צוויי דורות, א שילדערונג פון דעם רוסישען לעבען, איבער זייער אונטערהאלט, בעלער, חתונות, ציגיינער טענץ און קארטען שפיעל, 10

די קרייצער סאנאטא, א שילדערונג איבער דער פערדארבענהייט אין פערהייראטען לעבען, עס ווערט בעוויזען מיט פאקטען, אז קיין אמת'ע ליעבע עקזיסטירט גאר ניט אין דער מענשהייט, עס איז נור בלויז ליידענשאפט, פאלשקייט און בעטרוג, 10

קריעג און פריעדען, אין דיעזען בוך ווערט געשילדערט דער בלוטיגער יאהר 1812, ווען נאפאלעאן האט איינגענומען גאנץ אייראפא, די מפלה פון דעם גרויסען קריעגס העלד אין מאסקווא, און די גאנצע פאליטיק פון אייראפא צו יענער צייט, דאס איז דער גרעסטער און בעסטער ראמאן וואס גראף טאלסטאי האט געשריעבען, 50

תחית המתים, א שילדערונג, ווי איין אלטער בעל־עברה'ניק ווערט א בעל תשובה, און וויל גוט מאכען זיינע אלטע חטאים, 15



# אלע כתבים פון מענדעלע מוכר ספרים

(ש. י. אבראַמאָוויץ).

---

אַלטע מעשה אָדער אַ נאַכט אין צרות, אַ בילד פון אידישען לעבען אין דער ליטאַ. 10

ווינש פינגעריל, אַ מתנה פיר די ליעבע אידישע קינדער 15

די טאַסקע, אָדער די שטאָדט בעלי טובות, אַ מייסטערהאַפטע קריטיק איבער דעם אידישען צושטאַנד אין רוסלאַנד, אין דער צייט ווען אידען האָבען זיך אָהן אַ טאַסקע ניט געקענט בענעהן. 15

יודעל, אַ ספור המעשה אין שירים, אין דיעזע ווערק איז אבראַמאָוויץ דורכגעגאַנגען די גאַנצע אידישע געשיכטע פון אָנפאַנג ביז היינטיגען טאָג. 15

ישראליק דער משוגענער, אַ מייסטערהאַפטע קריטיק איבער די לעצטע פּאָגראָמען אויף אידען אין רוסלאַנד. 10

לעצטע שריפטען אַ זאַמלונג פון זיינע לעצטע שריפטען. 35

פישקע דער קרומער, אַ מעשה פון אידישע אָרימע לייט. 15

דער פּריזיוו, אַ דראַמאַ אין 5 אַקטען. 15

די קליאַטשע אָדער צער בעלי החיים, דאָס איז די בעסטע מייסטערווערק וואָס איז ארויס פון אבראַמאָוויץ'עס פעדער און האָט געמאַכט אַ שטורם צווישען דעם לעזע־פּובליקום אין דער וועלט. „די קליאַטשע" איז אויך איבערזעצט געוואָרען אין אַלע וועלט שפּראַכען און ווערט גערעכט פיר אַ ליטעראַרישען אוצר אין דער וועלט־ליטעראַטור. 15

״דאס קליין מענשעלע, א מייסטערהאפטע ווערק, וועלכע איז
פולל מיט וויטץ, הומאר און שארפזינן און דערביי איז עס
א גוואלדיגע קריטיק איבער די אידישע שטאדט־בעל־טובות,
רעדעל־פיהרער און סתם בעלי־צדקות און גוטע אידען פון
15 רוסלאנד.

א רייזע־בעשרייבונג פון בנימין דעם דריטען, ווי ער איז אויף
זיינע נסיעות פערגאנגען גאנץ ווייט, אז אונטער די הרי
חושך, און האט זיך גענוג אנגעזעהען און אנגעהערט חדושים,
שעהנע זאכען, וועלכע זיינען זעהר אינטערעסאנט צו לע־
10 זען.

שלמה ר׳ חיים׳ס, א שילדערונג פון דעם אידישען לעבען אין דער
ליטא, וועלכע איז זעהר אינטערעסאנט, שפאנענד און בע־
לעהרענד, און ווערט גערעכענט פיר איינע פון די בעסטע
ווערק וואס מענדעלע מוכר ספרים האט אין דער לעצטער
10 צייט ארויסגעגעבען.

